אַרויסגעגעבן אַ דאַנק דער הילף פֿון

עוועלין אַלעקסאַנדער, ז״ל

פֿון לאָס־אַנדזשעלעס

**לזיכרון אירע ברידער**

**פֿרענק (פֿרויקע) בראָנשטיין, ז״ל**

**טשאַרלי (קלמן) בראָנשטיין, ז״ל**

צוויי האַרציקע פֿאָלקסמענטשן וואָס זײַנען אַ

לעבן־לאַנג געווען פֿאַרבונדן מיט דער

ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און דער

ייִדישער קולטור

איך קאָן כּפלען אין קוואַדראַט 10 אָדער 100,
איך קאָן אָבער ניט כּפלען קיין לײַדן...
(אַלבערט שענט־גיאָרגי)

מ׳דאַרף זען דעם אמת מיט די אויגן פֿונעם דיכטער
(זשול רענאַר)

# א

און ר׳ עזריאל מאַקאָווער, — אַ ייִד מיט תּורה און חלומות, שוין אין די יאָרן אַרײַן, — אין די לײַוונטענע אַרבל, אַ באָרוועסער, די ווײַסע באָרד אויפֿן ווינט, גייט נאָכן אַקער, וואָס כוואַליעט אויף און לייגט אויס בײַם זון־זעצן־זיך גלײַכע, פֿײַכט־שמעקנדיקע, שוואַרץ־גלאַנציקע שורות ערד צופֿוסנס דעם האַרבסטיקן וואַלד, וואָס אין געל־וויכערדיקן בלעטערפֿאַל. דער טאָג האַלט בײַם פֿאַרגיין און ר׳ עזריאל מאַקאָווער אײַלט, ווײַל ביז די זון וועט אונטערגיין דאָס שטיקל פֿעלד אויף ווינטער־ווייץ פֿאַראַקערן: ס׳איז פֿאַר ימים נוראים און מ׳דאַרף פֿון דאָרף אין שטעטל אַרײַן פֿאָרן. און דאָך, הגם ער אײַלט, שטעלט ער די פֿערד אָפּ, לאָזט זיך צום טײַך אַראָפּ, טוט זיך אויס און גייט אין דער קאַלטער וואַסער טובֿלען־זיך, וואָרן די צײַט פֿון מינחה קאָן אַריבער...

און דערנאָך, נאָכן אָפּטובֿלען זיך אין די קאַלטע טײַך־וואַסערן, אויפֿגעיך אָנגעטאָן זיך, פֿונעם וואָגן די קאַפּאָטע גענומען, זיך אַרומגעגאַרטלט, מיט דער פּאָלע דאָס פּנים און די באָרד אויסגעווישט און געשטעלט זיך תּפֿילה טאָן פֿאַר דער ווײַסער זון, דער אָפּגעצוויטעטער אין די קאַלינע און ווילדע רויזן־קוסטעס, אין די פֿיאָליעט־בלאָווע אַרבעסן, — אַ ווײַסע האַרבסטיקע זון, ווי אויך איר, דער גרויסער האָרעפּאַשניצע פֿון דער ערד, וואָלט פֿאַרן זומער די כּוחות אויסגעגאַנגען בײַם אָנפּוינען מיט געבענטשטער ליכט און חיותדיקע זאַפֿטן די וועלדער און סעדער, די תּבֿואה־פֿעלדער און גערטנער... און דאָ, בײַ דער שמונה־עשׂרה שטיין פֿאַר דער מידער זון

דערהערט ער ווי לענגאויס דעם ברעג טײַך פֿליט מיט אַ פֿאַרשטיקטן געשריי אַן עלנט־פֿאַרבליבענער וואַלדשנעפּ און באַלד, און מיט אַ מאָל, פֿאַלט זי, די ווײַסע זון, אין משונה רויך־פֿײַערדיקע וואָלקנס אַרײַן און אַ פֿאַרקוילט־שוואַרצער מענטשלעכער שאַרבן מיט לעבעדיק־צאָרנדיקע אויגן שטעלט זיך אים, פֿאַרן זקן, איבערן וויכערדיקן וואַלד... ווייסט ער, ר׳ עזריאל מאַקאָווער: דאָס איז דער פֿאַרקוילטער שאַרבן פֿון זײַן עלטער־זיידן, פֿון אריה־לייב מאַקאָווער, וואָס גאַנטעס קאָזאַקן האָבן לעבעדיקערהייט אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן שײַטער־פֿײַער אַרום וועלכן זיי האָבן געשיכּורט.

און ער ווערט אויפֿגעשוידערט און דערציטערט, דער זקן, און קוקט מיט גרויס שרעק אויפֿן פֿאַרקוילטן שאַרבן וואָס האָט זיך פֿאַר אים אין די רויך־פֿײַערדיקע וואָלקנס איבערן וואַלד געשטעלט: דער פֿאַרקוילט־שוואַרצער שאַרבן מיט די צאָרן־גלי׳ענדיקע אויגן שטעלט זיך פֿאַר אים תּמיד אין רויך־פֿײַערדיקע וואָלקנס ערבֿ אַ גרויסן אומגליק, וואָס דאַרף אויף אים און אויף זײַנע קינדער קומען...

און אָט דעם פֿאַרקוילט־שוואַרצן שאַרבן מיט די צאָרן־גלי׳ענדיקע אויגן האָט ער, ר׳ עזריאל מאַקאָווער, אָנגעהויבן צו זען זייער פֿרי, נאָך י׳נגלווײַז, און פֿלעג אין די נעכט אין געוויין זיך פֿאַרגיין... קיין רופֿא און רפֿואה האָבן אים ניט געהאָלפֿן, פֿאַרקערט, וואָס ווײַטער מיט יאָרן, וואָס עלטער געוואָרן, האָבן שוין נאָך זעונגען און פֿײַערדיקע חלומות גענומען זיך פֿאַר אים שטעלן און פֿאַנאַנדערוויקלען, און אַלץ ברייטער און אַלץ קלאָרער... ער האָט שוין אויך געזען ווי ס׳ברענען ייִדן אויף די פֿײַער־שײַטערס פֿון דער אינקוויזיציע און המונים קריסטן מיט זייער מלך און מלכּה קוקן פֿרום און גאָטספֿאַרכטיק צו... — און שפּעטער, שוין אויף דער עלטער, און שוין אויף דער וואָר, אין דעם טאָג פֿון דער טאָכטערס, פֿון דער מיזינקעס חתונה געזען, ווי די ווײַב זײַנע לויפֿט אַרום איבערן הויף אויפֿן ווינט אַן אַרומגעכאַפּטע מיט אַ פֿלאַם־פֿײַער... און מ׳האָט זי ניט געקאָנט אָפּלעשן. אויך אָט דער אַרומיאָגנדיקער פֿלאַם־פֿײַער טרעט קיינמאָל און אויף קיין רגע פֿון פֿאַר זײַנע אויגן ניט אָפּ, — די ברענענדיקע ווײַב, דעם וועלעדניקער רבֿס אייניקל, איז פֿאַר אים אויך דער הייליקער דאָרנבוש, וואָס ברענט אין זײַן מידבר־לעבן, און ווערט ניט פֿאַרברענט.

און אויך דער זיווג, וואָס האָט אויסגעזען צו זײַן אַזאַ געראָטענער און געבענטשטער... דרײַ חדשים נאָך דער חתונה האָט דער טאָלנער עילוי די טראָגעדיקע ווײַב איבערגעלאָזט און אַוועק בדידות פּראַווען, אַ פּרוש געוואָרן... און אויף יאָרן. און קיינער האָט ניט געוווּסט ווּהין ער איז פֿאַרפֿאַלן, פֿאַריאָגט און פֿאַרטראָגן געוואָרן... נאָר צוריק מיט אַ יאָר האָט ער זיך, דער איידעם, אין שטוב באַוויזן. דרײַ חדשים אין דער היים געווען און דערנאָך, אויך אָן אַ וואָרט צו זאָגן, ווידער אויסגעריסן און נעלם געוואָרן. זי ווידער איבערגעלאָזט אַ טראָגעדיקע. און טאָג־אויס טאָג־אײַן, באַזונדערס די לעצטע וואָכן, דרייט זי זיך אין די פֿאַרנאַכטן אַרום די טאָפּאָלן, וואָס בײַם וועג.

דער פֿאַרקוילטער שאַרבן מיט די צאָרן־גלי̇ענדיקע אויגן זינקט מיט די רויך־פֿײַערדיקע וואָלקנס אין וואַלד אַרײַן. לאָזט ער שוין, ר׳ עזריאל מאַקאָווער, דעם אַקער אין דעם נאַכט־צוגעפֿאַלענעם פֿעלד שטיין, שפּאַנט די פֿערד אין וואָגן, און פֿאָרט אויפֿן שמאָלן וועג אַרויס, צו זײַן הויף, וואָס צווישן וואַלד און טײַך, און טרעפֿט זי דאָרטן, די טאָכטער, בײַ די אָפּגעבלעטערטע שוואַרצע טאָפּאָלן אַרומדרייען זיך. טוט אים אַ קלעם אין האַרצן און אַ ברי אין דער נשמה. שטעלט ער אָפּ די פֿערד.

— קום, טאָכטער, אין שטוב אַרײַן, ס'איז שוין נאַכט און קאַלט.

— איך וואַרט, טאַטע, אויף דיר...

— וואָס האָסטו מיר, טעמערל, צו זאָגן, אָדער צו בעטן?

— וואָס קאָן איך, טאַטע, וועלן? דאָס האַרץ ציט, דער וועג איז אָבער אַהין ווײַט, איבער בערג יסורים... מײַן לעבן לויפֿט פֿאַר מיר, ווי אַ שאָטן... פֿרי̇ער, בײַם זונאונטערגיין, האָב איך געזען די ברענענדיקע מאַמע אין די שוואַרצע כמאַרעס אַרומלויפֿן... טאַטע, איך וועל אין קימפּעט שטאַרבן. די ברענענדיקע מאַמע אין די שוואַרצע כמאַרעס... און בײַנאַכט האָב איך אין חלום געזען אין צעריסענע קליידער, מיט צעשאָטענע גראָע האָר, מיט גרויסע אויסגעוויינטע רויטע אויגן אַ פֿרוי, וואָס טרײַבט אָפּ פֿון אירע טויטע קינדער די ווילדע מידבר־חיות און רויבפֿייגלען... — און ווען ער וויל איר צום גוטן אויסלייגן און אויסטײַטשן, שלאָגט זי אים די רייד איבער און גייט אויפֿגיך דורכן גאָרטן אין שטוב אַרײַן.

און די צוויי ייִנגערע זין, וואָס לעבן מיט אים אויך אונטער איין שטרויענעם דאַך, איינער אַ סטעלמאַך, דער צווייטער אַ שמיד, הגם אויך לערנערס, אָבער אין דעם טאַטנס דרך געגאַנגען, — ברויט דאַרף מען עסן פֿון אייגענער האָרעוואַניע... — זיי, די צוויי זין, העלפֿן אים, דעם טאַטן, די פֿערד אויסשפּאַנען, ביי דער קרעניצע זיי אָנפּויען, אין שטאַל פֿאַרפֿירן, און היי און האָבער אויף נאַכט געבן. דערנאָך גייט מען אין שטוב אַריין די הענט וואַשן, מעריבֿ דאַוונען און עסן וועטשערע, וואָס די שניר דערלאַנגען צום געדעקטן טיש. און נאָכן מזומן־בענטשן, גייט מען אין דעם אַלקער ווו ס׳שטייען די שאַפֿעס מיט ספֿרים און מ׳זעצט זיך ביי חלבֿנע ליכט אַ בלאַט גמרא לערנען.

און אויפֿמאָרגן, נאָכן פֿאַראַקערן דאָס שטיקל פֿעלד ביים וואַלד, נאָכן פֿאַרזאָרגן די שטוב און די בהמות און עופֿות, און אויך ניט פֿאַרגעסן צודעקן דאָס דעכל פֿון דער בודע, ווו די הינטעכעַ מיט די זעקס נאָך בלינדע הינטעלעך געפֿינען זיך, — אַ רעגן זאָל זיי ניט פֿאַרגיסן; נאָך דעם, צו האַלבן טאָג, איז דער אַלטער ר׳ עזריאל מאַקאָווער מיט די צוויי זין, שניר און אייניקלעך, און מיט דער טאָכטער און איר נייניאָריקן זון, אויף צוויי לאַנגע וועגענער מיט הויכע דראַבינעס — בעטגעוואַנט, כּלים און מחיה פֿאַר זיך און אויך האָדיוולייע פֿאַר די פֿערד מיטגענומען, און פֿון דאָרף צו די עלטערע דריי זין אויף ימים נוראים אין שטעטל אַריין געפֿאָרן, — אַ מהלך פֿון גוטע אַכצן ווערסט, דערצו נאָך האַרבסטיקע.

## ב.

און דערנאָך, נאָך די ימים נוראים, דאָרטן, אין שטעטל, נאָך די פֿאָרכטיקע טעג פֿון סליחות און תּעניתים, פֿון גרויסן חשבון הנפֿש, פֿון פֿאַרגיסן טייַכן טרערן ביים בעטן דעם ריבונו של עולם, דעם גאָט פֿון די אָבֿות, אויפֿן שופֿר של משיח, אויף גאולה, און ניט נאָר פֿאַרן פֿאָלק ישׂראל, נאָר אויך פֿאַר אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט; און נאָכן אָפּיומטובֿן דאָרטן, אין שטעטל, הגם שוין מיט רעגן און קעלט, די

סוכּות־טעג, אין דער גרויסער און שײן־אויסגעצירטער סוכּה מיט דער מישפּחה, און אויך זיך משׂמח־געווען מיט וואַנדער־ייִדן און וואָגל־אָרעמעלײַט, געזונגען אין אחדות און דבֿקות: אתּה בחרתּנו מכּל העמים, אהבֿת אותנו ורצית בנו... און אויך מיט כּוסות אָקעוויט און ספּירטאָוונעם ווישניאַק לחיים געטרונקען, פֿאַרביסן מיט האָניק־לעקעך און פֿײַנקוכן, געגעסן פֿישן און פֿליישן, געפּרעגלטס, געבראָטנס און גערייכערטס... און דערנאָך, נאָך יענע טעג, אויף מאָרגן, נאָך שׂימחת תּורה, — ייִדן אין טליתים מיט קינדער אויף די אַקסלען האָבן ניט נאָר אין די איבערגעפּולטע בתּי־מדרשים, נאָר אויך מיט די ספֿר־תּורות מיט התלהבֿות און קדושה, אין די גאַסן געטאַנצט... — נאָך דעם פֿאָרט ר׳ עזריאל מאַקאָווער מיט זײַנע קינדער אַהיים, נאָר בײַם בריק, בײַם אַריבערפֿאָרן דעם טײַך, שטייען אָנגעפּעלצטע פּויערים מיט שטעקנס אין די הענט, און דער סטאַראָסטע מיקאָלאַ קאָלאָדאַ, נעמט די פֿערד בײַ די צײַמלעך, און לאָזט אין דאָרף ניט אַרײַנפֿאָרן:

— פֿאַראַן אַ פּאַפּיר פֿונעם קייסער, אַז זשידעס טאָרן אין דערפֿער ניט לעבן!

האָט דער אַלטער ר׳ עזריאל מאַקאָווער, דער כּהן, אַראָפּשפּרינגענדיק פֿון וואָגן, אויפֿן סטאַראָסטע, אַ געשריי אויפֿגעהויבן: — דו ביסט, מיקאָלאַ, שיכּור, איך קום זיך אַהער ניט באַזעצן, איך בין אַ היגער, אַ תּושבֿ אין דאָרף, און מײַנע עלטערן, און מײַנע עלטערנס עלטערן, מיר, די מאַקאָווער, האָבן... — נאָר דאָ, שטייענדיק בײַם בריק, אונטער די נאַקעטע ווערבעס, שוין בײַם סופּטאָג, דערזעט ער מיט אַ מאָל ווי אויף דער ווײַסער זון לויפֿן אָן רויך־פֿײַערדיקע וואָלקנס און דער פֿאַרקוילט־שוואַרצער שאַרבן מיט די צאָרן־גליִענדיקע אויגן שטעלט זיך פֿאַר אים איבערן וואַלד... און אויך דער טאָכטערס ווײַס־געוואָרענעם פּנים, און די ברייט־אויפֿגעריסענע אויגן אירע, פֿולע מיט פּחד, דערזען צום וואַלד, צו די רויך־פֿײַערדיקע וואָלקנס געווענדט... קלאַפּט ער אָן דעם ליולקע־ציבעק, פֿאַררייכערט, און נאָך אַ לאַנג־שווײַגנדיקן אַרײַנקוקן די גויִים, די שכנים זײַנע אין די נאָך פֿאַרזומערטע, האַרט־פֿאַרטרוקנטע פּנימער, דערעיקרשט אין זייערע פֿינצטערע אויגן, געהייסן די צוויי זין, מנחמען דער שמיד און נחמנען דעם סטעלמאַך, פֿערד און וואָגן

פֿאַרקירעוועז און קריק אַהין, אין שטעטל, צו זייערע דרײַ ברידער פֿאָרן, וואָרן דאָ וועלן שוין ניט העלפֿן קיין רייד און תּחנונים, באַווײַזן און דערווײַזן, אַז זיי, די מאַקאָווער, לעבן שוין דאָ דורות, אַז דער ערשטער מאַקאָווער, אריה־לייב, האָט זיך דאָ, בײַם לויפֿן פֿון די כמעלניצקי־שחיטות, מיט ווײַב און פֿיר קינדער אין מיטן ווילדן וואַלד אָפּגעשטעלט און מיט דער האַק דעמבעס גענומען אויסהאַקן און אויסוואָרצלען, און אַ שטוב פֿון קלעצער און אַ דאַך איבערן קאָפּ דאָ אויפֿגעשטעלט.

— ניין, — האָט דער טאַטע געזאָגט צו די צוויי זין, וואָס האָבן שוין אַרויסגעשלעפּט די רוטשיצעס פֿון וואָגן און שוין גרייט געווען אויף אַ בלוטיקן געשלעג מיט די גױים, וואָס פֿאַרשטעלן דעם וועג צו זיך אַהיים, — ניין, — האָט דער אַלטער מאַקאָווער געזאָגט צו זיי, צו די זין, צו די פֿאַרברענטע צוויי חסידים, וואָס האָבן אויף יום־כּיפּור עולה רגל געווען קיין טשערנאָביל, צום רבין ר׳ מאָטעלע; ער אַליין, ר׳ עזריאל, הגם מיט אַ שטאַרקער נטיה צו קבלה, איז צו גוטע־ייִדן ניט געפֿאָרן: ניט געוואָלט האָבן קיינעם צווישן זיך און דעם אויבערשטן... ער האָט אין זיי, אין די גוטע־ייִדן, געזען עפּעס פֿון דרויסן אָנגעוווייעטס, פֿון דער גויִישער וועלט... דאָך ניט קעגנשטעלט זיך, ניט אָנגעוואָרפֿן און ניט אָנגעבונדן זײַן דעה און אויך ניט געשטערט פֿירן צום טשערנאָבילער די איייניקלעך: ער האָט אפילו ליב געהאַט, ר׳ עזריאל, בײַם שאַלעשידעסדיקן טיש, אין די אָסיען־רעגנדיקע בין־השמשותן, און אויך נאָך הבֿדלה, בײַ מלווה־מלכּה, אַ חסידישן ניגון... אמת, ער האָט אויך מיט דבֿקות, מיט צוגעמאַכטע אויגן, געקאָנט זינגען אַ פּאַסטעך־ניגון פֿון די בערג. — ניין, ניין, — האָט דער אַלטער מאַקאָווער נאָכן אַרײַנקוקן די גויִים אין די אויגן, צו די זין געזאָגט: — דאָ וועלן קיין געשלעגן ניט העלפֿן, מ׳דאַרף פֿאָרן אויפֿשטעלן דאָרטן, אין שטעטל, לעם אײַערע ברידער, אַ נײַעם שטרויענעם דאַך איבערן קאָפּ... ויחנו ויסעו! דאָס איז אונדזער גורלדיקער וועג... דער וועג פֿונעם אתּה־בחרתנו־פֿאָלק, תּמיד מיטן וואַנדער־שטעקן אין האַנט... ווילן מיר זײַן אַן אויסדערוויילט פֿאָלק, מיט אַ שליחות אין דער וועלט, זײַן אַ אור לגוים, איז בדמיך חיי!... דאָס איז אונדזער גורלדיקער און פֿון גאָט אָנגעצייכנטער וועג ביז דער גואל־צדק וועט קומען... און ביז דעמאָלטן,

ובגוים ההם לא תרגיע ולא יהיה מנוח לכף־רגלך... — און ער פֿרעגט בײַ דער טאָכטערס זון, בײַם נײַניאָריקן אייניקל, בײַ זײַן תּלמיד: — מיכעלע, וואָס איז דער טײַטש פֿונעם פּסוק?

— און צווישן די דאָזיקע פֿעלקער וועסטו קיין רו ניט האָבן און פֿאַר דײַן פֿוס וועט קיין רו ניט זײַן.

— גוט, מיכעלע, גוט און קלאָר פֿאַרטײַטשט! — און דער זיידע טוט אַ הייב אויף אַ געדיכט־צופֿרידענע ברעם: — אמת, מײַן קינד, אמת... צווישן די גויִים וועסטו קיין רו ניט האָבן. דײַן לעבן וועט תּמיד זײַן אין סכּנה. אונטער דער האַק... פֿאַרקירעוועט, קינדער, און פֿאָרט אַהין, צו די ברידער, אויפֿשטעלן דאָרטן אַ נײַעם דאַך איבערן קאָפּ. אַ דאַך איבער אונדזער לעבן קאָנען מיר דאָ אינעם רישעות־לאַנד, ניט אויפֿשטעלן... פֿאַרקירעוועט, קינדער, און פֿאָרט!

— און דו, טאַטע?

ער ענטפֿערט ניט. זײַן פּנים, בײַם זון־זעצן־זיך, איז ניט צו דערקענען, ווי אין יענעם פֿאַרנאַכט בעתן מקבר־זײַן די ווײַב, וואָס אין דעם טאָג פֿון דער טאָכטערס חתונה אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ פֿלאַם און קיינער האָט ניט געוווּסט פֿונוואַנעט דער פֿײַער איז אויף איר געקומען... ער האָט נאָר אַ בליק געוואָרפֿן אויף דער טאָכטער, וואָס מיט די ברייט־אויפֿגעריסענע אויגן צו די רויך־פֿײַערדיקע כמאַרעס איבערן וואַלד געוועינדט, געוואָלט איר עפּעס זאָגן, נאָר דאָס האַרץ איז אים אין אַזאַ טרויער פֿאַרקלעמט געוואָרן, אַז ער האָט בלויז אַ שווערן קרעכץ געטאָן און אויפֿגיך זיך געלאָזט צום בריק גיין. די גויִים האָבן פֿאַר אים דעם וועג אָפּגעטראָטן. אויך ער, דער סטאַראָסטע, מיקאָלאַ קאָלאָדאַ, מיטן קייסערס פּאַפּיר אין דער האַנט, האָט אים ניט פֿאַרהאַלטן.

און שפּעטער, נאָכן אַריבערטראָגן די ספֿרי קודש אַהין, אויפֿן גאָרטן, אין ווײַטן ערד־קעלער אַרײַן, און אויך די צוויי בהמות פֿון שטאַל צום וואַלד אַרויסגעפֿירט, און דעם הונט פֿון דער קייט אָפּגעבונדן, און די הינטעלעך פֿון דער בודע אַרויסגענומען, און די קאַץ פֿון שטוב, און די הינער פֿון די נאַסידעלעס אין דרויסן, און די גענדז און קאַטשקעס אויפֿן וויהאָן, צום טײַך, און די טויבן פֿונעם שלאַק אַרויסגעטריבן און די טירלעך פֿאַרמאַכט, דעמאָלטן האָט ער, דער

אַלטער מאַקאָווער, אַ בערעם ווייצענע שטרוי איבער דער שטוב צעוואָרפֿן, דעם בוידעם און די ווענט פֿון אַלע פֿיר זײַטן, און די טירן מיט גאַנץ באַגאָסן און... אונטערגעצונדן!

און דער פֿלאַמפֿײַער האָט באַלד ברייט און ווײַט די נאַכט אַרומגעכאַפּט און ביז צו די הימלען זיך אויפֿגעהויבן... און ער, עזריאל מאַקאָווער, איז געשטאַנען מיטן קאַלטן ליולקע־ציבעק צווישן די ציין פֿאַרביסן און דאָרטן, אין די צעגליטע הייכן, ווידער דעם פֿאַרקוילט־שוואַרצן שאַרבן מיט די צאָרן־גליענדיקע אויגן דערזען... און די דאָרפֿישע קלויסטער־גלאָקן האָבן קדחתדיק געקלונגען, און די הינט האָבן ווילד געבילט, און זיי זײַנען זיך אָנגעלאָפֿן, די גויִים, און אים, דעם אַלטן מאַקאָווער, מיט וואָס ס'איז נאָר עמעצן אונטער דער האַנט געקומען גענומען ממיתן... און ער, ר׳ עזריאל, האָט קיין קול, קיין קרעכץ ניט געלאָזט פֿון זיך הערן, דעם ציבעק שטאַרקער צווישן די ציין פֿאַרביסן, און מיט די בלוט פֿאַרגאָסענע אויגן, אין די שוואַרץ־רויכיקע פֿלאַמען שוין בלויז געזען דער טאָכטערס פּנים און אירע בײַ דער שקיעה־גלאַנציקע ברייט־צעעפֿנטע, די ביז משוגעת טרויעריקע אויגן.

און דעמאָלטן, דאָרטן אין וועג, בײַם פֿאַרטריבן ווערן פֿון דאָרף, פֿונעם אָרט, ווו דו ביסט אויסגעוואַקסן, די ערשטע טריט אויף דער ערד געשטעלט... דעמאָלטן, בײַם פֿאָרן קריק אין שטעטל אַרײַן אַ מקום־מיקלט, אַ פּריטוליק צו געפֿינען, צעווייטיקט און אויפֿגעבראַכטע, אויפֿגעקוועלט־ און פֿאַרביטערטע, מיטן אומבאַהאָלפֿענעם צאָרן־געשריי אין האַרצן: דעמאָלטן, פֿאָרנדיק מיט די שפּעטאָסיענדיקע וואַלדוועגן, ווו אַלע פֿיר רעדער ביז צו די קלעצלעך זינקען אין דער געדיכטער בלאָטע אַרײַן: פֿון זון־זעצן־זיך ביז צו האַלבער נאַכט קיין דריטל וועג ניט אָפּגעפֿאָרן, די פֿעל אויף די פֿאַרמאַטערטע פֿערד נאַסע, ס'שלאָגט פֿון זיי אַ פּאַרע און די מילצן קאַלאָטען זיך הילכיק אין די אײַנגעפֿאַלענע בײַכער, שטייען אילע מאָל צו און קאָנען שוין דעם וואָגן פֿון אָרט ניט רירן... אָט דעמאָלטן, אין די שפּעטע שעהען פֿון דער נאַכט, אַז בײַם פֿלאַקערפֿײַער פֿון דער שטוב האָבן דאָרטן די גויִים ביז צו בלוט דעם אַלטן מאַקאָווער געשלאָגן, האָט דאָ, אין דעם ערבֿ־ווינטערדיקן וואַלד, אינעם וויכערדיקן בלעטערפֿאַל, אונטער די

פֿאַרפֿלאַמטע הימלען, די טאָכטער זײַנע, טעמערל, אָנגעהויבן גיין צו־קינד.

און פֿון דער געווינערס געשרייען, באַזונדערס פֿון די שוואַרץ־פֿײַערדיקע כמאַרעס, וואָס די ווינטן האָבן מיט אַ מאָל פֿון יענער ווײַטער שׂרפֿה אַהער, איבערן באַנאַכטיקן וואַלד, גענומען טרײַבן די אָפּגעריסן־וויכערדיקע בלעטער, אין אָט דעם פֿײַער־אָפּשײַן, האָבן ווי ברענענדיקע פֿייגלען איבער די נאַקעט־ווײַסע בערעזעס זיך געטראָגן און די נאַכט־פֿילינען האָבן אַ ווילדן געהײַל אויפֿגעהויבן.

— ס׳ברענט בײַ אונדז אין דאָרף.

— יאָ, דער פֿײַער גייט פֿון יענער זײַט ווו אונדזער שטוב שטייט.

— דאָרטן ברענט ניט קיין איין שטוב... דאָרטן איז אַ גרויסע שׂרפֿה, דער ביטערער רויך דערגייט אַזש אַהער־צו... דער טאַטע איז דאָרטן אַליין... — און דער שמיד, מנחם, שפּאַנט אויס פֿון וואָגן די קאַשטאַנקע, כאַפּט זיך אַרויף רײַטנדיק, און יאָגט אַוועק אַהין, אין ברענענדיקן דאָרף אַרײַן.

און זי, די געווינערן, דערזעענדיק די פֿײַערדיקע כמאַרעס איבערן וואַלד, האָט שוין ניט פֿון די ווייען, נאָר פֿון עפּעס אַן אַנדער מין ווייטיק גענומען שרײַען צו די צוויי שוועגערנס, וואָס האָבן איר געהאָלפֿן בײַם געלעגן־ווערן:

— די ברענענדיקע מאַמע טראָגט אויף די הענט מײַנע קינדער... מײַנע קינדער וועלן אויך פֿאַרברענט ווערן! ראַטעוועט מײַנע קינדער, פֿאַרלעשט די פֿײַערדיקע כמאַרעס! פֿאַרלעשט!... — נאָר מ׳האָט אירע רייד ניט פֿאַרשטאַנען און אַזוי־אָ, מיט די ניט קלאָרע רייד „פֿאַרלעשט די פֿײַערדיקע כמאַרעס" און מיט די אוממענטשלעכע געשרייען, און מיט די טרויעריקע, ביז משוגעת ברייט־אויפֿגעריסענע אויגן, האָט זי, ר׳ עזריאל מאַקאָווערס טאָכטער, אַ פּאָרל, צוויי מיידעלעך געבוירן און טאַקע דאָרטן, אויפֿן וואָגן צו־פֿאַרטאָג־צו, די נשמה אויסגעהויכט.

און ער, דער טאַטע אירער, ר׳ עזריאל מאַקאָווער, האָט נאָך דרײַ וואָכן געלעבט. זיי האָבן אים ניט דערהרגעט, די גויים, ווײַל בײַם ממיתן אים האָבן זיי דערזען ווי פֿון צווישן די צעריסענע מלבושים זײַנע שלאָגט אויף זיי פֿון זײַן לײַב אַרויס אַ בלוטיק־פֿײַערדיקע שײַן... צומערשטן האָבן זיי געמיינט אַז דאָס איז אַן אָפּשײַן פֿון דער שׂרפֿה,

נאָר דערנאָך, אַז זיי האָבן אים אָפּגעשלעפּט ווײַטער, און אויך דאָרטן, אין דער טונקלקייט, האָט די בלוטיק־פּײַערדיקע שײַן, און נאָך שטאַרקער, פֿון זײַן לײַב אַרויסגעשלאָגן... האָבן זיי מיט שרעק, צלמענדיק זיך, גענומען פּונעם ייִדן אָפּטרעטן:

— מ׳קאָן נאָך איבערן זשיד, גאָט באַהיט, די נשמה אומברענגען!

— אי צע פּראַוודאַ — און דאָס איז אמת.

— קומט, גוטע מענטשן, לאָמיר בעסער די שטוב זײַנע לעשן. אַז מיר וועלן דעם פּײַער פֿון זײַן שטוב פֿאַרלעשן, וועלן זיך אונדזערע ניט אָנצינדן.

— מאַיעש ראַציאָ, — דו ביסט גערעכט, איוואַן, — און זיי האָבן דעם פּײַער טאַקע פֿאַרלאָשן, נאָר די מאַקאָוועס הײַזער, וואָס אונטער איין דאַך, דערבײַ צעוואַלגערט און מיט דער ערד אויסגעגלײַכט.

און דער אַלטער מאַקאָווער, וואָס דער זון, מנחם דער שמיד, האָט אויפֿמאָרגן פֿון דאָרף, פֿון דער אָפּגעשרפֿעט־צעוואַלגערטער שטוב געבראַכט צופֿירן, קוים אים, דעם צעממיתט־צעבלוטיקטן טאַטן, אויפֿן מיט שטרוי־געבעטן וואָגן אַרויפֿגעלייגט: ער, ר׳ עזריאל, האָט נאָך אין זיך כּוחות געפֿונען צו גיין אַליין נאָך דער טאָכטערס לוויה דאָרטן, אין שטעטל, ווו אילע קלייטן זײַנען צוגעמאַכט געוואָרן; ווײַבער וויינען אויף אַ קול צוזעענדיק ווי דער אַלטער טאַטע, דער מאַקאָווער, מיט דער אויף אַרויף אויסגעבויגענער, אין בלוט־פֿאַרבאַקענער באָרד, זוכט מיט דער זיך־טרייסלענדיקער האַנט, ווי אַ בלינדער, די מיטה, ווייל זי אונטערהאַלטן... און ווי נאָך דער קבֿורה, נאָכן אל מלא רחמים, בײַם פֿרישן קבֿר דעם ערשטן קדיש נאָך דער טאָכטער מיט גרויס געוויין געזאָגט, ווײַל דער זון אירער, דער נײַניאָריקער מיכעלע, האָט איבער די טרערן די אותיות אין סידור ניט געזען, און אויך אַ וואָרט ניט געקאָנט נאָכזאָגן.

און שפּעטער־צו, נאָכן ברענגען זי, די טאָכטער, צו קבֿורה, און נאָכן נעמען בײַם בכור, בײַם נגיד, בײַם חשוך־בנים, דאָס וואָרט און אַ תּקיעת־כּף, אַז ער וועט פֿאַר די דרײַ יתומים, פֿאַר די צוויי נײַ געבוירענע און פֿאַר מיכעלען, פֿאַר דער שוועסטערס קינדער, אַ טאַטע ווערן, זיי מגדל־זײַן ווי אייגענע קינדער און אויך בײַ איר, בײַ דער שנור, אַ שבֿועה גענומען, אַז זי וועט פֿאַר די דרײַ יתומים אַ מאַמע ווערן

און דערפֿאַר וועט דער אייבערשטער זי מזכּה זײַן מיט אַן אייגן קינד...
— נאָך דעם האָט דער אַלטער מאַקאָווער, ר׳ עזריאל, וואָס האָט דאָס פֿאַרטרוקנט בלוט פֿון פּנים און פֿון דער באָרד ניט געלאָזט אָפּוואַשן, פֿון בעט זיך שוין ניט אויפֿגעהויבן, אין גרויסער היץ אַרײַנגעפֿאַלן, קיינעם פֿון די נאָענטע ניט דערקענט און געהאַלטן נײַערט אין איבערחזרן:

— אור לגוים... אור לגוים...

און ווי דאָרטן, אין וויכער־בײַנאַכטיקן וואַלד, מיט דרײַ טעג צוריק, בײַ די פֿאַרפֿלאָמטע הימלען, האָט קיינער ניט פֿאַרשטאַנען דער געווינערס געשריי: „פֿאַרלעשט די פֿײַערדיקע כּמאַרעס! פֿאַרלעשט״... אַזוי אויך איצטער דאָ, האָט קיין איינער פֿון די פֿינעף זין דעם טאַטנס רייד ניט פֿאַרשטאַנען, ניט געוווּסט וואָס וויל ער זיי מיטן אור לגוים זאָגן, וואָס גיט ער זיי דאָ אָנצוהערן, אויף וואָס וויל ער זיי דאָ מרמז־זײַן, וואָס וויל ער, דער טאַטע, דאָ מכריז און מודיע זײַן, וואָסער צוואה וויל ער זיי, די קינדער און אייניקלעך, פֿאַרן אַוועקגיין פֿון דער וועלט, דאָ איבערלאָזן?

האָבן זיי בײַם אַלטן רבֿ, בײַ העשילען, וואָס איז געקומען דעם אַמאָליקן חבֿר זײַנעם פֿון דער דאָמירער ישיבֿה, עזריאלן, מבֿקר חולה און מנחם־אָבֿל־זײַן, געבעטן בײַ אים ער זאָל זיי מסביר און מפֿרש זײַן דעם טאַטנס מיין פֿונעם אור לגוים... האָט אָבער אויך דער זקן, דער מורה־הוראה, וואָס פֿלעג יעדן זומער, באַלד נאָך שבֿועות, אַראָפּקומען צום אַלטן חבֿר אויף אַ וואָך אין דאָרף אַרײַן, מהנה זײַן פֿון פֿעלד און גאָרטן, וואָס אין זאַפֿטיקן גרינס און בונטן צוויט: אַרומגיין מיט אים, מיט עזריאלן, איבערן וואַלד, וואָס איז פֿול מיט ריחות און פֿייגל־געזאַנג, און פֿאַרברענגען דאָרטן שעהענווײַז מיט אים מיטן אַלטן מאַקאָווער, מיטן פֿויער דעם למדן, אין דבֿרי תּורה, פֿאַרטיפֿן זיך און שווימען מיט אים אין דעם ים פֿון תּלמוד... — האָט אָבער אויך ער, דער אַלטער רבֿ, הגם מיט צוגעמאַכטע אויגן לאַנג זיך צוגעהערט, און ניט אַזוי צו די ווערטער, ווי צום חבֿרס קול, ניט געקאָנט מסביר זײַן, ניט געקאָנט אַ ליכט אויף יענעמס מיין וואַרפֿן... און דערצו נאָך האָט יענער, שוין אין דער גסיסה, אָנגעהויבן אויך צו איבערחזרן:

— אתּה בחרתּנו!... בדמיך חיי!...

— אתה בחרתנו!... בדמיך חיי!...

איז שוין דער מורה־הוראה גאָר צעטומלט און דערשראָקן געוואָרן, מיט צענומענע הענט און אײַנגעבויגענע פֿינגער, ווי פֿון דער לופֿטן עפּעס־וואָס געוואָלט כאַפּן, צוגעקוקט זיך ווי בײַם אַלטן מאַקאָווער שלאָגט פֿון די אויגן אַ פֿײַערדיקער צאָרן אַרויס, און ווי פֿון זײַן פֿאַרבלוטיקטן פּנים גייט אַ שײַן...

ער איז נפֿטר געוואָרן, ר׳ עזריאל מאַקאָווער, בײַם זון־זעצן־זיך, בײַ רויך־פֿײַערדיקע וואָלקנס איבערן פֿענצטער... און נאָך אין יענעם אָוונט, אין דעם ערבֿ־ווינטערדיקן, אין דעם פּראָסטיקן, בײַ דער שײַן פֿון לאַמטערנעס האָט מען אים אין די פֿאַרבלוטיקטע מלבושים צו קבֿר־ישׂראל געבראַכט.

### ג.

און נאָך די שלושים, נאָכן ווינטער־שטעלן־זיך, נאָך די שנייפֿאַלן, האָבן די מאַקאָווער, שוין מיט שליטן־דרינזשעלעס, די קוזניע און סטעלמאַכערײַ, וואָס איז עק דאָרף געשטאַנען, שוין כּמעט אין פֿעלד, אין שטעטל אַריבערגעפֿירט, צו קאָנען אויך דאָרטן מיט האַק און האַמער אַ שטיקל ברויט פֿאַר ווײַב און קינד פֿאַרדינען. און ערשט שפּעטער, שוין אויף ווערסנע, שוין נאָך פּסח, נאָכן איבערווינטערן אין די ענגשאַפֿטן, אין די אַלקערלעך, אויף ניט אַ קער צוטאָן זיך, גענומען דאָרטן, אין שטעטל, אַ שטוב אויפֿבאָוען, אַ דאַך איבערן קאָפּ אויפֿשטעלן, און בשכנות מיטן עלטערן ברודער, מיט תנחומען, וואָס האָט, ווי דעם טאַטן פֿאַרן טויט צוגעזאָגט, די יתומים, דער שוועסטערס דרײַ קינדער, צו זיך אויף מגדל־זײַן גענומען.

און די שטוב, פֿון דעמבענע קלעצער, האָט מען פֿאַרן זומער אויפֿגעשטעלט, און אַקוראַט אַזאַ ווי פֿריערדיקע, ווי די דאָרפֿישע, ווי יענע, וואָס דער טאַטע האָט אַליין אונטערגעצונדן און די גויִים, די פּאָלישוקעס, האָבן דערנאָך אין פֿײַער צעוואָלגערט: פֿיר פֿענצטער אויף מיזרח און פֿיר אויף מערבֿ, ווי דער טאַטע, עזריאל מאַקאָווער ז״ל,

האָט געלערנט:

— אַזוי ווי מ׳דאַרף יעדן טאָג זען די זריחה, אַזוי דאַרף מען אויך יעדן טאָג זען די שקיעה... — און מ׳האָט אויך פֿון דאָרטן די פּאַרקוילטע דרויסן־טירן אין דער נייַער שטוב אַריינגעשטעלט, — אַ זכר פֿאַרן מאָרגן.

און דעמאָלטן, אַז מ׳האָט שוין צום נייַעם מקום־מיקלט, צו די ביישטידלעך, די מזוזות צוגעקלאַפּט, אין שטוב זיך אַריינגעקליבן, דעם חנוכּת־הבית געפּראַוועט, און אויסגעפּאַלן איז עס שימחת־תורה... האָבן ייִדן אויפֿגעפּלאַמטע פֿון די הקפֿות, פֿון זינגען און טאַנצן: אנא ד׳ עננו ביום קראנו — פֿון אַלע געסלעך און ווינקעלעך ווישניאַק און ביר, שטראָדל און לעקעך אין די פּאַטשיילעס אָנגעטראָגן, און זיך געפּרייט מיט די מאַקאָווער, מיט די אַרויסגעטריבענע פֿון דאָרף, וואָס האָבן שוין אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ... און שוין אין איין וועגס אָנגעקוועלט פֿון דער קאָנסטיטוציע, וואָס ניקאָלײַ דער צווייטער האָט רוסלאַנד געשענקט און מזכּה געווען... און ייִדן האָבן די פּאָלעס פֿון די קאַפּאָטעס אונטער די גאַרטלען פֿאַרשטעקט, די דאַשיקעס פֿון די יומטובֿדיקע „געקאַטשעטע״ קאַשקעטן אויף אַרונטער צו די פּאָטילניצעס פֿאַר־רוקט, די הענט אויפֿן אַנדערנס אַקסל פֿאַרוואָרפֿן, און געטאַנצט אין די בלאָטעס מיט אויפֿגעהויבענע אויגן, איבערגעפּולטע מיט ביטחון, צום פֿאַרכמאַרעטן הימל.

און אָט דעמאָלטן, צו פֿאַרנאַכט צו, האָבן די קלויסטער־גלאָקן אויפֿן באַרג, און אויך די טאַפּליעס פֿון די פֿענצטער אין ייִדישע הײַזער, אין דער נידער, ביז צום טײַך אַראָפּצו, גענומען קלינגען... ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָגראָם, ווו תּנחום מאַקאָווער ביים קעגנשטעלן זיך די רוצחים, וואָס האָבן אַ קינד פֿון וויגעלע דורכן צעבראָכענעם פֿענצטער אין דרויסן געוואָלט אַרויסוואַרפֿן... — דאָס מיידעלע, טעמערלען, אַ נאָמען נאָך דער מאַמען, האָט ער, תּנחום מאַקאָווער, פֿון די רוצחישע הענט געראַטעוועט, נאָר אַליין איז ער אויף דער אויפֿגעשניטענער איבערבעט אַ טויטער אין זײַן בלוט געפֿאַלן.

און נאָכן דרײַטאָגיקן פּאָגראָם, ווי ס׳האָט זיך פֿון יאָרן געפֿירט און אײַנגעשטעלט געווען, פֿון דאָרטן, פֿון די הויכע פֿענצטער... נאָכן פּלוצעמדיקן אָנפֿאַלן פֿון די מיטן באַן אָנגעפּאָרענע שוואַרצמאָה־

ניקעס, פֿון די איבערגעטעאָנענע זשאַנדאַרן, און אויך פֿון די היגע גויים, און פֿון די אַרומיקע כוטערס און דערפֿער, אויף פֿערד און צופֿוסנס אָנגעיאָגטע... האָבן ייִדן זייערע הרוגי־מלכות באַקלאָגט און מיטן טרויעריקן אל מלא רחמים זיי מקבר געווען, און דער ווינטער איז מיט יאַדרענע פֿרעסט אין שטעטל אַרײַן, און וויכערדיקע שנייפֿאַלן האָבן די פֿאַרבלוטיקטע ערד צוגעדעקט, און דער קלויסטער אויפֿן באַרג האָט ווידער געגומען די קריסטלעכע ליבשאַפֿט צום נאָענטן פּרעפּלען, און די אָונטגלאָקן האָבן גאָטספֿאַרכטיק אויף די פּרירטוויקע צווײַגן זיך צעוויגט און דערנאָך אין שטילקײַט געפֿאַלן אין די פּוכקע, אין די גרין־לבֿניקע שנייען אַרײַן.

און דאָס לעבן, ווי די שווערע טײַך־וואַסערן אונטערן אײַז, לויפֿט און ריזלט אוןווירבלט ווײַטער, — מ'פּראַוועט קנאַסמאָלן און חתונות און בריתן... און פֿון די אָונטיקע, פֿון די שוין פֿאַרריכטע פֿענצטער, דורך די אַרײַנגעשטעלטע שויבן, געשפּינט און געוויקלטע מיט אויסטערלישע געוויקסן און ווילדע געמעלן, ליכטן אויף די בלאָוו־פֿראָסטיקע הורבעס שניי די חנוכּה־לעמפּלעך און קינדער זינגען: אוי, איר קליינע ליכטעלעך... — און פֿון די קוימענס קנוילן זיך אַרויס צו די הימלען, צו די קלאָר־העלע, צו די בליציקע שטערן, ווײַסע רויכן מיט ריחות פֿון רעטשענע לאַטקעס און געגנדזענע גריוון; און איבערן שטעטל סקריפּען די באַלעגאָלישע געקאָוועטע שליטנס, וואָס יאָגן צום אויפֿדערנאַכטיקן באַן... און אין יוקל דעם שנײַדערס שטוב זינגט די טאָכטער בײַ דער ניימאַשין:

באַנען גייען דרײַ אַ טאָג,<br>
איינער קומט אין אָוונט,<br>
גלעקער קלינגען גלין־גלין־גלאָן,<br>
יאָ, ער איז שוין נאָענט...

און ווי יאָר־אײַן און יאָר־אויס שטעלט זיך דער גרויסער יאָר־יאַריד, אַ שליטן צו אַ שליטן, אויף קוים דורכגיין און דורכצוקריכן, און ייִדן אין פֿאַרלאַטעטע לײַבפּוטערלעך און אונטערגעגנייטע וואַלינקעס, מיט ווײַס־פֿאַרפֿראָסטיקטע בערד און ברעמען, מיטן בראָך און ווײ אין די אויגן, מיטן אייביק גאולה־גלויבן אין די הערצער, פֿאַרלויפֿן איינער דעם אַנדערן דעם וועג, פּלאָנטערן זיך צווישן די אויסגעשפּאַנטע

פֿערד, כאַפּן איבער און דינגען אויס אַ שאָפּן צי אַ רינדן־פֿעלעכל, אַ שקאַפֿינע, אַ רעדל וואַקס, אַ בינטל ריבעס, אַ קריגל האָניק... און פֿון די אַרומיקע נאַקעטע וועלדער ווייעט מיט ווײַסן פּחד, און פֿון די קלייטלעך מיט טרויער און וואָבלע, מיט דיאָכט און פֿרישע בייגל, און אויף דער ווינטערדיקער זון פֿינקלען אויף די שטעלן שפּיגעלעך און פֿיל־קאָליריקע ליענטעס, און בײַ דער מיט אײַז־אָנגעפֿרוירענער שטאָטקרעניצע סקריפּעט אויפֿן ווינט דער נײַער בערעזעווער „זשוראַוול״, דער עמער־אַרויסציִער:

— אַזוי איז עס ייִדן, אַזוי... מ׳דאַרף ווײַטער לעבן און וואַרטן אויפֿן גואל צדק...

— אַזוי, אַזוי איז עס ייִדן, אַזוי... קאָנען איבערלעבן און אויסשטיין איז גרויסע גבֿורה!

און בײַם קלויסטער, פֿאַרפּראָשעטע מיט גילדענער שניי־ליסקע, שפּילן סטאַרצעס אויף די באַנדורעס:

אַ ווי כלאָפּצי, ליובי מילי,
כאַפּײַטעסיאַ דאָ סאָקירי...
(און איר, יונגען, ליבע, טרײַע,
נעמט זיך צו די העק...)

אָט דעמאָלטן, טאַקע אין יענעם נײַאָר־יאַריד, בײַ האַלבן טאָג, — אין די שליטנס קרייען די געבונדענע הענער צו דער זון, וואָס פּראָשעט מיט גילדענער ליסקע און שלאָגט אַרויס פֿון די בלאָווע הורבעס שניי פֿונקען... אין יענעם קאָך פֿון האַנדל־וואַנדל, אין ברען פֿון קויף־און פֿאַרקויף, פֿאַרטראָגענע אין מעקלערײַ, אין כאַפּן מציאות... דאָ באַווײַזט ער זיך, פֿון באַרג אַראָפּ, אין אַ זומערדיקן קאַשקעטל מיט אַ צעשפּאָלטן ביינערנעם דאַשיק אויפֿן קאָפּ האָר, לאַנגע, ביז צו די אַקסלען: די באָרד און וואָנצעס ווי אויסגעפֿלאָכטן פֿון בליציקע אײַזליכטלעך און פֿון אונטער די בערגלעך פֿאַרטויִקטע ברעמען פֿלאַמען אַרויס צוויי גרויסע טרויער־שוואַרצע אויגן.

און דערעיקרשט, ניט צום גלייבן, צו וווּנדערן און שטוינען: אָן אַ שום ווינטערדיקן מלבוש אויף זיך, נײַערט אַ קאַמזויל פֿון קאָליר שיכּורע ווײַנשל אויף דער צעכראַסטעטער בלאַנק־ווײַסער לײַוונטענער העמד, ווו אַ געדיכט־האָריקע ברוסט, ווי אַ שוואַרץ קאַראַקול־פֿעלכל קוקט

פֿאַרביסן און להכעיסדיק אַרויס צו דער ווינטערדיקער וועלט, אין צעוואַלגערטע שטיוול, די פֿינגער פֿון די פֿיס ממש אויפֿן שניי, מיט אַ הויכן וואַנדער־שטעקן אין די נאַקעטע הענט, אויף די פּלייצעס אַ טאָרבע, רייכערט אַ פֿײַקע. און, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, קוקט ער זיך אין אַלע זײַטן אַרום, ווי עמעצן אָדער עפּעס־וואָס געזוכט... קיינער קען אים דאָ ניט, דאָס ערשטע מאָל זעט מען דאָ אַזאַ בעטלער, אין אַזאַ הולך, ווינטערצײַט!

און יענער שטעלט זיך ניט אָפּ, בעט ניט קיין נדבֿה, פֿרעגט בײַ קיינעם גאָרניט, צופּט נאָר, פֿאַרבײַגייענדיק, פֿון אַ שליטן אַרויס אַ הײַפֿל היי, — און ערשט דאָ באַמערקט מען ווי אַ קלאָר־ווײַס ציגעלע לויפֿט אים נאָך... און דאָס ציגעלע שפּרינגט אים אויף די הענט אַרויף און ער גייט מיט דעם אין דער גרויסער שניטקראָם אַרײַן, צו תּנחום מאַקאָווערס אלמנה, צו מילקען, צעשטופּט דאָרטן דעם המון קונים, די דאָרפֿסלײַט, שטעלט אַוועק אויף דער סטאָיקע דאָס ציגעלע, שלעפּט פֿון הינטער דער העמד אַרויס אַ פֿול אָנגעשלאָגן לעדערן בײַטל, און דערלאַנגט עס איר, דער אלמנה:

— באַהאַלט אויף די פּאָר טעג, וואָס איכל זיך דאָ פֿאַרהאַלטן...

קוקט זי מיט אויפֿגעריסענע אויגן אויפֿן אָנגעטראָגענעם שלעפּער מיט דער געפֿלאָכטן־אָנגעפּרוירענער באָרד, מיטן משונהדיקן קאַמזויל אויף דער צעכראַסטעטער העמד, מיטן ציגעלע, וואָס ער האָט דאָ אַוועקגעשטעלט, און פֿרעגט אים:

— און וואָס ליגט דאָ, אין דעם בײַטל?

— געלט. ניט געגנבֿעטס, חס וחלילה!

— אָן עדות?

— און איר דאַרפֿט אויך ניט ציילן!..

— פֿאַרוואָס גלייבט איר מיר אַזוי? פֿונוואַנעט ווייסט איר, אַז מ׳קאָן מיר פֿאַרגלויבן?

— אפֿשר ווייס איך יאָ... און צעמינצעוועט מיר אויך אָט דעם גאָלדן פֿינפֿערל, איך זאָל קאָנען אין אכסניה גלײַך באַצאָלן פֿאַרן נאַכטלעגער און פֿאַרן טעלער הייסן געקעכטס. — און מיטאַמאָל: — די צײַט צעקרישלט שטיינער און פֿון פֿײַער בלײַבט אַש...

פֿאַרשטייט זי ניט צוליב וואָס זאָגט ער עס איר, און וואָס מיינט ער

דערמיט, און וואָס וויל ער, אַז דער האַלב נאַקעטער אין מיטן ווינטער, מיטן ווײַסן ציגעלע, געבן איר מיט זײַנע רייד דאָ אָנצוהערן... און זי קאָן גאָרניט, די קלוגע מילקע, די געדאַנקען אירע דאָ צונויפּנעמען, ווײַל זײַנע פּלאָמיקע אויגן דרינגען איר ממש אין האַרצן אַרײַן. און דערצו נאָך, בײַם נעמען פֿון זײַן האַנט דאָס גאָלדן פֿינפּערל, בײַם צורירן זיך צו זײַנע פֿינגער, לויפֿט איר אַדורך אַ היץ איבער אַלע אבֿרים... און באַלד ווערט זי גאָר מבולבל: ער נעמט פּלוצעם אָן מיט זײַנע הייסע פֿינגער איר רעכטן אויער און זאָגט:

— דעם אַלטנס ברכה, דעם מאַקאָווערס, פֿאַר זײַן ניסתּלק ווערן, ווער מקוים ווערן! — און שוין מיטן ציגעלע אויף די הענט, צעשפּאַרט ער ווידער מיט די עלנבויגנס די גויִם, וואָס קוקן אויף אים מיט אָפֿענע מײַלער, און אויך די ייִדן, וואָס ווייסן שוין פֿונעם לעדערנעם בײַטל געלט, און לאָזט זיך צום אַרויסגאַנג — גיין צו זיידלס אכסניה אויפֿן מאַרק.

נאָר שוין דאָרטן, אויפֿן וועג צום אײַנפֿאָרהויז, אין דעם ווירבל־טומלדיקן שטאַרק־פּראַסטיקן יאַריד, ווו בײַ דער זון טײַעט ניט דער פֿרירטוי אויף די צווײַגן און ס'קאַפּעט ניט אַראָפּ קיין איין טראָפּן פֿון די אָנגעשנייטע דעכער, זײ בליצן נאָר, די שנייען, מיט שאַרלאַך־לילאַ פֿונקען צו די נידעריקע הימלען, דאָרטן, אויפֿן יאָרמאַרק, פֿאַרלויפֿט אים דעם וועג דער עלפּיאָריקער מיכעלע, וואָס די מאַמע זײַנע, טעמערל, האָט אין דעם שפּעטהאַרבסטיקן, אינעם בײַנאַכטיקן בלעטער־וויכערדיקן וואַלד, בײַ דער גרויסער שׂרפֿה פֿונעם זיידנס הויף, צוויי מיידעלעך געהאַט און איז אויפֿן וואָגן געשטאָרבן מיט געשריי:

— פֿאַרלעשט די פֿײַערדיקע כמאַרעס! פֿאַרלעשט!..

ער, מיכעלע, איר זון, פֿאַרלויפֿט פּלוצעם יענעם, דעם האַלבנאַקעטן, מיטן ציגעלע אויף די הענט, דעם וועג און מיט אַ קול פֿון פֿרייד און טרויער, מיט אַ קול פֿון ליבשאַפֿט און שׂינאה, אויסשטרעקנדיק צו אים די הענט:

— טאַטע! — און צו אַלעמען, צו די אַרום שטיין געבליבענע: — ס'איז מײַן טאַטע!.. און אויך מײַנע שוועסטערלעכס טאַטע... איך האָב אים דערקענט... פֿון פֿאַר צוויי יאָרן... — און אַרויסרײַסנדיק זיך פֿון

יענעמס האַנט, וואָס האָט אויך אים, מיכעלען, מיט זײַנע הייסע פֿינגער בײַם אויער אָנגענומען... אַוועקגעלאָפֿן מיט דער בשׂורה צו איר, צו דער מומע מילקע, דערציילן, און דעם אמת זאָגן, ווער ס׳איז דער האַלבנאַקעטער מיטן ווײַס ציגעלע.

# ד.

און באַלד האָבן שוין ייִדן, הגם מיטן יאָרמאַרק פֿאַרנומען און פֿאַרטראָגן, איינער דעם צווייטן איבערגעגעבן: דאָס איז דאָך יענער, דעם אַלטן מאַקאָוערס איידעם, דער טאַלנער עילוי, פֿון דער טשערנאָביליער גזע, יענער, וואָס האָט דרײַ חדשים נאָך דער חתונה די טראָגעדיקע ווײַב איבערגעלאָזט, בײַנאַכט פֿון שטוב אַרויס, און אויף גאַנצע נײַן יאָר נעלם געוואָרן... מ׳האָט גאָר אויף זײַן סליד, אויף זײַן טראָט, ניט געקאָנט אָנטרעפֿן, איבער שטעט און שטעטלעך, איבער פֿאַרוואָרפֿענע מקומות געוואַנדערט און געוואָגלט, ווו געטאָגט דאָרטן ניט גענעכטיקט... אַפֿילו אויף אַ צײַט אַהין, אין די דײַטשנלענדער, אָנגעשפּאַרט און אויך, זאָגט מען, אויף חדשים אין וואַלדגעדיכטענישן, אין פּוסטקעס און היילן זיך פֿאַרקליבן און דערנאָך, זעט איר, פֿאַר צוויי יאָרן, מיט אַ מאָל ניתגלה געוואָרן, ווי פֿון אַ חלום אַרויס... צו ווײַב און קינד זיך אומגעקערט: אָבער אויך דאָס מאָל אָפּגעלעבט אין דער היים ניט מיין ווי דרײַ חדשים און ווידער אין מיטן דער נאַכט פֿאַרשוווּנדן געוואָרן... און אָט איצטער, ווי איר זעט, האָט ער זיך, דער פּרוש, אין אָט דעם הולך זײַנעם, אַ האַלב נאַקעטער אויפֿן פֿראָסט, מיטן הויכן שטעקן אין האַנט, און מיטן ווײַסן ציגעלע אַהער, צו אונדז, אַרײַנגעיאָוועט — קוקט מיך אָן, און מאָלט מיך אויס!

— איז ער אַ משוגענער, צי אַ הייליקער?

— ווער קאָן דאָס וויסן, ווער קאָן דאָס זאָגן?

— ווי ס׳זאָל דאָרטן ניט זײַן, קיין נאָרמאַלער מענטש איז ער ניט.

— לויט זײַנע ברענענדיקע אויגן קאָן מען שוין זען, אַז פֿון קלאָרן שׂכל איז ער ווײַט.

— אַוודאי זעט מען אַז ער איז, ניט פֿאַר אונדז געדאַכט, אַ פֿאַרטורקעטער...

— באַהיט און באַוואָרנט זאָל מען ווערן!

— אַפֿנים, אַז פֿון עפּעס אַ טראַנס קאָן ער זיך, נעבעך, ניט אויסניכטערן... ער לעבט אין שוואַרצע חלומות.

— גאָט איז אַ שומר פּתאים...

און דער פּרוש, דער האַלב נאַקעטער, די פֿינגער פֿון די פֿיס אויפֿן פֿראָסט, מיטן ווײַסן ציגעלע אין דער האַנט, שטייט אין מיטן דעם רעדל ייִדן, די אויגן פֿלאַמען אים, און קלאַפּט מיטן שטעקן אין דער ערד: — הערט מײַנע רייד, הערט!... די הײַנטיקע פּאָגראָמען, און אַפֿילו אויך יענע, די אַמאָליקע, פֿון די נוסעי הצלב, פֿון תתנ״ו, און אויך די שחיטות פֿון ת״ח ות״ט, זײַנען ניט מיין ווי פֿאָרשפּילן צום גרויסן חורבן, וואָס גייט אויפֿן פֿאָלק ישראל...

— ער איז אַ וויסטער, אַ שוואַרצער שטערן־זעער!

— ניין! — טוט ער אַ געשריי איבערן גאַנצן מאַרק, — ניין! איך בין ניט קיין שוואַרצזעער... ניין! אויך אים, ירמיהו בן חלקיהו, דעם גרויסן נבֿיא, וואָס האָט נבֿיאות געזאָגט אויפֿן סוף פֿון מלכות יהודה און ירושלים, אויפֿן חורבן פֿון בית המקדש... אויך אים, ירמיהו בן חלקיהו, דעם גרויסן נבֿיא, האָט מען געטריבן און גערודפֿט, אין אַ גרוב אים אַרײַנגעוואָרפֿן אויף אומברענגען... און אויך מיך, ירמיהו בן יוסף, אויך מיך, דעם נבֿיא פֿון אײַער גלות, טרײַבט איר און רודפֿט... גייט אַוועק פֿון מײַנע אויגן! לויפֿט האַנדלען און וואַנדלען... — און ער צעשטופּט מיט צאָרן די ייִדן אַרום זיך, און מיטן אויפֿגעהויבענעם שטעקן לויפֿט ער מיטן ציגעלע אין זיידלס אכסניה אַרײַן.

— האָט איר שוין אַזוינס געהערט? ער האַלט זיך דאָך פֿאַר אַ נבֿיא!

— אַ נײַער נבֿיא בײַ ייִדן, ירמיהו בן יוסף...

און שפּעטער איז מען שוין גאָר געפּלעפֿט און נישתּומם געוואָרן: נאָכן יאַריד, שוין צו מינחה־צײַט, אײַלנדיק צו די בית־מדרשים, האָט מען געזען ווי זי, מילקע, תּנחום מאַקאָווערס אלמנה, אַ בלייכע, פֿון עפּעס אַ דערשראָקענע, מיטן אַרויפֿגעכאַפּטן פֿוטער אויף די אַקסלען, די ליידיקע אַרבל אויפֿן ווינט, גייט האַסטיק־גיך, ווי פֿון עמעצן געטריבן געוואָרן, דורכן שוין נאַכט־צופֿאַלנדיקן מאַרק, ווו די קבצנישע בהמות

קלײַבן מיט די ווייכע ליפּן דעם אָנגעטרייסלטן היי אויפֿן שוואַרצן שניי. און ערשט אויפֿן גאַניק, שוין בײַ דער טיר, פֿאַרהאַלט זי זיך אויף אַ רגע, כאַפּט איבער דעם אָטעם, און גייט אין זיידלס אכסניה אַרײַן.

און דאָרטן, ווי נאָר דעם שוועל אַריבערגעטראָטן, באַלד אויף יענעם, אויפֿן האַלב נאַקעטן מיטן ציגעלע, זיך נאָכגעפֿרעגט... און אַז מ'ווײַזט איר, ווו יענער געפֿינט זיך, לויפֿט זי מיט די טרעפּ צום בוידעם־שטיבל אַרויף, קלאַפּט אַפֿילו אין טיר ניט אָן, און גייט אַהין־צו גלײַך אַרײַן.

און הגם ער, דער בעל־אכסניה, ר׳ זיידל אַליין, אַ פֿרומער ייִד, אַ געהיטער פֿון רכילות, האָט זיך אויף די שפּיצפֿינגער צום בוידעם־שטיבל אויפֿגעהויבן, דעם אויער צו דער טיר צוגעלייגט, נאָר קיין וואָרט פֿון דאָרטן ניט געקאָנט אויפֿכאַפּן, ווי זיי וואָלטן דאָרטן ביידע אויף שטום־לשון גערעדט.

און פֿאַרהאַלטן האָט זי זיך דאָרטן אפֿשר אַ פֿערטל שעה, ניט מיין... און דערנאָך, דער בעל־אכסניה באַווײַזט קוים פֿון דער טיר אָפּשפּרינגען, גייען זיי ביידע פֿונעם בוידעם־שטיבל אַראָפּ: ער פֿאָרויס, שוין מיט דער וואַנדער־טאָרבע אויף די פּלייצעס, מיטן לאַנגן וואָגל־שטעקן אין דער האַנט, די אויגן פֿלעמלען אים שוין עפּעס גאָר משונה, שוין טאַקע חוץ לדרך הטבע... און זי, דער פּנים נאָך בלייכער און דערשראָקענער ווי פֿריִער, ווי בײַ איר אַרײַנגיין אַהער־צו, אין דער אכסניה; זי גייט נאָך זײַנע פֿוסטריט, ווי אַ נאַכטוואַנדלערן — ווען עמעצער טוט זי פּלוצעם אַ רוף בײַם נאָמען, ווען מ'וועקט זי אויף, פֿאַלט זי אום... זי גייט הינטער אים, טראָגט זײַן ווײַס ציגעלע אויף אירע הענט, שפּאַנט נאָך זײַן שטעקן, וואָס קלאַפּט אָן אין דער פֿאַרפֿרוירענער ערד אַזוי, אַז ס'הילכט אָפּ אין דער פֿראָסטיקער שטילקייט, אונטער דעם אויפֿגייענדיקן רויטן מולד.

און מיט אַ מאָל, אויפֿן מיטן ליידיקן מאַרק, טוט ער דעם שטעקן אויף דער ערד אַ וואָרף, הייבט אויף די אויגן צום הימל, ציט אויס די הענט צום רויטן מולד, און בלײַבט אַזוי שטיין. מיינט זי, אַז ער וויל דאָ די לבֿנה מחדש זײַן, נאָר ער טוט זיך פֿון אָרט ניט אַ ריר, און אויך אַ וואָרט און אַ קלאַנג הערט מען פֿון אים ניט. ווען ניט די געדיכטע ווײַסע פּאַרע וואָס שלאָגט פֿון זײַן מויל אויפֿן פֿראָסט אַרויס, וואָלט זי געמיינט:

ער איז פֿאַרגליווערט געוואָרן. און דאָ, פּלוצעם, דערהערט זי:

— באַפֿרײַ מיך, גאָט, באַשעפֿער פֿון אַלע וועלטן, דערבאַרעמדיקער און צאָרנדיקער, באַפֿרײַ מיך, שדי, פֿון דער שליחות! דײַן פֿאָלק הערט ניט מײַנע רייד... דײַן וואָרט דערגייט ניט צו זייערע הערצער, זיי טרײַבן מיך ווי דעם שליח פֿון שׂטן... דײַן פֿאָלק ישׂראל האָט שוין אַריבערגעשפּאַנט די גרענעץ פֿון פּײַן און לײַדן, די גרענעץ פֿון טראַגישקייט, דאָרטן גייט מען שוין איבערן תּהום... דײַן פֿאָלק דאַרף ניט קיין נבֿיא, ער דאַרף משיחן, זאָל ער זײַן אַפֿילו אַ משיח שקר, נאָך אים וועלן זיי גיין... באַפֿרײַ מיך, שדי, פֿון דײַן שליחות, באַפֿרײַ מיך... אין מײַן נשמה גייט שוין אויף קללה און יִיאוש... — און ער איז שטיין געבליבן שווײַגנדיק, און נאָך אַלץ מיט די שׂרפֿה־אויגן און אויסגעצויגענער האַנט צום הימל, ווי געוואַרט פֿון דאָרטן אויף אַן ענטפֿער... און באַלד, ווי ער וואָלט יענעם ענטפֿער פֿון דאָרטן, פֿון הימל, דערהערט, אַזוי מיט ציטערנדיקע ליפּן, און מיט טיפֿן טרויער, געפֿרעגט:

— וועל איך שוין, האַר פֿון אַלע וועלטן, מלך מלכי המלכים, וועל איך שוין ביזן טויט, ביז צו יענע טויערן... דאַרפֿן דעם הילצערנעם יאָך אויף מײַן האַלדז־און־נאַקן טראָגן? — און מיט אַ ביטערן זיפֿץ דעם שטעקן פֿון דער ערד אויפֿגעהויבן, און ווידער זיך פֿאַרויס, ווי ער וואָלט דעם וועג צו איר שטוב אַליין געוווּסט, געלאָזט זיך ווײַטער איבערן זינגענדיקן שניי גיין, און נאָך שטאַרקער קלאַפּן מיטן שטעקן איבער דער ערד, וואָס הילכט אָפּ צווישן די הײַזער מיט די זיך־רויכערנדיקע קוימענס, אונטער דעם רויטן מולד.

און צו איר גרויסן חידוש, טרעפֿט ער טאַקע אַליין צו דער שטוב, וואָס אין זײַטיקן געסל, צווישן די שוואַרצע פּלייטן, אין דעם אָנגעשנייטן סאָד. און אויך דאָרטן, שוין אין שטוב, ניט פֿרעגנדיק בײַ איר, בײַ דער באַלעבאָסטע, אין דעם פֿאַר אים צוגעגרייטן אַלקער אַרײַן, דעם שטעקן און די טאָרבע אין ווינקל אַוועקגעשטעלט, און פֿון דאָרטן, פֿון הינטער דער פֿאַרמאַכטער טיר, געבעטן אַ שיסל שניי ברענגען — די פֿיס אָנרײַבן און פֿונעם פֿראָסט זיי מיט שניי דערוואַרעמען... און שפּעטער, אַז פֿון דאָרטן אַרויס, אַ באָרוועסער, אין אַ ווײַסן קיטל מיט אַ שוואַרצן גאַרטל אונטערגעגאַרטלט, מיט

אײַנגעשטילטע אויגן, אויך די באָרד מיט די פֿינגער צוגעקעמט, אין יענעם צימער אַרײַן, ווו די דרײַ קינדער זײַנע — מיכעלע, דער בכור, דער עלעפֿיאָריקער, און די צוויי קליינינקע מיידעלעך, וואָס זײַנען אין בײַנאַכטיקן וואַלד, אויפֿן וואָגן, געבוירן געוואָרן — האָבן זיך געשפּילט מיטן ציגעלע, וואָס די מומע מילקע האָט אַהין־צו אַרײַנגעטראָגן.

און דאָרטן גייט ער גלײַך צו צום זון, וואָס איז אינגאַנצן אינעם טאַטן געראָטן, — אויך בײַם יינגל זײַנען אַזעלכע גרויסע אויגן און מיט פֿײַערדיקע אַפּלען... ער נעמט בײַ מיכעלען די האַנט, האַלט זי אַ פּאָר רגעס און זאָגט:

— אין דײַן האַרצן טראָגסטו אויף מיר אַ שׂינאה. טראָג ניט אין דײַן האַרצן אַזאַ סם, ס'איז אַ סכּנה אויך פֿאַר אַנדערע... פֿון שׂינאה וואַקסט אויס אכזריות און פֿון סם ווערט דער ווײַנגאָרטן פֿאַרטרוקנט!

און יענער, מיכעלע, וואָס יידן למדנים שפּיגלען זיך אין אים, האַלטן אים פֿאַר אַ שאַרפֿן מוח, קומען הערן ווי ער לערנט אַ בלאַט גמרא, זעען אין אים וואַקסן אַ גדול בתּורה... יענער, מיכעלע, אָפּגעגאַנגען ווײַט פֿונעם טאַטן, ער זאָל אים פֿאַר דער האַנט, אָדער פֿאַרן אויער ניט קאָנען אָננעמען, הייבט מיט די אַקסלען, ווי געזאָגט: איך פֿאַרשטיי ניט דײַנע רייד... און טוט פּלוצלינג, שוין שטייענדיק בײַם אָנגעפֿרוירענעם פֿענצטער אַ פֿרעג:

— האָט די מאַמע מײַנע געוווּסט, האָסטו איר געזאָגט, אַז דו גייסט ווידער אַוועק פֿון דער היים און מאַכסט זי ווידער פֿאַר אַן עגונה אויף יאָרן? האַ?... און דאָס ערשטע מאָל, פֿאַר מײַן געבוירן ווערן, האָסטו זי אויך פּלוצלינג, אין מיטן דער נאַכט, איבערגעלאָזט... און אויף גאַנצע נײַן יאָר... דו ביסט געוואָרן אַ פּרוש... האָב איך געהערט ווי דער זיידע ז״ל האָט איין מאָל געזאָגט צום פֿעטער מנחמען: די וואָס האָבן פֿײַנט זייערע ווײַבער ווערן פּרושים... — און מיט ברענענדיקע אַפּלען, ווי בײַ אַ יונגן וואָלף: — איז דאָס אַן אמת? האָסטו פֿײַנט געהאַט מײַן מאַמען? האַ?

און ניט וואַרטנדיק אויף יענעמס תּשובֿה, שוין שטילער געפֿרעגט:

— קאָנסטו מיר זאָגן, נבֿיא פֿון גלות, פֿאַרוואָס האָט די מאַמע מײַנע פֿאַרן טויט מיט די לעצטע כּוחות אירע געשריִען: „פֿאַרלעשט די פֿײַערדיקע כמאַרעס. פֿאַרלעשט"... דער געשריי אירער באַגלייט מיך

בײַטאָג און וועקט מיך בײַנאַכט פֿון שלאָף!

— דאָס האָט זי איבערגעחזרט מײַנע רייד, וואָס איך האָב איר איין מאָל אין וואַלד געזאָגט.

— קאָנסטו מיר דערקלערן דעם מיין פֿון יענע רייד, קאָנסטו מיר זאָגן וואָס הייסן די פֿײַערדיקע כמאַרעס?

און דאָ קערט ער זיך פֿון אים אָפּ, פֿונעם זון, גייט צו צום וויגעלע, ווו די צוויי קליינינקע קינדער שפּילן זיך מיטן ציגעלע, נעמט צו זיך אויף די הענט דאָס עלטערע פֿונעם פּאָרל, טעמערלען, די, וואָס בעתן פּאָגראָם האָבן די רוצחים דורכן פֿענצטער געוואָלט אַרויסוואַרפֿן, און ברעכט אויס אין אַ געוויין... לויפֿט צו אים צו מיכעלע:

— וואָס זעסטו אין מײַן שוועסטערל? וואָס פֿאַר אַ בייז דאַרף נאָך מיט איר, מיט טעמערלען, אין לעבן געשען?

נאָר ער גיט באַלד אָפּ דאָס פֿאַרצאַפּלטע קינד איר, מילקען, וואָס שטייט אַליין אויך אַ פֿאַרלוירענע, ווי אין אַ ווײַטער, אין אַ פֿרעמדער וועלט מיט אַ מאָל אַרײַנגעפֿאַלן, און ווייסט ניט ווי אַזוי פֿון איר אַרויסצוגיין... און דאָס שרעקלעכסטע, ווען עמעצער נעמט זי פֿאַר דער האַנט און וויל זי פֿון דאָרטן, פֿון יענער וועלט, אַרויספֿירן, וואָלט זי ניט געוואָלט, זיך געוועהרט, און מיט אַלע אירע כּוחות זיך קעגנגעשטעלט... — ער גיט איר אָפּ דאָס פֿאַרצאַפּלט געוואָרענע קינד, טעמערלען, און אַליין לויפֿט ער מיט זײַן געוויין אַהין, אין יענעם אַלקער אַרײַן.

## ה.

און זי, די אלמנה, מילקע, וואָס גייט נאָך אַלץ, שוין העכער אַ יאָר אין שוואַרצן, טרויערט נאָכן געהרגעטן מאַן, קאָן נאָך צום געדאַנק ניט געוווינט ווערן, אַז ער וועט שוין קיין מאָל, תּנחום, מיט זײַן פֿריילעכן קול אין שטוב ניט אַרײַן... זי לאָזט מיט אַ מאָל איבער דאָס דערשראָקן־פֿאַרצאַפּלטע קינד, טעמערלען, אויף מיכעלעס הענט, וואָס ציטערן און טרייסלען זיך אים פֿון אויפֿגערעגטקייט, און אַליין, ווי פֿריער, ווי בײַם

לויפֿן מיטן אַרויפֿגעכאַפּטן פֿוטער אויף די אַקסלען איבערן פֿאַר־נאַכטיקן מאַרק אין אכסניה אַרײַן ברענגען צו זיך אין שטוב יענעם, דעם האַלב־נאַקעטן מיטן ציגעלע, דעם ווילדן... אַזוי אויך איצטער, ווי פֿון עמעצן ווידער מיט כּוח געשטויסן און געטריבן געוואָרן, ניט וויסנדיק נאָכוואָס, און צוליב וואָס, לויפֿט זי אויך נאָך יענעם אַהין, אין אַלקער אַרײַן.

און דאָרטן, בײַם עפֿענען די טיר אַהין, אויפֿן שוועל שטיין געבליבן און בײַ דער שײַן פֿון דעם מולד אין פֿענצטער דערזען אים אין אַ קרײַז אַרומלויפֿן, און מיט אַ שוין הייזעריקן און אַן כּוחותדיקן קול אויסשרײַען:

— איך זע, איך זע, ווי מײַן קינד ברענט!... טרײַב ניט דײַן פֿאָלק ישׂראל דורך דער בלוטיקער פֿינצטערניש... גענוג שוין בלוט און חורבן... טרײַב ניט דײַן פֿאָלק דורך דער בלוטיקער פֿינצטערניש, טרײַב אים ניט איבערן פֿײַערדיקן תּהום... טרײַב ניט דײַן פֿאָלק, וואָס נאָגט און פּלאָגט זיך אין גלות... אנשים נשים וטף... טרײַב ניט דײַן פֿאָלק, וואָס האָט ניט קיין חֲיָלות, פֿירט ניט קיין מילחמות, פֿאַרגיסט ניט קיין מענטשלעך בלוט... האָט ניט קיין תּפֿיסות... ניטאָ אין פֿאָלק קיין רציחות, גזלנות, זנות. גילוי־עריות, סדום־מעשׂים, אונס... טרײַב ניט דעם עם קדוש דורך דער בלוטיקער פֿינצטערניש צום פֿײַערדיקן תּהום... פֿאַרברען ניט קיין קינדער!.. שיק מיך ניט! איך וועל ניט גיין! כ'וועל ניט גיין!.. — און אין זײַן הייזעריק־פֿאַרשטיקט קול הערט זיך אַזאַ אוממענטשלעכער פּחד, ווי פֿון איינעם, וואָס ווערט געשיקט אויף לייד־און פּײַן, אויף מאַטערנישן און גיהנום־נסיונות... און מיט אַ מאָל בלײַבט ער שטיין ווי דאָרטן, אויפֿן פֿאַרנאַכטיקן מאַרק, מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו דעם מולד, וואָס אין פֿענצטער: — דײַן פֿאָלק איז דיר מוחל דעם אתּה בחרתּנו! און וויל ניט דעם בדמיך חיי! דו הערסט, אל רחום וחנון... דו הערסט? — און דאָ טוט ער אַ פֿאַל אום, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים, אויסגעצויגן אויפֿן פּאָל, די הענט פֿאַרבײַלט אין פֿויסטן, די ציין צונויפֿגעקלעמט, דער פּנים בלאָוו און באַדעקט מיט שווייס, אין די ווינקלען מויל אַ בלוטיקע פּינע...

און זי וואַרפֿט זיך צו אים, לאָזט זיך אויפֿן דיל אַראָפּ, לייגט זײַן קאָפּ אויף אירע קני — ער זאָל זיך ניט צעמזיקן, הגם ער וואַרפֿט זיך

ניט, ליגט ווי אַן לעבן געבליבן... נאָר די שוואַרצאַפּלען פּײַערן אויף איר און זי ווייסט שוין, מילקע, אַז זי וועט פון אים שוין ניט קאָנען אָפּגיין, זיך דערווײַטערן, זיך קריק אין איר אַלטער, אין איר פריערדיקער וועלט אַרײַן, ווײַטער קאָנען אינעם שוואַרצן גיין און בענקען אין די נעכט נאָכן געהרגעטן מאַן... אַז זי איז שוין פון דאָרטן, פון יענער, פון איר פריערדיקער וועלט, פאַרטראָגן געוואָרן אַהין, ווהין?... נאָר זי איז שוין גרייט אַ זאָק אויף זיך אָנטאָן, אַ שטעקן אין האַנט אַרײַן נעמען, און נאָכגיין אַ באָרוועסע נאָך אים פוסטריט — גיין מיט אים איבער אַלע תהומען. אָבער דאָ, צו איר גרויסער פאַרוווּנדער־ און אומבאַגרײַפלעכקייט, וואָס נעמט זי אַדורך מיט אַ פריידיקן ציטער, זעט זי זיך אים נאָכגיין איבער אַ שמאָלן וועג, צווישן שוין אָפּגעקאָסטעטע פעלדער, מיט אַ קליין קינד אויף די הענט, מיט אירס אַן אייגן קינד, מיט אַ זון, וואָס וועט בײַ איר פון אים געבוירן ווערן.

און אין דרײַ טעג אַרום, צו אַלעמענס אומגעריכט־ און אומדערוואַרטקייט, שוין פשוט ניט געווען צו גלייבן, האָט זי, די רײַכע אלמנה, די שיינע און קלוגע מילקע, וואָס סוחרים, און ניט נאָר ייִדן, און אויך פון דער ווײַט, קומען צו איר מיסחר־סיכסוכים אויסגלײַכן, זי האָט אויפן דריטן טאָג נאָכן ברענגען אים פון דער אכסניה, טאַקע דאָרטן, בײַ איר אין שטוב, זיך געשטעלט מיט אים אונטער דער חופה, פאַר אַ מנין ייִדן.

— פלא־פלאים...

— נאָר אַ ניטגוטער האָט זיך אַהער־צו אַרײַנגעמישט, אַזוי לייגט זיך דאָס ניט אויפן שׂכל הישר.

— און איך זאָג אײַך, אַז ס'איז מן־השמים... אָט נעמט און זעט: דאַרפן די מאַקאָווער פלוצלינג פון זייער דאָרף אַרויסגעטריבן ווערן, דער אַלטער, ר' עזריאל ז"ל, אַ ייִד מיט תורה און חכמה, נעמט און צינדט אונטער זײַנע, און די זינס, שטיבער... די טאָכטער, בײַם אומקערן זיך צוריק אין שטעטל, געווינט בײַנאַכט אין וואַלד אַ פּאָרל, און גייט אַוועק פון דער וועלט. דער אַלטער מאַקאָווער, אַ צעמימיתטער פון די גויים, פעלט זיך אויך... די דרײַ יתומים לאָזט ער איבער אויפן זונס, אויף תנחומס הענט, ווערט ער, תנחום, בײַם ראַטעווען איינס פון די צוויי עופעלעך, פאַרשניטן פון לעבן. דער

איינציקער קרבן אין דעם פּאָגראָם... און אָט באַוויַזט זיך ראַפּטעם דער פּרוש, דער טאָלנער גאון, וואָס האַלט זיך פאַר אַ נבֿיא... און ער, דער טאַטע פון די דריַ קינדער, גייט גליַך צו איר, צו דער אלמנה, אין קלייט אַריַן, און גיט איר באַהאַלטן אַ ביַטל מיט געלט... און טוט איר דערביַ אַ זאָג: „דעם אַלטן מאַקאָווערס ברכה וועט מקוים ווערן", און וואָס מיינט איר איז דאָרטן, אין דעם לעדערנעם ביַטל געלעגן? אין אַ שטיקל גראָבן געוואַנט איז געווען איַנגעוויקלט אַ... קידושין־רינג!

— פּלא־פּלאים...

— אַזוי? נאָר אַ קידושין־רינג?

— און מיין גאָרניט?

— ניין, מיין גאָרניט. נאָר אַ קידושין־רינג...

— און פונוואַנען ווייסט איר דאָס?

— דער נאָמען אירער, בנימין בריַנדלס, האָט אַליין געזען ווי נאָך יענעמס אַרויסגיין פון קלייט מיטן ציגעלע אויף די הענט, האָט זי געעפנט דאָס ביַטל און פון דעם שטיקל געוואַנט אַרויסגעוויקלט דעם קידושין־רינג.

— פּלא־פּלאים... טאַקע נאָר אויפריַסן דער וועלט די אויגן!

— ס'איז מן־השמים, זאָג איך איַך. וויבאַלד זיַנע דריַ קינדער זיַנען ביַ איר...

— און וואָס וועט איר זאָגן אויף זיַן זון, אויף מיכעלען, אויפן עילוי, וואָס האָט בשעת זיי זיַנען געשטאַנען אונטער דער חופּה, האָט ער אויפגעעפנט די טיר און אַריַנגעלאָזט אַהין דאָס וויַסע ציגעלע אַ פאַרגאָסנס מיט שוואַרצן טינט... און דאָס פאַרשוואַרצטע ציגעלע איז מיט אַ בעקען אַרויפגעשפּרונגען אויף זיַנע, אויפן נבֿיאס הענט.

און די דינסט אירע דערציילט, נו יאָ, מילקעס דינסטמיידל, דוואָשע, דערציילט, אַז באַלד נאָכן קומען פון דער אכסניה, אָנגעריבן די פיס מיט שניי, איז ער אַריַן צו די קינדער, גענומען אויף די הענט דאָס קינד, וואָס די רוצחים האָבן געוואָלט דורכן פענצטער אַרויסוואַרפן, און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין... און דערנאָך האָט ער שוין דאָרטן, אין דעם פינצטערן אַלקער, מיט אַ הייזעריקן קול געשריגן: גאָט, פאַרברען ניט מיַן קינד!... פאַרברען ניט דיַן פאָלק!... און איז אומגעפאַלן. צי דאָס איז געווען אַ חלשות, צי פון יענער קרענק,

ניט פֿאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, פֿון דאָס פֿאַליקע?... קאָן זי שוין, דוואָשע ניט זאָגן.

— ייִדן, מיר זײַנען אַלע בני־נבֿיאים, אפֿשר גליט אין אים יאָ דער געטלעכער פֿונק, דער רוח־הנבֿיאה? ער שטאַמט פֿון גוטע־ייִדן, פֿון צדיקים... דאָ קאָן מען זיך צו דעם מיטן שׂכל ניט דערגראָבן, ניט דערגרונטעווען. אַהער־צו, אין די רזי־עולם, אין די טיפֿע סודות פֿון דער וועלט, אין דעם אין־סוף, אין זאַכן וואָס זײַנען פֿון אונדזער אויג פֿאַרשלייערט מיט טויזנטער שלייערן, ווער קאָן אהין־צו אַרײַנדרינגען? נאָר יחידים, נאָר אויסדערוויילטע, נאָר די, וואָס זאָגן זיך אָפּ פֿונעם שׂכל הישר. דאָרטן, ייִדן, אין הימל, וואָס איז אַזוי ווײַט פֿון דער ערד, דאָרטן קאָן דער שׂכל פֿון די גרעסטע ערדישע חכמים ניט ווערט זײַן קיין שמעק טאַביקע...

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

— ניט אַוועקמאַכן אים מיט דער האַנט. אפֿשר דאַרף מען זיך יאָ, און מיטביידע עווערן, זיך צוהערן צו זײַנע רייד.

— צו וואָסערע רייד? אַז מ׳וועט אונדז אַלעמען, קינד און קייט, אומברענגען? נאָר אין אַ קראַנקן מוח קאָן אַזוינס אויפֿגיין. נאָר אין אַזעלכע משוגענע אויגן ווי בײַ אים, קאָנען פֿלאַקערן פֿײַערן אויף וועלכע מ׳ברענט קינדער...

— און אונדזערע אַלטע, די תנך־נבֿיאים, האָבן דען ניט געזען בלוט און פֿײַער, חורבן און גלות? נאָר פֿאַלשע נבֿיאים...

— ייִדן שטעלט זיך דאַווענען מעריבֿ! והוא רחום יכפּר עון ולא ישחית...

## ו.

און אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט דעם ייִנגלס, מיכעלעס, פֿאַרשווונדן ווערן פֿון דער היים און אויך פֿון שטעטל אין יענעם פֿאַרנאַכט, טאַקע באַלד נאָכן אַרײַנלאָזן אין שטוב דאָס מיט שוואַרצן טינט אָפּגעגאָסענע ווײַס ציגעלע בעת זיי, דער טאַטע זײַנער מיט

מילקען, זײַנען אונטער דער חופּה געשטאַנען. און אויך פֿאַרוווּנדערט־און נישתוממקייט האָט אונטער די אָנגעשנייטע דעכער, אין די אָנגעהייצטע הײַזער, אין יענעם אָוונט אַרויסגערופֿן, וואָס באַלד נאָכן מסדר־קדושין־זײַן, ווי נאָר פֿון אונטער דער חופּה אַרויס, האָט ער, דער נביא, געהייסן איר, מילקען, דאָס אָפּגעשוואַרצטע ציגעלע נעמען, צו אַ קצבֿ אַוועקטראָגן, פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַכצן זעקסערס, און דאָס געלט איבערן מאַרק, אויף אַלע פֿיר זײַטן צעוואַרפֿן.

און אַז זי האָט זיך אַהיים אומגעקערט, טרעפֿט זי אים אָנגעבויגן איבערן שלאָפֿנדיקן קינד, וואָס די רוצחים האָבן דורכן פֿענצטער געוואָלט אַרויסוואַרפֿן, בײַ טעמערלעס וויגעלע, און פֿאַרגייט זיך ווידער אין אַ גרויסן געוויין. ווערט זי פֿון זײַן האַלטן און פֿירן זיך שוין גאָר מבולבל און דערשראָקן: אונטער דער חופּה אַ באָרוועסער, אינעם ווײַסן קיטל און מיטן הויכן שטעקן געשטעלט זיך, און דערנאָך מיט די ייִדן, וואָס זײַנען צו דער חופּה פֿאַרבעטן געוואָרן, קיין לחיים ניט געטרונקען, — אַלץ וואָס אויפֿן טיש איז געגרייט געוואָרן איז ניט געריהרטערהייט שטיין געבליבן; און אויך דאָס שיקן זי, ווי נאָר מ׳האָט די חופּה צוגענומען, דאָס אָפּגעשוואַרצע ציגעלע פֿאַרקויפֿן, און די זעקסערס איבערן פּוסטן מאַרק, אונטערן רויטן מולד, אין אַלע פֿיר זײַטן צעוואַרפֿן... זי האָט עס געטאָן מיט גרויל און ציטער, קעגן איר ווילן און פֿאַרשטאַנד, געפֿאָלגט זײַן ווילדן וואָרט... זי האָט דאָ אַ געאײַלטן, אַ ניט באַקלערטן טראָט געמאַכט, איר ווײַטערדיקן לעבן פֿאַר אַ שווערן נסיון און אפֿשר גאָר פֿאַר אַ סכּנה געשטעלט? זײַן קומען אונטער דער חופּה מיטן הויכן שטעקן, ווי פֿאַרן לאָזן זיך אין וועג אַרײַן... ער וועט זי דאָך אויך, ווי דעם אַלטן מאַקאָווערס טאָכטער, אין איינער אַ נאַכט פֿאַרלאָזן, אויף יאָרן פֿאַרפֿאַלן ווערן! און זאָל זײַן, טראַכט זי ווײַטער, אַז ער וועט זי איבערלאָזן אַ טראָגעדיקע, אַז דעם אַלטן מאַקאָווערס ברכה וועט מקוים ווערן, זי, מילקע, וועט האָבן אַ קינד... אָבער ער שטייט דאָך איבער זײַנע קינדער און וויינט, פֿאַלט אויף דער ערד און שרײַט צו גאָט:

— פֿאַרברען ניט מײַנע קינדער!

און דאָ, אַז זי שטייט אַזוי אויפֿן שוועל אין איר דערשראָקן־און צעטומלטקייט, ווי אַ פֿאַרמשפּטע, וואָס קאָן שוין דעם גזר־דין ניט

אָפּשטעלן און אָפּשאַפן... דאָ גייט ער מיט אַ מאָל צו איר צו, די בליציקע טרערן שטייען אים נאָך אין די גרויסע פלאַמיקע אויגן, וואָס כּישופן און שרעקן זי, נעמט זי אָן פאַר דער האַנט:

— ביז גאָט וועט מיך ניט שיקן, וועל איך פון דיר ניט אַוועקגיין, — זאָגט ער צו איר מיט אַ קול, וואָס זי האָט נאָך ביז אַהער־צו פון אים ניט געהערט, — אַ ניגון וואָס גייט אין דער נשמה אַריַין... — יענע, דעם מאַקאָווערס טאָכטער, האָב איך ניט געזען... געזען האָב איך נאָר מיַין געשטאָרבענע כּלה.

— דו האָסט פריער געהאַט אַ כּלה? ווערסטו שוין איצטער מיך ניט זען?

— יענע, די כּלה מיַינע, די געשטאָרבענע, קאָן איך שוין ניט זען. איך וועל שוין מיין אין די לבֿנה־נעכט צו איר קבֿר ניט גיין... דו ביסט געראָטן אין איר... דו ביסט זי, איר שיינקייט... — און ער פירט זי פאַר דער האַנט צום געגרייטן טיש, גיסט אָן צוויי כּוסות וויַין, טרינקט מיט איר לחיים, און פאַלט צו צו אירע ליפּן. — אין שיינקייט, — קושט ער זי און רעדט, — ליגט אַ גרויסער סוד... דער סוד פון לעבן... דער סוד פון דער וועלט... דער סוד פון יצירה...

און שוין דאָרטן, אין בעט, אַז זי איז נאָך מיט זיַין פיַיער אַרומגעכאַפּט געווען, ניט געוווסט וואָס מיט איר קומט דאָ פאָר, ניט געקאָנט זיך גאָר אַזוינס פאָרשטעלן, געפילט ווי איר פריערדיקער לעבן, אירע צוויי און דריַיסיק יאָר, און דערעיקרשט די יאָרן מיטן ערשטן מאַן, ווערן אין דעמס פיַיער פאַרברענט... און זי הערט קוים זיַינע רייד:

— אין ליבע רוט די שכינה. ליבע פירט פון די נידעריקע צו די העכערע וועלטן. ליבע פירט פון טומאה צו קדושה... ליבע פירט אַרויס פון פּחד, פון ווייטיק, פון בושה... — און פאַרטאָג, אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז ער לעם איר ניט געווען. זי האָט אים דערזען ביַי דער טיר שטיין אינעם וויַיסן קיטל, אין די צעפּאַלענע שטיוול, מיטן הויכן שטעקן אין האַנט, מיט דער ליידיקער טאָרבע אויף די פלייצעס.

— ירמי...

— איך ווער געשיקט, איך מוז גיין!

— ירמי, איך וועל גיין מיט דיר... איך וועל אויך אָנטאָן אַ וויַיסע

קלייד, נעמען אַ שטעקן אין האַנט, און גיין ווי דו אין צעריסענע שיך איבער די שנייען.

— נאָך ניט די צײַט... דו וועסט נאָך גיין מיט מיר איבער שנייען, איבער פרעמדע ווײַסע וועלטן, אין זאַווערוכעס... איצטער היט די צוויי קליינע קינדער, טעמערלען און מירעלען, און טראָג אויס און האָב אונדזער זון... — און ער איז ווי אַ שאָטן פון שטוב אינעם בלאָ־פראָסטיקן פרימאָרגן אַרויס.

וויל זי נאָך אים אין איין העמד לויפן, צו זײַנע פיס אין שניי פאַלן: „גיי ניט, ירמי, גיי ניט אַוועק, פאַרלאָז מיך ניט! איך וועל דאָך שוין אָן דיר ניט קאָנען לעבן! מײַן גאַנץ פריערדיק לעבן, מײַנע אַלע צוויי און דרײַסיק יאָר, זײַנען דאָך הײַנטיקע נאַכט אויף דײַן פײַער פאַרברענט געוואָרן"... נאָר זי רירט זיך ניט פון אָרט, בלײַבט ליגן מיט שרײַעדיקן טרויער פון אַ פרוי אין דער נשמה, און מיט עפּעס אַ שאַרפן ווייטיק אין גאַנצן לײַב, ווי זי וואָלט פון אַ גרויסער הייך, וואָס זי ווייסט גאָר ניט ווי אַזוי איז זי אַהין־צו פאַרטראָגן געוואָרן און מיט אַ מאָל פון דאָרטן, פון יענער הייך, אַראָפּגעפאַלן און שווער געניזוקט, צעקײַלט און צעבײַלט געוואָרן... זי ווייסט גאָר ניט אַוווּ זי געפינט זיך, ווּהין זי איז פון יענער הייך אַראָפּגעפאַלן? און אפשר איז דאָס גאָר אַ חלום, אַן אויסדאַכטעניש, אַ זיס־ביטערע, אַ ליכטיק־פינצטערע... אפשר האָט זיך איר גאָר דער מאַן מיט די פלאַמיקע אויגן, מיט דער שוואַרצער צעוויכערטער באָרד, מיט די לאַנגע צעקודלעטע האָר ביז צו די אַקסלען, דער באָרוועסער מיטן הויכן שטעקן אין האַנט, פּשוט געחלומט? און אויך דאָס טראָגן צום קצבֿ פאַרקויפן דאָס אָפּגעשוואַרצטע ציגעלע און דערנאָך וואַרפן אונטער דעם רויטן מולד די זעקסערס אויפן מאַרק אין אַלע פיר זײַטן... און אויך זי, מילקע, איז דאָך שוין אויך, ווי דער אָנגעפרוירענער צווײַג אויפן פענצטער, וואָס איז פון אַן אויסגעחלומטן וואַלד פאַרבליבן...

און צוויי וואָכן נאָך זײַן אַוועקגיין אין אַ געדיכטער זאָרג און אומרויִקייט געווען. פון שטוב אויף אַ האַלבער שעה אַרויס, צווישן די פרירטויִקע ביימער אין שניי זיך אַרומגעדרייט, ווי געוואָלט דאָרטן, אין דעם שניי, דאָס וויכטיקסטע פון איר לעבן געפינען... דערנאָך כּמעט צום בעט געלעגן, ווי אין אַ כּמאַרע — ניט צו דערקענען זי, ווי מ׳וואָלט

יענע מילקע מאַקאָווער מיט אַן אַנדערער פֿאַרביטן. אַפֿילו דעמאָלטן, נאָכן אומגליק מיטן מאַן, נאָך תּנחומס אומקומען אין פּאָגראָם, אין אַזאַ צושטאַנד ניט געזען זי: אין משך פֿון איין רגע בײַטן זיך איר די קאָלירן אין פּנים, באַזונדערס אין די אויגן... און בײַנאַכט בײַם ווינטערדיקן לבֿנה־פֿענצטער געשטאַנען, מיט די נעגל די אָנגעפֿרוירענע צווײַגן אָפּגעשאָבן ווי זי, אָט די צווײַג, וואָלט איר, מילקען, דעם וועג פֿאַרוואַלגערט און צו עפּעס ווונדערלעכס און אומדערוואַרטס פֿאַרשטעלט... צו פֿאַרטאָג אָבער ליגט פֿאַר אירע אויגן ווידער אויפֿן פֿענצטער יענע פֿאַרבליבענע צווײַג פֿונעם אויסגעחלומטן וואַלד, און נאָך אין אַ גרעסערן, נאָך אין אַ פֿאַרפּלאָנטערטן פֿראָסט־געוועב, שוין אויף ניט אויסצופּלאָנטערן און פֿון דאָרטן ניט אַרויסצודרייען זיך.

און אין שטאָט רעדט מען שוין: זי, מילקע, האָט זיך אַפּנים, פֿון די געדאַנקען גערירט, ווייסט ניט וואָס מיט איר און אַרום איר קומט פֿאָר: די דינסט אירע, דוואָשען, רופֿט זי מיט זײַן נאָמען, ירמי... און אים, דעם בוכהאַלטער און נאמן אירן, בנימינען ברײַנדלס, לאָזט זי הינטער דער טיר שטיין, וויל פֿון חשבונות און וואָס אין איר גרויסער שניטקראָם טוט זיך, ניט וויסן... און נאָך שפּעטער הינטער דער טיר שטיין, גייט ער אַוועק אויף די שפּיצפֿינגער, בנימין ברײַנדלס, דער אַלטער בחור, וואָס איז צוריק מיט אַ חודש אויף די קני פֿאַר איר געשטאַנען, מיט טרערן אין די אויגן „די האַנט" בײַ איר, בײַ מילקע מאַקאָווער, געבעטן, און זי האָט אים דעמאָלטן ניט געזאָגט יאָ, און אויך ניט ניין... און ער איז דעמאָלטן אַוועק פֿון איר מיט גרויסע האָפֿענונגען. און דאָ, פּלוצעם, באַווײַזט זיך דער באַרוועסער פּרוש — איין גאָט ווייסט נאָר ווי אַזוי מ׳קאָן אין מיטן ווינטער, אין אַזעלכע פֿרעסט און זאַווערוכעס, אין אַזעלכע צעפֿאַלענע שטיוול אַרומגיין — דער צעפּאַטלטער נבֿיא אינעם שניי־ווײַסן קיטל, מיטן הויכן שטעקן אין האַנט, און מיט אַ ווײַס ציגעלע.

און דער חידוש איז געוואָרן נאָך גרעסער, שוין ביז צו אויפֿרײַסן די אויגן... הגם מ׳האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז דער נבֿיא וועט זיך דאָ לאַנג ניט האַלטן, ביז די פֿרעסט וועלן פֿאַלן, און אויב אַ סך, איז ביז נאָך פּסח — נאָר אַז ער וועט אַ נאַכט נאָך דער חופּה, צו פֿאַרטאָג צו, זי, מילקע מאַקאָווער, פֿאַרלאָזן? ניט זאָגן וווּהין ער גייט און ווען ער וועט זיך אומקערן? אויף אַזעלכס האָט שוין קיינער גאָר ניט געקאָנט גלייבן.

— פּלא־פּלאים...

— קיין אָפּנאַרער און פֿאַרפֿירער, קיין אַפּעריסט איז ער ניט. דאָס קאָן מען אויף אים ניט זאָגן. אַ באָרוועסער איז ער צו איר געקומען, און אַ באָרוועסער איז ער פֿון איר אַוועק!

— דאָס איז אמת. קיין שווינדלער איז ער ניט. און ער וואָלט דאָך געקאָנט בײַ איר נעמען אין די הונדערטערס... זי איז דאָך אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ הינערפּלעט, אין אַ כּישוף־ראָד, רחמנא ליצלן.

— פּלא־פּלאים... אין אַלע ווינקעלעך באַהאַלטן זיך סודות.

— דער ווינט וויגט יעדער בוים...

— ער איז ווידער אַוועק אין דער וועלט אַרײַן, אין פֿראָסט און אין שניי אַ באָרוועסער, מיט דער ליידיקער טאָרבע אויף די פּלייצעס, מיטן וואָגלשטעקן אין האַנט, מיטן צעשפּאָלטענעם דאַשעק...

— וואָס, אַ שטייגער, און ווער טרײַבט דאָס אים אַזוי אַרום?

— ווער? דער גלות אונדזערער טרײַבט דעם ייִדן אין דער וועלט אַרײַן. אַז דער ייִד זיצט אַפֿילו אין זײַן שטוב, איז ער אויך אין וועג. אַז אַ ייִדיש קינד ווערט געבוירן אונטער אַ דאַך, ווערט ער אויך געבוירן אין וועג...

— וווּהין־זשע גייט ער, און וווּהין פֿירט ער דער וועג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿון די ווײַטע אַראַבישע מדבריותן, דורכן באַרג סיני, ווו מיר האָבן באַקומען די תּורה, דורך די חורבונות... פֿון בית ראשון און בית שני, דורכן פֿאַראַקערטן ירושלים, דורך די שחיטות פֿון די נוסעי הצלבֿ, פֿון כמעלניצקי און גאָנטע, דורך די טאָגטעגלעכע פּאָגראָמען און גזרות... וווּהין־זשע גייט ער, און וווּהין פֿירט ער ווײַטער דער וועג אונדזערער? שוין דאַכט זיך, אילע חבֿלי משיח דורכגעגאַנגען!

— איר האָט דאָך געהערט וואָס דער פּרוש דער נבֿיא ירמיהו בן יוסף זאָגט: אונדזער וועג, זאָגט ער מיט פֿײַער פֿון מויל און מיט בליצן פֿון די אויגן, פֿירט צו נײַע שײַטערס־פֿלאַמען, צו אַזעלכע וואָס די וועלט האָט נאָך ביז אַהער־צו ניט געזען, און פֿון אַזעלכע וואָס די וועלט האָט נאָך ביז אַהער־צו ניט געהערט.

— וואָס אַ חולי־נפֿש קאָן זאָגן, מ׳דאַרף אים אָנטאָן אַ משוגעים־העמדל, האַלטן אויף אַ קייט.

— אַ רחמנות, נעבעך, אויף דער מאַקאָווער, אַזאַ שיינע און קלוגע

מילקע, אַ פֿאָלנער בר־דעת, אַ מיניסטערשער קאָפּ, געענדיקט אין קיעוו די זשענסקע קורסן, געלערנט דאָרטן בײַ אַ פּראָפֿעסאָר שפּילן פּיאַנע... און גײ, דערזען דעם ווילדן, די פּרה אדומה, דעם נבֿיא פֿון נעכטן, און געפֿינען פּינטלען אויף אים, ווי אַ קאַץ אויף ליים.

— אַז גאָט וויל שטראָפֿן אַ מענטשן נעמט ער בײַ אים אָפּ אויף איין האַלבער שעה דעם שׂכל, ס'איז געווען... דו מעגסט שוין דערנאָך ווערן שלמה המלך וועסטו די נאַרישקייט, וואָס דו האָסט פֿאַר דער האַלבער שעה אָפּגעטאָן, ניט קאָנען פֿאַרריכטן. ניין!

און זי, מילקע מאַקאָווער, נאָך די צוויי וואָכן וואַרטן און האָפֿן, נאָך די פּופּצן מעת־לעת געדיכטן טרויער און בריִענדיקן ווייטיק, ניט געוווּסט אויף וועלכער וועלט זי געפֿינט זיך, שטייענדיק אין די נעכט בײַם ווינטערדיקן פֿענצטער און שאָבן מיט די נעגל די אָנגעפֿרוירענע צווײַג, ווי זי, אָט די בלאָווע צווײַג, וואָלט איר דעם וועג צום וויכטיקסטן, צום תּמצית, צום גרויסן טרוים פֿון איר לעבן פֿאַרשטעלט... נאָך אָט די שווערע וואָכן אומרו, האָט זי זיך אויפֿגעכאַפּט, מילקע, ווי נאָר ס'האָט אָנגעהויבן אויף טאָג שאַריען, מיט אַ געזאַנג אויף אַ קול איבער דער גאַנצער שטוב... די דינסט האָט געמיינט אַז די באַלעבאָסטע אירע איז שוין באמת פֿון זינען אַראָפּ, מורא געהאַט מיט איר אַליין אין שטוב בלײַבן, געוואָלט מענטשן רופֿן... נאָר אַז מילקע מאַקאָווער האָט זי, די דינסט, פּלוצעם אַרומגעכאַפּט, גענומען קושן און אויפֿן אויער אײַנרוימען:

— כ'בין פֿאַרגאַנגען אין טראָגן... איך וועל האָבן אַ קינד, אַ זון, דו קאָנסט דאָס אַלעמען, דער גאַנצער וועלט דערציילן... — ערשט דעמאָלטן האָט זי, דוואָשע, פֿאַרשטאַנען, וואָס אין די צוויי וואָכן נאָך יענעמס אַוועקגיין איז מיט איר רײַכער און שטאָלצער באַלעבאָסטע דאָ פֿאָרגעקומען.

און דערנאָך, טאַקע נאָך יענעם פֿרימאָרגן, דעם אויסגעהאָפֿטן און אויסגעוואַרטן, ווידער מיט די געשעפֿטן אָנגעהויבן צו פֿאַרנעמען זיך, בײַ די שוואַרצמאַנס, אין קיִעוו, נײַע שניט־סחורות באַשטעלט, און אויך דעם שותּף אירן אין וואַלד־מיסחר, ראובֿן ראַפּעסן, געשיקט צו זיך רופֿן, געוואָלט פֿון אים הערן, צי האָט מען שוין געענדיקט האַקן דעם באָראָוויצער וואַלד, פֿירט מען שוין די קלעצער צום טײַך, — די פֿרעסט

װעלן דאָך גיך אָפּגײן, דער אײַז װעט זיך נעמען ברעכן, און מ׳װעט קאָנען אָנהײבן טרײַבן פּליטן מיטן װאַסער...

און דאָך, הגם אין מיסחר קריק אַרײַן, געפֿירט אים נאָך ברײטער, נאָך פֿאַרנעמיקער װי פֿרײַער, אָבער פֿאָרט שױן יענע מילקע מאַקאָװער ניט געװען, שױן גאָר אַן אַנדערע, שױן אָפּט פֿאַרטראַכט געװאָרן, ניט געהערט װאָס יענער רעדט צו איר, אין די אױגן אַ הײסע בענקשאַפֿט, תּמיד צו דער װײַט געװענדט, װי אױף עמעצן פֿון דאָרט געהאַלטן אין אײן װאַרטן און אַרױסקוקן... איז שטאַרק פֿרום געװאָרן. די דינסט דװאָשען, פֿון דער קיך באַפֿרײַט, בײַ די קינדער, בײַ די צװײ מײדלעך זי איבערגעלאָזט: אין קיך אַרײַן די אלמנה גענומען, די שוחטקע, װאָס אױף איר קאָן מען זיך מיט כּשרות מײַן פֿאַרלאָזן, זי װעט דעם מילכיקן מעסער, חלילה, אױפֿן פֿלײשיקן ניט פֿאַרבײַטן. און אױך האָט זי אָנגעהױבן דעמאָלטן, נאָך יענע צװײ װאָכן, מיט דער אַלטער רביצין, מיט דער מלומדתטע, אילע פֿאַרנאַכט תּורה לערנען.

און אױך אים, מיכעלען, װאָס האָט דאָס װײַס ציגעלע צו איר חופּה אָפּגעשװאַרצט, אין דער סלאָבאָדקער ישיבֿה אין קאָװנע אָפּגעזוכט, געבעטן אים צו איר, און צו זײַנע צװײ שװעסטערלעך, אַהײם זיך אומקערן, האָט זי קײן ענטפֿער אױף אירע דרײַ בריװ ניט באַקומען. און אַז אָנגעהױבן שיקן אים אַהין יעדן חודש אַ פֿינפֿאונצװאַנציקער, האָט זיך דאָס געלט פֿון דאָרטן באַלד קריק אומגעקערט. האָט זי גענומען דאָס געלט שיקן דורכן אַלטן רבֿ, און אױפֿן נאָמען פֿונעם ראש ישיבֿה.

און אַז אין יענעם טאָג, שױן בײַם סוף װינטער, דורך די נאַקעטע טאָפּאָלן, װאָס בײַ איר שטוב, שלאָגט די זון אין די אױגן אַרײַן, די קנאָספּן אױף די אָנגעבראָקנעטע װײַנשל־ און עפּלבײמער האַלטן אין אָנגיסן זיך, אין יורען, ס׳הערט זיך שױן דער פֿײַף פֿון די שטאַרן אין סאָד — דער ערשטער ניגון פֿון װעסנע... דעמאָלטן, אין יענעם אָנהײב־ פֿרילינגדיקן טאָג, אַז דאָס קינד אין זיך דערפֿילט: ס׳האָט מיט אַן עלנבױגנדל צי מיט אַ קני׳עלע אין איר נשמה אָנגעקלאַפּט... דעמאָלטן, ערשט אין יענער רגע, װען דאָס קינד האָט איר אונטערן האַרצן אָנגעקלאַפּט, האָט זי, מילקע מאַקאָװער, דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אַזאַ פֿרײד דערפֿילט, װאָס נאָך ביז אַהער־צו פֿון אַזאַ ניט געװוּסט... אָבער אין יענער גרױסער און אױסגעטרױמטער רגע — שױן גאָר ניט

געקאָנט פֿאַרשטיין און דערקלערן — האָט זי אויך אַ צער און טרויער באַפֿאַלן... און ווי פֿון עמעצן געטריבן געוואָרן, אין דעם נאָך פֿאַרשנייטן סאָד אַרײַנגעלאָפֿן, מיטן פּנים צו דער קאַלטער נאַסער קאָרע פֿון בוים צוגעפֿאַלן, און פֿון פֿרייד און צער זיך צעוויינט. און דערנאָך, שוין אין אָוונט, דורכן ליידיקן מאַרק, ווו זי האָט די אַכצן זעקסערס אונטער דעם רויטן מולד אין אַלע פֿיר זײַטן צעוואָרפֿן, צום אַלטן רבֿ געגאַנגען, צוויי הונדערט אויף צרכי ציבור געגעבן, און אויך אַזוי פֿיל פֿאַר יענער סלאָבאָדקער ישיבֿה, ווו מיכעלע לערנט, אַוועקגעשיקט. און פֿון יענעם טאָג אָן, דעם אָנהייב פֿרילינגדיקן, מיט דער זון אין די פֿריש אָנגעשאָטענע שנייען, ווי נאָר דאָס קינד, די גרויסע פֿרייד און יענעם צער אונטערן האַרצן דערפֿילט, אָנגעהויבן צו וואַרטן און צו האָפֿן, פֿאַרן שלאָפֿן גיין און בײַם אויפֿשטיין דעם־וואָס־לעבט־אייביק געבעטן אַז ער, ירמי, וואָס האָט זי פֿון איר היימישער וועלט אין אַן אַנדער, אין אַ ווײַטער, אין גאָר אַ פֿרעמדער פֿאַרטראָגן, און פּלוצעם זי דאָרטן איינע און אַליין איבערגעלאָזט... אַז ער, ירמי, דער צעפּאַטלטער און באָרוועסער, מיט די פֿלאַמיק־צעוויכערטע אויגן און מיטן הויכן וואַנדערשטעקן אין דער צאַרטער האַנט, זאָל כאָטשבי אויף פּסח צו איר קומען, ווײַל די נשמה אירע גייט אויס פֿון בענקשאַפֿט נאָך אים. ער איז אָבער אויף פּסח, און אויך אויף שבֿועות צו איר ניט געקומען. אין די נעכט, באַזונדערס בײַ די רויטע מולדן אין סאָד, געזען אים דאָרטן שטיין, און מיט די ברענענדיקע אויגן צו איר... לויפֿט זי, מילקע מאַקאָווער, נאַכט־אײַן און נאַכט־אויס אַהין, צום אָפֿענעם פֿענצטער:

— ירמי!

ערשט אין אָנהויב האַרבסט, אַז זי האָט דאָס קינד — בײַם קאַלטן פֿינקל פֿון די שטערן אין דער פֿינצטערער נאַכט — אין גרויסע ווייען דעם זון געבוירן, ערשט דעמאָלטן, שוין נאָכן „שלום זכר”, שוין נאָך דער „וואַכנאַכט”, ווו צען אָרעמעלײַט האָבן ביז טאָג־ווערן תהילים געזאָגט, — דאָס קינד פֿונעם שׂטן געהיט... ערשט דעמאָלטן, אויף מאָרגן, אַז דער מוהל האָט דאָס קינד אויפֿן סנדקס הענט מל געווען, האָט ער זיך פּלוצלינג, דער טאַטע, אַרײַנגעשטעלט, אַ באָרוועסער, אינעם פֿאַרשטויבטן קיטל, מיטן הויכן שטעקן אין איין האַנט און מיט אַ ווײַס ציגעלע אין דער צווייטער, און געמאַכט די ברכה „להכניסו

בבריתו של אברהם אבינו" — פֿון זײַן קול האָט אָבער אַלעמען אַ ציטער דורכגענומען. זײַן קול איז פֿול געווען מיט טרערן... מיט שלעכטער בשורה.

און ייִדן זײַנען אין יענע טעג שוין אַזוי אויך אין שוואַרצן פּחד און אין גורלדיקע יסורים געווען: דער טאָג פֿונעם מישפּט איבער בייליסן דערנעענטערט זיך, אויב מ׳וועט אים, בייליסן, חלילה, פֿאַרמישפּטן, וועט דאָך דעמאָלטן דער עלילת דם אַ נײַע שרעקלעכע כוואַליע פּאָגראָמען און שחיטות אויף ייִדן ברענגען...

דאָך און פֿון דעסטוועגן האָט מען משקה געטרונקען, מיט ברען און פֿײַער אין די ביינער, מיט התלהבֿות חסידישע ניגונים געזונגען, פֿאַרטראָגענע און מיט פֿאַרמאַכטע אויגן אין די טישן צום טאַקט מיט די הענט, און אויך מיט די פֿיס אין פּאָל צוגעקלאַפּט, — אַ ברית־מילה בײַ ייִדן איז אַ יום־טובֿ געווען.

און דאָ, בײַ משׂמח זײַן זיך, בײַם פֿאַרדבֿקהן זיך אין די ניגונים, דאָ זײַנען צוויי סטראַזשניקעס אַרײַן און דעם נבֿיא אויף די הענט און פֿיס אײַזערנע קייטן אָנגעטאָן, און אָן אַ וואָרט צו זאָגן פֿון שטוב אַרויסגעפֿירט, אויף אַ גרינעם וואָגן מיט הויכע רעדער אַוועקגעזעצט, און מיט אים אַוועקגעפֿאָרן.

ז.

און זי, מילקע, וואָס האָט אים, ירמין, אין דער אָפֿענער טיר אויף אַ רגע, ווי אין די נעכט בײַם אָפֿענעם פֿענצטער אין סאָד אַרײַן, מיט פֿײַערדיקע אויגן אויף איר, דערזען שטיין... זי, אַן אויפֿגעטרייסלטע פֿון זײַן פּלוצעמדיקן אַרײַנגיין, אַן אויפֿגעציטערטע פֿון זײַנע ניט־אויסגעדאַכטע, נײַערט פֿון זײַנע וואָרהאַפֿטיקע, פֿון זײַנע לעבעדיקע הייסע אויגן, אַ פֿאַרכלינעט געוואָרענע פֿון פֿרייד אויף קוים דעם אָטעם איבערצוכאַפּן: אין זײַן קול, בעתן מאַכן די ברכה נאָכן מל זײַן דאָס קינד, קיין ברעקל אומרו און קיין טראָפּן טרויער ניט געהערט... זי, מילקע מאַקאָווער, נאָך פֿונעם קימפּעט־פֿיבער ניט אַרויס, אויף די פֿיס

נאָכן שווערן האָבן, ניט געקאָנט זיך האַלטן, זי האָט, ווי נאָר די צוויי סטראַזשניקעס האָבן אים, ירמין, אין די קייטן אויף דעם קאַזיאָנעם וואָגן אַוועקגעפירט, מיט אַ מאָל פון בעט זיך אויפגעהויבן, דאָס וויינענדיקע קינד אויף פרעמדע הענט איבערגעלאָזט, און אַליין צום אוריאַדניק אַוועקגעלאָפן.

אָבער פון יענעם, פון דעם הערשער איבער דער געגנט, מיט דער ברייטער אַלעקסאַנדער דעם דריטנס באָרד, זיך גאָרניט דערוווסט. זי האָט אים געטראָפן שוין אונטער דער „טשאַרקע", וואָס דאַרף די נעכטיקע באַזויפנקייט פאַרטויבן... יענער, דער אוריאַדניק, וואָס האָט דריַי טעג נאָכאַנאַנד געלאָזט דעם ווילדן המון פראַנק און פריַי אין שטאָט בושעווען, יידישע היַיזער צינדן און ראַבעווען, הרגענען און פאַרגוואַלדיקן... יענער איז אין שינעל און שווערד געווען אָנגעטאָן, אין דרויסן ביַי דער בריטשקע געשטאַנען, גרייט געווען, באַגלייט מיט ריַיטער קאָזאַקן, צו פאָרן אַהין, אין וויַיטן דאָרף אַריַין, ווו די פויערים האָבן ביַינאַכט דעם פריצישן, זיַין שוועסטערקינדס גוט אונטערגעצונדן און אים, דעם קרובֿ זיַינעם, מיט אַ קאָסע דעם קאָפּ אָפּגעשניטן... יענער, דער אוריאַדניק, אַן אויפגערעגטער און אויפגעטראָגענער, דערזען גיין צו אים די מאַקאָווערן, וואָס יעדן יאָר, צו זיַין געבוירנטאָג, אויף גרין־חגא, שיקט זי אים אַ קויש וויַינען און בראָנפן, פאַרשידענע זיסוואַרגן און געפעפערטס, וואָלנס און זיַידנס פאַר וויַיב און טאָכטער, און אויך צוויי הונדערטער אין אַ בלאָוון קאָנווערט מיט אַ וויַיסן שנירל צו אַ בוקעט רויטע רויזן צוגעבונדן... יענער, אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש, האָט דאָך לעם דער בריטשקע זיך פאַרהאַלטן און זייער, און גאָר איידל, און אַפילו מיט אַ זיפץ זי באַגעגנט:

— ניין! — ער ווייסט ניט פאַרוואָס מ'האָט אים דאָ אין קייטן גענומען.

— קאָן איך מיט אים, מיט מיַין מאַן, זיך זען?

— צום באַדויערן... מ'האָט אים שוין אַוועקגעפירט אין גובערניע־שטאָט. פון דאָרטן, פון דער גובערניע, איז דער באַפעל אָנגעקומען... אַ שאָד וואָס איר, אַזאַ קלוגע און טיכטיקע, אַזאַ יונגע און שיינע, האָט איַיער לעבן מיט אַ פינצטערן בראָדיאַגע פאַרבונדן... און נאָך יענעם מאַן איַיערן, דעם אינטערעסאַנטן מענטש, וואָס איז אַזוי טראַגיש אין די

עקסצעסן אומגעקומען... צום באַדויערן קאָן איך אײַך דאָ מיט גאָרניט ניט העלפֿן! — און ער זעצט זיך אין בריטשקע אַרײַן, טוט דעם סאָלדאַט מיט דער שווערד אין פּלייצע אַ טאָרע:

— פֿאָר!

און זי, מילקע, דערוויסט זיך פֿון דעם האַלב־שיכּורן אוריאַדניק אַז אים, ירמין, לויט אַ באַפֿעל פֿון אויבן, האָט מען דאָ, ווי אַ געפֿערלעכן פֿאַרברעכער, אין קייטן אָנגעטאָן, און טאַקע גלײַך אין דער גובערניע־שטאָט אַוועקגעפֿירט... האָט זי נאָך אין יענעם טאָג, מיטן געמַלטן קינד אויף די הענט, און אויך די דינסט מיט זיך גענומען, מיטן שנעלצוג אויף נאַכט אַהין אַוועקגעפֿאָרן, — באַפֿרײַען אים דאָרטן, ירמין, פֿון די קייטן, און פֿון דעם קייסערס בלוטיקע הענט... ס'וועט איר דאָך גאָר ניט שווער זײַן צו דערווײַזן אַז ער, ירמי, איז ניט קיין בראָדיאַגע, קיין שום פֿאַרמעגן מיט אַ גראָשן ניט אָנגערירט, האָט אַ פּאַס, און לויט אַלע געזעצן פֿון לאַנד און פֿון גאָר דער וועלט, איז ער איר געזעצלעכער מאַן. און זי, מילקע מאַקאָווער, פֿון דער ערשטער גילדיע אַ סוחר, האָט אילע רעכט צו וווינען מיט אים, מיט איר מאַן, אַפֿילו אין דער קרוינשטאָט, אין סאַנקט־פּעטערבורג...

פֿריִער, צום אָנהייב, בײַם פּלוצעמדיקן באַווײַזן זיך פֿון באָרוועסן און ווילד־פֿאַרוואַקסענעם נבֿיא מיטן הויכן שטעקן אין האַנט פֿונעם באַרג אַראָפּגיין, און ווידער מיט אַ ווײַס ציגעלע, און אין דעם טאָג פֿון זײַן קינדס ברית־מילה, און פּונקט צו דער ברכה להכניסו בבריתו של אברהם אבינו... האָט עס נאָר גרויס איבערראַשונג אַרויסגערופֿן:

— פּלא־פּלאים! מלא וווּנדער!

— און זי האָט אים דאָך אַרומגעזוכט, מילקע, ווו די וועלט האָט נאָר אַן עק.

— און אָט זעט איר דאָך... ווי פֿון דער ערד אַרויסגעוואַקסן, אָדער פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן.

— פּלא־פּלאים! איך הייב אָן גלייבן, אַז ער איז אַ רואה ואינו ניראה, ער זעט און אים זעט מען ניט...

— נו, מילא, קיין ר' לייב שׂרהס זײַנען אין אונדזערע טעג ניטאָ.

— ווער קאָן עס אַזוי אויף זיכער וויסן?

נאָר שפּעטער־צו, אַז צוויי סטראַזשינקעס גייען בעתן ברית צו

מילקען אין שטוב אַרײַן און פֿירן אים באַלד פֿון דאָרטן אַרויס, דעם טאַטן פֿון קינד, דעם נבֿיא, מיט קייטן אויף הענט און פֿיס, פֿאַלט שוין אָן אויף ייִדן אַ פּחד־פּחדים, אַ טויטשרעק:

— האַ? אַ נײַער בילבול? נאָך אַן עלילת־דם? נאָך אַ מעשׂה־בייליס?

— הוי, גאָטעניו, עד מתי? ביז וואַנען ריבונו של עולם?

און די דרײַ וואָכן וואָס מילקע איז דאָרטן, אין דער גובערניע שטאָט געוועזן, זײַנען ייִדן דאָ אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ: וואָס האָט ער, דער נבֿיא, געקאָנט אַזוינס ערגעץ אָפּטאָן, אַז מ׳זאָל אים דאַרפֿן אין קייטן בינדן?

— וואָס דאַרף דען אַ ייִד אָפּטאָן, אַז מ׳זאָל אויף אים אַרויפֿוואַרפֿן אַ בילבול? געננג וואָס ער איז אַ ייִד... פֿאַרסמט ער די ברינימער, דאַרף קריסטלעך בלוט אין דער מצה...

— יאָ, אמת... אָבער וואָס האָט מען אויף אים פֿאָרט געקאָנט אויסטראַכטן, נאָך אַן עלילת־דם?

ערשט דעמאָלטן, אַז זי, מילקע מאַקאָוער, האָט זיך אַהיים אומגעקערט, און אַליין, אָן דעם נבֿיא, פֿון די קייטן און פֿון דעם קייסערס הענט אים ניט געקאָנט באַפֿרײַען, הגם די בעסטע לאַנד־אַדוואָקאַטן אויף די פֿיס דאָרטן געשטעלט... ערשט נאָך איר אומקערן זיך אַהיים, האָט מען אָנגעהויבן צו דערוויסן זיך:

— מ׳האָט אים געבונדן אין קייטן ווי אַ מורד במלכות.

— גייט שוין גייט, בײַקעס* האָבן דאָך אויך אַ גרענעץ... מיט וואָס האָט ער עס געקאָנט אַזוי, דער באָרוועסער וואָגלער, אָנשרעקן!

— און אָט שטעלט זיך פֿאָר, אַז יאָ! טאַקע מיט זײַן גלותדיקן וואַנדערשטעקן, מיט זײַנע גלותדיקע פֿײַער־צאָרנדיקע אויגן און מיטן ווײַס ציגעלע. און אפֿשר גראָד דאָס ווײַסע ציגעלע...

— פּלא־פּלאים! הערט אַ מעשׂה!

— וואָס פּלא פּלאימט איר? וואָס האַלט איר אין איין כאַפּן קעלבערנע התפּעלות? פֿאַלט ניט אַרײַן אין די רייד!. נו, און וואָס ווײַטער?

---

*) מעשׂות.

— פֿריִער, אַז ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די מאַרקן, איבער די בתּי־מדרשים און שילן, איבערגעריסן אום שבת דאָס לייענען די תּורה און אָנגעזאָגט גזרות, גירושים און שחיטות אויף ייִדן, האָט די אָכראַנקע געהאַלטן אויף אים אַ דרימלענדיק אויג... זאָל ער זיי וואָרענען די ייִדן: דאָס רוסיש פֿאָלק וועט זיי ניט מוחל זײַן וואָס זייערע זין און טעכטערווילן חרובֿ מאַכן דאָס הייליקע רוס־לאַנד... נאָר שפּעטער, אַז ער האָט אין די זונטיקדיקע און חגא־טעג גענומען אַרײַנלויפֿן אין די קלויסטערס, אין אַ שוואַרצן קיטל, מיטן ווײַס ציגעלע, אַ צעפּאַטלטער, די אויגן אין פֿײַערדיקן צאָרן, קלאַפּן מיטן שטעקן אין פּאָל און מיט אַ דונערדיקן קול אויף אַלטסלאַוויש לשון זיי זאָגן, די גויִים: איך בין צו אײַך פֿון גאָט געשיקט געוואָרן! די שטראָף פֿון דעם אַלמעכטיקן איז שוין ניט ווײַט פֿון אײַך!... ייִדן דאַרפֿן ניט קיין בלוט. ניין! דאָס דאַרפֿט איר, קריסטן, האָבן ייִדיש בלוט... די קרייץ־פֿאָרער, די הייליקע אינקוויזיציע, כמעלניצקי, גאָנטאַ, און די לעצטע פּאָגראָמען... הערט מײַנע רייד, און זאָל גאָטס וואָרט אַרײַן אין אײַערע הערצער! די שטראָף פֿון דעם אַלמעכטיקן גייט און קומט אויף אײַך, די שטראָף פֿון גאָט גייט און קומט אויף רוסלאַנד... אין גיכן וועט זיך אָנהויבן אַ מילחמה, אויף יאָרן. אַ שרעקלעך־בלוטיקע מילחמה צווישן די קריסטלעכע פֿעלקער. רוסלאַנד וועט די ערשטע פֿאַרשפּילן די מילחמה און פֿון דעם קייסער, פֿון ניקאָלײַ דעם צווייטן, וועט די קרוין צוזאַמען מיט זײַן קאָפּ אַראָפּפֿאַלן! און אויך די גאַנצע קייסערלעכע פֿאַמיליע וועט מיט אים אומקומען... און דערנאָך וועט זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד שטעלן אַ פֿינצטערניש, אַ חושך מיצרים, אַ תּהו ובֿהו!... אַזוי זאָגט צו אײַך דער מלכי המלכים, דער באַשעפֿער פֿון דער וועלט!

— ייִדן, צעגייט זיך ווי זאַלץ אין וואַסער, דער אוריאַדניק גייט אַהערצו.

און דערנאָך, אין עטלעכע טעג אַרום, דערוויסט מען זיך, און דאָס שטעטל ווערט שוין גאָר נישתּומם און געפּלעפֿט: זי, מילקע מאַקאָווער, לאָזט איבער אירע אילע געשעפֿטן, די שניטקראָם, דעם וואַלד־האַנדל, די שטוב מיטן אָנגעקאָבעטן גוטס, אויף דעם נאמנס, אויף בנימין ברײַנדלס הענט, און גרייט זיך פֿאָרן מיטן קינד, מיטן עופֿעלע, און מיט דער דינסט, מיט דער יתומה, נאָכן עטאַפּ, מיט וועלכן דער נבֿיא וועט

גײן קײן סיביר אויף צוועלעף יאָר.

— פּשוט ניט צו גלײבן!

— טאַקע גאָר ניט צו אויסמאָלן און צו פֿאָרשטעלן זיך!

— באמת, אַזאַ קלוגע מילקע... נעמען און וואַרפֿן אַלץ און אַלעמען און זיך לאָזן נאָכן עטאַפּ קײן סיביר, אַזאַ מהלך, אַזאַ ווײַטער מרחק, אין עק וועלט, און אויף ווינטער? די קעלטן שטייען דאָך שוין בײַ די וועגן... און פֿאָרן דאַרף מען דאָך מיטן וואָגן און שליטן, אין די סיבירער פֿרעסט און זאַווערוכעס. דער אָטעם ווערט דאָך דאָרטן פֿאַרפֿרוירן... דאָס קינד וועט דאָרטן אומקומען, זי וועט דאָרטן אומקומען, די יתומה וועט דאָרטן אומקומען.

— גאָט וועט זיך אויף איר דערבאַרעמען. דאָס האַרץ טרײַבט זי...

— ער האָט איר אָפּגעטאָן אַ כּישוף. אַנדערש איז דאָס ניט צו פֿאַרשטיין.

— און מיט וואָס וועט זי אים דאָרטן קאָנען העלפֿן? גײן פֿאַר אים אויף דער קאַטאַרזשנער אַרבעט? געלט קאָן זי אים אויך פֿון דאַנען אַהין שיקן.

— אירע אַדוואָקאַטן, זאָגט מען, האָבן זיך דערשלאָגן, אַז ווי נאָר ער וועט דערגײן אַהין, קײן סיביר, וועט מען פֿון אים דאָרטן די קייטן אַראָפּנעמען און ער וועט קאָנען לעבן ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם מקום, אין די וועלדער, אין דער טײַגע.

— און דאָס פֿאָרט זי, מילקע מאַקאָווער, צוליב אים אַהין, לעבן דאָרט אין יענער וויסטעניש?

— אַ ווײַבערשע נשמה איז פֿול מיט רעטענישן און מיט סודות.

— און זי גלייבט דאָך אין זײַן געטלעכקייט!

— אַ האַרץ זעט ווײַטער פֿונעם שׂכל... און אפֿשר איז בײַם מענטשן אי דאָס האַרץ, אי דער שׂכל בלינד? און אפֿשר לעבט ער גאָר, דער מענטש, אין אַ בלינדער וועלט?.. אָט איז זי נעכטן, מילקע, פֿאַרן לאָזן זיך אין ווײַטן, אין געפֿערלעכן וועג אַרײַן, געגאַנגען אויף קבֿר־אָבֿות, געווען אויף דעם אַלטן מאַקאָווערס קבֿר, אויף ר׳ עזריאלס ז״ל, אויף די קני אין דער בלאָטע זיך געשטעלט, צוגעפֿאַלן מיטן פּנים צו זײַן מצבֿה־שטיין... ער האָט דאָך איר, דער אַלטער מאַקאָווער, פֿאַר זײַן פּטירה אַ קינד צוגעזאָגט, און זײַן וואָרט איז דאָך אויף אַזאַ שרעקלעכן אופֿן

מקום געוואָרן: די טאָכטער זײַנע, טעמערל, בײַם האָבן דעם צווילינג, שטאַרבט אין וואַלד אויפֿן וואָגן אונטער די פֿײַערדיקע בײַנאַכטיקע הימלען... דער זון, תּנחום, קומט אום אין פּאָגראָם, און דערנאָך באַווײַזט זיך דער פּרוש, דער נבֿיא... און ס'ווערט בײַ איר, בײַ מילקען, אַ קינד פֿון אים געבוירן.

— און וואָס האָט עס פֿאַר אַ שייכות צו איר, צו מילקעס, גיין אויף קבֿר־אָבֿות?

— בײַם אויפֿהייבן זיך פֿון דער מצבֿה, בײַם שטעלן זיך אויף די פֿיס, בלײַבט זי דאָרט אַ דערציטערטע שטיין: אויפֿן אַלטן מאַקאָווערס קבֿר דערזעט זי פּלוצלינג עפּעס אַזוינס, וואָס דערשרעקט זי ביז צום טויט. כאַצקל באַגרעבער האָט זי קוים אַ לעבעדיקע פֿון הייליקן אָרט אַרויסגעפֿירט.

— מילא, וואָס עמעצן קאָן זיך דאָרטן, אויפֿן בית־עלמין, אויסווײַזן און אויסדאַכטן. בײַ בענציען דעם באַלעגאָלע, וואָס פֿלעג פֿאָרן אין די ווינטערדיקע נעכט דורך די בעלאָקאָראָוויטשער וועלדער, ווו וועלף ווײַנען פֿון הונגער און גזלנים שפּרינגען פֿון אונטער דער ערד אויף די וועגן אַרויס... בײַ אים, בײַ בענציען, האָט פֿאַר דרײַ יאָרן דאָס האַרץ געפּלאַצט בײַם אַרויסגיין ערבֿ יום־כּיפּור פֿונעם הייליקן אָרט. ער האָט פֿאַרטשעפּעט די קאַפּאָטע אין אַרעלע דעם פֿערד גנבֿס קבֿר־שטיבל און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, בענציען, אַז דער אַמאָליקער שותּף זײַנער שלעפּט אים מיט אַ געלער ביינערנער האַנט פֿאַר דער קאַפּאָטע צו זיך אין קבֿר אַרײַן...

— נו, און וואָס האָט זי דאָרט אַזוינס, מילקע, אויפֿן אַלטן מאַקאָווערס קבֿר דערזען, וואָס האָט זי דאָרטן אַזוי ביז צום טויט דערשראָקן?

— אָט דאָס פֿרעגט שוין בײַ איר אַליין. זאָל זי אײַך אַליין זאָגן, וואָס האָט זי אַזוינס אויפֿן אַלטן מאַקאָווערס קבֿר דערזען, און וואָס האָט זי דאָרטן אַזוי דערשראָקן.

נאָר ווען עמעצער שטעלט זיך אײַן און פֿרעגט עס יאָ בײַ איר, בײַ מילקען, וואָלט זי דאָך ווי אַ וואַנט געשוויגן. זי וואָלט דאָך יענעם אין די אויגן אַרײַן ניט געזאָגט, ניט אַנטפּלעקט און ניט דערציילט, אַז דאָרטן, אויפֿן קבֿר, האָט זי איר קינד, עזריאלקען — אַ נאָמען נאָכן אַלטן

מאַקאָוועד — און אויך אים, ירמין, אין װײַס־בלענדנדיקס, ווי אין שניי אײַנגעוויקלט, דערזען ליגן. און געזען האָט זי דאָך עס דאָרטן, אויפֿן אַלטן מאַקאָווערס קבֿר, בײַ דער פֿרימאָרגן־אָסיענדיקער זון, אַזוי בולט און קלאָר!

און דאָך, הגם אין אַ טראַכטן און איבערקלערן, אין אַ פֿאַרלעגנהייט אַרײַנגעפֿאַלן: אפֿשר איז די זעונג אירע דאָרטן, אויפֿן הייליקן אָרט, אויפֿן אַלטן מאַקאָווערס קבֿר, אַן אָנזאָג און אַ וואָרענונג געווען... — און שוין אין די נעכט ניט געשלאָפֿן, זיך צוגעהערט ווי דער סאָד רוישט און וויכערט אויף די סופּהאַרבסטיקע ווינטן, פֿון דער טיר צום פֿענצטער אין דער פֿינצטערניש געשפּאַנט, איבערן קינדס וויגעלע געזעסן: אפֿשר טאַקע עזריאלקען דאָ, בײַ אַן אַם, אויף זיכערע הענט איבערלאָזן, און זי, מילקע, דאַרף אירע בריסטן איבערבינדן און די מילך אירע זאָל אין זיי איבערברענען... זי טאָר איר קינד, דעם גרויסן חלום פֿון איר לעבן, אין אַזאַ װײַטן און ווינטערדיקן, אין אַזאַ געפֿערלעכן וועג ניט מיטנעמען. און אויך זי, איר איבערגעגעבענע און געטרײַע דינסטמיידל, דוואָשע, דאַרף דאָ מיטן קינד בלײַבן. זי, מילקע, מוז אַליין נאָכן עטאַפּ נאָכפֿאָרן און אים, ירמין, יענעם שווערן וועג דאָס לעבן פֿאַרגרינגערן.

זי קאָן אים דאָרטן, אין די קייטן צווישן די פֿאַרברעכערס, איינעם און אַליין מיט זײַן טרויער און עלנטקייט ניט איבערלאָזן. ער, ירמי, איז פּלוצלינג, ווי אַ פֿײַער־בליץ אין איר נשמה אַרײַן. ער האָט זי פֿאַרטראָגן ערגעץ אין אַ װײַטער און פֿרעמדער פֿאַר איר וועלט, אָבער איר נשמה איז שוין געבונדן און געקניפּט מיט זײַן נשמה. אויך זי גייט נאָך אים אין קייטן. שוין ניט פֿאַר אירע כּוחות צו באַפֿרײַען זיך פֿון זיי. און דער עיקר, וואָס שווערער די קייטן אַלץ ליבער איז איר צו גיין נאָך זײַנע טריט. זי גלייבט אין זײַן הייליקייט, און אויך פֿילט זי מיט אַלע אירע אבֿרים ווי זי אַליין ווערט לעם אים געהייליקט.

יאָ, זי וועט פֿאָרן נאָכן עטאַפּ אַליין און באַגלייטן אים ביז סיבּיר פֿוס טריט. זײַן גורל איז שוין אויך איר, מילקע מאַקאָווערס, גורל. און ערשט דעמאָלטן, אַז זיי וועלן אַהין, קיין סיבּיר, דערגיין, אַז זיי וועלן אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם דאָרף ערגעץ דאָרטן אין די וועלדער זיך אויף יאָרן באַזעצן, ערשט דעמאָלטן וועט זי קאָנען אויך דאָס קינד, עזריאלקען,

אַהין־צו ברענגען.

און דאָך, נאָכן טראַכטן און איבערטראַכטן, נאָכן קלערן און איבערקלערן, האָט זי, שוין קעגן איר אייגענעם ווילן און פֿאַרשטאַנד, פֿריִער פֿאַר אַלץ און אַלעמען גענומען דאָס קינד אין ווײַטן ווינטערדיקן וועג אַרײַן גרייטן: ניין, ס'איז ניט פֿאַר אירע כּוחות, ניט אין שטאַנד, זי קאָן ניט, מילקע מאַקאָווער, דעם טרוים אירן, די שײַן פֿון אירע אויגן, אויף פֿרעמדע הענט דאָ איבערלאָזן. זי וועט דאָך באַלד, שוין אויפֿן צענטן ווערסט אַהין, אויפֿן וועג קיין סיביר, פֿון בענקשאַפֿט נאָכן קינד אויסגיין.

און נאָכן אויסריכטן און אויסשטאַטן — אין אײַלעניש, ווײַל דער עטאַפּ פֿון דאָרטן, פֿון דער גובערניע שטאָט, גייט אָפּ אין דרײַ טעג אַרום — נאָכן צוגרייטן דאָס באַלדיק־ און נייטיקסטע, דאָס נוצלעך־ און באַדערפֿטיקסטע: נאָכן צונויפֿרעדן און אָנזאָגן וואָס, ווער, און ווען... דערעיקרשט נאָכן באַזאָרגן דעם צווילינג, די צוויי שוועסטערלעך, בײַ זייער פֿעטער, בײַ מנחם מאַקאָווער, בײַם קאָוואַל; און נאָכן אָנזאָגן נאָך אַ מאָל איר נאמן, בנימין ברײַנדלס, ניט פֿאַרגעסן שיקן דער סלאָבאָדקער ישיבֿה, פֿאַר מיכעלען, דעם חודשלעכן פֿינעפֿאונצוואַנציקער; שוין נאָך דעם, האָט זי, מילקע מאַקאָווער, בײַם סופֿטאָג, שוין בײַ דער שקיעה פֿון דער ווײַסער אויסגעצוויטעטער זון אונטער די בלאָווע ערבֿ־ווינטערדיקע הימלען, זיך געלאָזט מיטן קינד, און מיט דער דינסט, אין ווײַטן וועג אַרײַן.

— דער־וואָס־לעבט־אייביק זאָל זײַן מיט איר.

— און אויך מיט אים, מיט דעם נבֿיא... ער גייט דאָך אין די קייטן קיין סיביר פֿאַר זאָגן זיי, די גויִים, דעם אמת, פֿאַר וואַרפֿן זיי אין פּנים אַרײַן די בלוט־בילבולים!

— און אפֿשר, ייִדן, זאָגט ער אויך אונדז דעם אמת? אפֿשר זײַנען זײַנע נבֿיאותן אויף אונדז...

— זאָל גאָט אָפּהיטן!

— זײַן אַ נבֿיא פֿון גזרות און שחיטות אויף ייִדן איז ניט שווער. מיר געפֿינען זיך דאָך תּמיד דאָ, אין גלות, ערבֿ בלוטיקע רדיפֿות. אונדזער קיום ליגט דאָך טאָג־אײַן און טאָג־אויס אויף דער פֿאַלשער וואָג פֿון דער גויִישער וועלט!

# ח.

און דערנאָך, שפּעטער־צו, שוין אין יענע, אין די ווײַטערדיקע ווינטער־פּראָסטיקע, אין די פּלאַם־ און פּלאַקער־טעג פון דער וועלט־מילחמה, ווו שוואַרצע קינאה און תאווה צו הערשן און געוועלטיקן איבער פרעמדע לענדער און געמאַרקן; פאַר האָבן די מאַכט און די שליטה, פאַר האַלטן דעם גורל און דעם קיום פון פעלקער אין דער האַנט, ווערט זי, די ערד, פאַרוויסט און מיט חורבות פאַרוואַלגערט... און דאָס ווערט געטאָן אונטער דער זון מיט געשליפן־שיינע, מיט פערל־פינקלדיקע, מיט גאָלד־קלינגענדיקע רייד: פאַר פרײַהײַט און וווילשטאַנד פון דער גאָרער וועלט! — און בלוט, בלוט, בלוט און טרערן גיסן זיך און פליסן ריטשקעסווײַז.

אין יענע טעג — פון וויי־און קלאָג, פון אומבאַהאָלפענעם צאָרן און ביטערן ייאוש, פון שׂרפות אין נשמות — דאָרטן, אין שטעטל, צופוסנס דעם באַרג, אונטער די נידריק־אָנגעשנייטע דעכער, אָנגערוקטע איבער די פאַרווייעטע פענצטער צו דער וועלט, צו ווײַס־וויכערדיקע וועלדער; דאָרטן, ווו ניט נאָר די הילצערנע ענגע שטיבער, נאָר אויך די בתי־מדרשים און קלויזן, די קאַלטע שילן זײַנען פול און איבערגעפולט געוועזן מיט די אויס־ און איבערגעיסורימטע פליטים, מיט די אַרויסגעטריבענע יידן פון דער ליטע, גאַליציע און בוקאָווינע... דאָרטן, אין שטעטל, ווו יידן טיילן זיך מיט זייער ביסן ברויט, נעמען פון זיך די העמד פון לײַב אַראָפּ פאַר די גירושים, — די הילף איז אָבער קאַרג און קליין, קאָנען מיט זייערע אייגענע כוחות און מיטלען די פאַרטריבענע און פאַרוואָגלטע קיין סך ניט העלפן... וואַלגערן זיי זיך „די שונאים פון רוסלאַנד" „די פאַררעטער און שפּיאָנען" אויף די בעטלעך און בענק, אויף די צונויפגערוקטע טישן און פשוט אויף דער ערד, ניט אַדורכצוגיין און ניט אַדורכצוקריכן... די זקנים און קינדער, פאַרטראָגענע פון היץ און קעלט, קערן אים אום שטיל, דעם טאַטן אין הימל, זייערע נשמות; ס'פעלן אויס מיטות אויף אַרויסצוטראָגן, און

עגלות אויף אַרויסצופֿירן די מתים.

און זיי, די אויסגעמאַטערטע געווינערינס, גייען דאָרטן צוקינד אויף דער ערד, אויפֿן אויסגעשפּרייטן היי, וואָס שמעקט מיט פֿאַרטרוקנטער ראָמאַשקע, געווינען דאָרטן די קינדער אָן אַ קול פֿון זיי צו הערן, נאָר די ניי־געבוירענע, ערשט פֿונעם נאָפּל אָפּגעשניטענע, ערשט אויף דער וועלט געקומענע, שרייען און באַוויינען זייערע אין קימפּעט אויסגעגאַנגענע מאַמעס... און אויך דריי רבנים, שוין אין טיפֿן עלטער, פֿון די פּליטים, מיטן פּנים צוגעפֿאַלן צום ארון־קודש, פֿאַרגייען זיך דאָרטן אין געוויין.

און אָט דעמאָלטן, אין יענע ווײ־ און פֿאַרוויסטע טעג, יאָגן פּלוצעם דריי קאַרע פֿערד, געשפּאַנט אין אַ ברייטן שאַראַבאַן־שליטן, פֿון באַרג אין שטעטל אַריין, אין דעם בלאָוו־פֿראָסטיקן, ווו דער פֿרירטוי בליצט אונטער דער ווייסער קאַלטער זון אויף די מיטות און עגלות, אויף די בערד פֿון די קברנים, וואָס טראָגן אין די פּאָלעס געשטאָרבענע קינדער, ווו פֿון די קוימענס גייען צו די הימלען ניט קיין רויכן, נאָר ס׳וויקלען זיך אַרויס פֿון דאָרטן, פֿון די הייזער, געדיכט־גרויע קנוילן טרויער.

לכתחילה קוקן זיך די אָנגעפֿרוירענע ייִדן ניט אַרום אויף דעם געקאָוועט־סקריפּנדיקן שליטן מיט די דריי צעהיצטע פֿערד אין די ברוין־לעדערנע כאָמוטן: מיסתּמא פֿאָרט פֿון ערגעץ־ווהין אַ פּריצטע פֿאַרביי... — נאָר אַז די פֿערד בלייבן ביי דער גרויסער שניט־קראָם שטיין, און פֿון דאָרטן לויפֿט אַרויס ער, בנימין בריינדלס, און אין שליטן זיצן דערקענט מען שוין זי, מילקע מאַקאָווער, און אויך איר דינסטמיידל, דוואָשען, און הינטער זיי, טאַקע דאָרטן אין שליטן, אַ שוואַרצער אָרון... ווערן שוין פֿון דעם ייִדן גאָר צעטומלט־דערשראָקן. און באַלד דערוויסט מען זיך:

— מילקע מאַקאָווער האָט געבראַכט איר מאַן דעם נבֿיא, און איר קינד, פֿון סיביר אַהער־צו, אינעם אָרון, ביידע טויטע... געבראַכט אויף צו באַהאַלטן זיי דאָ, אויפֿן היגן בית־עלמין, אונטער איין מצבֿה־שטיין.

און הגם אין יענע טעג זיינען זיי, די לוויות, אין דער טאָג־טעגלעכקייט אַריין — מ׳זאָל גאָר ניט געפֿרווּוט ווערן, צו וואָס מ׳קאָן געוווינט ווערן — פֿון שאַבייסענאַכטס ביז צו דעם האַלב־פֿרייטיקדיקן

טאָג, ביז צו אין מרחץ אַרײַן לויפֿן, ביז צו גרייט און ראוי ווערן דעם שבת־קודש צו מקבל־זײַן, די גאַנצע וואָך, בײַם דורכטראָגן די מיטה מיטן מת אונטערן שוואַרצן געוואַנט, בלויז די קלייט צוגעמאַכט, אויפֿן גאַניק אַרויס, דעם ברוך דיין אמת געזאָגט, און דערמיט דעם חסד של אמת מקיים געווען... נאָר דאָ דערהערט אַז מילקע מאַקאָווער האָט איר מאַן און קינד, אין דעם שוואַרצן אָרון, פֿון אַזעלכע ווײַטקייטן, מיט פֿערד און שליטן, איבער אַזוינע שנייען און פֿרעסט, אַהערצו געבראַכט צופֿירן און ער אַליין, דער אַלטער רבֿ, דער זקן, ר' העשילע, וואָס גייט שוין די לעצטע וואָכן פֿון שטוב ניט אַרויס, און אויך אַלע רבנים פֿון די פּליטים, זײַנען געקומען דעם ארון פֿון שליטן אָפּהייבן, אויף זייערע אַקסלען גענומען, און צום הייליקן אָרט אַוועקגעטראָגן — דעם טאַלנער עילוי, וואָס שטאַמט פֿון דער טשערנאָבילער גזע, דעם לעצטן כּבֿוד אָפּגעבן; דאָ האָבן שוין ייִדן, אין אַ מאַרק־און פּדיון־טאָג, קלייט און קרעמלעך אויף שלעסער גענומען, מלמדים האָבן די חדרים־ייִנגלעך אויף הפֿקר־געלאָזט, און אויך ווײַבער האָבן קליינע קינדער אין די הײַזער פֿאַרשפּאַרט, און צו דער לוויה געגאַנגען, ווו זי, מילקע מאַקאָווער, אַן אײַנגעוויקלטע אין שוואַרצן, מיטן נבֿיאס אויסגעריבן־גלאַטן און הויכן וואַנדער־און וואָגל שטעקן, שפּאַנט נאָכן אָרון מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, און קוקט מיט די ברייט־צעעפֿנטע אויגן, מיט די טרוקענע, מיט די פֿיבער־גלאַנציקע, ערגעץ אַהין, איבער די קעפּ, אין דער ווײַט אַרײַן, צו יענע שוואַרצע סיבירער צעדער־און יאָדלע וועלדער, ווי גראָד איצטער, דאָ, בײַ דער לוויה פֿון איר מאַן און קינד, וואָלט זי מיט אַ מאָל עפּעס־וואָס ביז גאָר פֿאַרהוילנס און טיף־פֿאַרבאָרגנס דערזען.

און פֿונעם וואַקזאַל טראָגן זיך שאַרף־וואָרענענדיקע פֿײַפֿן פֿון די אָפּגייענדיקע באַנען מיט סאָלדאַטן אַהין, אויף די פֿראָנטן, און פֿון די אָנקומענע, זיך דאָ פֿאַרהאַלטנדיקע, סאַניטאַר־צוגן פֿון דאָרטן, פֿון די מילחמה־פֿעלדער, אָנגעלאָדענע מיט שווער־פֿאַרוווּנדיקטע, מיט פֿון ווייטיק־שרײַענדיקע מענטשן, און שוין אויך מיט אויף אייביק אַנטשוויגן געוואָרענע, שוין פֿון לעבן פֿאַרשניטענע, וואָס מ'נעמט פֿון די וואַגאָנעס אַראָפּ און מ'לייגט זיי אין די אויף־גיך פֿון ניט געהובלטע ברעטער צונויפֿגעקלאַפּטע טרונעס אַרײַן; און פֿויערטעס פֿון די אַרומיקע

כוטערס און דערפֿער, אויפֿן יאַריד געקומענע, יונג־און אַלטע, באַגלייטן די פֿרעמדע זין און מענער, די אויפֿן אינמיטן וועג פֿון די ווונדן אויסגעגאַנגענע, מיט געקלאָג און געהייל, מיט ברעכן די הענט, צו די היגע מאָהילקעס. און די קלויסטער־גלאָקן טרייסלען אויף דעם טאָג, און קנוילן רויך פֿון די לאָקאָמאָטיוון אַרויס וויקלען אײַן די ווײַסע ווינטער־זון אין שוואַרצן.

און דאָרטן, אין דעם בית־עלמין און לוויה־שטילקייט, וואָס שרײַט העכער פֿון אַלע קולות אין דער וועלט, — אַ שטילקייט פֿון וועלכער ס׳קלאָגן אַרויס די טיפֿסטע מענטשלעכע לײַדן... אַ געשריי פֿון טויט און משוגעת... דאָרטן, אויפֿן הייליקן אָרט, ווו פֿון די פֿרירטוייִקע אָלכע־צווײַגן פֿאַלן לילאָווע שאָטנס אויף די אָנגעשנייטע ברעמען, און די שטאָלענע לאָמען און קירקעס קלינגען אָפּ מיט וויי־און טרויער אין די הערצער בײַם אויסהאַקן אין דער ווי שטיין־פֿאַרפֿרוירענער ערד די קרקע פֿאַרן נבֿיא און זײַן קינד... דאָרטן, אויפֿן שבֿט־פֿראָסט, צווישן די מצבֿה־שטיבלעך, שטייען זיי, די ייִדן, ביז די קני אין דעם טרוקענעם בלאָוו־רויטלעכן שניי, שוין אונטערן קאַלטן פֿלאַם פֿון דער פֿרי־ווינטערדיקער שקיעה, ווי פֿאַרגליווערט געוואָרענע: אָבער ניט פֿון דער קרירה, וואָס דערלאַנגט צו די ביינער, נאָר פֿון עפּעס אַ מין שרעק, וועלכע מ׳קאָן גאָר מיט ווערטער ניט דערקלערן.

און אפֿשר, האָבן ייִדן געטראַכט, קומט זי, אָט די שוידערלעכע שרעק, ווי אַ שטראָף פֿאַרן טרײַבן אים, דעם פּרוש, דעם טאָלנער גאון, פֿאַרן זידלען און חוזקן פֿון זײַנע נבֿיאותן, פֿאַרן לאָמען זיך פֿון זײַן גאַנג און הולך... און מיט אַ מאָל, און פּלוצלינג, שטעלט ער זיך דאָ, אויפֿן הייליקן אָרט, איבער די בלאָוו־רויטלעכע שנייען, אונטער דעם קאַלטן פֿלאַם פֿון דער שקיעה, פֿאַר אַלעמענס אויגן, ווי אין יענעם פֿראָסטיקן נײַ־יאָר יאַריד, מ׳דערזעט אים פֿון באַרג אַראָפּגיין אין די צעוואַלגערטע שטיוול, די פֿינגער פֿון די פֿיס ממש אויפֿן שניי, אין דעם זומערדיקן אויסגעקאָלירטן קאַשקעטל מיטן צעשפּאָלטענעם ביינערנעם דאַשיק אויפֿן קאָפּ לאַנגע האָר, ביז צו די אַקסלען, די באָרד און וואָנצעס ווי אויסגעפֿלאָכטן פֿון בליציקע אײַז־ליכטלעך, אָן אַ שום ווינטערדיקן מלבוש, נײַערט אַ קאַמזויל, פֿון קאָליר־שיכורע ווײַנשל אויף דער צעכראַסטעטער בלאַנק־ווײַסער לײַוונטענער העמד, מיט אַ

הויכן שטעקן אין דער נאַקעטער האַנט, אויף די פּלייצעס אַ טאָרבע, רייכערט אַ פּײַקע, פֿון אונטער די בערגלעך אָנגעפּרוירענע ברעמען פּלאַמען אַרויס צוויי גרויסע טרויעריקע אויגן, און אַ קלאָר־ווײַס ציגעלע לויפֿט אים נאָך...

און זיי האָבן אים געטריבן, די ייִדן, ווי אַ מרה־שחורה, ווי אַ חסר־דעה, ווי אַ באַנומענעם, געזידלט מיט די לעצטע ווערטער און געשאָלטן... און אָט ליגט ער, דער נבֿיא, אַ פֿאַרקליאַקנעט־פֿאַרפֿרוירענער אין דעם פֿאַרבלוטיקטן טלית, און וואַרפֿט אָן דאָ אויף אַלעמען אַ שוידער: זײַנע נבֿיאותן ווערן דאָך מקוים, די וועלט־מילחמה, ווי ער האָט פֿאָרויסגעזאָגט, איז דאָך געקומען... ייִדן, אַרויסגעטריבענע פֿון זייערע אײַנגעזעסענע היימען, וואַלגערן זיך עלנטע, הפֿקרדיקע אויף די וועגן, מ׳הענגט זיי, ווי שפּיאָנען, באָרוועסערהייט, אויף די צווײַגן פֿון די ביימער, און קומען אַפֿילו ניט צו קבֿר־ישׂראל... די קאָזאַקן צינדן דאָרטן די הײַזער און לאָזן דאָס פֿײַער ניט לעשן, פֿאַרגוואַלטיקן ווײַבער און קינדער, מאַכן חרובֿ בתי־מדרשים, שפּאַלטן מיט די שווערדן, טרעטן מיט די פֿיס און שענדן הייליקייטן... מעוברתע ווײַבער זײַנען מפּיל אין די שנייען און שלעפּן זיך דערנאָך מיט די געשוואָלענע פֿיס ווײַטער איבער פֿעלד און וואַלד אָן אַ וועג, אָן אַ שומר און אָן אַ גואל. ניטאָ צו וועמען זיך קערן און צו וועמען זיך ווענדן!

— און נאָך דער בלוטיקער מילחמה וועלן קומען פּאָגראָמען, און שפּעטער, האָט ער געוואָרנט, שפּעטער וועט קומען נאָך אַ וועלט־מילחמה, נאָך אַן ערגערע, און נאָך אַן אַכזריותדיקערע פֿון דער ערשטער...

— הערט בעסער וואָס אונדזער אַלטער רבֿ, ר׳ העשילע, זאָגט.

און דער זקן, דער מורה־הוראה, ר׳ העשילע, האָט מיט די לעצטע כּוחות און מיט טרערן, וואָס האָבן זיך פֿון זײַנע אויגן געגאָסן, ווי אום יום־כּיפּור בײַם עמוד שטיין, אים מספּיד געווען, דער טאָלנער גאון, ווי אַ הרוג מלכות, ווי אַ קדוש... אויך דאָרטן, אין סיביר, האָט ער, ירמיה בן יוסף ז״ל אומעטום, אויף סכאָדקעס און געזעמלען, אין די מאַרקן און קלויסטערס, מיט אויפֿגעהויבענעם שטעקן איבער די קעפּ געהאַלטן אין איין דונערן: זי, רוסלאַנד, פֿאַר די פּאָגראָמען און עלילת־דם אויף ייִדן, וועט די מילחמה פֿאַרשפּילן, און די בית־ראָמאַנאָוו וועט פֿאַלן און ער,

ניקאָלײַ דער צווייטער, און זײַן הויזגעזינד, וועט פֿאַרשניטן און פֿאַרלענדט ווערן... האָט מען אים, ירמיה בן יוסף ז״ל, נאָך אַ מאָל דאָרטן געמישפּט, שוין פֿאַר אַ מיליטערישן געריכט, און ווי אַן אונטערגעשיקטן פֿון די דײַטשן אויף צו פֿאַרשפּרייטן אין פֿאָלק מהומה, און ווי אַ שׂונא פֿון רוסלאַנד און פֿון איר גאָטגעזאַלבטן, צום טויט פֿאַרמישפּט געוואָרן, צום שיסן. און פֿאַרן טויט, שוין שטייענדיק מיטן פּנים צו די אָנגעצילטע ביקסן, שוין פֿאַרן געשאָסן ווערן, האָט ער, ירמיה בן יוסף ז״ל, געבעטן מ׳זאָל אים לאָזן אָנטאָן דעם טלית... און אַז דעם טלית איבערן קאָפּ אָנגעטאָן, האָט ער אין איין אָטעם אויסגעשרי׳ען: שמע ישראל ד׳ אלקינו ד׳ אחד!

פֿונעם רבֿס הספּד, דערעיקרשט פֿון די לעצטע רייד זײַנע, וואָס טרינקען זיך אין טרערן, ווערן די מלוים אויפֿן בית־עלמין שוין גאָר אויפֿגעציטערט און אויפֿגעטרייסלט: זיי דערזעען אים, די ייִדן, יענעם ירמיהון, דעם באָרוועסן מיטן ווײַס ציגעלע אויף די הענט, שוין גאָר אין אַן אַנדער ליכט־שײַן, און אויך יענעמס וואָרט יענעמס נבֿיאותן הייבן אָן נאָך מיט אַ גרעסערער פֿאָרכט און מיט אַ שטאַרקערער אימה אין זייער געביין אַרײַנגיין... און דאָ בײַם אַרײַנלייגן זיי, דעם קדוש און זײַן קינד, אין קבֿר אַרײַן, דאָ דערהערט מען מיט אַ מאָל איר קול, מילקע מאַקאָווערס, וואָס די גאַנצע צײַט אויף דעם הויכן שטעקן מיטביידע הענט געשטאַנען אָנגעשפּאַרט, און די אויגן אירע, ווי דער קאַלטער פֿלאַם פֿון דער ווינטערדיקער שקיעה וואָלט אַרײַן אין זיי, — רויט־פֿאַרבלוטיקטע, און שוין אין אַזאַ ייִאוש, וואָס פֿירט צום טיפֿסטן געדאַנק, אָדער צום טויט, פֿון דער וועלט, פֿון לעבן אַרויס:

און דאָ, בײַם זקנס, בײַם רבֿס לעצטע ווערטער, דערהערט זיך שוין איבערן גאַנצן שקיעהדיקן הייליקן אָרט איר, מילקע מאַקאָווערס, קול:

— פֿאַרוואָס האָסטו ניט, ריבונו של עולם, האַר פֿון אַלע וועלטן, גרויסער און אַלמעכטיקער גאָט, פֿאַרוואָס האָסטו ניט, בעת ירמי האָט אָנגעטאָן דעם טלית און אויסגעשריען דעם שמע ישראל... פֿאַרוואָס, אַלמעכטיקער, האָסטו ניט אַרויסגעשלאָגן די ביקסן פֿון די רשעימס הענט? איז אויך פֿאַר דיר, אַלמעכטיקער, די דיני־גויים, זייערע בלוטיקע גזר־דינים, אויך פֿאַר דיר זענען זיי, אַלמעכטיקער, דינא דמלכותא דינא? אויך דו, אַלמעכטיקער, קאָנסט דאָ, אויף דער ערד,

גאָרניט ניט ענדערן און משנה זײַן? דו ביסט נישט בכּוח געווען, אַלמעכטיקער, צו ראַטעווען דאָס לעבן פֿון דײַן קנעכט, פֿון דעם צדיק תּמים, וואָס פֿון ליבשאַפֿט און גלייבן אין דיר, האָט אונטער אים געברענט די ערד, ער איז אַפֿילו ווינטערצײַט אַרומגעגאַן באָרוועס...

און זי בלײַבט שטיל. און ווידער מיט בײדע הענט אויפֿן הויכן וואַנדער־שטעקן אָנגעשפּאַרט די אויגן אירע, די רויט־פֿאַרבלוטיקטע, ווי פֿון האַרצן וואַלט איר אַ בלוטיקער טרויער אין די אויגן אַרײַן געשלאָגן, און שוין מיט יענעם ייִאוש, וואָס פֿירט ביז צו פֿון זינען רירן זיך, קוקן פֿאַרשטאַרט אַהין, צו עזריאל מאַקאָווערס קבֿר, ווו פֿאַרן לאָזן זיך מיטן קינד אין ווײַטן פּראָסטיקן וועג, נאָכן עטאַפּ, נאָך ירמי קײן סיביר פֿאָרן, האָט זי דעמאָלטן פּלוצלינג דאָרטן, אויפֿן קבֿר פֿונעם אַלטן מאַקאָווער, זײ בײדן, ירמי און דאָס קינד, אין אַ טלית אײַנגעוויקלט דערזען ליגן.

— גרויסער און אַלמעכטיקער גאָט, — דערהערט זיך ווידער איר פֿאַרביטערט־און פֿאַרייִאושטער קול — איך האָב געוווּסט, אַז דאָס באַווײַזן מיר פּלוצלינג דאָרטן, אויפֿן קבֿר פֿונעם אַלטן מאַקאָווער, ירמין און דאָס קינד אין אַ טלית אײַנגעוויקלט, דאַרף זײַן פֿאַר מיר אַ צייכן און אַ וואָרענונג... איך האָב אָבער געגלייבט אין דיר, אין דעם גאָט פֿון מײַנע אבות, וואָס מיט דײַן גבֿורה איז פֿול די וועלט. געגלייבט מיטן גאַנצן האַרצן, מיט אַלע אָנגעווייטיקטע ווינקעלעך פֿון מײַן נשמה. געגלייבט אָן דעם מינדסטן ספֿק, אַז דו, דער אל רחום וחנון, דער אַלמעכטיקער, וועסט דעם טויט אויף דײַן שליח, אויף זײַן קינד, און דעם גרויסן אומגליק אויף מיר ניט אָנשיקן... און דו האָסט אים, ירמין, דײַן קנעכט, דעם צדיק תּמים, יאָ געטייט, און דאָס ברעקעלע קינד, דאָס אומשולדיק עופֿעלע, האָסטו אין דעם שניי־געוויטער אומגעבראַכט... דו ביסט ניט בכּוח געווען, אַלמעכטיקער, דאָס ברעקל קינד פֿון דער שניי־זאַווערוכע ראַטעווען! דרײַ מעת־לעת האָט דער שניי געהוליעט און ווילד געבושעוועט און דו, אַלמעכטיקער, ביסט ניט בכּוח געווען דעם ווײַסן טויט צו פֿאַרהאַלטן און צו אָפּשטעלן! גאָט, ווו איז דײַן אַלמעכטיקייט? ווו איז דײַן גבֿורה? דרײַ מעת־לעת האָב איך אין דער זאַווערוכע, אין דעם ווילדן פֿײַף פֿון די ווינטן צו דיר געשריִען: גאָט, פֿאַרפֿריר ניט מײַן קינד, גאָט פֿאַרפֿריר ניט די ליכט פֿון מײַנע

אויגן, גאָט, פֿאַרפֿריר ניט מײַן הייסן, מײַן איינציקן גרויסן טרוים...

און דאָ, אַז מ׳האָט שוין דעם קבֿר פֿאַרשאָטן, און איבערן בערגל ערד, וואָס הייבט אָן צו פֿאַרווייעט ווערן מיט שניי, נעמט דער אַלטער רבֿ, ר׳ העשילע, זאָגן קדיש, דאָ שלאָגט זי, מילקע מאַקאָווער, מיט צאָרן אים איבער:

— שווײַגט, רבי, שווײַגט! ניט יתגדל, ניט יתקדש... ניין! שווײַגט בעסער, רבי, שווײַגט! איך וועל אַליין זאָגן קדיש, מײַן אייגענעם קדיש! מײַן אייגענעם מלא רחמים!.. — און אויפֿגעהויבן דעם שטעקן צו דער גרויסער קײַלעכדיקער קאַלט־פֿלאַמיקער זון, וואָס שטייט שוין בײַ דער ערד, אויף די בלאָוו־ראָזלעכע פֿעלדער: — דו, אַלמעכטיקער, דו ביסט דאָך ניט בכּוח צו ראַטעווען אַ קליין קינד פֿון אַ זאַווערוכע, דו ביסט דאָך ניט בכּוח אַרויסצושלאָגן אַ ביקס פֿונעם רשעס האַנט, דו קאָנסט ניט, אַלמעכטיקער, ברעכן די דיני־גויִים... צו ענדערן דעם גאַנג פֿון די ווינטן, אָפּשטעלן אַ וויוגע.. דו, דו, אין מיזרח דו, אין מערבֿ דו... דו האָסט אָבער, אַלמעכטיקער, קיין קראַפֿט ניט, דו... דו... דו ביסט אומעטום אומבאַהאָלפֿן! מענטשן קומען אום, דײַן יצירה, אין שרעקלעכע לײַדן, אין בלוטיקע יסורים... הונדערטער טויזנטער ייִדן, גרויס און קליין, ווערן פֿון זייערע שטיבער אַרויסגעטריבן, ווערן געהאַנגען, אין די טלית־קטנס, באָרוועסערהייט, אויף די ביימער בײַ די וועגן... ייִדן, וואָס האָבן געגלייבט אין דיר, דרײַ מאָל אין טאָג געשפּרונגען קדוש, געפֿאַסט מאָנטיק און דאָנערשטיק... און ווו איז, אַלמעכטיקער, דײַן גערעכטיקייט, דײַן רחמים, ווו?... דו האָסט פּשוט ניט, אַלמעכטיקער, קיין גערעכטיקייט! די זון גייט אויף פֿאַרן רשע ווי פֿאַרן צדיק... דו האָסט פּשוט ניט, אַלמעכטיקער, קיין כּוח אין דער וועלט... ייִדן, פֿאַרלאָזט זיך מער ניט אויף אים... ייִדן, הערט מיך, אַנטלויפֿט ניט! ער קאָן הייסן אַן אַלטן טאַטן פֿירן זײַן איינציקן זון צו דער עקדה און קאָן אים, דעם אַלטן טאַטן, לאָזן אויפֿהייבן דעם מעסער איבערן זונס האַלדז... די יסורים פֿונעם אַלטן טאַטן, די יסורים פֿונעם זון... די יסורים... לויפֿט ניט, ייִדן, לויפֿט ניט, דער פּחד טרײַבט אײַך! דער פּחד פֿון יצחקן, וואָס איז אַרײַן אינעם בלוט פֿון זײַנע קינדער, וואָס טראָגן אין זיך ביז הײַנטיקן טאָג דעם גרויל פֿון דער עקדה, דעם שוידער פֿון דעם מעסער איבערן האַלדז... דו, אַלמעכטיקער, דו

קאָנסט ניט ראַטעווען אַ קינד פֿון דער זאַווערוכע... דו... דו...

— זי האָט זיך פֿון זינען געריירט.

— כ׳מיין, אַז מ׳קאָן דאָ אַראָפּ פֿון די געדאַנקען.

— זי זאָגט שוין גאָרניט אַזעלכע משוגענע רייד...

— ס׳איז דאָך חילול השם!

— איר זעט, אונדזער אַלטער רבֿ פֿירט זי פֿאַר דער האַנט פֿון בית־עלמין אַרויס.

— פּלאי־פּלאים!

און באַלד, שוין נאָכן בית־עלמין, ווו ייִדן האָבן פֿון אירע רייד גענומען מיט שרעק אַנטלויפֿן, ווי פֿון אַ גרויסן פֿייַער, וואָס דאַרף באַלד אויסברעכן, און קיינער וועט ניט ביכולת זײַן די שׂרפֿה פֿאַרלעשן און דעם פֿײַער פֿון פֿאַרשפּרייטן זיך צו פֿאַרהאַלטן, און צו אָפּשטעלן... טאַקע אין יענעם ווינטערדיקן פֿאַרנאַכט האָט זי, מילקע מאַקאָווער, שוין גאָר דאָס שטעטל אויפֿגעטרייסלט און אויפֿגעציטערט: דעם אַלטן רבֿ, ר׳ העשילען, וואָס הייבט ניט אויף די אויגן אויף אַן אישה, אים, וואָס האָט זי פֿון בית־הקבֿרות פֿאַר דער האַנט צו איר שטוב געפֿירט, אויף אַ בענקל זי דאָרטן אַוועקגעזעצט, מיט זײַן פֿאַטשיילע די טרערן פֿון די אויגן איר אויסגעווישט און דערבײַ מיט פֿרומע, און מיט האַרציקע טרייסטווערטער דעם בראָך און טרויער איר געוואָלט לינדערן און שטילן... דאָ טוט זי זיך, מילקע מאַקאָווער, פֿון אָרט אַ ריס, צו דער שטובטיר צוגעלאָפֿן און אין דרויסן אַרויס, אין דער נאַכט אַרײַן, ברייט געעפֿנט:

— גייט אײַך, רבי, גייט! אַלע אײַערע טרייסטן האָבן קיין ממשות און קיין ווערט ניט. זיי זײַנען אויסגעדראָשענע און פּוסטע, זיי פֿאַלן אויף מײַן צעווייטיקט האַרץ, אויף מײַן צעבלוטיקטער נשמה, ווי שטרוי אויפֿן פֿײַער... זוכט ניט קיין זכות אויף אַכזריות! גענוג צו קלאַפּן זיך אין האַרצן דעם על חטא שחטאנו!.. דערמיט וואָס מיר נעמען די שולד פֿון דעם אל רחום וחנון אויף זיך, דערמיט מערן מיר, ייִדן, דעם בייז און די רציחה אין דער וועלט! איר הערט! אויב אַן גאָטס ווילן פֿאַלט ניט אַראָפּ אַ האָר פֿון קאָפּ, איז דאָך ער, דער באַשעפֿער, דער אַלמעכטיקער, דער גרעסטער אכזר אויף דער וועלט, און די בלוטיקע אַכזריות אויף דער ערד גייט פֿון אים... און פֿאַר אַכזריות איז ניטאָ, און ס׳קאָן ניט זײַן

קיין שום פֿאַרענטפֿערונג! אויב ער האָט די וועלט באַשאַפֿן, טראָגט ער פֿאַר איר די אחריות! גייט, רבי, טרייסט מיך ניט... דאָס אומשולדיק בלוט פֿון ירמיון, דעם צדיק תמים, וועט קיינמאָל אין מײַנע בלוטן ניט אויפֿהערן צו צאַרענען, און דער געוויין פֿון מײַן פֿאַרפֿרוירן קינד, פֿון מײַן גרויסן חלום, וועט קיין מאָל אין מײַן האַרץ ניט אַנטשוויגן ווערן! די ליכט פֿון מײַנע אויגן איז אויסגעלאָשן געוואָרן... ניטאָ שוין פֿאַר מיר קיין וועלט... אַ פֿינצטערניש שטייט אַרום מיר... אַ געדיכטע פֿינצטערניש, וואָס איך וועל פֿון איר ניט אַרויס. און איך וויל ניט פֿון איר, פֿון אָט דער פֿינצטערניש, אַרויסגיין. מיט אַ פֿאַרפֿרוירן קינד אין דער נשמה קאָן מען אויף דער ערד ניט אַרומגיין...

און ער, דער זקן, ר׳ העשילע, דער מורה־הוראה, וואָס האָט מינחה־דאַוונען פֿאַרפֿעלט, אַן אײַנגעבויגענער אויפֿן שטעקן, זאָגט איר, מילקען מאַקאָווער: אַ גוטע נאַכט דיר, טאָכטער, זאָל זיך דער־וואָס־לעבט־אייביק אויף דיר מרחם זײַן... — און מיט הוי־און־וויי גייט ער פֿון שטוב אַרויס. און זי, מילקע מאַקאָווער, האָט מען אין דער פֿרי אַ טויטע אויף דער ערד, בײַם אָנגעפֿרוירענעם פֿענצטער, געטראָפֿן ליגן. און אויפֿן טיש אַ קוויטעלע: „מיט אַ פֿאַרפֿרוירן קינד אין דער נשמה קאָן מען ניט לעבן!"

# א.

און דערנאָך, שוין שפּעטער מיט יאָרן, און טאַקע דאָרטן, אין דעם ברייטן און טיפֿן, אין דעם געדיכט־טונקעלן, אין דעם וואַלדיק־סודותפֿולן סקיפֿן־לאַנד, ווו בלוטיקע לבנות גייען אויף נאָך פֿאַרן זונ־זעצן־זיך, שוין נאָך דעם ווי דער לעצטער צורר־היהודים, דער רוסישער המן, ניקאָלײַ דער צווייטער, האָט די קרוין פֿון קאָפּ און די מלוכה פֿון האַנט פֿאַרלאָרן . . . און שוין נאָך קערענסקיס הערשאַפֿט, וואָס האָט די דורותדיקע וואַנט, די שטיינערנע, פֿון דעם תּחום־המושבֿ אויפֿגעבראָכן . . . דער עיקר שוין נאָך יענע ערבֿ־ווינטערדיקע לענין־און טראָצקי־טעג, וואָס האָבן אויפֿגעטרייסלט די וועלט: און נאָך יענע אַכזריותדיקע פּעטליוראַ־קאָזאַקישע און דעניקין־מאַכנאָ שחיטות, די ווינטן האָבן נאָך ניט פֿאַרווייעט און ניט אויסגעטריקנט דאָס בלוט פֿון דער ערד אין די שטעטלעך . . . שוין דעמאָלטן, נאָך דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט אָנגעזאָגט אויף גאולה און קדושה, שוין מיט זיבן יאָר שפּעטער, אין פֿרי פֿון פֿרילינג, די טעג ווערן לענגער, מיט מערער ליכט און שײַן אָנגעגאָסן, די זון קלעטערט איבער די פֿריש־אָנגעשאָטענע שנייען אַלץ העכער אין די הימלען אַרויף, דער אײַז אויף די טײַכן שוואַרצט־און ברעכט זיך, די קריעס טראָגן אַראָפּ בריקן און הרעבליעס, די וואַסערן יאָגן פֿון די ברעגן, ריזלען און רוישן איבער באַרג און טאָל — זינגען אויס זייער ניט געצאַמט־פֿאַרשײַטע וואַסער־ליד . . . אָט דעמאָלטן, אין די נאַקעטע סעדער פלאַצן אויף די ווינטן אָנגעבראָקנעטע קנאָספּן און ס׳בליען אויף אין ראָזעווען צוויט די עפּל־און אין ווײַס־בלאָען בלי די ווײַנשל־ביימער: די ערד ווייעט מיט אופֿגייענדיקע ווייצן, מיט אָנגעקוואָלענע זאַפֿט־יורנדיקע בערעזעס און קליאָנען: — אין יענעם פֿרי פֿון יאָר נעמען ייִדן אין די שטעטלעך טיר און פֿענצטער פֿאַרקלאַפּן, — ווערמען זיי, די שטיבער, צו פֿאַרקויפֿן איז דאָך ניטאָ, און לאָזן זיך אַהין, אויף גאָטס חסד, מיט ווײַב און קינדער אויף דרום, צו די כערסאָנער סטעפּעס, אויפֿרײַסן דאָרטן מיטן אַקער־

לעמעך די בתולה־קרקע, פֿאַרזייען, שנײַדן, דרעשן, און מיטן שווייס פֿונעם פּנים דאָס ריפּטל ברויט פֿון דער מאַמע־ערד אַרויסרײַסן.

און ייִדן צוקן מיט די אַקסלען, נעמען די בערד אין האַנט אַרײַן, ווי געשטעלט זיי פֿאַר עדות, און ווי פֿאַר עמעצן מיט זיי, מיט אָט די פֿאַר דער צײַט גראָ און ווײַס געוואָרענע בערד, זיך פֿאַרענטפֿערט:

— האָבן מיר דען געהאַט אַן אַנדער ברירה, האָבן מיר דען געקאָנט אויסקלײַבן איינס פֿון די ביידע, האָבן מיר דען געהאַט אַ מאָנעשער, אַן אַנדער אַהער, אָדער אַהין?

— ניין, ניט געווען דאָ קיין אַנדער וועג. ניין, ניט געווען דאָ קיין אַנדער אויסוועג . . . דאָ, אין שטעטל, איז שוין דאָס וואַסער ביזן האַלדז דערגאַנגען. כּלו כּל הקיצין. דער הימל ליגט שוין בײַ דער ערד. ניטאָ מיט וואָס איבערצוקומען, כאָטש דריי זיך אַ שטריק אויפֿן האַלדז פֿון דער אייגענער באָרד. צו וועמען דאָ רעדן, צו וועמען דאָ שרײַען? דו קאָנסט נאָר רעווען ווי אַן אָקס אויפֿן שוועל פֿון דער בוינע . . .

— זיי האָבן אונדז טאַקע, די רויטע, דאָס לעבן פֿון פּאָגראָמען געראַטעוועט, זיי האָבן אָבער דערנאָך דעם ביסן פֿון מויל בײַ אונדז אַרויסגעריסן, חרובֿ געמאַכט אונדזער וועלט . . . די בתי־מדרשים פֿאַר סקלאַדן געמאַכט, די חדרים צעטריבן, אַ ייִדיש קינד זאָל ניט וויסן פֿון אַ קמץ אלף אָ . . . מל זײַן אַ קינד איז אַ שווערע זינד, אַ גאזלעוואָיסטווע, אַ קרימינאַל . . . אַ בראָך צו זייערע יאָרן!

— דערווײַל איז אַ בראָך צו אונדזערע יאָרן, אַ בראָך אויף דורות!

— דערצו האָבן זיי אונדז געמאַכט פֿאַר לישענצעס . . . אַזאַ מין סאָרט סאָוועצקע קרענק אויף ייִדן. מיר זענען דאָך בײַ זיי געוואָרן אַ „געפּערלעכער עלעמענט״ . . . אפֿשר קאָנט איר מיר זאָגן, ר׳ חיים, וואָס איז דאָס אַזוינס „עלעמענט״, מיט וואָס עסט מען דאָס?

— בײַטאָג עסט מען דאָס מיט פּעפּער, און בײַנאַכט שלינגט מען עס מיט טרערן און קללות. דו ליגסט אַ נאַכט מיט אָפֿענע אויגן און אַלץ רופֿט זיך אָפּ אין דיר, אין דײַן נשמה, ווי אין אַ פּוסטער וועלט, ווי אין אַ חורבֿה מיט אויסגעבראָכענע טירן און אויסגעלאָשענע פֿענצטער, ווו ווינטן הוליען און וואָיען, און ווו פֿלעדערמײַז הענגען בײַטאָג אין די ווינקלען . . .

— זאָל דער־וואָס־לעבט־אייביק זיך דערבאַרעמען אויף אונדז.

— און ניט נאָר אויף אונדז אַליין זאָל ער זיך, דער אייבערשטער, מרחם זײַן, נאָר אויך אויף אונדזערע קינדער, וואָס האָבן זיך אויסגעטאָן פֿון יִידישקייט, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם עול מלכות שמים, אַראָפּגענומען פֿון זיך דעם אחריות פֿאַרן מאָרגן . . . אויך אויף זיי זאָל דער אייבערשטער זיך מרחם זײַן, אויף די קינדער, וואָס זענען פֿאַרשטויסן געוואָרן, קאָנען אין ערגעץ קיין פֿוס ניט אַרײַנשטעלן, גייען אַרום הונגעריקע, פֿאַרשוואַרצטע . . . ס׳רײַסט דאָס האַרץ קוקנדיק אויף זיי.

— ס׳איז דאָ באמת מקוים געוואָרן דער אַלטער זאָג: די טאַטעס האָבן געגעסן זויערע פֿרוכט און בײַ די קינדער זענען הײַליק די ציינער.

— זיי גייען אַרום פֿאַרביטערטע, בייזע, קוקן אויף דיר מיט פֿאַרדראָס און פֿאַראיבל, ווי איך, דער טאַטע, וואָלט שולדיק געווען אין זייער מצב. זיי פֿאָדערן פֿון מיר אַ טעלער קוליש מיט אַ שטיקל ברויט . . . נאָר פֿונוואַנען זאָל איך דאָס נעמען? אַז מ׳זאָל קאָנען פֿון צרות קאָכן וואַרעמעס, וואָלט איך אָנגעהאָדעוועט אַ האַלבע וועלט.

— יִידן, — זאָגט מנחם מאַקאָווער, דער שמיד, שוין אין די גרויע יאָרן אַרײַן. — מ׳דאַרף ניט דרייען און גראָבן מיטן גראָבן פֿינגער. פֿונעם אייגענעם שאָטן קאָן מען ניט אַנטלויפֿן . . . פֿון וואָלט־ און זאָלט קאָן מען קיין ברויט ניט באַקן. וואָלט איך געהאַט הירזש און זאַלץ, וואָלט איך אָפּגעקאָכט אַ קאַשע, פֿעלט מיר אָבער שמאַלץ . . . ווער קאָן אָננעמען רעגנוואַסער אין אַ זיפּ? דער טאָג, יִידן שטייט ניט, די וועסנע וועט דאָרטן אויף אײַך ניט וואַרטן, נעמט די בײַטשן אין די הענט, קריכט אין די וועגענער אַרײַן און היידאַ, אין אַ גוטער שעה, מיטן אַלטן וועג אַהין, צו די אַלטע יִידישע קאָלאָניעס, צו די כערסאָנער סטעפּעס. ווי האָט ער געזאָגט מײַן טאַטע, זכרונו לבֿרכה, ויסעו ויחנו . . . דאָס איז אונדזער גורל!

— ר׳ מנחם, קאָנען מיר שוין טאַקע גאָרניט ענדערן, קאָנען מיר שוין טאַקע גאָרניט משנה זײַן אין אונדזער גורל?

— ניין, — ענטפֿערט מנחם, וואָס נאָכן האָרעוואַניע אין קוזניע, פֿלעג ער מיטן ברודער, מיטן סטעלמאַך, מיט נחמנען, ביז האַלבער נאַכט דאָרטן בלײַבן, און אַ בלאַט גמרא לערנען. ביידע ברידער, וואָס ווײַטער אין עלטער אַרײַן, אַלץ ענלעכער ווערן זיי אויף זייער טאַטן,

אויף דעם פויער־למדן, אויף ר׳ עזריאל מאַקאָווער. — ניין, מ׳קאָן אין אונדזער גורל גאָרניט ענדערן, און גאָרניט ניט משנה זײַן . . . דער וועג פֿון אַ פֿאָלק, ווי דער וועג פֿון אַ מענטשן, ווערט אָנגעצייכנט אין הימל. דער וועג ווערט דאָרטן אָנגעצייכנט פֿונעם וויגל ביז צו דער גרוב. אויף אָט דעם וועג אַהין קאָן מען עפּעס אויפֿטאָן, מתקן זײַן. מ׳קאָן קומען אַהין אַ גרעליײַטערטער . . . אָבער ענדערן דעם וועג קאָן מען ניט! ניין, מ׳קאָן אין אונדזער גורל גאָרניט משנה זײַן . . . איז לאָמיר, ייִדן, זאָגן אונדזער שטעטל: אַ גוטן טאָג! ווינטשן אַלע ייִדן וואָס בלײַבן דאָ אַ ליכטיקן מאָרגן, און מיר וועלן זיך לאָזן אין וועג אַרײַן. וויאָ אָדלערס!

אויך זיי, די מאַקאָווער, מנחם דער קאָוואַל און נחמן דער סטעלמאַך, פֿאָרן אויף צו באַזעצן און זיך אײַנוואָרצלען דאָרטן, אויף די כערסאָנער סטעפּעס, הגם זיי האָבן דאָ, אין שטעטל, ברויט און קוילעטש געהאַט — פּויערים מוזן האָבן וועגענער צום פֿאָרן, און אַקערס צום אַקערן! און קאָסעס, און סערפּן, און העק, און קאַפּאַניצעס, קאָן מען דערווײַל אין ערגעץ גרייטע ניט קריגן, מ׳דאַרף זיי בײַם שמיד באַשטעלן, בײַם ייִדן, וואָס אויך יענע שטוב, נאָכן אַרויסגעטריבן ווערן פֿון דאָרף, די אויפֿגעשטעלטע שוין דאָ, אין שטעטל . . . אויך די נײַע שטוב האָבן זיי, די גויִם, פֿאַרברענט.

זיי קומען, די גויִם, קוקן ניט אין פּנים אַרײַן, פּאַמקען די ליולקעס, פֿאַרשטעלן זיך מיטן געדיכטן שאַרפֿן זיליע־רויך די אויגן מ׳זאָל זיי ניט דערקענען . . . דאָס האָבן זיי, די שטילע פּאָלישוקעס, די שכנים, פֿון די אַרומיקע כוטערס און דערפֿער, געהאָלפֿן זייערע זין, וואָס אין די ברייטע בלאָווע הויזן, אין די ווײַסע סוויטעס אויף די אויסגענייטע העמדער, אין די גרויע קאַראַקולנע יאַלעמעס מיט די רויטע טשיפּקעס, די רוצחישע שוואַרצמאהניקעס, צו ברעכן אין די נעכט טיר און פֿענצטער, מיט די סוקעוואַטע שטעקנס שלאָגן אַלטע לײַט, ווײַבער, און קינדער פֿון די וויגעלעך דורך די אויסגעזעצטע פֿענצטער אין דרויסן, אויפֿן פֿראָסט, אין שניי אַרויסוואַרפֿן . . .

און די פֿלאַקער־פֿײַערן, און די וויי־געשרייען האָבן אין די נעכט ביז צו די הימלען דערגרייכט. נאָר וואָס העכער די שׂרפֿות, און וואָס שטאַרקער די וויי־געשרייען און קלאָגן פֿון די פֿאַרגוואַלדיקטע, אַלץ אַכזריותדיקער האָבן זיי, די אייניקלעך פֿון כמעלניצקי און גאָנטאַ,

געשלאָגן, און ביז צום אויסגעבלוטיקטן אָטעם . . . זיי, די פּעטליוראַ־הײַדאַמאַקעס, האָבן צוזאַמען מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס, מיט זייערע ברידער און שוועסטער, געראַבעוועט דאָס ייִדישע האָב און גוטס מיט ווילדער זשעדנעקייט, מיט געלער פּינע אויף די בערד, געכאַפּט וואָס נאָר אונטער דער האַנט געקומען, און וואָס שוין ניט געקאָנט אין די זעק, אין די לאַנטעכער, אין די ברייטע הויזן אַרײַנשטופּן, אויף שטיקלעך און פּיצלעך געריסן, און דערנאָך די הײַזער אונטערגעצונדן, ייִדן זאָלן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ בלײַבן.

און ניט נאָר קרובֿים און שכנים, קינד און קייט האָבן פֿון שטעטל ביז אין פֿעלד אַרײַן אַרויסבאַגלייט די איבערוואַנדערער, איבער די פּרילינגדיקע וואַסערן געגאַנגען, פֿאַר די דראַבינעס פֿון די וועגענער זיך געהאַלטן, און געווינטשעוועט אַ גליקלעכן וועג און דאָרטן, בײַם אָנקומען אַהין, אויפֿן סטעפּ, צווישן הימל און ערד, מזל און ברכה האָבן.

און זיי, די איבערוואַנדערער, בײַם אַרויספֿאָרן פֿון שטעטל, באַזונדערס די ווײַבער, האָבן די טרערן אין אויג ניט געקאָנט אײַנהאַלטן: דאָ, בײַ אָט דעם באַוואַלדיקטן באַרג, בײַ אָט דעם פֿולוואַסערדיקן טײַך מיט די וויין־ווערבעס, געבוירן געוואָרן, אויסגעוואָקסן, די ערשטע ליבע געשפּילט, אין די צעבליטע בעזנעכט אויף די פֿריזבעס שטיל געזונגען:

שוואַרץ ביסטו שוואַרץ,
שוואַרץ, ווי אַ ציגײַנער,
אַ האָפֿענונג האָב איך צו גאָט,
אַז דו וועסט בלײַבן מײַנער!

און אונטער דער חופּה געשטאַנען, קינדער געהאַט . . . און אַ קנויל בענקשאַפֿט, בײַם אַרויספֿאָרן פֿון שטעטל, גייט אונטער צום גאָרגל, און אַ טרויער, אויף אים ניט צו פֿאַרשטיין און ניט צו דערקלערן, כאַפּט זיך פּלוצעם אין האַרצן אַרײַן: און די אַלטע אויסגעקרומט־צעפֿוילטע, די מיט מאָך־באַוואָקסענע גרינע שטאַכעטן־פּלויטן, און דער צעפֿאָרן־צעגריבלטער שאָסיי ווערט מיט אַ מאָל ביז ווייטיק אייגן, ליב און טײַער ביז צו דער ערד צופֿאַלן און איטלעך גלאַט־אויסגעריבן שטיינדל קושן.

און וואָס וועט דאָ מיט אונדזער שטעטל ווערן?

נאָר פּלוצעם דערזעט מען ווי זי, מנחם מאַקאָווערס שנור, טעמערל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין יענער ערבֿ־ווינטערדיקער נאַכט, אין וויכערדיקן וואַלד, אויפֿן וואָגן, בײַ דעם פּלאַם פֿון דער ברענענדיקער שטוב, וואָס דער זיידע אירער, עזריאל מאַקאָווער ז״ל, האָט נאָכן אַרויסטרײַבן אים פֿון דאָרף אַליין אונטערגעצונדן . . . זי, טעמערל, אַ נאָמען נאָך איר מאַמע, וואָס האָט נאָכן האָבן דאָרטן, אין נאַכטיק־וויכערדיקן וואַלד דעם צווילינג, אויסגעהויכט די נשמה מיט געשריי: „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער . . . פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער!״ זי, טעמערל, וואָס אין די הויכע חדשים אַרײַן, שוין נאָכן דורכפֿאָרן דעם בית־עלמין, בעט דעם שווער, דעם פֿעטער אירן, אָפּשטעלן די פֿערד, קריכט פֿון וואָגן אַראָפּ און לאָזט זיך אויף קריק גיין, צום הייליקן אָרט . . . וויל זי דער מאַן אירער פֿאַרהאַלטן, נאָר דער טאַטע זאָגט אים:

— שטער ניט, זאָל זי גיין, זאָל זי . . . גיי מיט איר, שאול, באַגלייט זי, גיב איר אַ האַנט, זע זי זאָל חס וחלילה, ניט אויסגליטשן זיך, אונטערן וואַסער איז נאָך דאָ און דאָרטן פֿאַראַן אײַז . . . און איר, ייִדן, איר פֿאָרט, איך וועל אײַך אָניאָגן! נאָר קיינער רירט זיך פֿון אָרט ניט. אַלע בלײַבן מיט פֿערד און וואָגן אויפֿן וועג שטיין, ווו די וואַסערן ריזלען איבער דער וועסנע־ערד, ווי אונטער די הימלען, אויף דער פֿרימאָרגנדיקער זון, קלאַקאָטשען די קראָן־און וואַלדשנעפּן, וואָס קערן זיך אום פֿון די ווײַטן אויף צו נעסטן זיך דאָ בײַ די טײַכן.

און מ׳וואַרט אויף איר לאַנג, אויף טעמערלען, וואָס פֿאַרהאַלט זיך ניט נאָר אויפֿן קבֿר פֿון איר מאַמע, נאָר אויך בײַם קבֿר פֿון איר זיידן, ר׳ עזריאל, און אויך אויפֿן קבֿר פֿון איר טאַטן, וואָס איז געהרגעט געוואָרן שוין אין סיביר פֿאַר זײַנע נבֿיאות אויף רוסלאַנד און אויף ניקאָלײַ דעם צווייטן . . . און אויך זיך פֿאַרהאַלטן אויפֿן קבֿרל פֿון איר ברודערל, וואָס איז אויף די סיבירער וועגן, אין דער דרײַטאָגיקער זאַווערוכע, אומגעקומען; און געלעגן אויפֿן קבֿר פֿון איר שטיפֿמאַמע, פֿון מילקע מאַקאָווער, וואָס האָט זיך דאָס לעבן גענומען, ווײַל מיט אַ פֿאַרפֿרוירן קינד אין דער נשמה, קאָן מען ניט לעבן . . . און שוין צום סוף צוגעפֿאַלן צו דער מצבֿה פֿון איר פֿעטער, פֿון תּנחום מאַקאָווער, וואָס האָט זי, טעמערלען, פֿון די רוצחישע שוואַרצמאַהניקעס הענט

אַרויסגענומען, פֿון אַ זיכערן טויט זי געראַטעוועט: די פּעטליוראַווצעס האָבן זי פֿון וויגעלע אַרויסגענומען און געוואָלט דורכן אויפֿגעבראָכענעם פֿענצטער אויפֿן פֿראָסט, אין שניי אַרויסוואַרפֿן . . . און דעם פֿעטער תּנחומען, וואָס האָט זיך זיי אַנטקעגנגעשטעלט, אים האָבן זיי געהרגעט.

און שוין דאָרטן, בײַם אַרויסגאַנג, האָט זי זיך ווידער, טעמערל, מיטן פּנים צום בית־עלמין זיך אויסגעדרייט און מיט אַ באַזונדער מין ציטער און שטאַמל, ווי פּלוצעם עפּעס זייער שרעקלעכס און אויפֿשווידערנדיקס פֿאַר די אויגן דערזען, געפֿרעגט בײַם מאַן:

— שאול, שאול, דו זעסט דאָרטן, בײַם שוואַרצן וואַלד, גאָרניט? קוק אַהין, שאול, אַהין צום וועג, ווו עס שטייט דער הילצערנער צלם מיט יעזוסן . . .

— ניין, איך זע דאָרטן נאָר ווי אין כוטער בליאַסקען אויף דער זון בײַ וואַסילס כאַטע די טאַפּליעס, און פֿון קוימען גייט אַ רויך.

— און מיין זעסטו דאָרטן גאָרניט?

— ניין. מיין זע איך גאָרניט. און וואָס זעסטו דאָרטן, טעמערל?

— האָט זיך מיר דאָס אַפּנים אויסגעדאַכט. סע זאָל זיך מיר אַזעלכס שוין מיין ניט אויסדאַכטן . . . שאול, איך האָב געזען ווי מ׳וואַרפֿט מיך אַן אָפּגעשווירענע, אַ נאַקעטע, לעבעדיקערהייט אין פֿײַער אַרײַן . . . און אַז ער וויל איר עפּעס זאָגן, שלאָגט זי אים איבער: שאול, ווי שיין, און ווי שטיל ס׳איז דאָ אויפֿן הייליקן אָרט. די אָלכעס בליען שוין, און פֿון אונטער די מצבֿה שטיבלעך שלאָגן אַרויס בלאָווע שנייגלעקלעך . . . שאול, דו זאָלסט מיך באַהאַלטן דאָ, אויף אָט דעם הייליקן אָרט. דאָ איז גוט צו ליגן. נאָכן טויט דאַרף אַ מענטש אויך האָבן אַן אָרט . . . און איך וויל ליגן אויף אָט דעם הייליקן פֿעלד, ווו ס׳ליגן באַהאַלטן דורות מאַקאָווער . . . כ׳וויל ליגן לעם מײַן מאַמען, לעם מײַן זיידן, עזריאלן, לעם מײַן טאַטן, דעם נבֿיא, לעם מײַן ברודערל, וואָס איז פֿאַרפֿרוירן געוואָרן, און לעם מײַן מומע מילקע . . . דאָ שאול, גראָד דאָ, אויפֿן בית־הקבֿרות, טרעט פֿון מיר אָפּ דער פּחד פֿאַרן טויט!

— לעבן מײַנס, טעמערל, פֿון דײַנע רייד וועט זיך מיר באַלד אָפּשטעלן דאָס האַרץ.

— שאול, איך וועל שטאַרבן בײַם גיין צו קינד, אין וועג, ווי די מאַמע

מײַנע, אויפֿן וואָגן . . . און אויך בײַנאַכט, בײַ אַ רויטן מולד, און איך וועל אויך פֿאַרן טויט זען, ווי זי, ווי די מאַמע מײַנע, פֿײַערן . . . מײַן טאַטע, וואָס האָט מיך קליינערהייט דאָס ערשטע מאָל גענומען אויף די הענט, האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול . . . ער האָט אַפּנים, דערזען פֿאַר זיך מײַן טויט!

— טעמערל, ווער האָט דאָס דיר אַזעלכס דערציילט?

— מײַן ברודער, מיכל, וואָס האָט זיך די טעג ראַפּטום, נאָך אַזויפֿיל יאָרן פֿאַרפֿאַלן ווערן, אַרײַנגעשטעלט אין אונדזער קוזניע . . . דו ביסט דאָך אויך געווען דערבײַ. דאָס האָט ער, מיכל, מיר דערציילט וועגן דעם טאַטן . . . אָבער נאָך פֿריער, נאָך איידער מיכל האָט מיר דערציילט וועגן דעם טאַטנס געוויין, שוין פֿריער האָב איך זיך נאַכט נאָך נאַכט געזען אויף אַ וועג מיט פֿײַערן . . . קום, שאול, די פֿורן וואַרטן אויף אונדז. פֿונעם גורל, שאול, קאָן מען זיך אין ערגעץ ניט אויסבאַהאַלטן. קום, שאול, קום!

## ב.

און מ׳פֿאָרט ווײַטער אויף דרום, צו די בוריאַן־פֿאַרוואָקסענע סטעפּעס, אַ מקום מנוחה, אַ דאַך איבערן לעבן געפֿינען: דורך די פֿאָלעסיער וועלדער, נאָך נאַקעטע, נאַסע, אָבער שוין מיט דורכשײַנענדיקע גרינע רויכן דורכגענומען: די ערד שמעקט מיט די פֿאַרביקע לילאַ־ראָזעווע גלעקלעך, מיט צוויט פֿון אָסיקע, נוס־און אָלכע־ביימער: פֿון די טאָלן מיט פֿאַראַיאָריקע, אויף די צווײַגן פֿאַרדאַרטע, טערפּקע קליאָן־און דעמבן־בלעטער, און ס׳ווייעט אויך מיט פּעך פֿון פֿרישע יאָדלע־נאָדלען. און די פּיקהאָלצן פּיקן און פּײַקלען, און איבער די אויפֿגייענדיקע פֿעלדער, איבער די אויף ווינטער פֿאַרזייטע קאָרן־ און ווייצן, זענען די הימלען פֿול מיט וואַנדער־פֿייגלען — נאָך די גראַקן, שטאַרן און לאַרכן, פֿליִען די ווילדע געענדז און הינטער זיי בלענדן אין די זוניקע בלויִקייטן ווײַסע שוואַנען, און אויף די פֿאַרפֿלייצטע ברעגן, אין די וואַסער־געוויקסן, לייגן אָפּ

דעם רויג די העכטן, קאַרעשן און קאַרפּן . . . און פֿון דער ערד ביז צו די ווײַטסטע הייכן שאַלט און זינגט מיט פֿרייד פֿון לעבן און פֿון זײַן.

און זיי פֿאָרן די איבערוואַנדער־ייִדן, מיט יענע בלאָטיקע וועסנע וועגן, דורך כוטערס און דערפֿער, דורך סעדער מיט קאַרשן און עפּל־צוויט, פֿאַרבײַ שוואַרץ־שטרויענע דעכער, אָנגערוקטע איבער די פֿאַרגעלטע פֿענצטער־טאַפּליעלעך, וואָס ס׳שלאָגט פֿון זיי מיט הירזשענע קאַשעס צוגעשמאָלצטע מיט קאָנאָפּליע־אייל, און פֿון די אָפֿענע שטאַלן מיט וואַרעמען הני . . . פֿאַרבײַ די בלאָטיקע הייפֿן מיט די אָפּגעקעלבטע, פֿאַרן ווינטער אויסגעדאַרטע, רעווענדיקע בהמות; פֿאַרבײַ די ליימענע קריגלעך אויף די לאָזע־געפֿלאָכטענע פּלייטן, ווו פּויערים, מיט די סוויטקעס אויף די אַקסלען, קומען צו די טויערן אַרויס, טרײַבן די בילנדיקע הינט, און פֿרעגן בײַ די פֿאַרבײַ־פֿאָרנדיקע ייִדן:

— וווּהין פֿאָרן מענטשן? אויף כערסאָנשטשינע? דאָס איז גוט!

— דאָ פֿעלט ערד פֿאַר אונדזעריקע . . .

— דאָ האָבן שוין אײַערע, די שטעטלדיקע, אונדזערע ערדן פֿאַרכאַפּט . . . גוט וואָס איר פֿאָרט אַהין־צו.

— און דאָרטן, — פֿרעגט מנחם מאַקאָווער. — דאָרטן וועלן יענע, אײַערע ברידער, ניט זאָגן אַז מיר פֿאַרכאַפּן זייערע ערדן?

— צע ווזשע נע נאַשע דילא — דאָס איז שוין ניט אונדזער זאַך.

— א מאָזשע וואָם צע סקאַזשוט . . . און אפֿשר וועט מען דאָס אײַך אויך דאָרטן זאָגן . . .

— איר האָט געהערט, ייִדן?

— און אַז געהערט . . . מיר פֿאַרכאַפּן בײַ קיינעם און אין ערגעץ ניט קיין פֿרעמדע ערדן. די ערד באַקומען מיר פֿון דער מלוכה.

— און דאַרטן, אויף די כערסאָנער סטעפּעס, דאָרטן געפֿינען זיך ייִדישע קאָלאָניעס שוין באַלד הונדערט יאָר!

— נו, און אַז הונדערט יאָר?.. האָבן דעם באַטקאָ פּעטליורעס היידאַמאַקעס און דעם באַטקאָ מאַכנאָס אָדלערס ניט געראַבעוועט און געהרגעט ייִדישע קאָלאָניסטן, ייִדישע פּויערים? ווי אַזוי נאָך געראַבעוועט, פֿאַרגוואַלדיקט און געהרגעט . . . . זייערע האָט דער סאָציאַליסט פּעטליוראַ און דער אַנאַרכיסט מאַכנאָ מיט קיין פֿינגער ניט

אַנגערירט. הונדערט יאָר . . . מיר לעבן שוין אויף אוקראַינע טויזנט יאָר און מיר זענען נאָך אַלץ דאָ פֿרעמדע! שוין צוריק מיט טויזנט יאָר איז אין קיעוו געווען אַ פּאָגראָם אויף ייִדן . . . ווי נאָר רוסלאַנד האָט אָנגענומען דעם קריסטנטום, ווי נאָר מ׳האָט זיך אָנגעהויבן צלמען, אַזוי האָבן זיך דאָ באַלד אָנגעהויבן פּאָגראָמען אויף ייִדן! הונדערט יאָר . . . וועט איר דאָך מיך פֿרעגן: וואָס זשע פֿאָרט איר אַהין ר׳ יואל מאַקאָווער? איך פֿאָר? די צײַט טרײַבט מיך, די צרות אויף רעדער דרייען מיך . . . וווּהין קאָן איך, דער לישעניעץ, זיך אַהינטאָן, זיצן מיט צונויפֿגעלייגטע הענט און אויסגיין דאָרטן, אין שטעטל, מיט ווײַב און קינדער פֿון הונגער?

— אײַערע רייד, ר׳ יואל וואָלטן באַדאַרפֿט פֿאַר די קומענדיקע דורות אויף נײַע לוחות מיט פֿײַער אויסגעקריצט ווערן!

— און ווער וועט דאָס אויסקריצן, די קינדער אונדזערע, וואָס רײַסן זיך מיט אַלע כּוחות צו זיי, צו די באָלשעוויקעס? זיי האָבן מורא, די קינדער אונדזערע, ניט צו פֿאַרשפּעטיקן, חלילה, בײַם איבערבויען די וועלט, בײַם באָוועזן אַ נײַעם בּבֿל־טורעם . . .

— איר ווילט אַוודאי זאָגן: אַ בּבֿל־טורמע, אַ סדום־בעטל!

— אָן־אָ גייט שוין איינער, וואָס האָט מיט לײַב און לעבן געדינט זיי, לענינען מיט דזשערזשינסקין . . . נאָך וואָס גייט ער דאָרטן, דער בעל־תּשובֿה. שוין דעם פֿערטן טאָג, און פֿאַרוואָס האַלט ער זיך אַזוי פֿון דער ווײַטנס?

און ער איז באמת, דער בעל־תּשובֿה, מיט זײַן הולך, האַלטן און פֿירן זיך, אַ האַרטע רעטעניש דאָ פֿאַר אַלעמען. טאַקע גאָרניט צו באַשיידן. קיינער פֿון די איבערוואַנדערער ווייסט גאָר ניט צוליב וואָס ער, דעם נבֿיאס זון, מיכל, גייט נאָך די בוידן־וועגענער, און פֿאַרוואָס האַלט ער זיך אויף אַזאַ מהלך ווײַט, ווי אַ זײַטיקער, ווי איינער וואָס האָט אַהער־צו קיין שייכות ניט. אַפֿילו זיי, די פֿעטערס זײַנע, די מאַקאָווער, קאָנען קיינעם ניט דערקלערן, צוליב וואָס, און נאָך וואָס גייט ער דאָרטן, דעם נביאס זון, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אין שטעטל באַוויזן, צום פֿעטער אין קוזניע אַרײַן, דאָס אָפּגעריבן לעדערן קופֿערטל, און דעם פֿידל־קעסטל, וואָס אויפֿן רוקן, פֿון שטריקל אָפּגעבונדן, אין ווינקל אַוועקגעשטעלט און שטיל קוים צו הערן, געזאָגט:

— איך בין מיכל מאַקאָוועף, אײַער שוועסטערס זון . . . אין דעם ווינקל, פֿעטער מנחם, וועל איך צונויפֿקלאַפּן אַ טאַפּטשאַן אויף צו האָבן אַווו דעם קאָפּ צושפּאַרן. איך וועל זיך דאָ בײַ אײַך, פֿעטער מנחם, לאַנג ניט פֿאַרהאַלטן. נאָר ביז זי, מײַן שוועסטער, טעמערל, וועט געלעגן ווערן . . .

— פֿון וואַנען ווייסטו דאָס, אַז טעמערל איז אויף דער צײַט? און פֿאַרוואָס ביסטו ניט אויף דײַן, נאָר אויף דײַן מאַמעס פֿאַמיליע?

ער ענטפֿערט אויף דעם ניט און רעדט זיך ווײַטער, אָבער נאָך שטילער, שוין אַזוי, אַז מ׳דאַרף צו אים דעם אויער אָנשטעלן: — ביז איר איבערקומען, וועל איך דאָ בײַ דער האָרנע און מיטן גרויסן האַמער אײַך צוהעלפֿן, און אין די אָוונטן, ווי מיטן זיידן עזריאלן, ז״ל, וועלן מיר אַ בלאַט גמרא לערנען.

שוין נשתּומם און דערשטוינט פֿון זײַן קול אַליין, אַ ציטערנדיקס, ווי אַן אָסיקע בלאַט אויפֿן ווינט, און אַזאַ שטילס, ווי מורא געהאַט מ׳זאָל, גאָט באַהיט, אין זײַן קול ניט דערהערן, וואָס אין זײַן נשמה טוט זיך . . . אַ קול פֿון איינעם, וואָס קומט פֿון אַן אַנדער וועלט, וואָס וויל קיינעם צו זיך אַהין ניט אַרײַנלאָזן, וויל דאָרטן פֿאַרבלײַבן איינער אַליין, נאָר פֿילט אַז ער איז שוין ניט ביכולת, שוין ניט אומשטאַנד, שוין ניט אין זײַנע כּוחות אין יענער וועלט צו פֿאַרבלײַבן און מוז שוין פֿון דאָרטן, פֿון יענער באַהאַלטעניש זײַנער, אַרויסגיין און אַנטפּלעקן זיך, ווײַל מיט זיך אַליין קאָן ער שוין די נשמה זײַנע ניט שטילן, ער מוז שוין אַ קאַפּעלע וואַרעמקייט פֿון אַנדערע האָבן, און אויך פֿאַר עמעצן, פֿאַר אַ נאָענטן, זיך מתוודה זײַן . . .

און אויך זײַן אומדערוואַרטער און פּלוצעמדיקער אַרײַניאָוועץ זיך האָט שטאַרק פֿאַרחידושט און ביז גאָר איבעררעשט: נאָך אַזויפֿיל יאָרן פֿון אָפּגעפֿרעמדקייט, פֿון ניט געבן פֿון זיך צו הערן און צו וויסן, און פֿון יענעם טאָג אָן, פֿון דעם ווינטערדיקן, ווען ער, דער דרײַצניאָריקער מיכעלע, דער עילוי, האָט דעמאָלטן, אַז מילקע מאַקאָוועף האָט זיך מיט זײַן טאַטן דעם נביא, אונטער דער חופּה געשטעלט, דאָס מיט טינט אָפּגעגאָסענע ווײַסע ציגעלע אין שטוב אַרײַנגעוואָרפֿן . . . און דערנאָכדעם אויף נאַכט, אין דעם גרויסן פֿראָסט, פֿון דער היים, און אויך פֿון שטעטל, פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, ווי אויפֿן פֿאַרפֿרוירענעם טײַך,

אין אַ פּאָלאַנקע אַרײַנגעפֿאַלן. אמת, שפּעטער־צו האָט זי, מילקע, וואָס האָט געוווּסט פֿון דעם ייִנגלס שׂינאה צום טאַטן, און אויך פֿון זײַן ליבע צו איר, צו מילקען: זי האָט אים שפּעטער יאָ אָפּגעזוכט בײַ די מוסרניקעס, אין דער קאָוונער, אין דער סלאָבאָדקער ישיבֿה. נאָר דערנאָך, נאָך איר נעמען זיך דאָס לעבן, איז ער פֿון דאָרטן, פֿון יענער ישיבֿה, אויך נעלם געוואָרן, און מיין שוין פֿון אים, פֿון עזריאל מאַקאָווערס אייניקל, פֿון מיכעלען, ניט געהערט.

און ערשט אין יאָרן אַרום, שוין נאָך דער צווייטער, שוין נאָך יענער, דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, שוין נאָך אָט דעם גילגול פֿון גאולה און צדק . . . ערשט דעמאָלטן פֿאַלט מען אויף זײַן סליד אַרויף, און ער שווימט פֿון דער נעלמקייט אַרויס, און ס'הייבן אָן פֿון וועגן אים צו דערגיין אַהערצו, אין שטעטל, כּלערליי זאָגעכצן: ער, מיכעלע, דער עילוי, וואָס ייִדן האָבן זיך מיט אים געבענטשט, ער האָט די ישיבֿות געוואָרפֿן, אַ פֿאַרברענטער באָלשעוויק געוואָרן, מיט בודיאָניס רײַטער־אַרמיי, ווי אַ קאָמיסאַר, ביז צו וואַרשע דערגאַנגען און דאָרטן, ערגעץ בײַ דער ווײַסל שווער פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן . . . אויף צו היילן האָט מען אים קיין מאָסקווע געבראַכט און דאָרטן, אין מאָסקווע, בײַ דזשערזשינסקין, אין טשעקאַ, מגולגל געוואָרן.

— וואָס איז דער וווּנדער, אַז מ'שטעלט אַרײַן אַ פּוס צו זיי, צו די באָלשעוויקעס, אַזוי ווערט מען שוין דאָרטן אין דער טומאה פֿאַרזונקען . . . אויפֿן פּראָסט ווערן זיסע ווײַנטרויבן זויער.

— מ'זאָגט אַז דער גרויסער רעטער פֿון דער רעוואָלוציע, דזשערזשינסקי, וואָס האָט אויך אַמאָל אין אַ קאַטוילישער סעמינאַריע געלערנט, געוואָלט ווערן אַ קסיאָנדז . . . ער, דזשערזשינסקי, זײַענדיק אין אַ שפּיטאָל האָט דאָרטן אין קאָרידאָר אויף דער ערד אַ שווער גערעַניעטן דערזען ליגן, און איז מיט אַ מאָל ווי אײַנגעגראָבן געבליבן שטיין: יענעמס אויגן, דעם גערעַניעטנס, האָבן אים פּשוט געפּלעפּט . . . וואָס האָט ער אַזוינס אין מיכלס אויגן געקאָנט דערזען?

— ווער קאָן עס וויסן? אפֿשר האָט ער, דזשערזשינסקי, דער געוועזענער פֿרומער סעמינאַריסט, וואָס האָט אין די נעכט געחלומט פֿון אַ רויטער קאַרדינאַל־מאַנטיע . . . אפֿשר האָט ער אין דעם גערעַניעטן קאָמיסאַרס אויגן פּלוצלינג דערזען זײַן אַמאָליקן יעזוסן?

אָבער פֿון דעמאָלט אָן, פֿון יענע יאָרן, פֿון וויכער און פֿײַער פֿון טרערן און טרויער, זענען שוין אַ סך פֿאַרבלוטיקטע האָפֿענונגען און חלומות מיט די וואַסערן אָפּגעלאָפֿן . . . און אַז ער, מיכל, באַלד נאָך פּסח, בײַם גרייטן זיך אין וועג אַרײַן, איבערוואַנדערן פֿון שטעטל אויף די כערסאָנער פֿעלדער, האָט זיך אין קוזניע אַרײַנגעשטעלט, איז אים געווען שוין נאָר מיט אַ גאָר גרעאָטענעם אויג צו דערקענען . . . און ניט נאָר זײַן קול, וואָס קומט ווי פֿון אונטער דער ערד, ווי פֿון אַן אַנדער וועלט אַרויס, האָט פֿאַרחידושט און דערשטוינט, נאָר אויך זײַן אַרײַנהינקען מיטן הויכן און משונה־גראָבן סוקעוואַטן שטעקן אין האַנט, און דערצו נאָך אין זײַן הולך . . . און שוין אין דער צײַט פֿון אַרויסרײַסן די לעצטע וואָרצלען און פֿאַרשיטן די לעבעדיקסטע קוואַלן: אין טעג פֿון פֿאַרניינען, פֿון ווילדער ווידערשפעניקייט און אָפֿענער כּפֿירה, פֿון שינאת הדת און חילול־הקודש . . . אַרײַן אין אַן אַלטער שוואַרץ־גלאַנציקער קאַפּאָטע, אין אַן אָפּגעטראָגן שוואַרצן קאַפּעלױשל אויפֿן קאָפּ לאַנגע האָר, אין אַ שוואַרצער באָרד און פּאות, פֿאַרשאַרטע אַרונטער די אויערן, און מיטן פֿידל אויפֿן שטריקל . . .

און דאָך, הגם מיט אַזאַ קול, אויסזען, און הולך, האָבן זיי, די פֿעטערס זײַנע אין קוזניע, מנחם און נחמן, פֿאָרט דערזען אין אים, אין דעם אַרײַנגעקומענעם — און ווי נאָר דעם שוועל אַריבערגעהונקען — דער שוועסטערס און דעם נבֿיאָס זון . . . און זײַן פּנים איז אויך געווען פֿונעם זיידן, פֿון עזריאל מאַקאָווער, דער עיקר פֿון יענעמס דורכדרינגלעך־פֿאַרטראַכטן און עקשנותדיקן בליק, וואָס וויל מיטן חוש־הראיה, מיט יענער פֿאַרבאָרגענער ליכט אין דער נשמה, צו עפּעס־וואָס זיך דערקלײַבן און פֿון דאָרטן, פֿונעם דנאָ, אויף דער ליכטיקער שײַן אַרויסציִען און פֿאַר אַלעמען אַ פֿאַרבאָרגענע שיינקייט און הייליקייט מגלה־זײַן . . . נאָר יענער בליק בײַ זײַן זיידן פֿלעג באַלד אין אַ טרויער־נעפּל אַרײַן, ווי פֿאַרשטאַנען, אַז אַהין, צו יענעם דנאָ, קאָן מען זיך ניט דערקלײַבן, ניט פֿאַר מענטשלעכע כּוחות . . . און אפֿשר האָט ער שוין געשפּירט, דער זיידע זײַנער, ר׳ עזריאל מאַקאָווער, אַז אַהין צו יענעם דנאָ, טאָר מען זיך גאָר ניט אַראָפּלאָזן, מחמת דאָרטן, אויף יענעם דנאָ, געפֿינט זיך ניט קיין שיינקייט און הייליקייט, נאָר משוגעת און טויט.

אָבער יענער תּהום־געפֿיל בײַם ייִדן, בײַם קדוש, בײַ ר׳ עזריאל מאַקאָווער, ז״ל, וואָס קיינער האָט זײַנע רייד, בשעת דער גסיסה, פֿון וועגן אור לגוים ניט פֿאַרשטאַנען . . . בײַ יענעם, בײַם ייִדן, איז יענער תּהום־געפֿיל אַ ווײַטער אַ ניט קלאָרער, אַ פֿאַרשטאָנטער, ווי אין אַ געדיכטן שפּינוועב אײַנגעוויקלט, און אַ ביז גאָר מטושטשער געווען! און בײַ דעם, בײַם אייניקל, בײַ מיכל מאַקאָווער, איז שוין יענער תּהום־געפֿיל, אַז דאָרטן, אויף יענעם דנאָ, געפֿינט זיך משוגעת און טויט, אַ ביז גאָר נאָענטער געווען, שוין אַן אויסגעשיילטער, שוין אַ שרעקלעך קלאָרער פֿאַר די אויגן געשטאַנען, און ניט נאָר אין טרויער, נאָר שוין אין ייִאוש אים אַרײַנגעוואָרפֿן.

אָט־אָ דעם קלאָרן און אומפֿאַרמײַדלעכן תּהום־און ייִאוש־געפֿיל, האָט ער שוין פֿון אים געירשנט, פֿון זײַן טאַטן, דעם נבֿיא, וועמען ער האָט פֿײַנט געהאַט פֿאַרן פֿאַרעלנטן און פֿאַריסורימען די מאַמע, פֿאַר זײַן אַנטלויפֿן פֿון איר, און מאַכן זי אויף יאָרן פֿאַר אַן עגונה, און דערנאָך אין יאָרן אַרום, זיך פּלוצעם אַהיים אומקערן, און אין דרײַ חדשים אַרום ווידער אין מיטן דער נאַכט פֿון איר נעלם ווערן . . . און נאָך מער האָט ער אים, דעם טאַטן זײַנעם, דעם נבֿיא, פֿײַנט געקראָגן פֿאַרן פֿירן זי, מילקען, אונטער דער חופּה. דאָס אַרײַנלאָזן אַהינצו, אונטער דער חופּה, דאָס אָפּגעשוואַרצטע ציגעלע, איז געווען זײַן, מיכעלעס קללה . . . און דער טאַטע האָט עס געוווסט און דערפֿאַר געהייסן מילקען, טאַקע באַלד נאָך דער חופּה־שטעלן, דאָס מיט טינט אָפּגעגאָסן ציגעלע דעם קצבֿ פֿאַרקויפֿן און די אֶכצן זעקסערס אויפֿן פּוסטן מאַרק, אונטער דעם רויטן מולד, אין אַלע פֿיר זײַטן צעוואָרפֿן.

און אין קוזניע פֿאַרהאַלט ער זיך ניט, גייט אין זײַטיקע רייד ניט אַרײַן — דער קול איז אים ווי גאָר פֿאַרפֿאַלן געוואָרן . . . און אַז דאָס קופּערטל און אויך דעם פֿידל אין ווינקל אַוועקגעשטעלט, אַזוי באַלד געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג. נאָר דאָרטן, בײַם שוועל, פּלוצלינג אַ דריי אויס געטאָן זיך, ווי איינער וואָס האָט דאָ מיט אַ מאָל אָן זייער וויכטיקס זיך דערמאָנט, און אויף איר, אויף מילקעס ווײַטער קרובֿה, אויפֿן אַמאָליקן דינסטמיידל אַ פֿרעג געטאָן: ווו וואָלט ער, מיכל, געקאָנט אַ שטייגער זי זען, דוואָשען?

זאָגן זיי אים: זי לעבט איצטער, דוואָשע, מיט טעמערלען. זי איז

דאָך דעמאָלטן פֿאַרבליבן, דוואָשע, איינע אַליין, און דערצו נאָך מיט אַ שרעקלעכער אײַנרעדעניש . . . מילקע האָט איר, דער ווײַטער קרובֿה, איבערגעלאָזט אַ שיינע ירושה, דעם האַלבן באַראָוויצער וואַלד. האָט פֿאַר איר חתונה געהאַט דער אַלמן, דער רײַכער וואַלד־סוחר, ראובֿן ראַפּעס . . . האָבן די פּעטליוראָווצעס ראובֿנען געהרגעט, די באָלשעוויקעס האָבן דעם וואַלד צוגענומען, ווי זיי האָבן צוגענומען בײַ די קינדער מילקעס ירושה . . .

און דאָ שלאָגט ער זיי, מיכל, איבער: ווייסט עמעצער, צי אפֿשר עפּעס וואָס פֿון איר געהערט, פֿון ראובֿן ראַפּעסעס טאָכטער?

און ניט נאָר די שאלה זײַנע פֿון וועגן ראובֿן ראַפּעסעס טאָכטער פֿאַרחידושט, דער עיקר ווי אַזוי בײַם פֿרעגן וועגן איר, בײַט און ענדערט זיך אים דער קול, שוין ווי פֿון גאָר אַן אַנדער מענטשן . . . נאָר אַז זיי האָבן פֿון ראובֿן ראַפּעסעס טאָכטער ניט געהערט, און קאָנען וועגן איר אים גאָרניט ניט זאָגן, שפּאַנט ער דעם שוועל אַריבער, און מיט זײַן סוקעוואַטן הייכן שטעקן הינקט ער אַוועק צו דער שטוב, ווו ער וועט זיך דאָרטן טרעפֿן מיט דער שוועסטער, מיט טעמערלען, וואָס אַזויפֿיל יאָרן ניט געזען זי.

## ג.

און אַז דערזען זי, די שוועסטער, וואָס איז אין גאַנצן אין דער מאַמען געראָטן: און אַקוראַט אַזאַ ווי ער, מיכל, האָט זי פֿאַר־געדענקט . . . אַז בײַם אַרײַנגיין אין שטוב מיט אַ מאָל אין דער אָפֿענער טיר זי, די מאַמע, דערזען שטיין, ווי אויף אים דאָ געוואַרט: ציט ער די הענט צו איר אויס, ווי אַ קינד, און ווידער מיט יענעם, מיטן פֿאַרלוירענעם קול, אַרויסגעשטאַמלט:

— מאַ — מע!

— ניין, איך בין ניט די מאַמע, איך בין נאָר דער נאָמען נאָך איר.

— טעמערל?

— יאָ . . . — און אויך זי האָט פֿאַר זיך פּלוצעם דערזען דעם טאַטן

אירן, וואָס איז איר אין זיכּרון פֿון יענעם אָוונט פֿאַרבליבן, ווען ער איז דעמאָלטן אַ באָרוועסער, אין ווײַסן אַרײַן, אויף די הענט זי, די דרײַ יאָריקע גענומען, מיט זײַנע ברענענדיקע אויגן אין אירע אַרײַנגעקוקט, צו זײַן קאַלטער און נאַסער באָרד איר פּנים צוגעטוליעט, און זיך אויף אַ קול צעוויינט . . . פֿרעגט זי בײַ אים, טעמערל, בײַם אַרײַנגעקומענעם, מיט שטוינונג און שרעק:

— מײַן טאַטע?

— ניין, דײַן ברודער, מיכל.

— און איך האָב געמיינט — זאָגט זי פֿאַרלוירן — אַז דער טאַטע . . . דיך געדענק איך גאָר אַן אַנדערן.

— וואָס איז דער חידוש? פֿון דער היים בין איך אַוועק כּמעט אַ יינגל . . . אויך יענע, אונדזער שוועסטער, מירל, אויך יענע האָט זיך פֿאַר מיר דערשראָקן.

— ביסט דען געווען בײַ איר?

— אויפֿן וועג אַהער־צו, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין קיעוו.

— און ווי אַזוי האָסטו זי דאָרטן אָפּגעזוכט? זי הייסט דאָך שוין מאַרטאַ יאַרעמאָוונאַ כווילאַ . . . זי האָט חתונה געהאַט פֿאַר אַ אַנגעזעענעם קאָמוניסט. פֿאַר אַ גוי . . .

— יאָ, — פֿאַלט בײַ אים ווידער דער קול און די אויגן, ווי פֿאַרשולדיקטע, מאַכן זיך אים צו, — זי איז אויך אַוועק מיט מײַן וועג, זי איז אויך געגאַנגען איבערקנעטן די וועלט, און דערנאָך האָט זי שוין יענער וועג פֿאַרפֿירט . . . איך האָב דאָס געוווּסט, דערפֿאַר טאַקע האָב איך זי דאָרטן געקאָנט אָפּזוכן . . . זי האָט זיך אָבער צו מיר ניט געוואָלט לאָזן דערקענען. איר שוועל מיך ניט געלאָזט אַריבערטרעטן און געזאָגט: קיין שום מירל מאַקאָווער לעבט דאָ ניט, דאָ לעבט מאַרטאַ כווילאַ!

— און וואָס האָסטו איר אויף דעם געענטפֿערט?

— מאַרטאַ כווילאַ, האָב איך אויף איר אַ געשריי געטאָן, ווי אַזוי, און וווּהין, האָט איר, מאַרטאַ כווילאַ, פֿון האַרצן אַרויסגעוואָרפֿן אײַער מאַמע וואָס האָט אין דער שׂרפֿה־נאַכט, אונטערן רויטן מולד, מיטן געשריי: „פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער . . . פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער!״ דיך און טעמערלען אין דעם וויכערדיקן וואַלד אויפֿן וואָגן

געבוירן, און טאַקע דאָרטן אָפּגעגעבן דעם־וואָס־לעבט־אייביק די נשמה . . .

— און איך — קוקט זי אויף מיר מיט שרעק, און ס׳שטעלן זיך איר טרערן אין די אויגן, — און איך האָב דאָך וועגן דעם גאָרניט געוווּסט . . . איך האָב גאָרניט געוווּסט, אַז מיר בײדע, איך און מירל, זענען אין יענער נאַכט געבוירן געוואָרן אויפֿן וואָגן, און די מאַמע האָט פֿאַרן טויט געשריען: פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער! מיכל, דערצייל מיר וועגן דעם מערער, און פּינקטלעכער. טאַקע ביז צו אַ האָרעלע . . .

נאָר יענער, דער פֿון ערגעץ מיט אַ מאָל אָנגעטראָגענער ברודער, ווי ניט געהערט אירע רייד, אָנגעשפּאַרט אויפֿן שטעקן און מיטן אַקסל צו דער וואַנט, ווי אויף ניט אַראָפּגליטשן זיך פֿונעם ראַנד אין דעם יִיאוש־תּהום דאָ ניט אַרײַנפֿאַלן: יענער, מיכל, רעדט ווײַטער פֿון וועגן זײַן באַגעגעניש מיט יענער שוועסטער: — מאַרטאַ כווילִיאַ, האָב איך זי נאָך אַ מאָל געפֿרעגט, ווי אַזוי, און ווּהין, האָט איר די מאַמע פֿון האַרצן אַרויסגעוואָרפֿן? מאַרטאַ כווילִיאַ!.. האָט זי זיך אין פּנים געביטן. ווײַס און שוואַרץ. אַ ציטער געטאָן . . . דאָס האָט אָבער געדויערט ניט מיין ווי איין רגע. באַלד האָט זי אַרויסגעשיפּעט: „אידיאָט! פֿאַררעטער פֿון דער רעוואָלוציע!״ און פֿאַרהאַקט פֿאַר מיר די טיר. איך האָב נאָך אָבער באַוויזן צו דערזען אין איר אויג דער מאַמעס אַ טרער . . . בין איך אַרויסגעלאָפֿן אין דרויסן און זיך דאָרטן פֿון פֿרייד צעוויינט.

און ער גייט מיט אַ מאָל אָפּ פֿונעם פֿענצטער, בלײַבט מיטן שטעקן אין מיטן שטוב שטיין און שוין ווידער מיט יענעם שטילן יִיאוש־קול: — די וועלט שעמט זיך דאָך שוין מיט אַ טרער. זי איז פֿאַראַכזריותדיקט געוואָרן, די וועלט. זי קאָן שוין אַ טרער פֿון זיך ניט אַרויסשלאָגן. דאָס האַרץ פֿון דער וועלט איז פֿאַרשטיינערט געוואָרן!

— ווי אַזוי זשע ביסטו, מיכל, — פֿרעגט זי מיט אונטערגעהויבענע אַקסלען און פֿון וווּנדער צענומענע הענט — ווי אַזוי ביסטו, עזריאל מאַקאָווערס איייניקל, אַהין־צו, אין יענער פֿאַרשטיינערטער וועלט, צו זיי, צו די באָלשעוויקעס, פֿאַרקראָכן?

און דאָ, ווי נאָר אָט דעם פֿרעג אירן דערהערט, און אויף דעם שוין לאַנג געוואַרט, און ווי צוליב אָט דעם פֿרעג אַזאַ ווײַטן וועג אַהער געגאַנגען, באַלד גענומען זיך מודה־און מיתוודה זײַן:

— יאָ, שוועסטער, כ׳בין דאָרטן געווען. כ׳בין געגאַנגען אַהין צו לענינען און טראָצקין, מיטן גאַנצן האַרצן, געטראָגן זיי מײַן יונגע נשמה . . . געוואָלט זיי מיט אַלע מײַנע כּוחות העלפֿן צו צעשטערן די אַלטע וועלט פֿון שׂינאה, פֿון אומרעכט . . . איך האָב זיך אָבער געשראָקן פֿאַרן בלוט וואָס ווערט דערבײַ ווי וואַסער פֿאַרגאָסן . . . שוועסטער, כ׳האָב דערזען, אָ, ניט באַלד, און ניט מיט אַ מאָל, ווי בײַם צעשטערן די אַלטע וועלט ווערט צעפֿלאַקערט נאָך אַ גרעסערער פֿײַער פֿון שׂינאה, פֿון אומגערעכטיקייט, אַז די נײַע וועלט הייבט אָן פֿאַרקנאָטן ווערן אויף בלוט . . . און אויף בלוט, אויף אַכזריות, קאָן דאָך קיין שיינקייט, קיין גערעכטיקייט ניט אויפֿגיין. אויף בלוט, אויף אַכזריות וועט אויפֿגיין אַ וועלט אָן דעם צלם אלקים . . . און אויך פֿאַר זיך אַליין האָב איך זיך דערשראָקן, פֿאַר מײַן נקמה דאָרשטיקייט, פֿאַר מײַן טראָגן אויף אָט דעם מיזבח שוואַרצן פֿײַער . . . אין איינער אַ נאַכט, דאָרטן, אין טשעקאַ, בײַם האַלטן צו פֿאַרמשפּטן אַ פּרוי צום טויט, האָבן מיר אין מוח פּלוצלינג אַ ברי׳ געטאָן יענעמס, דעם טאַטנס, דעם נבֿיאס ווערטער, וואָס ער האָט מיר געזאָגט נאָכן נעמען דיך אויף די הענט און צעוויינען זיך אויף אַ קול . . . אין דײַן האַרצן — האָט ער מיר דערמאָנט, אין יענעם אָוונט געזאָגט — אין דײַן האַרצן טראָגסטו אויף מיר אַ שׂינאה. טראָג ניט אין דײַן האַרצן אַזאַ סם! ס׳איז אַ סכּנה אויך פֿאַר אַנדערע! פֿון שׂינאה וואַקסט אויס אַכזריות . . . און צו אוממענטשלעכקייט, שוועסטער, איז אַפּנים קיין גרענעץ ניטאָ. און ווער ס׳לאָזט זיך גיין מיט יענעם אַכזריותדיקן וועג . . .

— מיכל, דיר האָט איבערגעטריקנט דער האַלדז, כ׳וועל דיר געבן אַ גלאָז טיי. און פֿאַרוואָס שטייסטו די גאַנצע צײַט?

— אַזוי איז מיר גרינגער . . . גיב מיר, מאַמע, אַ טרונק קאַלטע וואַסער.

— מאַמע? פֿאַרוואָס רופֿסטו מיך מאַמע?

— ווײַל דו ביסט ענלעך אויף איר, אויף דער מאַמע, ווי צוויי טראָפּנס ראָסע בײַם זונאויפֿגיין . . . כ׳האָב שוין געוואָלט אויך דאָרטן פֿאַר איר, פֿאַר מירלען, זיך מיתוודה זײַן, נאָר יענע איז דאָך שוין מאַרטאַ . . . — און אַז אַ קוואָרט קאַלטע וואַסער אויסגעטרונקען, גענומען ווײַטער, און שטייענדיקערהייט, צו מתוודה זײַן זיך פֿאַר איר,

פֿאַר דער מאַמע־געשטאַלט: — יאָ, אין מײַן האַרצן האָט געברענט אַ נקמה־דאָרשט . . . און פֿון יענער טיף־אָסיענדיקער נאַכט אָן, ווען מ׳האָט אונדז, די מאַקאָווער, די דורותדיקע תּושבֿים, פֿון דאָרף פֿאַרטריבן . . . און דער זיידע האָט אין יענער נאַכט אונדזער שטוב אין דאָרף אונטערגעצונדן — אור לגוים!.. און זיי, די שכנים, די פֿרומע פּראַוואָסלאַוונע גויִים, וואָס האָבן זײַט בײַ זײַט, פֿון זיידנס רעכטער און לינקער האַנט, איבער איין מעזשע, געאַקערט און געבראָנעוועט, געזייט און געשניטן, די סנאָפּעס געבונדן און אויף דער קלוניע איינער דעם צווייטן געהאָלפֿן מיט די ציפּעס דרעשן . . . זיי, די גויִים, האָבן אים, דעם זיידן, מיט וואָס ס׳איז זיי נאָר אונטער דער האַנט געקומען, ביז צום טויט געשלאָגן . . . און די מאַמע איז אין יענער נאַכט אונטער די פֿײַערדיקע הימלען, אונטער דעם רויטן מולד, געגאַנגען צו קינד אויפֿן וואָגן מיטן געשריי: „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער . . . פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער!״ יענער געשריי ווערט אין מיר קיין מאָל, אויף קיין איין רגע ניט אַנטשוויגן. און דערנאָך די צוויי לוויות . . . פֿריִער דער מאַמעס . . . דער צעבלוטיקטער זיידע גייט ווי אַ בלינדער, מיט אויסגעצויגענע הענט און זוכט, וויל מיט זיי זיך אָנכאַפּן פֿאַר דער מיטה . . . און דערנאָך דעם זיידנס טויט, זײַן איבערחזרן אין דער גסיסה: אור לגוים! ווי אַ צוואה, ווי אַן אָנזאָג די קומענדיקע דורות: ניט מוחל זײַן, און ניט פֿאַרגעסן!

און דאָ נעמט ער איבער דער שטוב שפּאַנען, אַהין און קריק, פֿונעם פֿענצטער ביז צו דער טיר, און באַלד הייבט ער אָן צו לויפֿן אַרום טיש, און רעדן גיך, און מיט יענעם פֿאַרלוירענעם קול: — דערנאָך די שחיטה אין שטעטל . . . אַרום און אַרום פֿײַער. דער אָטעם ווערט פֿאַרשלאָגן מיט ביטערן רויך, און די הורבעס שניי ווערן רויט . . . בערדיקע גויִים ווילן דיך דורכן אויפֿגעבראָכענעם פֿענצטער אויפֿן ברענענדיקן שניי אַרויסוואַרפֿן . . . דער פֿעטער תּנחום רײַסט דיך פֿון זייערע הענט אַרויס און פֿאַלט מיט דיר אַ פֿאַרבלוטיקטער אין די פֿעדערן פֿון דעם צעריסענעם איבערבעט . . . און דערנאָך די שרעקלעכע לוויה פֿונעם געהרגעטן טאַטן און פֿון דאָס פֿאַרפֿרוירן געוואָרענע קינד, דער נאָמען נאָכן זיידן . . . דער מומע מילקעס געשריי דאָרטן, אויפֿן בית־עלמין, און איר טויט, און איר טויט . . . און

באַלד ווידער פּאָגראָמען, פּעטליורישע, דעניקינישע, אַטאַמאַנישע, באַנדיטישע . . . צענדליקער טויזנטער ייִדן, אַלט און קינד, ווערן אויסגעקוילעט, מאַמעס און טעכטער ווערן פֿאַרגוואַלדיקט. געשרייען ביז צו די הימלען . . . פֿײַער . . . בלוט . . . אָט דעמאָלטן האָב איך פֿאַרמאַכט די גמרא, אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר פֿון דער ישיבֿה און בין אַוועק צו לענינען און טראָצקין העלפֿן זיי צו צעשטערן די אַלטע אומברחמנותדיקע וועלט! און איך האָב געטראָגן מיט חסידישן ברען און היתלהבֿות דעם שוואַרצן פֿײַער אויף יענעם מיזבח זייערן . . .— און דאָ ווערט ער מיט אַ מאָל אַנטשוויגן, אויפֿגעהערט צו הינקען מיטן שטעקן אַרום טיש, בלײַבט שטיין, פּירט מיטן ווײַסן צונג איבער די פֿאַרטריקנטע ליפּן, קוקט זיך אַרום, ווי געוואָלט זען ווו ער געפֿינט זיך, און אַז ער האָט עס אויפֿגעכאַפּט, אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמע־געשטאַלט:

— ניין! אויך פֿאַר דיר קאָן איך מיין און ווײַטער זיך ניט מתוודה זײַן . . .— און לאָזט זיך פֿון שטוב אַרויסגיין.

און זי, די שוועסטער טעמערל, אַ דערשראָקענע פֿון זײַן פּלוצעמדיקן אַרײַניאַוועקן זיך, אין אָט דעם אויסזען און הולך, צו איר אין שטוב אַרײַן: אין בהלה פֿון אַלע זײַנע רייד, דערעיקרשט פֿונעם דערוויסן זיך פֿון דער מאַמעס גיין צו קינד אויפֿן וואָגן . . . זי, טעמערל, פֿאַרהאַלט ניט און שטעלט אים ניט אָפּ, צופֿרידן פֿון זײַן אַוועקגיין, באַגלייט אים נאָר מיט די אויגן און זעט דורכן פֿענצטער, ווי דורכהינקענדיק מיטן שטעקן איבערן הויף, האָט ער בײַם פּלויט זיך אָנגעבויגן, אין ביידע הענט שוואַרצן שניי אָנגענומען, און צום פֿאַרפּאַליעטן פּנים צוגעלייגט.

און דערנאָך, אין יענעם פֿרי פֿון יאָר, באַלד נאָך פּסח, אַז ייִדן האָבן טיר און פֿענצטער פֿאַרקלאַפּט — ווען צו פֿאַרקויפֿן די הײַזער איז ניטאָ — און לאָזן זיך פֿון שטעטל אַהין, אויף גאָטס חסד, מיט ווײַב און קינדער אויף דרום, צו די כערסאָנער סטעפּעס . . . דעמאָלטן . . . דעמאָלטן, אַז זיי פֿאָרן דורך די אוקראַינער וועלדער, די פּאָלעסיער, נאָך נאַקעטע, אָבער שוין אין זוניקע רויכן אײַנגעהילט, ס'ווייעט מיט צוגעטריקנטער ערד, מיט לילאַ־גלעקלעך, מיט צוויט פֿון וואַלד־נוס, און פּיקהאָלצן פּיקן און פּײַקלען, און איבער די אויפֿגייענדיקע, אויף

װינטער פֿאַרזײטע, העל־גרינע קאָרן־און װײצן־פֿעלדער זענען די הימלען פֿול מיט שאַרעס װאַנדער־פֿײגלען — נאָך די גראַקן, שטאַרן און לאַרכן, פֿליִען די װילדע גענדז, די קראַנשנעפּן און װאַלדשנעפּן און הינטער זײ, אָפּגעזונדערט און אָפּגעשײדט, בלענדן אין די זוניקע בלויקײטן װײַסע שװאַנען, און פֿון דער ערד ביז צו די װײַטסטע הײכן שאַלט און זינגט מיט פֿרײד פֿון לעבן און פֿון זײַן . . . דעמאָלטן, אין יענע טעג, זעט מען אים, דעם נבֿיאס זון, מיט זײַן קופּערטל, מיטן פֿידל־פֿוטליאַר אױפֿן שטריקל און מיט זײַן שטעקן הינקען בײַם זײַט פֿון װעג נאָך די װעגענער פֿון די איבערװאַנדערער, און קײנער װײסט גאָר ניט צוליב װאָס ער גײט, און פֿאַרװאָס האַלט ער זיך אַזױ װײַט פֿון די פֿורן, װי אַ זײַטיקער, װי אײנער װאָס האָט גאָר אַהערצו קײן שײכות ניט. אַפֿילו זײ, די קרובֿים, און אױך זי, די שװעסטער, טעמערל, קאָנען דאָס קײנעם ניט דערקלערן. אױך פֿאַר זײ, פֿאַר די מאַקאָװער, איז דעם נבֿיאס זון, מיכל, אַ רעטעניש אױף ניט צו באַשײדן, און אַ האַרטער יאָדער אױף ניט אײַנצובײַסן אים מיט די צײנער.

און אױך דעמאָלטן, אין װעג, נאָך דער פֿרי־פֿרילינגדיקער שקיעה, װאָס איז מיט אַ מאָל אין דער נאַכט אַרײַנגעפֿאַלן, נאָכן אָפּשטעלן זיך הינטער דעם יאָדלע־און בערעזע־װאַלד, אינעם זאַטולעק, װאָס פֿאַרשטעלט פֿון די װינטן, ניט װײַט פֿון דעם צעגאָסן־ריזלדיקן טײַך, װוּ אױפֿן אַנטקעגנאיבערדיקן הױכן ברעג לױכטן שױן װוּ־ניט־װוּ געלע דאָרפֿישע טאַפּליעלעך, דאָרטן, בײַם אָפּשטעלן זיך אױף נאַכט, נאָכן אָפּדאַװנען מעריבֿ — זײ האָבן מתפּלל געװען, די ייִדן, אױף אַזאַ קול, אַז אַפֿילו די יונגע זענען געזעסן שטיל, מיט אַראָפּגעבױגענע קעפּ, װײַל זײ האָבן נאָך ביז אַהער־צו פֿון זײערע טאַטעס אַזאַ טרױער אין קול ניט געהערט. מנחם מאַקאָװער האָט געקלאַפּט מיט בײדע הענט אין דער סאָסנע:

— רבונו של עולם, עד מתי? ביז װאַנען װעט דײַן פֿאָלק ישׂראל זײַן צװישן הימל און ערד? ביז װאַנען װעט דײַן פֿאָלק גײן אין דער פֿינצטערניש? רבונו של עולם! — און אין זײַן קול הערט זיך דער װײגעשרײ פֿון מענטשן, װאָס װערן װידער פֿון זײער הײם און אָרט אַרױסגעריסן, אױסגעװאָרצלט, און גײען זוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אױף סטעפּעס, װוּ װינטן טרײַבן אַרום װיקלגראָז.

אָט דאָרטן, אין וואַלד, דרײַ טעג נאָכן אַרויספֿאָרן פֿון שטעטל, אין די פֿריע שעהען פֿון דער נאַכט, נאָכן אָפּדאַוונען מעריבֿ, די ווײַבער מעלקן די בהמות און קאָכן אויפֿן שײַטער־פֿײַער געקעכטסן, בײַם אויפֿגיין פֿונעם רויטן מולד, ווי אויף אים נאָר געוואַרט, האָט זי, טעמערל, אָנגעהויבן אויפֿן וואָגן גיין צו קינד.

און זיי, די מאַקאָווער, בײַ טעמערלס נעמען גיין צו קינד אין דער נאַכט, אויפֿן מיטן וועג, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און איבערן לעבן, אונטער די שוואַרצע הימלען מיטן רויטן מולד, פֿאַלן אין בהלה אַרײַן, אויפֿגעציטערט און אויפֿגעשווידערט: וואָס, ווידער אין וועג, און נאָך אַ מאָל דער בלוטיקער מולד? ווערט חס וחלילה אויך איצטער, ווי אין יענער ווײַטער נאַכט, ווען מ׳האָט זיי, די מאַקאָווער, פֿון דאָרף אַרויסגעטריבן און דער אַלטער טאַטע האָט דאָרטן די שטוב אונטערגעצונדן, און די טאָכטער זײַנע האָט אויפֿן וואָגן, אין וואַלד, בײַ דער ווײַטער שׂרפֿה, בײַם אויפֿגייענדיקן רויטן מולד, אָנגעהויבן גיין צו קינד . . . ווערט אויך דאָס זעלביקע מיט איר, מיט טעמערלען, וואָס מיט איר מאַמע דאָ געשען? אויך זי, טעמערל, האָט דאָך אין דעם בײַנאַכטיקן וואַלד, צווישן הימל און ערד, אויפֿן וואָגן, אונטער אַ בלוטיקן מולד, אָנגעהויבן גיין צו קינד און דער עיקר, און דאָס שרעקלעכסטע, אויך מיט יענעם יסורימדיקן געשריי פֿון איר מאַמע:

— ראַטעוועט מײַנע קינדער . . . פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער!

## ד.

און די דערשראָקנקייט, און די פֿאַרלוירנקייט, ווערט בײַ די מאַקאָווער נאָך גרעסער, ווען איבערן וואַלד הייבן אָן פֿון ערגעץ גיין פֿײַערדיקע כמאַרעס — פֿון ערגעץ ווײַט שלאָגט אַהער־צו אַ גרויסע שׂרפֿה. און פֿון יענער זײַט טײַך, אינעם דאָרף, נעמען די הינט וויען, און באַלד נאָך זיי הייבן אויך אָן דאָ, אונטער די וועגענער, די הינט סקוליען. און דער געוווי פֿון די הינט איז ווי אין יענער ווײַטער

נאַכט . . . — דאָ אין אָט דער פֿאַרצווייפֿלקייט, דערזעט מען ווי ער, טעמערלס מאַן, שאול, וואָס ווייסט אַז די ווײַב האָט אים ניט ליב, זי האָט עס אים געזאָגט פֿאַרן קנסמאָל, און אויך פֿאַרן שטעלן זיך מיט אים אונטער דער חופּה: זי גייט מיט אים, מיט שאולן, חתונה האָבן נאָר דערפֿאַר, ווײַל פֿון קליינערהייט, ניט נאָר אין די נעכט, נאָר אויך בײַ דער העלער שיין פֿון טאָג, כאַפּט זי פּלוצלינג אַרום אַ מורא, אָט־אָט באַלד וועלן אויף איר אָנפֿאַלן רוצחים . . . און לעם אים, לעם שאולן, לעם איר פּעטערס זון, לעם איר שטאַרקן שוועסטערקינד, וועט זי זיך פֿילן זיכער. ער, שאול, וועט זי באַשירעמען און באַשיצן! — דאָ דערזעט מען ווי ער, דער יונגער קאָוואַל, וואַרפֿט פֿון זיך דעם לײַביק און שטיוול אַראָפּ, נעמט אויף דעם אַקסל אַרויף אַ קלאָץ, און לאָזט זיך צום טײַך גיין. פֿאַרלויפֿט מען אים דעם וועג:

—וווּהין?

— אין דאָרף אַרײַן. אפֿשר איז דאָרטן פֿאַראַן אַ דאָקטער, אַן אַקושערקע.

— ווי אַזוי וועסטו אַריבערקומען אַהין־צו?

— כ׳וועל אויף דער בערוועניע אַריבערשווימען דעם טײַך.

— אין אָט דער פֿאַרפֿלייצעניש? אין אָט דער קאָכעניש? דו וועסט דאָך אין אָט דעם קאָלווראָט דערטרונקען ווערן!

— און ווי אַזוי וועסטו גאָר קאָנען עמעצן ברענגען אַהער?

— ערגעץ דאַרף דאָך זײַן איבערן טײַך אַ בריק, — און קיין שום רייד, און אויך דער מאַמעס טרערן, האָבן ניט געהאָלפֿן. דער שמיד, שאול, איז אין די הויכע פֿרי־יאָריקע ווילדע וואַסערן אַרײַן און געלאָזט זיך מיט דער בערוועניע שווימען צום אַנטקעגנאיבערדיקן ברעג, וואָס ניט געקוקט אויף די פֿלאַמיקע הימלען זעט מען אים, יענעם ברעג ניט אָן.

פֿון אָנהייב, ווי נאָר אין געווירבל־שטראָם אַרײַן, מיט די הויכע יאָגוואַסערן אַראָפּ צו טײַך פֿאַרטראָגן געוואָרן, האָט מען אים נאָך אַ פּאָר מאָל, שאולן, און אויך די בערעזעווע קלאָץ, געזען אויף די רויט־שאָטנדיקע כוואַליעס אַרויפֿשווימען, באַלד אָבער ווערט ער פֿון די אויגן פֿאַרפֿאַלן . . . וויל זיך די מאַמע נאָך איר זון אין וואַסער אַרײַן וואַרפֿן, נאָר דער מאַן, מנחם מאַקאָווער, פֿאַרהאַלט און פֿירט זי צום

שײַטער־פֿײַער:

— פֿאַר אַ צרה, פֿייגע, שטייט מען ניט מיט פֿאַרלייגטע הענט.

— מנחם . . .

— נאָר אַזוי, פֿייגע, טאַקע נאָר אַזוי, און ניט אַנדערש.

— אָבער מנחם . . .

— אַוודאי איז דאָס אַן אײַנשטעלעניש. אַ גרויסע סכּנה פֿאַרן לעבן. אָבער מיטן בראַוון, מיטן אײַנשטעלער, איז דער אייבערשטער. דער־וואָס־לעבט־אייביק וועט אים אַריבערפֿירן אַהין־צו, און וועט אים ברענגען צוריק.

— הלוואַי, מנחם, פֿון דײַן מויל . . .

— פֿייגע, ווען ער טוט דאָס ניט, שאול, וואָלט איך עס געטאָן. קום! בײַם טײַך איז ניטאָ וואָס צו שטיין!

און צו דער וועטשערע, צום געקאָכטן, רירט זיך קיינער ניט צו. מ׳זיצט אַרום פֿײַער, וואָס דער ווינט וואַרפֿט אין אַלע זײַטן, און מ׳הערט זיך צו מיט שרעק און ציטערניש ווי פֿון דאָרטן, פֿונעם וואָגן אַרויס, פֿון אונטער די אָנגעצונדענע ליכט אין די לאַמטערנס, גייט דער געוויינערנס, טעמערלס, חבלי־לידה געשריי . . . און אויך הערט זיך פֿון דער ווײַטנס דער קול פֿון איר ברודער, פֿון מיכלען, וואָס זאָגט דאָרטן מיטן טלית איבערן קאָפּ, צווישן דיביימער, תּהילים . . . און תּיכּף, ממש אויף דער שטעל, דערהערט מען אויך פֿון צווישן די זיך־וואַרפֿנדיקע שײַטער־שאָטנס אויף די צעקאַרבטע בערעזע־שטאַמען, ווי ער נעמט, מיכל, צו שפּילן אויפֿן פֿידל יענע ניגונים, וואָס דער זיידע זײַנער, עזריאל מאַקאָווער, פֿלעג זיי אין די בין־השמשותן, בײַ די שאַלעשידעסן, מיט אַזויפֿיל טרויער און ביטחון, מיט אַזויפֿיל נשמה און דבֿקות אויסזינגען..

— מנחם, — פֿרעגט בײַ אים דער ברודער, — קאָן מען אים גלייבן, איז ער טאַקע, מיכל, אַ חוזר בתּשובֿה צי חלילה אַ פֿאַרשטעלטער?

— ווער קאָן, נחמן, אַרײַנקריכן אין אַ פֿרעמדער נשמה? נאָר איין גאָט אין הימל ווייסט . . . לויט זײַנע רייד און פֿירן זיך, קאָן מען נאָר בלײַבן שטיין מיט צענומענע הענט.

בײַם אַרײַנהינקען אין קוזניע, נאָכן פֿאַרשטעלן זיך, באַלד צו וויסן געגעבן: ער וועט דאָ פֿאַרבלײַבן ביז זי, טעמערל, וועט געלעגן

ווערן . . . און אָט די לעצטע ווערטער זײַנע האָבן שוין ביז גאָר פֿאַרחידושט: פֿונוואַנען קאָן ער גאָר וויסן, אַז די שוועסטער איז אין טראָגן? נאָר קאַיאָר, קוים אויף טאָג זיך פֿאַרנומען, האָט מען שוין אים, מיכלען, דעם נזיר, וואָס האָט ביז האַלבער נאַכט, ביים פֿײַער פֿון דער האָרנע, פֿאַר זײַנע צוויי פֿעטערס, די מאַקאָווערס, אַ שיעור גמרא, פֿון עבֿודה זרה, אויף אויסווייניק, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, און אָפּט מאָל מיט טרערן געזאָגט . . . אים, מיכלען, האָט מען שוין אויף זײַן געלעגער ניט געטראָפֿן, און שוין ביז נאָך פּסח אין ערגעץ ניט געזען, ווי מיטן ווינט פֿאַרטראָגן געוואָרן.

און ערשט נאָך פּסח, אַז די איבערוואַנדערער זענען, שוין אויף מײַלן פֿון שטעטל אָפּגעפֿאָרן, דערזעט מען ווײַט פֿון די פֿורן אַ משונהדיקן געשטאַלט ביים זײַט פֿון וועג גיין. מ׳דערקענט אים ניט, הגם מיטן הויכן שטעקן און געהונקען . . . אָבער די שוועסטער זײַנע, טעמערל, נאָך מיטן שווערן געמיט, נאָך צעטרייסלט פֿון זײַן דעמאָלטיקן אַרײַנשטעלן זיך צו איר אין שטוב, דער עיקר פֿון זײַן ווידוי . . . זי דערקענט אים גלײַך און אין אירע פֿאַרמישפּטע אויגן טוט אַ בליץ אַ טראָפּן פֿרייד:

— ס׳איז דאָך ער, מיכל!

— יאָ, — קוקט מנחם פֿון אונטערן דעכל, וואָס ער האָט זיך מיט דער האַנט פֿון דער זון פֿאַרשטעלט..

— יאָ, כ׳לעבן, ס׳איז ער!

— איך וויל פֿון וואָגן אַראָפּ, און גיין צו אים.

— ניט כּדאַי, טעמערל, ס׳איז פֿאַר דיר אַ ווײַטער מהלך. און ער וויל זיך אָפּנים האַלטן ביחידות. טאָ זאָל ער . . . אַז מיר׳ן זיך אָפּשטעלן, וועט ער געוויס צו אונדז צוגיין.

נאָר ביים אָפּשטעלן זיך, אין האַלבן טאָג, אָנטרינקען און אָנפּיטערן די כודאָבע, און אויך זיך אַליין דאָס האַרץ אונטערלענען, אויך דעמאָלטן האָט ער זיך צו די פֿורן ניט דערנענטערט, פֿון דער ווײַטנס פֿאַרבליבן, אַפֿילו טיפֿער אין וואַלד אַרײַן, און דאָרטן פֿון פֿלייצע דאָס פֿידל־קעסטל אַראָפּגענומען, פֿאַרן שטריקל אויף אַ צווײַג אויפֿגעהאַנגען, דעם שטעקן אין בוים אָנגעשפּאַרט, פֿון קופֿערטל ברויט און אַ פֿלאַש וואַסער אַרויסגענומען, און זיך אויף אַ פּיען געזעצט

איבערבײַסן. און אַז דער פֿעטער מנחם ברענגט, און אָן שום זײַטיקע רייד, אָן פֿרעגן אים וווהין איז ער אין יענער נאַכט מיט אַ מאָל אַנטרונען געוואָרן, און דערלאַנגט אים אַ שטיק געבראָטן רינדנפֿלייש, באַדאַנקט ער, מיכל, זייער שיין, נאָר ניט גענומען. און אויפֿן פֿעטערס אויפֿגעריסענע אויגן, גלײַך דערקלערט:

— איך עס ניט קיין פֿלייש, ניט קיין פֿיש, איך עס ניט קיין בעלי־חיים, וואָס ווערן געקוילעט אַפֿילו מיט אַ ברכה . . .

— און שוין לאַנג אַזוי?

— שוין לאַנג.

— וואָס זשע, דו לײַדסט אויף עפּעס אַ קרענק, דאָקטוירים האָבן דיר פֿאַרווערט עסן פֿלייש?

— ניין, איך לײַד ניט אויף קיין שום קרענק, און דאָקטוירים האָבן מיר ניט פֿאַרווערט צו עסן פֿלייש.

— נאָר וואָס?

— ווען מענטשן וואָלטן ניט געקוילעט בעלי־חיים און ניט געגעסן זייער פֿלייש, וואָלט ניט געווען אַזאַ ברוטאַלקייט, אַזאַ אַכזריות אויף דער וועלט, ס׳וואָלט ניט פֿאַרגאָסן געוואָרן קיין אומשולדיק מענטשלעך בלוט. אויך דאָס אומשולדיק פֿאַרגיסן בלוט פֿון בעלי־חיים קאָן ניט פֿאַרגעבן און געשענקט ווערן . . . אויך זייער אומשולדיק פֿאַרגאָסן בלוט זידט און שרײַט פֿון דער ערד אַרויס! מה־דאָך דאָס אומזיסט און אומשולדיק פֿאַרגאָסן בלוט פֿון מענטשן? באַזונדערס פֿון קינדער . . . — און פּלוצעם: — אויך פֿאַרן אתּה בחרתּנו! צאָלט מען מיט בדמיך חיי! — און דאָ איז ער אַנטשוויגן געוואָרן, דער נזיר.

— און דאָס איז דײַן גירסא — פֿרעגט אים דער פֿעטער מנחם שטיל, און אויך מיט יענעמס פֿאַרלוירענעם יִיאוש־קול — און דאָס איז דײַן פֿאַרטײַטש און דײַן שליסל צום אתּה בחרתּנו!?

אָבער יענער שווײַגט. און ניט נאָר אַנטשוויגן געוואָרן, נאָר אויך אויפֿגעהערט צו עסן, ווי מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט אויסרעדן נאָך אַ וואָרט, וועט זיך אים דער ביסן אין האַלדז שטעלן. און הגם ער האָט ביז גאָר, מנחם מאַקאָווער, געוואָלט וויסן, וואָס דער נזיר האָט נאָך צו זאָגן וועגן דעם פֿון גאָט אויסדערוויילטן פֿאָלק, דאָך, דערזעענדיק ווי דער פּלימעניק מינעט זיך אין פּנים, ווי ער נעמט די שפּיץ באָרד צווישן

די צײַין אַרײַן, ווי געוואַלט מיט איר, מיט דער באָרד, דעם מויל פֿאַרשטאָפּן אויף ניט קאָנען אַ ווײַטערדיקן וואָרט אַרויסברענגען . . . און קיין צײַט אויף צו שטיין דאָ און פֿירן שמועסן מיטן בעל־תּשובֿה איז אויך ניטאָ, האָט ער זיך געלאָזט קריק גיין, מנחם, די פֿערד שפּאַנען און פֿאָרן ווײַטער: די וועסנע וואַרט ניט, די טעג גיסן זיך אָן מיט וואַרעמקייט, מיט גרויסער שײַן, די היגע פּויערים גייען שוין אויפֿן פֿעלד אַרויס און דאָרטן, אויפֿן סטעפּ, וואַרט שוין געוויס די ערד אויפֿן אַקער.

און נאָך דער שקיעה, בײַם אָפּשטעלן זיך אויף נאַכט אין וואַלד, אינעם זאַטולעק, וואָס פֿאַרשטעלט פֿון די ווינטן, צעלייגט אַ פֿײַער, און די ווײַבער מעלקן שוין בײַם שײַטער־פֿלאַם די בהמות און קאָכן אין די קעסלען געקעכטסן, ס׳שמעקט מיט סיראָדוי און לאָרבערבלעטער . . . דאָרטן, אויפֿן מיטן וועג, האָט זי, טעמערל, בײַם אויפֿגיין פֿון בלוטיקן מולד און בײַ דער שײַן פֿון דער ווײַטער שׂרפֿה, אָנגעהויבן גיין צו קינד אויפֿן וואָגן מיטן יסורימדיקן געשריי: „ראַטעוועט מײַנע קינדער . . . פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער!״

און אַלע איבערוואַנדערער, נאָך שאולס לאָזן זיך שווימען מיט דער בערוועגע איבערן רוישיק־צעכוואַליעטן טײַך, צום דאָרף, אַ רופֿא דאָרטן זוכן . . . זיצן מיט די מאַקאָווער — אַחוץ די קליינע קינדער רירט זיך צום געקעכטס קיינער ניט צו — און וואַרטן מיט שווערע הערצער אויף צוויי ניסים מיט אַ מאָל: שאול זאָל זיך בשלום אומקערן און זי, טעמערל, זאָל דאָס קינד געווינען און אַליין לעבן בלײַבן . . . ווײַל זיי ווייסן דאָך, די ייִדן, אַז טעמערלס מאַמע איז אויך געגאַנגען צו קינד אין אַ וואַלד, און בײַ אַ בײַנאַכטיקער שׂרפֿה, און וואָס יענע געווינערין, עזריאל מאַקאָווערס טאָכטער, האָט דעמאָלטן געשריִען, און ווי זי האָט אַ צווילינג, צוויי מיידעלעך געבוירן און באַלד אָפּגעגעבן דעם אייבערשטן די נשמה.

און דאָ, אַז מ׳זיצט אַזוי אַרום דעם פֿלאַקערדיקן שײַטער און מ׳הערט זיך צו מיט שרעק און ציטערניש צו אירע, צו דער געווינערינס, חבֿלי־לידה געשרייען און זיי, די טעכטער פֿון די איבערוואַנדערער, באַזונדערס די כּלה־מיידלעך, טוליען זיך איינע צו דער צווייטער מיט אַנגסט און פּחד פֿון דער געווינערינס

אומפֿאַרשטענדלעכן געשריי: „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער״ . . . און אויך פֿון אירע לאַנגע מאַטערנישן און יסורים־ווייענישן, וואָס מערן און שטאַרקן זיך וואָס ווײַטער און וואָס טיפֿער אין דער נאַכט אַרײַן, דאָ דערהערט מען פֿלוצלינג, ווי דער בעל־תּשובֿה נעמט דאָרטן שפּילן אויפֿן פֿידל יענע ניגונים וואָס דער זיידע זײַנער פֿלעג אין די בין־השמשותן, דער עיקר בײַ די שאַלעשידעסן, אין די ווינטערדיקע שאַבייסע־נאַכטסן, אין דער געדיכטער טונקלייט, פֿאַרן אָנצינדן פֿײַער, מיט אַזויפֿיל טרויער און ביטחון זיי אויסזינגען.

—און ווי מיינסטו, מנחם, — טוט יענער, דער סטעלמאַך, ווײַטער אַ פֿרעג בײַם ברודער, וואָס קוקט אין שײַטער אַרײַן און רויכערט איין מאַכאָרקע־ציגאַר נאָכן צווייטן, דער רויך שלאָגט פֿון אים, ווי פֿון אַ צעבראָכענעם קוימען אַרויס. — ווי מיינסטו, מנחם, קאָנען דעם טאַטנס ניגונים אויף מיכלס פֿידל דערגיין צום אייבערשטן? — און אַז דער ברודער ענטפֿערט ניט, טוט ער אים פֿאַרן אַרבל אַ צי: — מנחם, און נאָך עפּעס מוז איך בײַ דיר פֿרעגן, און איך מוז אויף דעם אַן ענטפֿער פֿון דיר הערן . . . האָסטו אויך, מנחם, באַמערקט, אַז ווי נאָר די ווינטן פֿאַרקירעווען דעם פֿלאַם פֿון דער שׂרפֿה אין אַן אַנדער זײַט, ווי נאָר די הימלען ווערן דאָ, איבערן וואַלד, בלאַסער, אַזוי הייבט זי אָן, טעמערל, צו שרײַען אַ סך שטילער: „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער״ . . . האָסטו, מנחם, דאָס אויך באַמערקט?

— יאָ . . . און אפֿשר, נחמן, דאַכט זיך דאָס אונדז ביידן אויס? מנחם מאַקאָווער, בייגט דאָ מיט אַ מאָל דעם קאָפּ אָן נידעריקער צו דער ערד, הערט שוין ניט ווי דער ברודער זײַנער, נחמן, רעדט שוין פֿון וועגן גאָטס קללה . . . ווי שווער דער אישה קומט אָן צו געבוירן דאָס קינד, און ווי שווער דעם מענטש קומט אָן צו געבוירן ווערן . . . און דער מענטש וויל גאָר אויף דער וועלט ניט קומען, ווי געפֿילט, און אפֿשר שוין געוווּסט, אַז דאָ אויף דער ערד, אונטער דער זון, וועט ער דאַרפֿן שווערע און ביטערע לײַדן אויסשטיין . . . און מיט וואָס ענדיקט זיך אָט דאָס שווערע לעבן? — און ער הערט שוין ניט, מנחם מאַקאָווער, דעם ברודערס קלוגע רייד און כאַפּט שוין נאָר אויף דאָס קלאַפּן פֿון רעדער אין דער טיפֿקייט פֿון וואַלד.

— ער פֿאָרט! — זאָגט מנחם און נייגט דעם קאָפּ נאָך נידעריקער צו

דער ערד. — ער פֿאָרט, שאול!

— מיט וואָס זײַט איר דאָס אַזוי זיכער, ר' מנחם, אַז ס'פֿאָרט אײַער זון און ניט קיין אַנדערער?

— די פֿערד, הער איך, גייען אין גאַלאָפּ . . . אַזוי פֿאָרן מיטן וואַלד בײַנאַכט קאָן נאָר איינער וואָס אײַלט זיך שטאַרק. און ער פֿאָרט ניט אַליין, נאָר מיט עמעצן, אַז מ'פֿאָרט מיט ליידיקע הענט יאָגט מען ניט אַזוי . . . יאָ, דאָס פֿאָרט מײַן שאול, און ניט אַליין . . . גיי, נחמן, דו גיי, ברודער, און נעם זי צו פֿון דאָרטן, פֿייגען, פֿון אונטער די ווערבעס. זי וועט זיך דאָרטן צוקילן אויף טויט. זי שטייט דאָך דאָרטן די גאַנצע צײַט אין וואַסער און רופֿט אים, שאולן . . . גיי, נחמן, און זאָג איר, אַז ער פֿאָרט, שאול, אַז ער איז שוין ניט ווײַט, אָט באַלד קומט ער אָן!

און הגם מנחם מאַקאָוווער האָט מיט זײַן אויער דאָס קלאַפּן פֿון די פֿערדישע קאָפּיטעס אויפֿן נאַכטיקן וואַלדוועג טאַקע אויפֿגעכאַפּט, אָבער ביזן צופֿאָר פֿון דער פֿור האָט נאָך געדויערט אַ גוטע פֿערטל שעה, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן פֿאַר אַ יאָר. און זי, פֿייגע, וואָס דער שוואָגער, נחמן, האָט קוים פֿון אונטער די ווערבעס, פֿון וואַסער, צוגענומען, זי, די מאַמע, האָט קיין שום קלאַפּן פֿון רעדער און קאָפּיטעס ניט געהערט.

— מנחם, דו האָסט מיך אָפּגענאַרט, קיינער פֿאָרט דאָרט ניט. קיינער הערט ניט קיין פֿאָרן, נאָר דו הערסט?

— יאָ, פֿייגע, און איך הער. אונדזער שאול פֿאָרט!

און דער שמיד האָט געזאָגט דעם אמת. גאָר אין גיכן האָט זיך טאַקע דאָ, אין וואַלד, בײַם שײַטער־פֿײַער, אָפּגעשטעלט אַ בריטשקע און פֿון איר איז אַראָפּגעשפּרונגען ער, שאול, און באַלד געהאָלפֿן איר, דער יונגער פֿרוי, וואָס מיטן סאַקוואָיאַזשל אין האַנט, פֿון וואָגן אַראָפּגיין און זי, די דאָקטערין, צו דער געווינערין אַוועקגעפֿירט.

## ה.

און זײַן, שאולס, בײַקומען דעם צעווילדעוועטן טײַך, זײַן

דורכשווימען די „שוועלן" און ניט געמזיקט און ניט געניזוקט ווערן, זײַן אַרויס אויפֿן אַנטקעגנאיבערדיקן הויכן ברעג, זײַן דערקלײַבן זיך צום דאָרף און דאָרטן, אין דער נאַכט, געפֿינען און ברענגען אַהער־צו אַ דאָקטער, האָבן די איבערוואָנדערער געהאַלטן פֿאַר אַ נס פֿון נסים און געמאַכט די ברכה שהחיינו!.. און אויך אויף איר, אויף דער דאָקטערין, אין די בלאָטיקע שטיוול, וואָס פֿון אונטער דעם שוואַרצן טיכל שלאָגן גאָלד־בלאָנדע האָר אַרויס און אויף דער שײַן פֿון שײַטער־פֿײַער שמייכלען צו אַלעמען פֿון אונטער די שוואַרצע ברעמען גרויסע בלאָע אויגן. און הגם אירע ליפּן ווי פֿון טיפֿן ווייטיק צונויפֿגעקלעמט, דאָך פֿאַרלירט ניט איר פּנים די שיינקייט און די גוטסקייט... אויך זי, אָט די בלאָנדע און שיינע דאָקטערין אין איר פּויערשן אָנטאָן, אויך זי ווערט דאָ פֿאַר אַלעמען אַ שליח פֿון הימל.

— און עפּעס איז זי מיר קענטלעך.

— פֿונוואַנען?

— אָט דאָס קאָן איך שוין אײַך ניט זאָגן. נאָר דער פּנים אירער...

— מיינט איר, אַז זי איז פֿון די אחינו בני ישראל?

— וואָס זשע איר זעט ניט אירע אויגן?

— גראָד ניט קיין שוואַרצע, נאָר גרין־בלויע.

— ניט פֿון דעם קאָליר דערקענט מען אַ ייִדן. אַ ייִדן דערקענט מען פֿון דער נשמה, וואָס קוקט דורך זײַנע אויגן אויף דער וועלט.

און דאָ ווערן אַלע אַנטשוויגן, ווײַל מ'דערזעט ווי בײַ איר דערנעענטערן זיך אַהין־צו, צו יענעם וואָגן, האָבן די פֿײַערדיקע שאָטנס פֿון דער ווײַטער שׂרפֿה גענומען לויפֿן פֿון הימל איבער די סאָסנע־שטאַמען צו דער ערד אַראָפּ און זי, די געווינערן, האָט אויפֿגעהערט צו שרײַען: „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער... פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער!"

און יענע ווײַטע שׂרפֿה אין די נאַכטיקע הימלען ווערט טאַקע וואָס ווײַטער בלאָס־און אויסגעבלייכטער, אויך די איבערגעשראָקענע פֿייגלען, באַזונדערס זיי, די טעטערע־הענער, אין די געדיכטע שוואַרצע יאָדלעס, ווערן שטילער, באַרויִקטער: אָבער דאָ, בײַם צאַנקנדיקן שײַטער — קיינער וואַרפֿט ניט אונטער קיין שײַטל האָלץ — ווערן אַלע אומרויִקער, אויג־און אויער אָנגעשטעלט אַהין, צו יענעם

וואָגן מיט די פֿיר ברענענדיקע לאַמטערנס, ווו זי, טעמערל, עזריאל מאַקאָווערס אײניקל, גײט צו קינד, — אַ ייִד דאַרף אויף דער וועלט קומען!

און יעדער רגע ווערט דאָ אַרום דעם צאַנקנדיקן שײַטער, אין דעם קאַלט־נאַכטיקן, אין דעם פֿרי־יאַריקן וואַלד, ווו ווינטן טרײַבן געוויטער־וואָלקנס, אַלץ אויסגעשטעלטער, סכּנותדיקער, אימהדיקער, און ניט נאָר פֿאַרן קינד, נאָר אויך פֿאַר איר, פֿאַר דער געווינערן: וועט חלילה אויך זי, טעמערל, ווי די מאַמע אירע, געבוירן אין וועג, אויפֿן וואָגן, און אַליין פֿון דער וועלט גײן?

און אַז דער ביטערער אומרו, ווי ער וואַלט פֿונעם צאַנקנדיקן שײַטער מיט רויך אַרויסגעשלאָגן, מערט זיך און ווערט אַלץ גרעסער און טיפֿער, דערלאַנגט שוין ביז צום דנאָ פֿון ייִאוש... דאָ הערט אויף דער בעל־תשובֿה, דער נזיר, מיכל מאַקאָווער, צו שפּילן דאַרטן, צווישן די דעמבעס, אויפֿן פֿידל און גײט אויך צו צו דעם שײַטער — פֿאַר די דרײַ מעת־לעת אין וועג זײַן, דערנענטערט ער זיך צו די איבערוואַנדערער דאָס ערשטע מאָל — און מ׳דערהערט פֿון אים ווערטער, וואָס טרייסלען אויף:

— שוין יאָרן טראָג איך אין האַרצן אַ קבֿר און וואַרט אויפֿן מת...

ווערט מנחם מאַקאָווער פֿון יענעמס רייד אויפֿגעבראַכט און שפּרינגט אויף פֿון אָרט: — וואָס, דו ביסט אויך געקומען אַהער־צו, ווי אַמאָל דער טאַטע דײַנער, מיט שוואַרצע נבֿיאות?... דײַן מאַמעס געשרייען דעמאָלטן, אין יענער נאַכט, אין וואַלד, אויפֿן וואָגן, בײַם גײן צו קינד „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער"... זײַנען געקומען צו איר פֿון דײַן טאַטנס וויסטע נבֿיאות. און יענע וויסטע נבֿיאות זײַנען אויך צו איר, צו טעמערלען, דורך דיר געגאַנגען! דאָס האָסטו איר דערציילט וועגן דער מאַמעס גײן צו קינד... צוליב וואָס? דאָס ביסטו אומישנע געקומען צו אונדז, פּלוצלינג זיך אַרײַנגעשטעלט אַזאַ... כּדי צו דערציילן איר? און צוליב וואָס ביסטו נאָכגעגאַנגען די פֿורן? דאָס ביסטו נאָכגעגאַנגען כּדי קומען אַהער־צו מיט דײַן קבֿר אין האַרצן? ווער טראָגט עס אַ קבֿר אין האַרצן און וואַרט אויף אַ מת? נאָר אַ חסר־דעה, אַ משוגענער! וואָס, אויך דו, אויך דו, אויך דו גייסט אַרום צווישן ייִדן מיט שוואַרצע בשׂורות? אָט זאָג מיר, צוליב וואָס האָסטו מיט אַ מאָל געגומען גײן אין

די פּוסטריט פֿון דײַן טאַטן וועלכן דו האָסט אַזוי האַרציק פֿײַנט... דו האָסט דאָך אים פֿײַנט, דעם טאַטן דײַנעם, בתכלית השינאה, ווי אַזוי זשע ביסטו דאָס געוואָרן זײַן שאָטן בײַ ייִדן? האַ, פֿון שׂינאה קרימסטו אים איבער, צי דו קאָנסט פֿון אים, פֿון דײַן טאַטן, אין ערגעץ ניט אַנטלויפֿן, ווײַל ער, דער טאַטע דײַנער, זיצט אין דיר... דער עיקר אָבער זאָג מיר, ווי אַזוי האָסט געקאָנט קומען צו טעמערלען, וואָס איז פֿון קליינערהייט אָנגעשראָקן פֿון איר טאַטנס געוויין איבער איר... ווי האָסטו גאָר געקאָנט איצטער קומען און אַרויפֿוואַרפֿן איר נשמה אויף די צעגליטע קוילן פֿון דער האָרנע?

און דאָ, אַז ער, דער שמיד, פֿון פֿאַרדראָס און אויפֿגעבראַכטקייט וויל אים, דעם פּלימעניק, פֿונדאַנען דורכטרײַבן, ער זאָל זיך מיט זײַן קבֿר אין האַרצן, ווי אַ שלעכטער אָנזאָג, מײַן ניט אַרומדרייען, דאָ דערהערט זיך דעם נײַ־געבוירענעמס הילכיק־ניצחנדיקס קול איבערן גאַנצן וואַלד:

— הו־האַ... הו־האַ!... איך בין שוין אויף דער וועלט!

— אין אַ גוטער שעה, — רעדט קוים אַרויס מנחם מאַקאָווער. — אין אַ גוטער שעה! זי האָט געהאַט... טעמערל איז איבערגעקומען! — און ער פֿאַלט אַרויף דעם פּלימעניק אויפֿן האַלדז, און קושט אים: — זי איז איבערגעקומען... זי האָט געבוירן... זײַ מיר מוחל, מיכל, זײַ מיר מוחל... — נאָר באַלד שטופּט ער אים אָפּ פֿון זיך, מיכלען, און לויפֿט אַהין־צו, צום וואָגן מיט די פֿיר ברענענדיקע לאַמטערנס: — און וואָס איז מיט איר, מיט דער געווינעריןַ, מיט טעמערלען? און וואָס איז מיט איר?

— מזל־טובֿ, מנחם, — באַגעגנט אים די ווײַב. — מזל־טובֿ! געבוירן אַ מיידעלע. דאָס זיבעטע אייניקל!

— אָבער, פֿייגע, וואָס איז מיט דער געווינערין?

— וואָס זאָל זײַן מיט איר? אונדזער געווינערין שײַנט פֿון גליק און פֿרייד. זי האָט טאַקע גלײַך אַ נאָמען געגעבן איר טאָכטער: פֿריידעלע...

— אַ דאַנק דיר, ריבונו של עולם, — זאָגט דער קאָוואַל מיט טרערן אין די אויגן, — אַ דאַנק דיר, גרויסער גאָט, פֿאַרן חסד!

און די מאַקאָווער שלעפּן פֿון די וועגענער אַרויס די מיט שטרוי־

געפֿלאָכטענע בוטלען מעד און ספּירטאָוונעם ווישניק, וואָס מ׳האָט געפֿירט פֿאַרן לחיים־טרינקען בײַם אָנקומען אויפֿן אָרט, בײַם פֿאַרלייגן דעם ווינקלשטיין אויף אויפֿצושטעלן אַ דאַך פֿאַר זיך, פֿאַר קינדער און קינדסקינדער... און אויך אַ גוטע כּוסע אָקעוויט נעמען דאָרטן בײַם אויפֿאַקערן די ערשטע באָראָזנע אויפֿן סטעפּ: די בראשיתדיקע שורה ערד, וואָס זאָל שוין סוף־כּל־סוף ווערן דער אָנהייב פֿון מנוחה און שלווה, פֿון מזל־ברכה און ישועה פֿאַר ייִדן אויף לאַנגע יאָרן... ביז משיח וועט קומען.

נאָר איצטער, בײַם געבוירן ווערן פֿונעם קינד אויפֿן מיטן וועג, אין פֿאַרטאָגיקן וואַלד, וואָס איז מיט פֿײַער און געוויטער־וואָלקנס פֿאַרצויגן געוואָרן, וואָלקנס מיט פֿײַערדיקע בליצן, וואָס פֿאַרן טאָג שטעלן זיך, פֿאַרן זונאויפֿגיין האָבן די הימלען זיך אויסגעשטערנט, און דאָס דאַרף זײַן אַ גוטער אָנזאָג, אַ סימן טובֿ אויפֿן מאָרגן, אויפֿן להבא, אויפֿן משנה מקום־זײַן — ייִדן זוכן דאָך מיט די ביטחון־אויסגעבענקטע אויגן אין אַלץ און אומעטום אַ צייכן אויף גאולה...

און דערעיקרשט דאַרף מען דאָ, אין וואַלד, אַ לחיים נעמען פֿאַרן אָפּקומען מיט שרעק פֿאַר איר, פֿאַר דער געווינערנס, פֿאַר טעמערלס לעבן. זי האָט דאָך, טעמערל, די גאַנצע נאַכט מיט יענע שרעקלעכע געשרייען, ווי די מאַמע אירע, „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער״, צו קינד געגאַנגען, און געבליבן לעבן. אַ נס פֿון זײַן ליבן נאָמען! זאָל דאָרט דער נזיר, מיכל, דער בעל־תשובֿה, אַרומגיין מיטן קבֿר אין האַרצן און וואַרטן אויפֿן מת... אַזעלכס האָט אַפֿילו דער טאַטע זײַנער פֿאַרן מויל ניט געבראַכט.

וואַרפֿט מען טרוקענע צווײַגן און יאָדלע־שישקעס אויפֿן טליענדיקן זשאַר אַרויף, שלאָגט באַלד אַ פֿרישער פֿלאַקער־פֿלאַם אַרויס, און ווײַבער צעוואַרעמען די פֿאַרקילטע וועטשערעס, און מ׳טרינקט לחיים פֿאַר דער קימפּעטאָרן, פֿאַרן נײַ־געבוירן קינד, פֿאַר פֿריידעלען, וואָס זאָל טאָקע זײַן אַ פֿרייד פֿאַר טאַטע־מאַמע, פֿאַר זיידע־באָבע, און אויך זי אַליין, די נײַ־געבוירענע מאַקאָווערן, זאָל האָבן אַ לאַנגן, אַ גליקלעכן, און אַ פֿריידיקן לעבן!

און די יונגע, נאָכן אויסטרינקען מיט די טאַטעס און מאַמעס, מיט די זיידעס און באָבעס צו קווערטלעך אָקעוויט, שפּילן אויף די גיטאַרעס

און קאָנצערטינעס די „לעוואָניכע", און ייִדן פֿאַרשטעקן די פּאָלעס פֿון די קאַפּאָטעס אונטער די גאַרטלען, פֿאַרוואַרפֿן איינער דעם אַנדערן הענט אויף די אַקסלען און גייען אַוועק אין אַ ראָד, אַרום דעם אויפֿגעלעבטן שײַטער, אונטער די פֿאַרטאָגיקע אויסגעשטערנטע הימלען, די „לעוואָניכע" מיט חסידישן ברען, מיט דבֿקות און ביטחון... מ'טאַנצט מיט אַזאַ פֿרייד און ברען, אַז די פֿרילינגדיקע ערד קרעכצט פֿון הנאה.

און דאָ, אין מיטן פֿון דעם טאַנץ, בלײַבן אַלע מיט אַ מאָל געפּלעפֿט און דערשראָקן שטיין: אויך די גיטאַרעס און קאָנצערטינעס ווערן אַנטשוויגן. קיינער וויל גאָר די אייגענע אויגן ניט גלויבן: ער, מיכל מאַקאָווער, דער חוזר־בתשובֿה, וואָס האָט קיין טראָפּן ווישניק אין מויל ניט גענומען, וואָס האָט מיט אַזאַ היתלהבֿות די לעוואָניכע אויסגעשפּילט, ער האָט פּלוצעם אויפֿגעהערט צו שפּילן, צוגעהונקען צום שײַטער און איבער די קעפּ פֿון די טאַנצנדיקע אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן פֿלאַם זײַן פֿידל, ווי געוואָלט דערמיט זײַן צעוויייטיקטע נשמה אין פֿײַער פֿאַרברענען. די פֿידל איז תּיכּף מיטן פֿײַער אַרויפֿגעכאַפּט געוואָרן און די סטרונעס האָבן איינס נאָכן צווייטן מיט צאָרנדיקן קלאַנג גענומען פּלאַצן.

און דערנאָך, טאַקע באַלד, ניט באַוויזן דעם אָטעם איבערכאַפּן און קומען צו־זיך, דאָ איז געשען נאָך עפּעס. און אָט וואָס: אַז ער, מיכל מאַקאָווער, נאָכן אַרויפֿוואַרפֿן דעם פֿידל אויפֿן פֿײַער, נעמט דעם שטעקן מיטן קופּערטל און וויל אין וואַלד, אין דער פֿינצטערניש אַרײַן, וויל פֿונדאַנען אַהינצו עוקר־זײַן, פֿאַרשווינדן, פֿאַרלוירן און דאָרטן ערגעץ־ווו פֿאַרפֿאַלן ווערן, דאָ פֿאַרשטעלט זי אים, די דאָקטערין, דעם וועג:

— וואַרט אַ ווײַלינקע! איר האָט מיך, ווי איך זע, דערקענט! יאָ, איר האָט זיך דאָ ניט טועה געווען. דאָס בין איך און ניט קיין אַנדערע... דאָס בין איך, טאַטיאַנא רווימאָוונאַ ברוידע, די עסעראָווקע! און איך האָב אײַך אויך, אַפֿילו אין אָט דעם הולך אײַערן, אַזאַ ווילד־פֿאַרוואָקסענעם, גלײַך דערקענט. לויט אײַערע אויגן... און לויטן אונטערהינקען אויפֿן לינקן פֿוס!

און הגם אירע ווײַטערדיקע רייד ווערן געפּלאָנטערטער,

אויפֿגערעגטער, שוין קוים זיי פֿאַנאַנדערצוקלײַבן, דאָך כאַפּט מען אויף און מ׳פֿאַרשטייט: זי, די דאָקטערין, טאַטיאַנאַ ברוידע, ראובֿן ראַפּעסעס, דעם אַמאָליקן וואַלד־סוחרס טאָכטער, האָט אין אים, אין מיכלען מאַקאָוער, דערקענט דעם אויספֿאָרשער פֿון טשעקאַ, וואָס האָט דעם מאַן אירן, דעם סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער, צום טויט איבערגעגעבן, און מ׳האָט אים געשאָסן... און אויף איר האָט ער זיך מרחם געווען און זי נאָר אַהין, אויף סאָלאָווקי אויף פֿינעף יאָר, פֿאַרשיקט.

און ער, מיכל מאַקאָוער, דאָס קופּערטל אָן אַ זײַט אָפּגעוואָרפֿן, שטייט פֿאַר איר איצטער דאָ, אין דעם פֿאַרטאָגיקן וואַלד, בײַ דעם פֿרילינג־צערוישטן טײַך, ווי איינער וואָס איז שוין צום ראַנד פֿון תהום פֿאַריאָגט געוואָרן, ווײַטער איז שוין פֿאַר אים קיין וועג און קיין שטעגעלע אין לעבן ניט פֿאַרבליבן... מיטביידע הענט אויפֿן הויכן שטעקן אָנגעשפּאַרט — ניט אומצופֿאַלן, און די אויגן זײַנע אַנטקעגן דעם שײַטער־פֿײַער פֿיבערן ווי ניט קיין היגע, ווי שוין גאָרניט קיין ערדישע, ווי שוין פֿון גאָר אַן אַנדער וועלט, און טרערן, ווי בליציקע ברעקלעך פֿון אַ צעבראָכן קרישטאָלענער כּלי, פֿאַלן פֿון זײַן צעווינטיקטער באָרד אויף דער ערד אַראָפּ.

און זי, טאַטיאַנאַ ברוידע, אַן אויפֿגערעגט און אויפֿגעבראַכטע, אַ נערוועז־אויפֿגעטרייסלטע ביז צו פֿאַרלירן דעם לשון! זי, די טאָכטער פֿונעם וואַלד־סוחר, ראובֿן ראַפּעס, וואָס די הײַדאַמאַקעס, אין די ווײַסע זשופּאַנעס און ברייט־רויטע שאַראַוואַרעס, האָבן אים, דעם ייִדן, אַ קראַנקן, אין בעט ליגנדיק, די שווערד אין האַרצן אַרײַנגעשטאָכן און דערנאָך זי, די פֿאַרבלוטיקטע שווערד, אין זײַן, דעם ייִדנס, באָרד אויסגעווישט: די יונגע ווײַב זײַנע, דוואָשען, מילקע מאַקאָווערס ווײַטע קרובֿה און דינסטמיידל, וואָס האָט באַקומען נאָך איר, מילקעס טויט, לויט דער צוואה, דעם באָראָוויצער וואַלד און חתונה געהאַט מיט ראובֿן ראַפּעסן; זי, דוואָשען, וואָס מ׳האָט שוין אָנגעהויבן צו רופֿן: דבֿורהלע־לעבן... זי די אויפֿגעקומענע גבֿירנטע, האָבן נײַן זין פֿון דער מאַמע אוקראַינע פֿאַרגוואַלדיקט, די שטוב באַגזלט און אונטערגעצונדן —

זי, טאַטיאַנע ברוידע, אַן אויפֿגעשוידערטע, כאַפּט זיך אויך אָן מיט ביידע הענט פֿאַר זײַן שטעקן, ניט אומצופֿאַלן, און קוקט אויף אים מיט

ברייט־צעעפֿנטע, מיט בלאָ־גרינע צאָרנדיקע אויגן: אָט שטייט דאָך פֿאַר איר דער, וואָס האָט אומגעבראַכט איר מאַן, דעם פּילזײַטיק־באַגאַבטן, דעם יונגן אַדוואָקאַט, איינעם פֿון זײַנע, פֿון קערענסקיס, איבערגעגעבנסטע, מיט כּוח און נשמה, געטרײַסטע מיטקעמפֿער... און זי, די מעוברתטע, אויף די אינדזלען פֿאַרשיקט, ווו אויפֿן וועג אַהינצו, אויף דער שיף, מפּיל געווען: אויף אַזאַ באַגעגעניש האָט זי גאָרניט געקאָנט זיך ריכטן און אַפֿילו אין חלום ניט געקאָנט זיך פֿאָרשטעלן.

און וואָס דאַרף זי, טאַטיאַנע ברוידע, און וואָס קאָן זי דאָ טאָן, אַ פֿאַרוואָרפֿענע אין דאָרף אַרײַן, אונטער דער השגחה פֿון דער קאָמוניסטישער אָכראַנקע... דאַרף זי דאָ לאָזן זיך דעם שׂכל אירן פֿאַרלירן, אָנכאַפּן מיט די נעגל, ווי אַ וואָלף מיט די ציינער זיך אײַנבײַסן אין זײַן גאָרגל, און דערנאָך מיט אַלע אירע האָפֿענונגען און טרוימען גיין אויף דער תּליה?

און דאָ, אין איר פֿאַרלוירן־און אומבאַהאָלפֿנקייט, טוט ער אַ פֿאַל אויף די קני, די אַקסלען טרייסלען זיך אים, און ער וויינט אויף אַ קול, דער בעל־תּשובֿה, דער נזיר, מיכל מאַקאָווער, צופֿאַלנדיק מיטן פּנים צו אירע בלאָטיקע שטיוול.

ו.

און פֿון דער בײַנאַכטיקער ווײַטער שׂרפֿה צאַפּלען און ראַנגלען זיך נאָך בײַ דער ערד, אויף די אַרויסשטאַרצנדיקע קרום־געפֿלאָכטענע סאָסנע־וואָרצלען, אָפּשײַן־שאָטנס און דער פּיקהאָלץ קלאַפּט שוין אין דער אַלטער קאָרע פֿונעם צעקאַרבטן דעמב, וועקט די פֿייגלען אין וואַלד: פֿונעם טײַך ווייעט שטאַרקער מיט צעבליטע קאַמישן, פֿון צווישן די דערשראָקענע אָסיקעס, וואָס שטייען ביז די העלדזער אין שטורמישע וואַסערן, לאָזט זיך שוין אויך הערן דעם אומרויִקער רוף פֿונעם וואַלדשנעפּ — דעמאָלטן, שוין נאָך דער התלהבֿותדיקער לעוואָניכע, וואָס זי, טעמערל, האָט דעם שׂטן בײַגעקומען... דער בעל־

תּשובֿה, נאָכן אַרױפֿװאַרפֿן אױפֿן פֿלאַקער־שײַטער זײַן פֿידל, איז צו אירע, צו טאַטיאַנע ברוידעס בלאָטיקע שטיוול מיטן פּנים און געװײן צוגעפֿאַלן: דעמאָלטן, ערבֿ זונאױפֿגאַנג, האָבן די װינטן װידער אַהער װאָלקנס מיט בלענד־פֿײַערדיקע בליצן אָנגעטריבן, און דער ערשטער פּרילינגדיקער געװיטער־רעגן האָט אויף די קעפּ פֿון די איבערװאַנדערער גענומען פֿאַלן.

האָבן די מאַנצבלען זיך אַ לאָז געטאָן צובינדן צו די ביימער ברעזענטן און איבער די װעגענער זײ אויסשפּרײטן: די װײַבער און קינדער פֿונעם געװיטער־רעגן פֿאַרשטעלן און באַשירעמען, און אויך דאָס ביסל האָב־און גוטס פֿון דורכגעװייקט װערן פֿאַרהיטן.

און זײ, די מאַקאָװער, האָבן זיך צו דער קימפּעטאָרן אַ װאָרף געגעבן, װאָרן װי נאָר די פֿײַערדיקע בליצן האָבן איבערן װאַלד גענומען די הימלען שפּאַלטן, אַזוי האָט זי װידער אָנגעהויבן צו שרײַען: „פֿאַרברענט ניט מײַן קינד... פֿאַרברענט ניט מײַן לעבן!“

און מיט אויסגעשטרעקטע הענט געבעטן בײַם מאַן, בײַ שאולן: — נעם אים צו פֿון מיר! נעמט אים צו!

— װעמען צונעמען, טעמערל, װעמען?

— דעם טאַטן מײַנעם... ער שטייט בײַ מײַן צוקאָפּנס און װײנט איבער מיר, איבער מײַן קינד...

— טעמערל, בײַ דײַן צוקאָפּנס איז קײנער ניטאָ.

— ניין, ער שטייט דאָרטן און באַװײנט אונדז... נעמט אים צו, דעם טאַטן, פֿון מײַן צוקאָפּנס! שאול, נעם אים צו!

און װיפֿל מ'האָט איר ניט דערקלערט, דער געװינערן, אַז דאָס האָט זי געהערט ניט דעם טאַטנס, נײַערט איר ברודערס, מיכלס געװײן... האָט זי ניט געװאָלט גלייבן. איז ער, שאול, אַװעקגעלאָפֿן אונטערן גאָס רעגן צום כּמעט שוין אויסגעלאָשענעם שײַטער, געװאָלט אים, מיכלען, צו דער שװעסטער ברענגען, נאָר ער איז שוין דאָרטן, דער בעל־תּשובֿה, ניט געװען. זי, טאַטיאַנע ברוידע, איז נאָך דאָרטן בײַ די שיפּענדיקע האָלאָװעשקעס, אונטער דעם קאַלטן שלאַקסרעגן, אײנע אַליין געשטאַנען.

זי איז געשטאַנען, די דאָקטערין, ראובֿן ראַפּעסער טאָכטער, װאָס האָט פֿון די יונגע יאָרן אירע אָנגעהויבן דאָרטן, אין איר טאַטנס

וואַלדשטוב, צו שרײַבן אין דער פֿרילינגדיקער נאַכט, אויך אַ געוויטערדיקע, דער קאָסער רעגן האָט געשלאָגן אין אַלע פֿיר טאַפּליעס, און זי, די פּופּצניאַריקע, פֿון די דונערן אַן אויפֿגעוועקטע, פֿון די פֿײַערדיקע בליצן אַן אויפֿגעטרייסלטע, האָט פּלוצעם דעם לאָמפּ אָנגעצונדן, און מיטן בלײַשטיפֿט גענומען אין העפֿט אַרײַן שרײַבן, און מיט ציטערניש מורמלען ווערטער, וואָס זײַנען איר ביז איצטער אויפֿן געדאַנק קיין מאָל ניט אַרויפֿגעקומען.

און זי איז געשטאַנען בײַם שיפּענדיקן שײַטער, ראובֿן ראַפּעסעס טאָכטער, טאַטיאַנע ברוידע, די טיף גלייביקע אין אַנדערע, אין העכערע, און אין אייביק לעבעדיקע ווײַטע וועלטן, אָבער פֿון דאָס ערדישע זיך קיין מאָל ניט אויסגעטאָן, שוין אַפֿילו אויפֿן דנאָ פֿון תּהום, שוין נאָכן מאַנס טויט, נאָכן מפּיל זײַן אויפֿן ים און שוין אויך אויפֿן פֿאַרוואָרפֿענעם אינדזל, אויף סאָלאָווקי, אויך דאָרטן אין יִיאוש ניט אַרײַנגעפֿאַלן, להוט און דאָרשטיק געווען צום ערדישן לעבן, זיך געשלאָגן דאָ מיט אַלע אירע כּוחות, אויף אָט דער ערד, קעגן אומרעכט און עוולות, דער עיקר קעגן די תּורות וואָס פֿירן צו אכזריות, צו בלוט־פֿאַרגיסונג... זי איז געווען ווײַט פֿון ניט ווערן זיך קעגן בייז, און נאָך ווײַטער פֿון בעטלען בײַם מענטשן ליבשאַפֿט צום נאָענטן. זי האָט געהאַלטן, טאַטיאַנע ברוידע, אַז ליבשאַפֿט קאָן מען ניט פֿאָדערן און פֿאַרלאַנגען, ליבשאַפֿט מוז פֿון אייגענעם קוואַל, פֿון אייגענעם האַרץ, פֿון דער טיפֿעניש פֿון דער נשמה אַרויסשלאָגן! אָבער ערלעכקייט, אָט דאָס דאַרף מען פֿון אים, פֿון דעם בן־אדם יאָ פֿאָדערן און מאָנען: זײַן ערלעך איז ער, דער מענטש, מחויבֿ!

זי איז געשטאַנען דאָרטן, די דיכטערין, די טאָכטער פֿון דעם ייִדן, וואָס די הײַדאַמקעס האָבן די שווערד אין האַרצן אים אַרײַנגעשטאָכן און דערנאָך דאָס הייסע בלוט פֿון דער שווערד מיט זײַן באָרד אויסגעווישט... געשטאַנען אונטערן שווערן געוויטער־רעגן, בײַם נאָך שיפּענדיקן שײַטער, ווו ער, מיכל מאַקאָווער, האָט נאָרוואָס, ליגנדיק אויף דער ערד, בײַ אירע פֿיס געוויינט אויף אַ קול... זי איז געשטאַנען אַ פֿאַרגליווערטע, אַ דורכגעווייקטע פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, און דורך די גרויע וואַסערן, וואָס פֿאַלן פֿון די הימלען, געקוקט ווי אַרויף־צו פֿון יענער זײַט צעכוואַליעטן טײַך, אויפֿן באַרג, בײַ איר שטרויענער כאַטע,

ווו זי ווינט, ברענט אין פֿלאַמען אַרומגעכאַפּט די פּונעם בליץ געטראָפֿענע הויכע סאָסנע... און נעכטן בײַנאַכט האָט זי דאָך אין חלום געזען, טאַטיאַנע ברוידע, ווי די סאָסנע בײַ איר שטוב ווערט פֿון אַ בליץ צעשפּאָלטן און פֿאַרגייט זיך אין אַ פֿלאַם־פֿײַער... און אָט ברענט זי דאָך, די סאָסנע!

און זי וואַרט, די דאָקטערין, אַז אָט באַלד וועט זיך אויך אָנכאַפּן דער שטרויענער דאַך און די פֿיר הילצערנע ווענט מיט איר קישן און טישל וועלן אַוועקגיין מיטן פֿײַער... אַוודאי וועט דאָרטן מיטן טישל אויך איר העפֿט לידער פֿאַרברענט ווערן. דאָס וועט שוין זײַן דער צווייטער העפֿט. דעם ערשטן העפֿט לידער האָט פֿאַרברענט דער טשעקיסט, מיכל מאַקאָווער. ער האָט עס איר דעמאָלטן, אויפֿן פֿאַרהער, שוין פֿאַרטאָג, אַליין געזאָגט:

— אײַערע לידער וועט סײַ ווי סײַ קיינער ניט פֿאַרשטיין... איך האָב זיי אַרײַנגעוואָרפֿן אין פֿײַער!

האָט זי זיך אײַנגעבויגן, נאָר געוואָרפֿן אויף אים אַ ביטול־בליק. און ער האָט יענעם בליק אירן אויפֿגעכאַפּט, צוויי מאָל אַרומגעהונקען דעם בענקל אויף וועלכן זי איז געזעסן, ווי דערמיט געמאַכט אַרום איר אַ קרײַז, וואָס אַרויסגיין פֿון אים איז שוין ניט פֿאַר מענטשלעכע כּוחות, דערנאָך שטיין בלײַבנדיק פֿאַר איר, צוגעגעבן:

— און דערצו נאָך זײַנען זיי דאָך געשריבן געוואָרן אויף העברעיִש... אַזאַ קאָנטררעוואָלוציע קאָן פֿונדאַנען אַפֿילו אַ פֿײַער־פֿויגל ניט אַרויסטראָגן!

און פֿון די רייד זײַנע פֿאַרקלעמט זי נאָך שטאַרקער די ליפּן צווישן די ציין, ס'זאָל זיך, ווי אין דער גאַנצער לאַנגער ווינטערדיקער נאַכט פֿון דעם פֿאַרהער, אַ וואָרט פֿון מויל און אַ זיפֿץ פֿון איר האַרץ ניט אַרויסרײַסן, קוקט שוין אויף אים אָפֿן מיט יענעם ביטול־בליק, און וואַרט אויפֿן פּסק־דין, אויפֿן טויט...

און איבער יאָרן, שוין דאָ, אין וואַלד, שטייענדיק בײַם אויסגעלאָשענעם שײַטער, אונטערן גאָסרעגן, אַן אויפֿגעציטערטע פֿון דער פּלוצעמדיקער באַגעגעניש מיט יענעם, מיטן טשעקיסט, וואָס האָט איר מאַן צום שיסן פֿאַרמישפּט און אויף איר זײַנען דאָך קלאָרע באַווײַזן געווען, אַז זי, טאַטיאַנאַ ברוידע, האָט זיך אָפּט געטראָפֿן מיט דאָראַ

קאַפּלאַן*, מיט יענער ייִדישער מיידל, וואָס האָט אין לענינען געשאָסן, און ער איז נאָר שווער פֿאַרווּנדיקט געוואָרן... און דאָך, ניט געוועז צו פֿאַרשטיין און צו באַנעמען, האָט ער זי אויף פֿינעף יאָר סאָלאָווקי פֿאַרשיקט, און איר לעבן דערמיט מציל געווען: שטייענדיק דאָ, ביַים אויסגעלאָשענעם שיַיטער, אַן אויפֿגעטרייסלטע און אויפֿגעשווידערטע אונטערן רעגן, געקוקט מיט שרעק ווי וויַט אַרויף־צו, אויפֿן באַרג, פֿון יענער זיַיט צעכוואַליעטן טיַיך, פֿאַרגייט אין פֿלאַמען די סאָסנע ביַי דער שטוב, ווי ס׳ברענט איר ביַינאַכטיקער חלום... דאָ, וועלנדיק אַ וועלכן סע איז באַשייד פֿאַר זיך געפֿינען, דאָ נעמט זי עמעצער פֿאַר ביידע הענט אָן — מיינט זי אַז דאָס איז ווידער דער קימפּעטאָרנס מאַן — ס׳רעדט אָבער צו איר אַ וויַבל:

— קומט, — זאָגט יענע. — קומט מיט מיר אַהין־צו, אונטערן ברעזענט. דאָרטן איז אויך איַיער ברודערל... טאָלי... נפֿתּלי...

— וועגן וואָס רעדט איר, וועגן וואָסער ברודערל? און ווער זיַינט איר?

— ווער בין איך? כ׳ווייס שוין אַליין ניט...

— ווי אַזוי רופֿט מען איַיך?

— אַמאָל האָט מען מיך גערופֿן דוואָשע. אין דער היים, ביַי מיַין טאַטן דעם שוחט, און אויך ביַי מילקען... נאָר שפּעטער, פֿאַר איַיער טאַטן, האָט מען מיך גערופֿן דבֿורה.

— פֿאַר מיַין טאַטן? וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט איר געהאַט צו מיַין טאַטן?

— איך בין דאָך געווען איַיער טאַטנס צווייטע וויַב... קומט, איך וועל איַיך אַלצדינג דערציילן. איר זיַינט דאָך אַזויפֿיל יאָרן וויַט געווען... קומט, טאַניע, אַזוי פֿלעגט איַיך רופֿן איַיער טאַטע, ראובֿן ראַפּעס. קומט וועל איך איַיך איבערטאָן. איר זיַינט דאָך דורכגעווייקט געוואָרן ביזן לעצטן פֿאָדעם. דאָקטוירים קאָנען זיך דאָך אויך צוקילן... קומט, וועל איך איַיך שוין אָפּגעבן זיַין לעצטן בריוו, וואָס ער האָט קראַנקערהייט אָנגעשריבן, נאָר דעם אַדרעס ניט באַוויזן אָנשריַיבן...

---

*) איר נאָמען איז געווען דאָרא און ניט פֿאַניא, ווי די סאָוועטישע דאָקומענטן רופֿן זי.

זיי האָבן אים דאָ, ראובֿנען, די פּעטליוראָווצעס, אין בעט געהרגעט און מיך...

— און וואָס אײַך?

— און מיך האָבן זיי פֿאַרגוואַלדיקט. כ׳בין שוין דעמאָלטן געווען אין דריטן חודש... קומט, וועל איך אײַך אויך דערציילן ווי אַרום כ׳בין געוואָרן ראובֿן ראַפּעסעס ווײַב.

און געטראָפֿן און פֿאַרלאָפֿן האָט זיך עס דעמאָלטן אין שטעטל אַזוי: הגם איר — מילקע מאַקאָווערס — טויט, איר נעמען זיך דאָס לעבן אין יענער ווינטערדיקער נאַכט, באַזונדערס איר קוויטעלע אויפֿן טיש „מיט אַ פֿאַרפֿרוירן קינד אין האַרצן קאָן מען ניט לעבן!“.. האָט דאָס שטעטל אויפֿגעטרייסלט און מיט צער און טרויער אויף די הערצער זיך אַלעמען געלייגט — דער אַלטער רבֿ ר׳ העשילע, האָט אַפֿילו דעם פּסק־דין פֿון זײַן דיין צו באַהאַלטן זי, מילקע מאַקאָוער, הינטערן פּלויט, אָפּגעשאַפֿט און מתּיר געווען ברענגען זי צו קבֿורה אויפֿן בית־עלמין, בײַם קבֿר פֿון איר קינד, מחמת זי, מילקע מאַקאָווער, האָט זיך שוין געפֿונען אין אַ מצבֿ פֿון אַ מענטשן, וואָס טראָגט ניט די אחריות פֿאַר זײַנע מעשׂים... און אויך דערבײַ צוגעגעבן: — דער טאָג פֿון איר טויט וואָלט באַדאַרפֿט בײַ ייִדן ווערן אַ תּענית־טאָג, אַ בכיה לדורות! — דאָך האָט מען זיך באַמיט וואָס ווינציקער פֿון איר צו רעדן, ווײַל ווי נאָר איר, מילקע מאַקאָווערס, נאָמען ווערט דערמאָנט, אַזוי קומט מען שוין באַלד אַרויף אויפֿן נבֿיא, אויפֿן באָרוועסן מיטן הויכן שטעקן, אויף זײַנע שוואַרצע נבֿואות, וואָס ווערן צום גרויסן אומגליק מקוים... האָט מען שוין, כּדי אויפֿן נבֿיא מיטן ווײַס ציגעלע ניט אַרויפֿקומען, אויך איר, מילקע מאַקאָווערס, נאָמען ניט דערמאָנט.

נאָר שפּעטער, דערוויסנדיק זיך פֿון איר צוואה, וואָס מ׳האָט נאָכן אַלטן רבֿס פּטירה אין זײַן גרין־זילבערן קעסטעלע געפֿונען ליגן, ווו זי, מילקע מאַקאָווער, פֿאַרן לאָזן זיך מיטן קינד אין ווײַטן וועג אַרײַן, קיין סיביר, נאָכן נבֿיא פֿאָרן, האָט אָנגעשריבן, פֿאַר דרײַ עדות געחתמעט און אים, דעם אַלטן רבֿ, אין די הענט אַרײַן אויף צו באַהאַלטן געגעבן: זי גלייבט, מילקע מאַקאָווער, און מיטן גאַנצן האַרצן, אין דעם גאָט פֿון די אָבֿות, זי גלייבט אַז ער וועט זי, איר קינד און איר מאַן, ירמין, בשלום קריק פֿון סיביר ברענגען . . . נאָר אין פֿאַל פֿון איר, מילקע

מאַקאָווערס, און פֿון איר קינדס, און פֿון ירמיס טויט, לאָזט זי איבער די שטוב מיטן סאָד, די צוויי שניטקראָמען מיט סחורה, דאָס מזומן געלט און די פּאַפּירן אין באַנק, פֿאַר זיי, פֿאַר ירמיס צוויי קינדער, פֿאַר טעמערלען און מירעלען . . . און פֿאַר איר, פֿאַר דוואָשען, בלײַבט דער באָראָוויצער וואַלד, וואָס בשותּפֿות מיט ראובֿן ראַפּעס. פֿון אים, פֿון דעם נבֿיאס זון, פֿון מיכעלען, וואָס האָט דאָס ווײַסע ציגעלע מיט טינט אָפּגעשוואַרצט און בעתן שטעלן זיך מיט אים, מיט ירמין, אונטער דער חופּה, אין שטוב אַרײַנגעטריבן . . . פֿון וועגן אים, מיכלען, ווערט דאָרטן אין דער צוואה, קיין וואָרט ניט געזאָגט. — דעמאָלטן, דערוויסנדיק זיך פֿון איר צוואה, האָט מען שוין ניט נאָר אויפֿן מאַרק בײַ די פּײַערטעפּ, אין די קלייטן און פֿאַרשנייטע שטעלעכלעך, נאָר שוין אויך דאָרטן, אין די בתּי־מדרשים, אונטער דער אָנגעהייצטער הרובע, צווישן מינחה־מעריבֿ, וועגן מילקע מאַקאָווער גערעדט:

— נו, מילא, אַז דעם נבֿיאס צוויי מיידלעך באַקומען אַזאַ עשירות . . . נו, מילא! נאָר זי, דוואָשע . . . זי ווערט דאָך מיט אַ מאָל אַ נגידיתטע, אַ שותּפֿטע צו ר׳ ראובֿן ראַפּעסעס וועלדער.

— פּלאי־פּלאים!

— איך מיין אַז דער אַלמן, ר׳ ראובֿן ראַפּעס, וועט בעסער נעמען דוואָשען פֿאַר אַ ווײַב, איידער אָפּגעבן איר דעם באָראָוויצער וואַלד.

— ס׳קאָן טאַקע זייער שיין זײַן. אַ באָראָוויצער וואַלד גייט ניט צופּוס!

— יאָ, נאָר דער באַלעגאָלע האָט זיך זײַנע חשבונות און דער פֿערד זײַנע.

— וואָס מיינט איר, און וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

— פּשוט, איך מיין אַז דוואָשע וועט שוין אים, דעם אַלטן, ניט וועלן איצטער נעמען. ער איז דאָך עלטער פֿון איר אויף פֿופֿצן יאָר. זי וועט גיכער חתונה האָבן מיט בנימינען ברייינדלס.

— גייט שוין גייט, בנימין איז אַן אַלטער בחור און ניט ייִנגער פֿון ראובֿנען. דערצו איז יענער, ראַפּעס, אַן אײַנגעפֿונדעוועטער ייִד, פֿאַרמאָגט צוויי הײַזער, איינע דאָ, די צווייטע אין וואַלד.

— נו, און די קינדער?

— וואָסערע קינדער? די טאָכטער לערנט אין פּייטערבאַרג אויף

דאָקטער, שוין, דאַכט זיך, אַ כּלה. און דער זון אָקערט אין ארץ־ישׂראל די ערד, וואָס איז פֿאַר די צוויי טויזנט יאָר פֿאַרקוואַרט און פֿאַרוויסט געוואָרן.

— פּלאי־פּלאים!

— און ווער פֿון אײַך, ייִדן, וועט מיר דערקלערן, פֿאַרוואָס איז זי, מילקע מאַקאָוער, אין איר צוואה, פֿאַרבײַגעגאַנגען אויך אים, איר נאמן, בנימינען ברײַנדלס, וואָס האָט געחלשט נאָך אירע טריט? ער האָט דאָך איר אַזוי געטרײַ געדינט, איר פֿאַרלאָפֿן אַלע וועגן.

— פּלאי־פּלאים!

— הערט נאָר, פּאַני פּאָרטנאָי, ס'איז פֿאָרט כּדאי צו וויסן: וואָס האַלט איר דאָ אין איין פּלאי־פּלאימען? איר אַ ייִד מיט אַזאַ קאַלטן לונג־לעבער, אַלצדינג וואָס עס קומט פֿאָר אויף דער וועלט דערגייט דאָך נאָר ביז צו אײַער געפּרעסטן רויטן קאַמזויל . . . און גראָד איר, פּאַני פּאָרטנאָי, גראָד איר האַלט דאָ אין איין חידושן זיך, אין איין פּלאי־פּלאימען? קאָנט איר דאָס מיר געבן צו פֿאַרשטיין, פּאַני פּאָרטנאָי? אין מײַן קאָפּ פּאַטויפּעט זיך דאָס ניט.

— צי קאָן איך דאָס אײַך, ר' ליבער, געבן צו פֿאַרשטיין? פֿאַרוואָס זאָל איך ניט קאָנען? אַוודאי קאָן איך. אָט וועל איך נאָר פֿאַרדרייען אַ ציגאַר טוטין . . . מיך חידושט, ר' ליבער, וואָס אַנדערע קאָנען זיך נאָך חידושן, וואָס איז אײַך אַ שטייגער, ר' ליבער, די נפֿקא־מינה, וויפֿל און וועמען מילקע מאַקאָוער האָט איבערגעלאָזט די אָדער יענע ירושה? איר וועט פֿון דעם זיך קאָנען כאָטשבי קויפֿן מרור אויף פּסח, האַ, ר' ליבער?

— ניין, פּאַני פּאָרטנאָי, פֿון איר ירושה וועל איך אַפֿילו ניט האָבן אויף אַ וואָרצל כריין.

— אָט זעט איר, ר' ליבער, פֿון ציילן פֿרעמדע טויזנטער ווערט מען ניט קיין נגיד.

— אָבער איך וואָלט וועלן כאָטש איין מאָל אין מײַן לעבן האַלטן אַ טויזנטער אין האַנט . . . כאָטש איין מאָל אין מײַן לעבן!

— נו, ר' ליבער, כאַפּט מען זיך אַראָפּ קיין קיִעוו, מ'גייט אַרײַן צו בראָדסקין און מ'בעט אים, ער זאָל אײַך אויף אַ מינוט געבן אין האַנט אַרײַן אַ טויזנטער, צוויי תּקערס . . . ער איז, זאָגט מען, זייער אַ גוטער

מענטש, בראָדסקי, ער וועט אײַך און אײַער חלום אַנטקעגן קומען . . . און וואָס איז אײַך, ר׳ ליבער, דער חילוק, צי דוואָשע וועט נעמען בנימינען, צי ראובֿנען? וואָס וועט איר דערפֿון האָבן? ניט בנימין, און ניט ראובֿן, קיין איינער פֿון זיי וועט אײַך צו זיך אויף דער חתונה אַפֿילו ניט פֿאַרבעטן. ס׳וועט אײַך אין מויל, ר׳ ליבער, ניט אַרײַנקאַפּען קיין טראָפּן בראָנפֿן און ניט אַרײַנפֿאַלן קיין ברעקל לעקעך.

— ניין, פּאַני פּאָרטנאָי, ס׳וועט ניט אַרײַנקאַפּען און ניט אַרײַנפֿאַלן. וואָס ניין, איז ניין.

— און דאָס וואָס איר וואַרפֿט מיר אויס, ר׳ ליבער, אַז עס אַרט מיך ניט וואָס אויף דער וועלט טוט זיך? אָט זאָגט מיר, ר׳ ליבער, קאָן איך דען דאָ, אויף אָט דעם וועלטל, עפּעס איבעראַנדערשן אָדער איבערשטעלן? קאָן איך אַ רוק טאָן פֿון אָרט כאָטשבי איין פּיצינקעלע שטערנדל אין הימל? די זון גייט אויף, ר׳ ליבער, פֿאַרן רשע ווי פֿאַרן צדיק . . . די מילחמה מאַכט חרובֿ שטעט און לענדער, דער גלח ראַספּוטין, דער שיכור און נואף, פֿירט אָן מיט רוסלאַנד, און מאָרגן קאָן דאָ געוועלטיקן נאָך אַן ערגערער ניקאָלײַ דער צווייטער, פֿון דעם בלוטיקן . . . מיט המנס האָט דאָך אונדז, ייִדן, דער אייבערשטער באַזאָרגט ביז משיח וועט קומען. און פֿון דעם אייגענעם שאָטן, ר׳ ליבער, קאָן מען ניט אַנטלויפֿן, און זיך ניט באַהאַלטן . . . קאָן איך דאָ, ר׳ ליבער, עפּעס־וואָס ענדערן און משנה זײַן? די זון וועט סײַ ווי סײַ אויפֿגיין און פֿאַרגיין. און וויפֿל איר זאָלט דעם שטיין ניט ווייקן, וועט ער אָלץ בלײַבן האַרט . . . האַ, ר׳ ליבער?

— יאָ, פּאַני פּאָרטנאָי, וויפֿל מ׳זאָל דעם שטיין ניט ווייקן, וועט ער בלײַבן האַרט.

— נאָר אויב, ר׳ ליבער, סע קאָרטעט אײַך אַזוי דוואָשע, אויב איר חלשט טאַקע אַזוי צו וויסן וועמען זי, די אויפֿגעקומענע גבֿירנטע, וועט אָפּגעבן איר האַרץ, בנימינען צי ראובֿנען, קאָן איך אײַך דאָ קומען צו הילף: זי האָט חתונה פֿאַרן וואַלד־סוחר און די חופּה וועט געשטעלט ווערן חמשה עשר בשבֿט . . . און שלאָפֿט, ר׳ ליבער, רויִק און האָט, ר׳ ליבער הנאה פֿון אײַער פּישקאַרטאָפּליע. די וועלט וועט זיך, ר׳ ליבער, גיין ווײַטער איר וועג און מעגן זיי, די געלערנטע, די אַלץ־ווייסער און אַלץ־קענער, די גאונים, דרייען די ערד אַרום דער זון און אַרום איר

אייגענער אַקס, ווען זי, די זון, זיך ווײַטער, ווי אין חומש שטייט,
אויפֿגיין אין מיזרח און פֿאַרגיין אין מערבֿ . . .

## ז.

און שוין דאָרטן, אויפֿן איבערוואַנדער־וואָגן, ווהין דוואָשע האָט זי, טאַטיאַנע ברוידע, געבראַכט צו פֿירן אַ דורכגענומענע מיטן פֿרילינגדיקן געוויטער־רעגן, אַן אויפֿגערודערטע פֿון דער באַגעגעניש מיט אים, מיט איר טשעקאַ־אויספֿאָרשער, מיט מיכלען מאַקאָווער, וואָס האָט איר לעבן חרובֿ געמאַכט, און איצטער דאָ, אין מיט דעם צעוויכערט־פֿאַרטאָגיקן וואַלד, אויף די קני, און מיטן פּנים צו אירע פֿיס מיט אַ געוויין צוגעפֿאַלן: שוין דאָרטן, אונטערן ברעזענט, וואָס דער האָגל קלאַפּט איבער אים אָן אויפֿהער און אָפּשטעל, ווי עמעצער וואָלט דאָ עפּעס־וואָס זייער וויכטיקס, גאָר דרינגלעכס, פּשוט אַ חיות־זאַך געוואָלט אָנזאָגן און וואָרענען . . . שוין דאָ, אויף דער פֿור, אונטערן שלאָגרעגן, האָט זי, טאַטיאַנע ברוידע, גלײַך דערזען, אַז די, וואָס האָט זי פֿון אויסגעלאָשענעם שײַטער צוגענומען, צוגעזאָגט דעם טאַטנס, ראובֿן ראַפֿעסעס אַ ניט אָפּגעשיקטן בריוו איבערגעבן און מיטן ברודערל, מיט טאָלין באַקענען: יענע, די שטיפֿמאַמע, זעט זי, טאַטיאַנע ברוידע, איז דאָך ניט בײַ אַלע געדאַנקען . . .

צום אָנהייב האָט זי, דוואָשע, פֿון וועגן אים, פֿון ראובֿן ראַפֿעסן, גערעדט מיט שׂכל, מיט זיכּרון, דערציילט קלאָר און אַפֿילו מיט פּרטים וועגן דער ברייטער חתונה מיט קלעזמער, אָבער דערנאָך איז שוין פֿון אירע רייד ניט געווען צו פֿאַרשטיין פֿון וועגן וואָס און וועמען זי רעדט.

און אַז טאַטיאַנע פֿרעגט זי פֿון וועגן דעם טאַטנס בריוו, הייבט זי שוין ניט אָן צו וויסן, דוואָשע, פֿון וואָס דאָ רעדט זיך — פֿון ראובֿן ראַפֿעסעס אַ בריוו געדענקט זי שוין גאָר ניט, און דערצו נאָך, מיט אַ מאָל, נעמט זי פּלוצלינג מיט אַ ניגון אויסקלאָגן:

— הוי וויי, הוי וויי, כ׳האָב שוין פֿאַרמאָגט אַ הינדעלע, וואָס האָט מיר געלייגט אַ גאָלדן אייעלע, האָט מען מיר דאָס הינדעלע געקוילעט,

דאָס גאָלדן אייעלע בײַ מיר צוגענומען . . . הוי וויי, הוי וויי, הוי וויי, ווינד איז מיר און וויי! — פֿרעגט זי שוין, טאַטיאַנע, בײַ איר, בײַ דער שטיפֿמאַמע:

— און ווו איז ער, מײַן ברודערל, טאָלי?

— ער שלאָפֿט.

— ווו?

— אָט אָ דאָ, אונטערן קילעם! אָט־דאָ . . .

הייבט זי אונטער, טאַטיאַנע, דעם צודעק און וויל בײַ דער שײַן פֿון לאַמטערן דעם פּנים פֿון איר ברודערל זען, נאָר קיין שום לעבעדיקע באַשעפֿעניש דאָרטן, אונטערן קילעם, איז ניטאָ. ווערט זי דאָ, די דיכטעריןֹ, וואָס שוין אין יענע, אין די טשעקאַ־קעלערן, מיט אַ צווייטער ראיה געבענטשט געוואָרן, געקאָנט זען ניט נאָר דאָס אַרומיק־וואָכעדיקע, דאָס ממשותדיקע, וואָס וואַרפֿט זיך בײַ דער טאָגשײַן, אָדער בײַ דער ליכט פֿון בליצלאָמפּן אין די אויגן אַרײַן, נאָר געקאָנט שוין אויך זען, און דער עיקר אין די נעכט, אין די פֿינצטערע, אַז די וועלט, פֿון דער ערד ביז די הימלען, ווערט פֿון אויג פֿאַרלאָרן, און וואָס שוואַרצער די נעכט זענען, אַלץ קלאָרער און טיפֿער זעט זי, טאַטיאַנע ברוידע, אַזוינס, וואָס אַפֿילו מיטן דימענט־געשניטענעם וואָרט איז ניט אַרויסצוברענגען . . .

ווערט זי שוין דאָ, די דיכטערין, די סימבאָליקערין, וואָס זעט אין אַלצדינג און אומעטום רמזים, סודותדיקייט, אָנצוהערעניש און אָנוווּנק, בײַם ניט געפֿינען אונטערן קילעם קיין שום לעבעדיקן נפֿש, גאָר דערשראָקן, ווי זי איז דערשראָקן געוואָרן פֿריער דאָרטן, בײַ יענעם וועג מיט די פֿיר ברענענדיקע לאַמטערנס אויפֿן ווינט, דערהערנדיק פֿון דער געווינערין, אַז דער ברודער אירער, דער בעל־תּשובֿה, גייט אַרום שוין יאָרן מיט אַ קבֿר אין האַרצן און וואַרט אויפֿן מת . . . זי האָט נאָך אָבער ניט געוווּסט פֿון וועגן וועלכן ברודער, און פֿון וואָסער בעל־תּשובֿה די געווינערין רעדט.

און איצטער בײַם ניט געפֿינען אונטערן קילעם קיין לעבעדיקן נפֿש, ווערט זי, די דיכטערין, שוין ניט נאָר דערשראָקן, נאָר אויך פֿאַרלוירן: די שטיפֿמאַמע אירע, דוואָשע, גייט אויך אַרום מיט אַ ליידיקן קבֿר אין האַרצן . . . אָט די ווײַבל גייט אַרום מיט אַ

איַינרעדעניש, מיט אַ וויסטן חלום אין דער נשמה. זי האָט גאָר קיין מאָל ניט געהאַט קיין קינד . . . און דאָ טוט זי נאָך, די שטיפֿמאַמע אַ פֿרעג:

— טאַניע, אַ יאָ, טאַניע, אַ שיינער זון ביַי מיר?

— זייער . . .

— נאָך אַזאַ ליכטיקער פּנים גאָר אויף דער וועלט ניט געווען!

— יאָ . . . נאָך ניט געווען . . .

און פֿון איר, פֿון דער שטיפֿמאַמעס, גליקלעכן שמייכל, באַזונדערס פֿון איר רעכטן ברייט־צעעפֿנטן אויג אין וועלכן ס׳וויגט זיך דער ברענענדיקער לאַמטערן, ווערט זי, טאַטיאַנע ברוידע, שוין גאָר מבולבל און ס׳דאַכט זיך איר, אַז אַריַינגעפֿאַלן איז זי אין אַ ניט־ערדישער וועלט: אין אַ וועלט אָן אַן אָנשפּאַר און אינהאַלט, אָן אָנלען און הילף; אין אַ וועלט וואָס שווימט אויף דעם פֿאַנאַנדערגעגאָסענעם טיַיך, אונטער אַ שלאַקסרעגן, איבער די צעכוואַליעטע וואַסערן פֿון תּוהו ובֿוהו . . . נאָר גאָטס גײַסט שוועבט ניט אויף זיי, אויף די וואַסערן.

און איר, דער דיכטערין, דער טיף־גלייביקער אין גאָט און אין זיַינע נבֿיאים, איר לויפֿט דאָ אַדורך אַ שוואַרץ־אַפּיקורסישער, אַ ייִאוש־ביטערער געדאַנק: און אפֿשר איז דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק אַ דוואָשע, וואָס דער אַלטער גרויסער חלום זיַינער איז ניט מער ווי אַ איַינרעדעניש, אַ פֿאַטאַ־מאָרגאַנאַ, אַ כּישוף־טעלערל אין הימל, אַ ווינטשפֿינגערל אין דער נשמה, אַ כימערע, וואָס גריזשעט דעם אייגענעם ביין . . . און אפֿשר טראָגט ער גאָר, יענער גרויסער ייִדישער טרוים, וואָס קאָסט דעם פֿאָלק אַזויפֿיל פּיַין און בלוט אין משך פֿון דור־דורות . . . און אפֿשר טראָגט ער גאָר, יענער גרויסער ייִדישער טרוים ניט קיין גאולה, נאָר ווי דער בעל־תּשובֿה, אַ קבֿר אין האַרצן און וואַרט אויפֿן מת? — און פֿון אָט דעם פּלוצעם־אָנגעלאָפֿענעם געדאַנק פֿאַלט זי שיער ניט אין חלשות.

אָבער נאָך פֿריער איז זי שוין אין אַ גרויסן אומרו געווען: ווי נאָר די נאַכט איז צוגעפֿאַלן און זי, טאַטיאַנע ברוידע, שוין אַ מיד און אויסגעמאַטערטע פֿון אַרומגיין און אַרומפֿאָרן דעם גאַנצן טאָג איבער די פֿרי־יאָריקע איבער די פֿרילינג־בלאָטיקע וועגן צו קראַנקע אין היגן און צו אַרומיקע כוטערס און דערפֿער — אין אָט דעם וואַלד־קריַיז מעג זי, די פֿאַרשיקטע אַהער־צו, באַוועגן זיך, — און באַלד ווי די נאַכט איז

צוגעפֿאַלן, ווי נאָר אין איר כאַטע אַריַין, אַזוי אויפֿן ניט געבעטן געלעגער אַ פֿאַל געטאָן. נאָך באַוויזן זען ווי אויפֿן טײַך, אין די קאָכיקע וואַסערן דערברענט די שקיעה, און גלײַך אין אַ טיפֿן שלאָף אַרײַנגעפֿאַלן. נאָר באַלד פֿון אַ שווערן חלום זיך אויפֿגעכאַפּט: אַ פֿײַער גייט און שפּרייט און קנוילט זיך אַרום איר שטרויענעם דאַך, און די סאָסנע, וואָס שטייט פֿאַרן פֿענצטערל, פֿלאַקערט אין פֿלאַם־פֿײַער.

און אַז זי כאַפּט זיך אויף, און אַ ווײַטע שׂרפֿה טאַקע אין דער נאַכט דערזען אויפֿגיין, ווערט זי, די דיכטעריץ, פֿונעם חלום, וואָס איז אין וואָרהאַפֿטיקייט אַריבער, מיט גרויס אומרו אַרומגעכאַפּט: מיט יענעם ניט קלאָרן און שווערן אומרו, וואָס באַפֿאַלט זי תּמיד איידער סע דאַרף מיט איר עפּעס געשען.

נעמט זי אײַלנדיק זיך אָנטאָן, ווי מורא געהאַט ערגעץ־וווהין צו פֿאַרשפּעטיקן, לאָזט די שטוב־טיר פֿון איר כאַטע אָפֿן שטיין, און מיט גיכן און ברייטן שפּאַן צום טײַך אַוועק, גענומען אויפֿן הויכן ברעג אַהין־און קריק אַרומגיין, ווי אויף עפּעס פֿון דאָרטן, פֿון דעם צעבושעוועט־פֿרילינגדיקן טײַך געוואַרט.

און אין גיכן, בײַ דער שײַן פֿון דער ווײַטער נאַכט־שׂרפֿה, דערזעט זי טאַקע, ווי פֿון אונטער די פֿאַרפֿלאַמטע הימלען, פֿון די טײַך־כוואַליעס ווערט אַרויסגעוואָרפֿן אַ מענטש, וואָס קריכט צווישן די קוסטעס, כאַפּט זיך פֿאַר די צווײַגן, קלעטערט אויפֿן באַרג אַרויף, און לויפֿט צו צו איר.

— ווייסט זי אפֿשר — פֿרעגט ער זי מיטן לעצטן אָטעם — פֿון אַ דאָקטער, צי פֿון אַ אַקושאָרקע אין דאָרף?

און פֿון זײַנע ווײַטערדיקע רייד פֿאַרשטייט זי, הגם אַליין אַרומגעכאַפּט מיט יענעם שווערן אומרו, וואָס באַפֿאַלט זי איידער ס'דאַרף מיט איר עפּעס געשען . . . פֿון זײַנע רייד ווערט איר דאָך קלאָר: בײַ אָט דעם מענטשן, וואָס די צעכוואַליעטע וואַסערן האָבן נאָרוואָס אַרויסגעוואָרפֿן, גייט די ווײַב צו קינד ערגעץ דאָרטן, פֿון יענער זײַט טײַך, אין וואַלד, און זי איז, די ווײַב זײַנע, אין אַ גרויסער סכּנה . . . זי קאָן אויך, ווי די מאַמע אירע, שטאַרבן אויפֿן וואָגן, און בײַ אַ שׂריפֿה . . . זי גייט צו קינד בײַם שײַטער, בײַ די לאַמטערנעס, דאָרטן . . . זעט זי דעם שייטער?

— יאָ, זי זעט. געמיינט אַז דאָרטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט ציגײַנער.

— ניין, ניט קיין ציגײַנער. ייִדן האָבן זיך דאָרטן אָפּגעשטעלט. ייִדן, וואָס וואַנדערן אַריבער אויף די כערסאָנער סטעפּעס.

— פֿאָר איך מיט אײַך אַהינצו.

— איך דאַרף דאָך אָבער האָבן אַ דאָקטער! וואָס, איר זענט אַ דאָקטער? גאָט אַליין האָט אײַך צוגעשיקט . . .

— קומט, וועלן מיר אין דאָרף נעמען אַ פֿור. די ווײַטע שׂריפֿה האָט אַלעמען אויפֿגעוועקט און אויף די פֿיס געשטעלט, קומט, כ׳וועל אַרײַן נעמען מײַן סאַקוואָיאַזשל און פֿאַרשליסן די טיר.

און אַז שוין איבערן טײַך געפֿאָרן, און ניט ווילנדיק אַלע מאָל פֿאַר דער דראָבינע זיך אָנגעכאַפּט, וואָרן די בלאָווע וואַסערן אונטערן רויטן מולד האָבן דעם בריק געטרייסלט אויף אומצוּוואַלגערן: שוין דאָרטן, אויפֿן שיכּורן בריק, האָט זי דעם געפֿיל געהאַט: ניט צו אַ געווינערין פֿאָרט זי, נאָר צו עפּעס אַ באַגעגעניש וואָס וועט איר ביזאַהעריק לעבן, אירע אַכט און צוואַנציק יאָר, צעשטערן און מיטן וואָרצל אַרויסרײַסן.

אָבער אַז אין וואַלד אַרײַנגעפֿאָרן, נאָך ווײַט פֿון שײַטער געוועזן, און דער געווינערינס געשרייען דערהערט, ניט פֿון חבֿלי־לידה געשרייען, נאָר געשרייען פֿון אַ מענטשן וואָס געפֿינט זיך אין עפּעס אַ גרויסער סכּנה און רופֿט, און בעט הילף . . . און דער עיקר, אַז שוין צוגעפֿאָרן נעענטער און קלאָר געהערט:

— פֿאַרלעשט דעם פֿײַער . . . פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער!

איז זי, טאַטיאַנע ברוידע, די מיסטיקער־דיכטערין, שוין גאָר אויפֿגעטרייסלט געוואָרן, גלײַך אָן זיך פֿאַרגעסן, צו דער געווינערין אַוועקגעלאָפֿן, דעם געמיט איר דאָרטן שטילן, פֿונעם שווערן סכּנה־געפֿיל אָפּווענדן, און דאָס קינד בײַ איר אָפּנעמען.

און דערנאָך, שוין נאָכן קינדס געבוירן ווערן, ווערט זי דערציטערט, אַ קעלט נעמט זי דורך פֿונעם טאַנץ אין בײַנאַכטיקן וואַלד. זיי, די ייִדן־איבערוואַנדערער, פֿון זייער לעבן און פֿון זייער וועלט אַרויסגעוואָרפֿענע אַהער־צו: זיי טאַנצן אונטער די שׂריפֿה־הימלען, אַרום דעם שײַטער־פֿײַער, ווי טליענדיקע שאָטנס . . .

און באַלד, בײַ איר צוגיין אַהין צום שײַטער, דערקענט זי אין דעם האָריקן פּאַרשוין, וואָס שפּילט אויפֿן פֿידל, יענעם, דעם טשעקיסט,

דעם אויספֿאָרשער אירן, און פֿאַלט שיר ניט פֿון די פֿיס: כאַפּט זיך אַפֿילו אָן מיטביידע הענט פֿאַרן שטעקן: אָט איז זי דאָך די באַגעגעניש! יענער געפֿיל אויפֿן בריק האָט זי ניט אָפּגענאַרט!

און אויך ער, דער אויספֿאָרשער אירער פֿון די דרײַ ווינטערדיקע נעכט דאָרטן, אויף לוביאַנקע, אויך ער דערקענט זי גלײַך און וואַרפֿט איבער די קעפּ פֿון דעם התלהבֿות־טאַנצנדיקן ראָד דעם פֿידל זײַנעם אויפֿן פֿלאַקער־פֿײַער אַרויף.

און מיט אַ מאָל טוט דאָ פֿון די וואָלקנס, דורכגעצומענע מיט שׂריפֿה־שײַן, אַ גאָס אַראָפּ דער געוויטערדיקער פֿרילינג־רעגן און אַ בליץ צעשפּאַלט בײַ איר שטוב די סאָסנע און זי, די אַלטע סאָסנע, פֿאַרגייט זיך אין פֿלאַמען . . . אויך דער חלום אירער, דער דיכטערינס, פֿון וועגן דעם ברענענדיקן בוים פֿאַר איר פֿענצטערל, ווערט דאָ מקוים.

און אַז נאָך פֿון דעם אַלעמען צו־זיך ניט געקומען, איר דערשראָקענער בליק פֿון דער נשמה איז נאָך אַהין, צום באַרג, צו דער ברענענדיקער סאָסנע געווענדט, ווי אין יענעם פֿײַער וואָלט זי געזען איר לעבן ברענען . . . ווערט יענער געפֿיל אירער בײַם פֿאָרן איבערן בריק, אַז ניט צו אַ געווינערין פֿאָרט זי, נאָר אויף אַ באַגעגעניש, וואָס וועט איר ביזאַהעריקן לעבן, אירע אַכט און צוואַנציק יאָר, צעשטערן און מיטן וואָרצל אַרויסרײַסן . . . ווערט ער טאַקע, יענער געפֿיל אירער, דאָ מקוים?

און דאָ, אין וויכער פֿון געפֿילן און געדאַנקען, איר דערשראָקענער בליק דורכן פֿאָרהאַנג פֿון בליציקן שלאַקסרעגן צום באַרג, צו דער ברענענדיקער סאָסנע נאָך געווענדט געווען, דאָ שטעלט ער זיך פּלוצלינג, דער אויספֿאָרשער אירער, אויף די קני און פֿאַלט צו מיטן פּנים צו אירע בלאָטיקע שטיוול.

און דערנאָך, אַז ער ווערט דאָ, איר אויספֿאָרשער, דער וואָס האָט איר מאַן אומגעבראַכט און זי, פֿון רחמנות, אויפֿן ווײַטן אינדזל פֿאַרשיקט, אַז ער ווערט אויך ראַפּטאָם, אָן אַ וואָרט צו זאָגן, פּלוצלינג פֿאַרשוווּנדן, ניט באַמערקט אָפֿילו ווען און ווהין נעלם געוואָרן: דאָ, אַז זי, טאַטיאַנע ברוידע, בלײַבט אונטערן שלאַקסרעגן, בײַם זיך אויסלעשנדיקן שײַטער, איינע און אַליין שטיין, אַלע זענען צו די

ברעזענטן און צו די בוידן־װעגענער אָװעקגעלאָפֿן, זי װײסט ניט אין װאָסער װעלט אַרײַנגעפֿאַלן, דאָ קומט שױן אָן זי, די שטיפֿמאַמע, דװאָשע, מיט איר װיסטן חלום פֿון װעגן אַ זון, װעגן טאָלי־נפֿתּלי . . . דער שרעקלעכער ייִאוש־חלום!

און שױן צום סוף, אַז זי װיל פֿון אָט דער נאַכט אַרױס, און אין איר טאָגבוך פֿאַרשרײַבן, װאָס מיט איר האָט דאָ אין װאַלד זיך פֿאַרלאָפֿן . . . אַז זי נעמט שױן רופֿן יענעם, דעם שאולן, װאָס די טײַך־כװאַליעס האָבן אים פֿון אונטערן רױטן מולד צו איר אױפֿן ברעג אַרױסגעװאָרפֿן, װײל אים בעטן אָפּפֿירן זי קריק אַהין, אין דאָרף אַרײַן, — די קימפּעטאָרין איז שױן אין גוטן און רויִקן מצבֿ; דאָ, אַז זי נעמט רופֿן יענעם, שאולן, דאָ דערזעט זי פּלוצלינג װידער אים, דעם אױספֿאָרשער, אינעם שלאַקסרעגן מיטן שטעקן און קופֿערטל, צו דװאָשעס װאָגן הינקען. פֿרעגט זי אים, טאַטיאַנע ברױדע, פֿון דער װײַטנס און מיט כּעס:

— װאָס דאַרפֿט איר דאָ? מחילה װעט איר פֿון מיר ניט האָבן. אײַערע הענט זענען אין בלוט. און בלוט װאַשט זיך ניט אָפּ!

— איך בין איצטער ניט געקומען בעטן בײַ אײַך סליחה. איך בין שױן פֿריער צו אײַערע פֿיס געפֿאַלן . . .

— איז נאָך װאָס קומט איר װידער?

נעמט ער פֿון קופֿערטל אַרױס אַן אײַנגעבונדן העפֿטל און דערלאַנגט איר: — איך האָב זײ אין אַלע מײַנע װאַנדער־יאָרן מיט זיך אַרומגעטראָגן.

בלעטערט זי בײַ דער זיך־װיגנדיקער שײַן, װאָס אונטערן בױד, װוּהין די קאָסע שנירלעך רעגן דערלאַנגען און דער װינט װויעט אַרײַן, בלעטערט אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל דאָס העפֿטל: יאָ, דאָס זענען זײ טאַקע, די לידער אירע . . . דער האַנטשריפֿט אירער, די פּען־געמעלן אױף די ראַנדן . . . ער האָט דאָך זײ די לידער אירע, ניט פֿאַרברענט . . . — און אַ דערשיטערט געװאָרענע קוקט זי אױף אים מיט ברײט צעעפֿנטע אױגן. און ער רעדט צו איר װײַטער:

— איך בין נאָכגעגאַנגען פֿיר מעת־לעת די פֿורן, ניט צוליב איר, ניט צוליב מײַן שװעסטער. איך האָב געװוּסט אַז זי, טעמערל, װעט בשלום האָבן דאָס קינד. פֿאַר איר לעבן איז איצטער קײן סכּנה ניט געװען . . .

נאָכגעגאַן בין איך פֿיר מעת־לעת די פֿורן כּדי צו באַגעגענען זיך מיט אײַך ערגעץ דאָ, אין די וועלדער . . . און אויך איר האָט געוווּסט, אַז מיר דאַרפֿן זיך דאָ ערגעץ־ווו טרעפֿן . . . קומט, וועל איך אײַך אָפּפֿירן צו אײַער כאַטע מיט דער אָפּגעברענטער סאָסנע!

און זי, טאַטיאַנע ברוידע, שוין גאָר אומגעריכט פֿאַר זיך אַליין: זי, די דיכטערין, זאָגט צו אים: — נאָר צו מיר אין שטוב זאָלט איר ניט אַרײַנגיין. מײַן שוועל זאָלט איר ניט איבערטרעטן.

— ניין, כ'וועל דעם שוועל אײַערן ניט איבערטרעטן. איך וועל אײַך נאָר דאָרטן, בײַ אײַער שוועל, עטלעכע געציילטע ווערטער זאָגן, און אויב איר וועט מיר אויף זיי ניט ענטפֿערן, וועל איך אַוועקגיין מיט מײַן וואַנדערשטעקן ווײַטער, אַליין . . .

— און מיטן ליידיקן קבֿר אין האַרצן? — טוט זי אים דאָ אַ פֿרעג.

ענטפֿערט ער ניט, און דערלאַנגט איר די האַנט אויף צו העלפֿן פֿון וואָגן אַראָפּקריכן. זי מײַדט אָבער אויס זײַן האַנט, פֿאַררוקט טיפֿער אונטערן מאַנטל דאָס בינטל לידער, נעמט נאָך אַ מאָל אַרום די שטיפֿמאַמע, און אַז יענע פֿרעגט זי ווידער: — אַ יאָ, טאַניע, אַ שיינער זון בײַ מיר. נאָך אַזאַ אויף דער וועלט ניט געווען?

— יאָ, — רעדט זי קוים אַרויס. — זייער אַ שיינער . . . — און לאָזט זיך גיין נאָך אים, נאָך מיכלען מאַקאָווער, נאָך איר אויספֿאָרשער, אונטערן געוויטער־פֿרילינגדיקן שלאַקסרעגן, פֿאָרן מיט אים אַהין, צו איר כאַטע, און הערן, וואָס וועט ער איר דאָרטן, בײַ איר פֿאַרשטויסענער, פֿון דער וועלט אָפּגעזונדערטער און עלנטער שוועל, בײַ דער אָפּגעברענטער סאָסנע, און בײַ דעם פֿרעמדן, על־פּי נס פֿאַרבליבענעם שטרויענעם דאַך . . . וואָס וועט ער איר דאָרטן זאָגן?

און דערנאָך, שוין נאָך זייער אַוועקפֿאָרן, נאָך יענער נאַכט פֿון טעמערלס איבערקומען, פֿון איר שווערגורלדיקן גיין צו קינד, — אַ נאַכט פֿון פּײַן און פֿרייד, פֿון שטוינען און גאַפֿן, באַזונדערס, פֿון איר, פֿון טאַטיאַנע ברוידעס, לאָזן זיך מיט אים, מיטן אומברענגער פֿון איר מאַן, און מיט דעם וואָס האָט זי אויפֿן ווײַטן צפֿון פֿאַרשיקט, און ניט דערפֿאָרנדיק אַהין, אויף דער שיף, מפּיל געווען . . . זי האָט זיך געלאָזט דאָ פֿון אים אין דאָרף אַרײַן אָפּפֿירן?

האָבן די בערדיקע מאַנצבלען פֿון חידוש די אַקסלען געהויבן, די

שטערנס געקנייטשט: אַזוינס לאָזט זיך גאָר ניט צו באַנעמען און צו באַשיידן, אַפּנים, אַז מ׳קאָן זיך טאַקע צו דער מענטשלעכער נשמה ניט דערגראָבן . . . און עמעצער זאָגט דערבײַ: — זי וועט אים אויפֿן וועג, פֿונעם בריק אין טײַך אַרײַנוואַרפֿן. איר האָט באַדאַרפֿט געוועזן זען אירע אויגן ווען ער איז מיטן פּנים צו אירע פֿיס צוגעפֿאַלן, אַ נקמה־פֿײַער האָט געברענט אין אירע אויגן! — און די ווײַבער האָבן פֿון שרעק פֿאַר די טעכטער די הענט אויף די בוזעמס פֿאַרלייגט און די פּיסקעס געבראָכן. און זיי, די כּלה־מיידן, שוין מיט אונטערגעשאָרענע האָר, האָבן זיך מיט הייס־סודותדיקע בליקן איבערגעוואָרפֿן . . .

נאָך יענער נאַכט, די ווינטן האָבן די פֿײַער־בליצנדיקע וואָלקנס ווײַטער אַהין־צו, טאַקע אויף דרום, אַוועקגעטריבן און זי, די פֿרילינגדיקע ערד, אַן אויסגעלעכצטע און אויסגעדאָרשטע, האָט די שפּרודלדיקע וואַסערן גענומען אין זיך אײַנזאַפּן און זיי, די וואַלדיקע, די פֿיל־פֿאַרביקע און פֿאַרשידן־מיניקע פֿייגלען אויף די נאַסע צווײַגן, צווישן די דורכזיכטיקע צאַרט־גרינע, נאָך קלעפּיקע בלעטלעך, באַשאָטענע מיט פֿינקלדיקע טראָפּנס, האָבן אָנגעהויבן אָנפֿילן דעם אויסגעלײַטערט־זוניקן פֿרימאָרגן מיט ווילד־פֿריידיקן און זיך־פֿאַרכלינעדיקן געזאַנג . . . אין יענעם טאָג־אויפֿשײַן, די פֿעלדער ליגן שוין אין אַ געקרײַזלטן באַגילדט־גרינעם רויך: פֿון די טאָלן הייבט זיך אַ מילך־זילבערנער נעפּל און פֿון די אָנגעוואַרעמטע בערעזעס שלאָגט פֿון אונטער דער קאָרע אַרויס אַ געדיכטער ריח פֿון יוירנדיקן זאַפֿט; אין יענעם פֿרימאָרגן נעמען די אויסוואַנדער־ייִדן אײַנשפּאַנען פֿערד־און־וואָגן און לאָזן זיך ווײַטער אין וועג אַרײַן אַהין, צו די כּערסאָנער סטעפּעס, אַ דאַך איבערן קאָפּ און איבער זייער לעבן אויף דורי־דורות אויפֿצושטעלן.

און וואָס ווײַטער אין יענע טעג אַרײַן, און שוין ביז צום האָריזאָנט וואַרעם־אויסגעזונטע, אונטערן געזאַנג פֿון די לאַרכן אין די אויסגעבלויט־הויכע הימלען, ציען זיך אַלץ מיין און מער פֿון צווישן די צעבליטע פֿרעמדע סעדער אַרויס, פֿון צווישן די זײַטיקע דאָרפֿישע וועגן, פֿון צווישן די גרין־קוטשעראַווע אויפֿגייענדיקע ווינטער־קאָרנס און ווייצן־פֿעלדער, — פֿאָרן פֿורן, נײַע בוידן, מיט איבערוואַנדער־ייִדן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך אויפֿן כּערסאָנער שליאַך אַרויף.

און אַז ייִדן בלײַבן פּרײַטיק, צו האַלבן טאָג, אין מיטן וועג שטיין, הגם די יונגע שטעלן זיך קעגן: מ׳טאָר אויף נאַרישקייטן דאָ ניט פֿאַרלירן קיין צײַט, די וועסנע וועט דאָרטן, אויפֿן סטעפּ, ניט וואַרטן ביז זיי, די פֿאַנאַטיקער, די שטאָק פֿרומע, וועלן דאָ שבת האַלטן, מנינים מאַכן, דאַוונען און די תּורה לייענען . . . נאָר די עלטערע גייען און פֿירן זיך ווײַטער ווי ס׳זענען געגאַנגען און זיך געפֿירט זייערע זיידעס . . . בלײַבן אין פֿעלד שטיין, דאָ שבת האַלטן. און די ווײַבער צעלייגן אין טאָל שײַטערס אויף צו קאָכן און באַקן.

און זיי שטייען דעמאָלטן, די מאַקאָווער, אַרום דעם מולטער מיט אָנגעגאָסענער וואַרעמער וואַסער, ווו פֿייגע באָדט צום ערשטן מאָל דאָס אייניקל, פֿריידעלען, אויף דער זון, און זאָגט דערבײַ צו אויף אַ קול:

— וואַסער אַראָפּ, און געזונט אַרויף!.. וואַסער אַראָפּ, און געזונט אַרויף!

און זי די מאַמע, טעמערל אַן אויפֿגעריכטע, אַ גליקלעך צעשײַנטע, שטייט מיט דעם צעשפּרייטן לײַלעך אויף צו אײַנוויקלען דאָס קינד נאָך דער באָד, חזרט שטיל איבער: — וואַסער אַראָפּ, און געזונט אַרויף!

# א.

און נאָך יענע שווער־געפּרוווטע יאָרן פֿון בויען און אויפֿשטעלן אַ נײַע היים צווישן הימל און ערד, אין דעם אומענדלעך־רחבֿותדיקן, אין דעם וויסט־ליידיקן אַרום, וווּהין אַ ווענד און בליק געוואָרפֿן: סטעפּ און סטעפּ, און ביז צום סאַמע ראַנד פֿון דער וועלט — די הימלען פֿאַלן שוין דאָרטן מיטן פּנים אין דיווילדגראָזן אַרײַן; און זיי, אָט די בוריאַן־ערדן, ווי שטיין האַרטע, האָט מען באַדאַרפֿט מיטן אַקער־לעמעך אויפֿרײַסן, מיט דער באָראָנע די הליבעס צעקרישלען, מיט דער האַנט פֿון דער טאָרבע מיט ווייץ פֿאַרזייען . . . און ייִדן, די נעכטיקע קלייטניקעס און יאַרידן־אַרומלויפֿערס, פֿון וואַגשאַלן און בעזמענס, וואָס קאָנען אַ פֿערד ניט אײַנשפּאַנען און אָנטרײַבן; זיי האָבן די מאַקאָוערס, וואָס זענען אין דאָרף געוואַקסן, נאָך קליינערהייט מיט זייער טאַטן, ר' עזריאלן, דעם פֿויער און למדן, בײַ זײַן אַקערן אויף „פּאַר" און „זיאַב", אין פֿרי פֿון יאָר און אין האַרבסטצײַט, די פֿערד פֿאַרן ציימל געפֿירט, זיי זאָלן פֿון דער באָראָנע ניט אַראָפּגיין . . . זיי, די מאַקאָווערס, האָבן געלערנט אײַנשפּאַנען, ווי אַזוי מיטן אַקער און מיט דער קאָסע גיין, ווי אַזוי די זאַנגען אין סנאָפּעס בינדן און אויף די הויכע דראַבינע־וועגענער אַרויפֿלייגן . . . און די היצן שטעלן זיך אין פֿרי פֿון יאָר, ווי נאָר דער לאַרך הייבט זיך אויף מיט זײַן געזאַנג צו די הימלען, און סע שטייען שוין דערנאָך לאַנגע בריענדיקע חדשים און אַזעלכע, אַז בײַ די שקיעות שלאָגן אַפֿילו פֿון די באַלקעס רויכן און ריחות פֿון שׂרפֿענדיקע שטענגלעך; און די ווינטערס יאָגן אין ייִשובֿ פֿון סטעפּ אַרײַן מיט זאַווערוכעדיקע שנייען, מיט ווילדן פֿײַף און געוווי, רײַסן שיער דעם דאַך פֿון שטוב ניט אַראָפּ.

און זי, די מאַקאָווערין, טעמערל, האָט גראָד דאָרטן, אויפֿן סטעפּ, זיך צעבליט און פֿון יענע שווערע יאָרן אין איר פֿולער ווײַבערשער שיינקייט און רײַפֿקייט אַרײַן, הגם די אויגן תּמיד פֿאַרטראַכטע, אָפּט־מאָל פֿאַרטרויערטע ביז ייִאוש, שטאַרק צוגעזשמורעטע, ווי ניט צום

אַרום, נאָר ערגעץ אַהין, אין די ווײַטן אַרײַן געוואָלט זיך אײַנקוקן, ווי עפּעס־וואָס דאָרטן, אין יענע ווײַטן, געדאַרפֿט דערזען . . . באַזונדערס אין יענעם האַרבסט, אַז אויף דער צײַט מיטן פֿערטן קינד געווען.

זי איז געטרײַ און איבערגעגעבן געווען אים, דעם טאַטן פֿון אירע קינדער, דעם מאַן אירן, דעם אַביסל מגושמדיקן שאולן, וואָס האָט זי ליב ביז צו משוגעת, גרייט פֿאַר איר, און אויך פֿאַר יעדן קינד באַזונדער, אין איטלעכער רגע זײַן לעבן אין דער גרעסטער סכּנה שטעלן, ווי אין יענער שׂרפֿה־נאַכט אין וואַלד, אונטערוועגנס צו די כערסאָנער סטעפּעס, בײַ איר אָנהייבן דאָרטן אויפֿן וואָגן גיין צו קינד מיט געשריי: „פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער . . . פֿאַרברענט ניט מײַן קינד!", דעמאָלטן האָט ער זיך, שאול, אויף דער ברענענע איבער די פּריזיאַריק־צעווילדעוועטע וואַסערן געלאָזט צום צווייטן ברעג שווימען, פֿון ערגעץ־ווו אַ רופֿא איר ברענגען. און ער האָט געבראַכט!

אַוודאי איז יענער, דעם רבֿס, ר׳ העשילעס, אייניקל, וואָס האָט זיך דעמאָלטן פֿון דער שווייצאַרישער שטאָט ציריך אַהיים אומגעקערט, אַוודאי איז יענער געווען אויך שענער פֿון שאולן, ניט צום פֿאַרגלײַכן . . . און יענער האָט איר אין אַ גרויסער שטאָט אַ ברייט און רײַך לעבן צוגעזאָגט. דאָך, און פֿונדעסטוועגן, אויף איר חתונה האָבן ניט מיט יענעם, נאָר מיט איר שוועסטערקינד, דעם קאָוואַל, וואָס קומט פֿון דער קוזניע אַ שוואַרצער, נאָר די אויגן שײַנען אים אַרויס: פֿאַרן חתונה האָבן מיט אים, מיט שאול, האָט זי, טעמערל, קיין חרטה ניט, און ס׳טוט איר קיין מאָל ניט באַנג: אין אים, אין שאולן, האָט זי באמת אַ שטאַרקן אָנשפּאַר און אָנלען געפֿונען. ווען ס׳באַפֿאַלט זי פּלוצעם, אין מיטן העלן טאָג, יענער געפֿיל, וואָס באַגלייט זי פֿון קליינערהייט: אָט פֿאַלן אויף איר אָן רוצחים, לויפֿט זי צו שאולן אין קוזניע אַרײַן, טרעפֿט אים מיט די אין קוילן־אויסגעשמירטע פֿאַרקאַטשעטע אַרבל אַריבער די עלנבויגנס, אין דעם לעדערנעם פֿאַרטעך, קלאַפּן, ווי געשפּילט מיטן גרויסן שווערן האַמער אויף אַ פֿרעגטע רויט־צעגליטן אײַזן . . . דאָרטן, לעם שאולן, פֿאַרגייט באַלד און ס׳טוט זיך פֿון איר אָפּ די שרעק. און יענער, דעם רבֿס אייניקל, אַז זי האָט אים איין מאָל דערציילט וועגן יענעם געפֿיל אירן, האָט ער איר געזאָגט:

— איך וועל גיין מיט אײַך צו אַ פּסיכיאַטאָר, צום פּראָפֿעסאָר

בעכטיערעוו . . .

נייַן, יענער, דער דאָקטער, דער שיינער און זייער איידעלער, דער העפּלעך־בנעימותדיקער און מילד־ליבלעכער, יענער האָט די נשמה אירע ניט געזען. ביַי יענעם, ביַים דערזען זי, האָבן די אויגן אויפגעפיַיערט מיט דעם טונקעלן פיַיער פון תאווה . . . פון זיַינע אויפגעפלאַמטע אויגן פלעגט זי זיך ערט ניט קאָנען געפינען. און ביַי דעם, ביַי שאולן, האָבן די אויגן תמיד אויפגעלויכטן פון פרייד, פון באַגיַיסטערונג, ווי דערזען אַלע מאָל אין איר אַ וווּנדער, עפּעס אַזוינס אויף ניט פאַרשטעלן זיך און ניט צו גלייבן . . . ביַי אים, ביַי שאולן, צינדן זיך די אויגן ניט אָן, נאָר שיַינען אויף. שאול פילט יעדער קלאַפּ פון איר האַרץ און יעדער ציטער פון איר נשמה. ווען יענע אומפאַרשטענדלעך און פאַרהוילענע שרעק, אַז רוצחים באַפאַלן זי, יאָגט אויף איר אָן, דערפילט ער עס, שאול, דאָרטן, אין קוזניע, און קומט באַלד צולויפן. און שוין ביַי זיַין אַריבערטרעטן דעם שוועל פון דער שטוב, ווערט זי באַרויקט, הגם די לעצטע ציַיט פילט זי, טעמערל, אַז אויך ער, שאול, ווערט מיט איר אומרו אַרומגענומען, און אויך איר שרעק גייט אין אים אַריַין.

און ער איז איר טיַיער און ביז גאָר אייגן, ליַיבלעך־נאָענט דער מאַקאָוועך, דער שמיד, דער מאַן אירער, דער אַ ביסל מגושמדיקער שאול. אָבער די גרויסע ליבע אירע, דעם צאַפּל פון דער נשמה, גיט זי אָפּ זיי, די קינדער, באַזונדערס איר, דעם ערשטלינג, פריידעלען, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין יענעם ביַינאַכטיקן וואַלד, ביַי דער וויַיטער שׂרפה, אונטער די פיַיער פאַרפלייצטע הימלען . . . זי איז שוין אַ גרויסע, פריידעלע, שוין צוועלעף יאָר איר געוואָרן. פרייט זי זיך, די מאַמע, מיט דער טאָכטער, מיט דער בת־יחידה — נאָך פריידעלען זענען ביַי איר, ביַי טעמערלען, געבוירן געוואָרן צוויי יינגלעך, עזריאל און תנחום,ביידע נעמען נאָך קדושים . . . — זי פרייט זיך, טעמערל, מיט דער טאָכטער און שפּיגלט זיך אין איר. און ס'איז באמת פאַראַן מיט וועמען זיך צו פרייען און אין וועמען צו שפּיגלען זיך: שיין, קלוג, און געראָטן. לערנט מיט התמדה, וויל פון דער שול אַרויס מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל און אָנקומען אַהין, אין אָדעסער יידישן פּעדאינסטיטוט, אויפן היסטאָרישן פאַקולטעט. זי לייענט אַ סך, און ניט

נאָר ייִדיש. לייענט און רעדט אויך דײַטשיש. די לערערס קוועלן פֿון איר אָן. זי געפֿינט אויך צײַט, פֿריידעלע, אויף צו העלפֿן אַ חבֿר, וואָס האָט שוועריקייטן אין דעם אָדער יענעם לימוד, דער עיקרשט אין חשבון: און אויך אין שטוב איז זי שוין די גאַנצע באַלעבאָסטע, באַזונדערס די לעצטע צײַט אַז זי, טעמערל, איז אויף דער צײַט. און אַחוץ דער שטוב מיט די קינדער, די צוויי פֿאַרשײַטע ייִנגלעך . . . און די בהמה דאַרף מען מעלקן, און דער גאָרטן, אָסיען־צײַט, מאָנט העגט אויף אַראָפּצונעמען פֿון די בייטן, אויף אויסצוגראָבן פֿון דער ערד. אַרבעט, קיין עין־הרע, איז דאָ פֿון זונאויפֿגאַנג ביז צו איר זעצן זיך.

און זי טוט עס, פֿריידעלע, מיט ווילן, גיך און געשיקט, מיט געזאַנג, — די אַרבעט ברענט אונטער אירע הענט, אַ חיות צו קוקן. און אַוועלכע ייִדישע לידער זינגט זי ניט אויס דאָרטן, אויפֿן גאָרטן, און אויך דעם זיידנס, מנחמס, ניגונים, די חסידישע, וואָס זי הערט שבת און יום־טובֿ בײַם טיש: מנחם מאַקאָווער פֿירט אַ ייִדישע שטוב, ווי דער טאַטע זײַנער . . . — די לעצטע צײַט אָבער זעט זי, די מאַמע, ווי פֿריידעלע בלײַבט פּלוצעם אין אַ מין בהלה שטיין, די אויגן ווערן איר מיט אַ מאָל נאָך גרעסער, ווי פֿון עפּעס־וואָס דערשראָקן געוואָרן. טעמערל פֿרעגט אָבער בײַ דער טאָכטער גאָרניט: האָט מורא פֿאַרן ענטפֿער . . . באַזונדערס איצטער, אין איר מצבֿ, פֿאַרן געלעגן ווערן, און דאָס קאָן מיט איר געשען הײַנט־מאָרגן . . . און תּמיד, פֿאַרן ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט, ווערט זי, טעמערל מאַקאָווער, אומרויִק־פֿאַרזאָרגטער, די אויגן פֿאַרטראַכטער, יסורימדיקער, הייבט אָן אין די נעכט צו זען שׂרפֿות, און אַזעלכע ווי דעמאָלטן, אונטערוועגנס, בײַם פֿאַנאַנדערגעגאָסן־צעכוואַליעטן טײַך, אויפֿן וואָגן אין וואַלד. און אויך די סטעפּ־שקיעות דאַכטן זיך איר אין פֿלאַמיקע רויכן . . .

און דער ייִשובֿ איז אויך אויפֿגערודערט און אויפֿגעשוידערט, ווי דעמאָלטן, בײַם פֿאַרטרײַבן זיי, די פּויערים, אין די קאָלכאָזן אַרײַן, ווי אין דער נאַכט פֿון יאָגן די בעלי־גופֿים פֿון די אַרומיקע כוטערס און דערפֿער, מיט ווײַבער און קינדער, איבער דעם שניי־וויכערדיקן סטעפּ, זיבעצן קילאָמעטער, צו די פּראַכטוואַגאָנען . . . מענטשן ווייסן שוין ווידער ניט אויף וואָסער און וועלכער וועלט זיי זענען, הייבן אָן אַרומגיין אויף די שפּיץ פֿינגער: אַחוץ איר, יואל מאַקאָווערס טאָכטער,

שולמיתן, וואָס מ׳האָט זי אין מיטן טאָג, אין וועג, פֿון דער פֿור אַראָפּגענומען, זענען בײַנאַכט אויף אַ מאַשין צוויי גרויע מאַקינטאָשן אין דאָרף אַרײַנגעפֿאָרן, בײַ דעם לערער פֿון דער יִידישער שול, בײַ גרינבערגן, וואָס איז אַמאָל דאָרטן, אין שטעטל, אַ העברעיִשער לערער געווען, די שטוב איבערגעקערט און איבערגעריִעט, אַ תּנכל געפֿונען און ביידן, דעם תּנך און גרינבערגן, דעם שוין גרויען, דעם שטענדיק־הוסטנדיקן אין טיכל אַרײַן, מיט זיך אַהין גענומען.

און דערצו האָט זי נאָך באַמערקט, טעמערל, אַז עפּעס ווערט פֿון איר דאָ, אין שטוב, פֿאַרשטעלט און אויסבאַהאַלטן. פֿרעגט זי אויך פֿון וועגן דעם בײַ קיינעם ניט: אין איר צושטאַנד, פֿאַרן געלעגן ווערן — און דאָס קאָן שוין אין יעדער שעה געשען — וועט איר קיינער סײַ ווי סײַ אַ וואָרט ניט זאָגן. אָבער געוווּסט האָט זי שוין אַליין, אַז עפּעס שלעכטס האָט דאָ געטראָפֿן. בײַנאַכט האָט זי אַ חלום אַזאַ געזען: זי איז אין אַן אומבאַקאַנטן, אין אַ פֿרעמדן אָרט פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן, און ווייסט ניט ווי אַזוי פֿון דאָרטן אַרויסגיין . . . גייט זי דורך אַ שטיינערנער טיר אין אַ קאָרידאָר אַרײַן. פֿון אָנהייב אַן אַ טונקעלער, און וואָס ווײַטער זי גייט אַלץ טונקעלער ווערט דער קאָרידאָר. און עפּעס אַ טויטע טונקלקייט, און מיט אַ שווערן ריח. און אויך ווערט ער, דער קאָרידאָר, וואָס ווײַטער שמעלער, און שיפּועדיקער, ווי פֿון אַ הויכן באַרג אַראָפּ. און דאָרטן, צווישן שטיינער, טאַנצט אַ האַלב־נאַקעטער, מיט אַ צעבלוטיקטן לײַב און פּנים, אויף ניט צו דערקענען אים, איר ברודער מיכל . . . לויפֿט זי שוין גאָר אַ צעטומלט־דערשראָקענע ווײַטער אַראָפּ־צו באַרג, און שוין דאָרטן, אויפֿן דנאָ, טרעפֿט זי פֿריידעלען, הויט און ביין, מיט רויטע אויגן, אויפֿן קבֿר פֿון איר זיידן, פֿון דעם נבֿיא, זיצן . . . יאָגט זי ווײַטער, טעמערל, מיטן טאָל, און פֿאַלט אין אַ שטאָקפֿינצטערער גרוב אַרײַן, ווו ס׳איז שוין קיין אַרויסגאַנג ניטאָ. — און צו־פֿאַרטאָג־צו האָט זי אָנגעהויבן, טעמערל, גיין צו קינד, און ווי בײַ יענע, בײַ די פֿריִערדיקע האָבנס, פֿײַערן פֿאַר זיך געזען, און אויך געשריִען: „פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער . . . פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער!“ — און בײַם אויפֿגיין פֿון דער האַרבסטיקער זון אַ יִינגל געבוירן.

און ניט נאָר דער מאַן, נאָר אויך אַלע אין שטוב אַרום איר, האָבן

געזען, אַז זי, טעמערל, שוין נאָכן בשלומדיקן געווינען, איז פֿון עפּעס־וואָס שטאַרק אומרויִק, האַלט אין איין קוקן זייער אָנגעשטרענגט אין סטעפּ אַרײַן, ווו פֿון דעם געדיכט־האַרבסטיקן נעפּל גייט אויף די זון אין פֿלאַמען . . . פּרווּוט שאול פֿון אָט דעם זונאויפֿגאַנג זי אָפּווענדן, נעמט דערציילן ווי דער עלטערער זון, עזריאלקע, האָט בײַם דרעשן נעכטן די ווייץ אויפֿן טויק, איינער אַליין אויפֿן מאַניעזש די פֿיר פּאָר פֿערד אָנגעטריבן . . . נאָר זי טוט אויף זײַנע רייד אַפֿילו מיט אַ וויִע ניט קיין פּינטל. ערשט דעמאָלטן, בײַם צולייגן איר דאָס עופּעלע צו דער ברוסט, אַז ס'האָט גלײַך מיט די ליפּעלעך דעם פּיטום אָנגעכאַפּט און אָנגעהויבן דאָרשטיק זייגן, ערשט דאָ האָט זי אַ צאַפּל געטאָן און זיך צעשמייכלט.

אָבער שפּעטער, צו פֿאַרנאַכט צו, ווידער אומרויִק געוואָרן, ווידער אין פֿאַרטראַכטקייט אַרײַן, און שוין ניט מיט צוגעזשמורעטע, נאָר מיט ברייט אויפֿגעריסענע אויגן געקוקט, ווי די זון פֿאַרגייט ווײַט אין סטעפּ, אויפֿן מערבֿ, אין אַ בלוטיקער רויטקייט . . . און פּלוצעם בײַ אים, בײַ שאולן, גענומען בעטן: ניט שמואל, ווי מ'האָט פֿון פֿריִער, פֿאַרן האָבן, געהאַט זיך צונויפֿגערעדט, נאָר איר טאַטנס נאָמען, ירמיה, זאָל מען דעם קינד געבן . . . האָט עס אַלעמען שטאַרק פֿאַרוווּנדערט, ביז אַהער־צו האָט זי, טעמערל, אויסגעמיטן אָנצורופֿן אַ קינד מיטן טאַטנס נאָמען, יענעמס נאָמען האָט זי געשראָקן, און דאָ . . . נאָר שאול האָט ניט געפֿרעגט בײַ איר פֿאַרוואָס און פֿאַרווען, ווײַל לויט אירע אויגן בײַם זונאויפֿגיין און פֿאַרגיין פֿאַרשטאַנען, אַז זי, טעמערל, פֿאַרן געלעגן ווערן, האָט אַ שלעכטן חלום געזען, און זי, ווי אַלע מאַקאָווערס, זעען אין אַ חלום אָנזאָג און וואָרענונג . . . האָט ער תּיכּף איר נאָכגעגעבן, און אויך דער שווער, מנחם מאַקאָווער, נאָך אַ לאַנגן וואַקלען זיך, מסכּים געוואָרן, הגם דעם נאָמען פֿון יענעם שוואַרצזעער ניט געוואָלט בײַ זיך אין שטוב הערן.

און אויך איז ער, מנחם מאַקאָווער, געווען צופֿרידן, וואָס דער פּלימעניק, דער בעל־תּשובֿה מיטן הויכן שטעקן, אַ פֿאַרוואַקסענער, ווי דער טאַטע זײַנער, באַווײַזט זיך דאָ מיין ניט. ער איז אים געווען פֿרעמד, דעם נבֿיאס זון, מיכל, וואָס טראָגט אין האַרצן אַ קבֿר און וואַרט אויפֿן מת . . . און פֿרעמד איז אים געוואָרן, מנחמען, שוין פֿון יענער

נאָכט אין וואַלד, ווען ער, מיכל, האָט דעם פּידל אויפֿן שײַטער־פֿײַער אַרויפֿגעוואָרפֿן און צו דער דאָקטאָרינס, צו טאַטיאַנע ברוידעס, פֿאַרבלאָטיקטע שטיוול מיטן פּנים צוגעפֿאַלן און מיטן יום־כּיפּור געוויין, בײַ איר סליחה און מחילה געבעטן. ער האָט זיי ניט געגלייבט, מנחם מאַקאָווער, די בעלי־תּשובֿות. אפֿשר איינעם צווישן טויזנט קאָן מען גלייבן.

און אויך זי, דעם וואַלד סוחרס, ראובֿן ראַפּעסעס טאָכטער, האָט ער ניט געקאָנט, דער מאַקאָווער, פֿאַרשטיין: זי, די שווער געליטענע, זאָל זיך אין יענעם געוויטער־רעגן לאָזן מיט אים, מיט דעם אַמאָליקן טשעקיסט, מיט איר אויספֿאָרשער, וואָס האָט איר מאַן אומגעבראַכט און זי אויף סאָלאָווקי פֿאַרשיקט . . . זי האָט געקאָנט מיט אים זיך לאָזן אין דאָרף אַרײַן, צו איר כאַטע פֿאָרן, און אויב אַפֿילו מיטן תּנאַי, אַז ער זאָל דעם שוועל פֿון איר שטוב ניט אַריבערטרעטן?

ער איז דאָך אָבער, ווי דערנאָך געהערט, דעם שוועל אירן יאָ אַריבערגעטראָטן. זי אַליין האָט אים אויף צוויי וואָכן צו זיך אין דער כאַטע אַרײַנגענומען. אמת, ער איז שוין אַ קראַנקער, און אין גרויסער היץ געווען. נאָר שפּעטער, אַז אים אויף די פֿיס געשטעלט, אַ לעבל ברויט, אַ קניפּל זאַלץ און אַ דרײַערל אין אַ טאָרבעלע אַרײַנגעלייגט, דעם הויכן שטעקן אין האַנט אים געגעבן, די טיר געעפֿנט און ער, מיכל מאַקאָווער, נאָכן שטעלן זיך פֿאַר איר אויף די קני, שטיל־שווײַגנדיק פֿון שטוב אַרויס, און מיטן פֿרימאָרגנדיקן פֿעלדוועג, צווישן די אויפֿגייענדיקע ווינטער־קאָרנס, אַוועקגעהונקען. און מיין האָט מען שוין פֿון זיי ביידע ניט געהערט. ווי ס'האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן, זײַנען דאָס געווען ווינט־רייד. ער, מיכל, איז טאַקע דעם שוועל פֿון איר כאַטע ניט אַריבערגעטראָטן.

און דאָ, אין יאָרן אַרום, אויפֿן סטעפּ, נאָך יענעם חלום מיטן שיפּוע־באַרגיקן טונקעלן קאָרידאָר, ווו איר ברודער, מיכל, צווישן די שטיינער, אַ האַלב־נאַקעטער, מיט לײַב און פּנים אַ צעבלוטיקטער, טאַנצט אַ באָרוועסער דעם משונה־ווילדן טאַנץ, און ווײַטער, אַראָפּ־צו, שוין אויפֿן דנאָ פֿון דער פֿינצטערניש, זיצט איר טאָכטער, פֿריידעלע, הויט און ביינער, מיט רויטע אויגן, אויפֿן קבֿר פֿון איר, טעמערלס, טאַטן . . . און שוין נאָכן ברית־מילה, דעם פֿאַרבאָרגן און פֿאַרשטעלטן,

אין דעם אַלקער, בײַם פֿאַרהאַנגענעם פֿענצטערל צום גאָרטן אַרויס, ווי זיי, די מאַקאָוועס, וואָלטן דאָ אַ פֿאַרברעכן, אַ בגידה קעגן דער מלוכה באַגאַנגען: שוין דעמאָלטן, נאָכן ברית, נאָכן געבן דעם קינד איר טאַטנס נאָמען, ירמי, און זי, טעמערל, האָט אָנגעהויבן צו באַרויִקן און קומען צו־זיך, דאָ איז אָנגעקומען די ידיעה פֿון דער באַרגיקער שטאָט בײַם דניעפּער, אַז זי, די דאָקטערין, טאַטיאַנע ברוידע, האָט מען דאָרטן אַרעסטירט, און אויך אים, מיכלען, האָט מען אין יענער נאַכט צוגענומען.

און זי, טעמערל, איז ווידער אַ מאָל אומרויִק געוואָרן. יענער חלום האָט ווידער זי געגומען שרעקן, געוואָלט אַז מ׳זאָל איר דערקלערן פֿון וואַנען קומט ער גאָר, דער ברודער אירער, מיכל, צו דער דאָקטערין, צו טאַטיאַנע ברוידע, אין דער נאַכט פֿון איר אַרעסטירט ווערן, צו זײַן בײַ איר אין שטוב? ער לעבט דאָך, זאָגט מען, ניט בײַם דניעפּער, נאָר ערגעץ־ווו בײַ דער וואָלגע. נאָך יענער באַגעגעניש מיט אים אין וואַלד, בײַם שײַטער־פֿײַער, און נאָכן אַרײַננעמען אים, ווי מען זאָגט, אַ קראַנקן, אויף צוויי וואָכן צו זיך אין דער כאַטע, איז ער דאָך אַוועק מיטן וואַנדערשטעקן ווײַטער זײַן וועג אַליין. דער עיקר האָט זי געוואָלט, טעמערל, אַז ער, דער שווער, מנחם מאַקאָווער, וואָס האָט זיך פֿאַרנאַכט אומגעקערט פֿונעם דרעשן אַהיים, זאָל עס איר דערקלערן. פֿון דעמאָלטן אָן, האָבן זיי דאָך זיך מיין ניט געטראָפֿן.

— ווער קאָן דאָס וויסן, און ווער קאָן דאָס אויף זיכער זאָגן? — פֿאַרקנייטשט מנחם דעם הויכן שטערן, ווי זײַן טאַטע בײַם לערנען מיט זיי, מיט די זין, אַ בלאַט גמרא. — ווער קאָן דאָ זאָגן דאָס לעצטע וואָרט? ווער קאָן דאָ זײַן דער פּוסק אחרון . . . ער האָט דאָך געקאָנט, מיכל, פֿון צײַט צו צײַט קומען צו איר. זי איז געווען אַ פֿאַרוואָרפֿענע אין דאָרף, אַן עלנטע, איינע אַליין . . . איין ברענענדיק שײַטל האָלץ אין פֿעלד ווערט פֿאַרלאָשן.

— יאָ, — גיט צו דער זון, שאול, — מיט איין האַנט קאָן מען אַ צוויאָך אין וואַנט ניט פֿאַרשלאָגן.

— און מיכל, — רעדט שוין מנחם פֿון אַלקער אַרויס, ווו ער טוט זיך איבער. — ער, מיכל, איז אויך געווען עלנט. אַחוץ דעם שטעקן האָט ער אין לעבן קיין אָנשפּאַר ניט געהאַט. אַרומגעגאַנגען מיט אַ ליידיקן קבֿר

אין האַרצן . . . עלנטקייט מיט עלנטקייט גייען זיך, טעמערל, ווי צוויי פֿײַערן צונויף. און מ׳דאַרף זיך דאָ אויך משער זײַן, און על פּי סבֿרה לייגט זיך עס גוט אויפֿן שׂכל, אַז ער, מיכל, האָט זיך פֿאַרליבט אין איר נאָך אין יענע נעכט אויפֿן פֿאַרהער, אין טשעקאַ . . . אין דעם קאָן גאָר קיין ספֿק ניט זײַן. דערצו טאַקע, מיין איך, ווײַל ער איז שוין אין איר דאָרטן געווען פֿאַרליבט, האָט ער איר דאָס לעבן פֿון טויט געראַטעוועט, אויף סאָלאָווקי פֿאַרשיקט. דאָס איז געווען פֿאַר אים אַ גרויסע אײַנשטעלעניש, אַ גרויסער נסיון . . . און דאָס, וואָס דוואָשע דערציילט, אַז ער האָט איר דעמאָלטן, אין וואַלד, געבראַכט צום וואָגן עפּעס אירס אַ העפֿטל, פֿון טשעקאַ, ממש פֿון פֿײַער אַרויסגעכאַפּט, און עס פֿאַר איר פֿאַרהיט; אַזויפֿיל יאָרן מיט זיך איבער אַלע זײַנע וואָגלענישן אַרומגעטראָגן, דאָס, טעמערל, זאָגט דאָך אויך פֿון אַ סך!

— און זי, שווער, ראובֿן ראַפּעסעס טאָכטער, די דאָקטערין, טאַטיאַנע ברוידע, זי? — פֿרעגט די שנור.

— זי? וועגן איר קאָן איך, טעמערל, גאָרניט ניט זאָגן. בײַ איר איז דאָס האַרץ אַרומגעכאַפּט מיט צאָרן און פֿײַער . . . אַזאַ האַרץ טאָר מען ניט מישפּטן . . . אָבער דאָס לאָזן זיך אין יענער מבולדיקער נאַכט פֿאָרן מיט אים אין דאָרף אַרײַן, אויף דעם קאָן מען אויך ניט פֿאַרמאַכן די אויגן. אָבער דאָס וואָס איז מיט זיי אויפֿן מיטן טײַך געשען, דאָס איז שוין אַ גאָט זאַך. ניט אַלץ קאָן דער מענטשלעכער שׂכל משׂיג זײַן.

— זי האָט אים דאָך געוואָלט אַראָפּוואַרפֿן פֿון בריק אין טײַך אַרײַן, און ער, זאָגט מען, האָט זיך אַפֿילו ניט געווערט.

— ווער האָט דאָס, טעמערל, געזען? ווער קאָן דאָס אַקוראַט וויסן, וואָס דאָרטן בײַנאַכט, אויפֿן בריק, איז צווישן זיי פֿאָרגעקומען? מ׳האָט זיי דאָך ביידע אַראָפּגענומען פֿונעם בריק, וואָס דער צעכוואַליעטער טײַך האָט אַראָפּגעטראָגן, ערשט אין אַ מעת־לעת אַרום. אַ גליק וואָס די פֿערד מיטן ליידיקן וואָגן האָבן באַוויזן אַראָפּיאָגן פֿונעם בריק . . . אַ מעת־לעת האָבן זיי זיך געטראָגן מיטן בריק צווישן וואַסער און הימל. צוויי עלנטע מענטשן. און עלנטקייט מיט עלנטקייט, טעמערל, ווי צוויי פֿײַערן, גייען זיך צונויף.

— איבער רוסלאַנד, שוועער, — זאָגט פּלוצעם טעמערל, ווי ס׳וואָלט פֿון איר אַרויסגעשריען, — איבער רוסלאַנד שטעלט זיך אַ נײַע בלוטיקע

כמאַרע און . . .

— מ׳דאַרף ניט, טאַכטער, מ׳דאַרף ניט!

— שווער, ס׳איז ניט קיין נבֿיאות, כ׳זאָג נאָר וואָס סע איז . . . און פֿון דײַטשלאַנד, שווער, גייט אויף אונדז דער שוואַרצער האַקנקרײַץ, אָט די פֿירפֿיסיקע האַק!

מנחם מאַקאָווער טוט אַ שווערן קרעכץ, וואַשט די הענט אין קיך, ווו די ווײַב, פֿייגע, גרייט וועטשערע, און שטעלט זיך טאַקע דאָרטן, אין אַלקער, שוין בײַ דער שקיעה אין סטעפּ, מיטן פּנים צום מיזרח, צום פֿענצטער וואָס גייט אין גאָרטן אַרויס, דאַוונען מינחה.

# ב.

און דערנאָך, שוין שפּעטער, שוין אין יענעם פֿרימאָרגן, אַז די סטעפּ־ווינטן האָבן נאָך אַלץ, שוין דרײַ מעת־לעת, מיט געוווי און פֿײַף, און ניט פֿון די הייכן, נאָר פֿון דער נידער, פֿון דער ערד, געטריבן די אומגעוויינלעכע און אויסטערלישע שנייען, געדיכט־בלויע, כמעט שוואַרצע, נאָר מיט רויטע בליצן, ווו ערגעץ־ווו דאָרטן, אין דעם משונהדיקן שטורעם, וואָלטן מיט אַ מאָל אויפֿגעפֿלאַמט פֿײַער־פֿונקען . . . און אָט די רויטע פֿונקען־בליצן, אַן אַ סימן פֿון אַ זון אין דער פֿאַרווירבלטער וועלט, פֿאַלן שווער אויף איר, אויף טעמערלס נשמה. און דערצו זינגט דאָרטן, אין איר צימערל, בײַם פֿאַרווייעטן פֿענצטער, די טאָכטער, פֿריידעלע, זייער שטיל, ווי ניט געוואָלט אַז איר קול זאָל צו דער מאַמע דערגיין, נאָר זי, די מאַמע, הערט ניט נאָר דער טאָכטערס קול, נאָר אויך אירע ווײַט־פֿאַרבאָרגענע טרערן. פֿאַרוואָס וויינט אויך בײַ איר קינד די נשמה? און פֿאַרוואָס, ווער קאָן עס איר דערקלערן, האָט זי הײַנטיקע נאַכט ווידער געזען, טעמערל, יענעם קאָשמאַר־חלום מיטן טונקל־שטיינערנעם קאָרידאָר, וואָס פֿירט אַלץ באַרג אַראָפּ, באַרג אַראָפּ, און דאָרטן, אויפֿן דנאָ, טאַנצט איר ברודער, מיכל, אַ באָרוועסער, אַ האַלב־נאַקעטער, מיט אַ צעבלוטיקטן לײַב און פּנים: ער טאַנצט שוין אָבער ניט אַליין, נאָר מיט איר, מיט

יענער שוועסטער, מיט מירלען, מיט מאַרטאַ כווילי‌אַ . . . יענע איז אויך אַ באָרוועסע, אין אַ צעריסענער העמד, די האָר צעשאָטן, סאַראַ שײנער קאָפּ האָר בײַ איר . . .

אין יענעם פֿרימאָרגן פֿון דער בלאָו־ווילדער זאַווייע מיט די רויטע בליץ־פֿונקען, האָט ער, טעמערלס פֿעטער, יואל מאַקאָווער, וואָס איז געפֿאָרן אַהין, קיין כערסאָן, צו דערוויסן זיך דאָרטן, אין דער קאָמוניסטישער אָכראַנקע, פֿון וועגן זײַן טאָכטער, פֿון שולמיתן, וואָס מ'האָט אין וועג, אין מיטן זומערדיקן טאָג, פֿון וואָגן אַראָפּגענומען, און פֿון דעמאָלטן אָן, שוין העכער פֿיר חדשים — און וווהין מ'האָט ניט געשריבן, און זיבן מאָל קיין מאָסקווע, און דרײַ בריוו צו אים אַליין, צום פֿאָטער פֿון די פֿעלקער, צו סטאַלינען, און ניט מיט טינט האָבן זיי, טאַטע־מאַמע, צו אים געשריבן, נאָר מיט בלוטיקע טרערן, אָבער אַפֿילו מיט אַ האַלבן וואָרט פֿון דאָרטן, פֿון דער הייך, צו זיי ניט אָפּגערופֿן זיך. די טאָכטער, שולמית, איז ווי אין אייביקן תּהום אַרײַן.

און דעמאָלטן, אין יענעם וויכער־פֿרימאָרגן, נאָך דרײַ וואָכן אָפּשלאָגן דאָרטן, איך כערסאָן, אין אָדעס, און דערנאָך שוין אין קיעוו די שוועלן — איין געגנט־שטאָט האָט אים, דעם אַלטן טאַטן, צו דער צווייטער אָפּגעשיקט — האָט ער זיך אומגעקערט, יואל מאַקאָווער, שוין אויף ניט צו דערקענען אים: שוין אַפֿילו ניט קיין שאָטן פֿון אַ מענטשן, נאָר עפּעס אַ געשפּענסט וויגט זיך בײַם אָנגעווייעטן פֿענצטער. די אויגן זײַנע, פֿון טרויער גרעסער געוואָרענע, האָבן אים מיט רויטע פֿונקען געבליצט, ווי אין דער געדיכט־בלאָוער, כמעט שוואַרצער זאַווערוכע. אַ גרויסער גליק און ווונדער געוועזן, וואָס ער איז פֿון דעם שניי־פֿראָסטיקן געוויטער מיטן לעבן אַרויס. פּשוט אַ נס מן השמים!

זיצט זי, טעמערל, אין יענעם פֿרימאָרגן, בײַם פֿעטער יואלס בעט מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, האָט מורא פֿאַר די רויטע פֿונקען, וואָס שפּריצן אים, ווי אין דער זאַווערוכע, פֿון די אויפֿגעריסענע אויגן אַרויס, באַזונדערס פֿון דעם רעכטן אויג: הערט מיט ציטער ווי דער פֿעטער אירער, דער אַמאָליקער בעל־תּפֿילה אין טשערנאָבילער קלויז, וואָס האָט די חיונה אָבער געצויגן פֿונעם גאַלאַנטעריי און שרײַבגעצײַג־קלייטל, פֿון די פֿילקאָליריקע זײַד־ליענטעס, שפּיגעלעך און קעמעלעך פֿאַרן דאָרף, און פֿון די בריוובייגעלעך, פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, העפֿטן און

טינט־און פּען פֿאַרן שטעטל; און הגם ער איז שוין צוואַנציק יאָר, דער פֿעטער אירער, יואל מאַקאָווער, ווײַט פֿונעם עמוד, און שוין העכער צען יאָר ווי ער גייט מיט אַקער און קאָסע איבערן סטעפּ, פֿונדעסטוועגן, דאָך, און פֿאָרט הערט זיך נאָך אַלץ אין זײַן קול יענער ימים־נוראים ניגון . . . זי הערט זיך צו, טעמערל, מיט שרעק, ווי דער פֿעטער אירער, יואל מאַקאָווער, פֿון אונטער די צוויי איבערבעטן — נאָכן אָנרײַבן אים מיט שניי — דערציילט מיט יענעם ניגון פֿון זײַנע מאַטער־און וואָגלענישן איבער די דרײַ שטעט צו דערוויסן זיך פֿון דער טאָכטער, פֿון שולמיתעס גורל . . .

— אומעטום, ווו איך בין געווען, — רעדט יואל מאַקאָווער, אַן אײַנגעוויקלטער אין די איבערבעטן און די ציינער קלאַפּן אים נאָך פֿון קעלט. — אומעטום, אין אַלע דרײַ שטעט, אין כערסאָן, אין אָדעס, אין קיעוו, אומעטום שטייען בײַ דער ענקאַוועדע הונדערטער און הונדערטער מענטשן. באַזונדערס אין קיעוו . . . יונג און אַלט, מאַנצבלען און ווײַבער, און אויך קינדער, צען־צוועלף יאָריקע, אַן טאַטע־מאַמע פֿאַרבליבן, לעבעדיקע יתומים . . . פֿונעם טרויער אויף די קינדערשע פּנימער, קאָן זיך דאָס האַרץ אָפּרײַסן. נאָר אין אָט דעם קינדערשן טרויער אַליין, ווי אין אַ געשליפֿענעם שפּיגל, קאָן מען שוין זען די אַכזריותדיקייט, די בלוט־דאָרשטיקייט פֿון דעם קאָמוניסטישן רעזשים . . . מ׳שטייט אונטערן קאַלטן אָסיענדיקן רעגן, מ׳שטייט אונטערן שיטנדיקן שניי, מ׳שטייט אויפֿן פֿראָסט, די הענט אין די אַרבל, מ׳קלאַפּט אַ פֿוס אין אַ פֿוס, די ליפּן בײַ אַלעמען פֿאַרקלעמט, מ׳רעדט צווישן זיך ניט אויס קיין וואָרט, מ׳קוקט זיך אַפֿילו ניט איבער מיט די אויגן . . . מ׳שטייט אַזוי טעג און נעכט, כּדי צו דערקלײַבן זיך צום פֿענצטערל און אָפּגעבן די מעלדונג, און נאָך דעם שטייט מען שוין מיט ציטערניש און האָפֿענונג אַכט טעג און אַכט נעכט און מ׳וואַרט אויף אַן ענטפֿער . . . און אַז דער ענטפֿער קומט שוין, וואַלגערט ער פֿון די פֿיס און לעשט אויס די שײַן פֿון די אויגן:

— אײַער מאַן, דער שׂונא פֿון פֿאָלק, איז פֿאַרמישפּט געוואָרן אויף צען יאָר אָן רעכט צו איבערשרײַבן זיך.

— זאָגט מיר, כאַטשבי, וווהין האָט מען אים פֿאַרשיקט?

— בירגעריו, פֿאַרהאַלט ניט די ריי . . . — און די פֿרוי פֿאַלט

דאָרטן, בײַם פֿענצטערל, אין חלשות. װײַבער מינטערן זי שטיל, אָן אַ װאָרט צו זאָגן, העלפֿן איר פֿון דער ערד זיך אױפֿהױבן . . . שװער צו דערציילן, װאָס מײַנע אױגן האָבן דאָרטן פֿאַר די דרײַ װאָכן געזען. מענטשן זענען שװאַרץ געװאָרן פֿון יסורים און פּחד. אַזאַ פּחד װי אין אָט דעם קאָמוניסטישן לאַנד איז נאָך קײן מאָל און אין ערגעץ ניט געשטאַנען. און אַז די נאַכט פֿאַלט צו, דאַרף מען זיך צעגײן, פֿאַרקלײַבט מען זיך אין די הײפֿן, אין די אַרײַנגאַנגען פֿון די אַרומיקע מױערן, מ׳היט די רײ צום פֿאַרשאָלטענעם פֿענצטערל, װוּ דו װאַרטסט אױפֿן גוטן קװיטל. אַרום האַלבער נאַכט הײבן אָן אײנער נאָכן אַנדערן, אַרײַניאָגן אין ערשטן טױער „שװאַרצע װאָראָנעס״ אָנגעשלאָגענע מיט מענטשן. ס׳הערן זיך פֿאַרשטיקטע ביטערע געשרײען פֿון װײַבער: פֿאַר װאָס? פֿאַר װאָס? און װאָס װעט זײַן מיט מײַנע צװײ קינדער? . . . און פֿון דעם צװײטן הױכן אײַזערנעם טױער פֿאָרן אַרױס שװערע און שטילע גרוזאָװיקעס אונטער ברעזענטענע בױדן . . . בײַ יעדער אַרױסגעפֿאָרענער בױד פֿון דאָרטן, האָט זיך די מאָנאַשקע, װאָס איז געשטאַנען לעם מיר, אָנגעהױבן צלמען. האָב איך זי אױפֿן אױער געפֿרעגט:

— װאָס צלמסטו זיך אױף די גרוזאָװיקעס?

האָט זי צו מיר קױם אַרױסגעשטאַמלט:

— דאָס פֿירט מען פֿון דאָרטן אַרױס די געשאָסענע . . .

און דאָ כאַפּט ער שװער איבער, יואל מאַקאָװער, דעם אָטעם און פֿון גרױס ערגערניש הײבט ער אָן צו פֿאַרהיקען זיך: און נ־נאָך אַלע מ־מײַנע מאַט־טערנישן אין כערסאָן, אין אָדעס, האָב איך שױן אין קיעװ באַ־באַקומען דעם אוממענטשלעכן, דעם װיסטן און אַכזריותדיקן ענטפֿער:

— פֿאַרמישפּט געװאָרן אױף צען יאָר אָן די רעכט צו איבערשרײַבן זיך.

— און איך װײס ניט פֿאַרװאָס, נאָר כ׳האָב דאָ, בײַם פֿענצטערל, פֿון זײַן ענטפֿער דערזען די בײַנאַכטיקע בױדן אונטער די ברעזענטן . . . איך האָב דערזען מײַן טאַטער, מײַן טאַטער צװישן די געשאָסענע, פֿון קאָפּ רינט איר דאָס בלוט מיט מאַרך . . . פֿאַרװאָס? פֿאַר װעלכע זינד? — האָט זיך פֿון מיר אַרױסגעריסן דער װײגעשרײ. —

פֿאַר וואָס קומט דאָס איר? . . . — און ווײַטער קאָן ער ניט רעדן. ער וויינט, יואל מאַקאָוּוער, אויף אַ קול.

— יואל, באַוויין זי ניט, שולמיתן — זאָגט מנחם צום ברודער . . . — באַוויין זי ניט. זי איז ברוך השם, בײַ אַלע אירע כּוחות און זי וועט, בעזרת השם, די גזרה, די פּלאָג, דעם קאָמוניסטישן מולך, די מכּה שלא כּתובה בתּורה, איבערקומען, איבערטראָגן, און זיך אומקערן צו אונדז אַ לעבעדיקע.

— הלוואי, מנחם, הלוואי, — ווישט יואל מיט דער געקווייטלטער ציך פֿון דעם איבערבעט די טרערן, — הלוואי . . . אָבער, מנחם, צען יאָר, זאָגט מען, אָן רעכט צו איבערשרײַבן זיך . . . הייסט אַז מ׳איז פֿאַרמישפּט געוואָרן צום טויט . . . שולמיתן האָט מען פֿאַרמישפּט צום טויט . . . מײַן קינד צום טויט . . . מ׳פֿירט זיי אַרויס, מ׳פֿירט זיי אַרויס בײַנאַכט די געשאָסענע, די הרוגי מלכות, אויף גרוזאָוויקעס, באַהאַלטן אונטער ברעזענטענע בוידן . . . מ׳פֿירט זיי אַרויס הינטער דער שטאָט, אין וואַלד אַרײַן, מ׳וואַרפֿט זיי דאָרטן אַראָפּ אין אַ באַלקע, אין איין גרוב . . . מאַנצבלען, פֿרויען, קינדער . . . איך האָב געזען ווי זיי וואַרפֿן מײַן טאָכטער אין יאַר אַרײַן. אל מלא רחמים . . .

— ער רעדט שוין פֿון היץ, — זאָגט מנחם. — מ׳דאַרף אים צולייגן אַ פּענכער מיט אײַז צום קאָפּ. ער ברענט ווי אויף הייסע קוילן.

און דאָ הייבט אויף טעמערל דעם קאָפּ אויפֿן פּעטער יואלן, און הגם פֿון יענעמס אויגן גייען נאָך אַלץ די רויטע פֿונקען, ווי פֿון דער דרויסנדיקער זאַווערוכע, דאָך לאָזט זי שוין דעם קאָפּ אירן קריק ניט אַראָפּ.

ז׳ הערט זיך צו מיט ציטערניש צו זײַנע געפּלאָנטערטע און צעשאָטענע רייד, ווי אויף זיי, אויף אָט די רייד, שוין פֿון פֿריער, שוין פֿון לכתחילה געוואַרט צו דערהערן זיי פֿון אים, פֿון דעם פּעטער אירן, פֿון דעם אַמאָליקן בעל־תּפֿילה, פֿון יואלן מאַקאָוּוער.

און פֿון זײַנע רייד נעמט זי צונויף, טעמערל, דעם תּוך, דעם עיקר, און דערוויסט זיך, אַז דאָרטן, אין קיעוו, בײַ יענעם פֿאַרשאָלטענעם פּענצטערל, האָט אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר נײַן־צען, געהאַט די פֿאַליקע . . . אַפֿילו צווישן די פֿאַרשטומטע מענטשן אין דער ריי איז אַ טומל געוואָרן, אַ געשריי האָט זיך אויפֿגעהויבן. אַ זקנה האָט זיך דאָרטן באַלד

אויף דער ערד אַוועקגעזעצט און דעם יינגלס קאָפּ אויף אירע קני אַוועקגעלייגט, מיט בײדע הענט צוגעהאַלטן, ער זאָל דעם קאָפּ אין די שטיינער זיך ניט צעשפּאַלטן. און דערבײַ האָט די זקנה געמורמלט: דאָס איז דאָך מײַן שכנס זון, סאַשאַ כווילימאַ . . . מאַרטאַ כווילימאַס קינד . . . מ׳האָט דעם טאַטן, און אויך זי, די מאַמע זײַנע, צוגענומען . . .

און מיין הערט זי שוין יענעמס פאַרפּלאָנטערטע רייד ניט. אַז מ׳האָט זי צוגענומען, די שוועסטער אירע, מירלען, מאַרטאַ כווילימאַ, וועגן דעם האָט זי שוין, טעמערל, געוווּסט נאָך פֿריער, נאָך איידער די זאַווערוכע האָט דעם פּעטער אירן אין שטוב אַרײַנגעטריבן . . . בײַנאַכט האָט זי, טעמערל, אין חלום געזען מירלען־מאַרטאַ טאַנצן אין איין העמד, מיט צעשאָטענע האָר, אַ באָרוועסע . . . זי האָט געטאַנצט מיט אים, מיטן האַלב־נאַקעטן מיכלען, אויף יענעם דנאָ; בײדע האָבן זיי געטאַנצט באָרוועסערהייט אויף די שפּיציקע שטיינער . . . בײדע צעבלוטיקטע . . .

און דאָך שפּרינגט זי דאָ אויף, טעמערל, פֿון דער באַנק, כאַפּט אים אָן, דעם פּעטער אירן, יואלן, פֿאַר בײדע אַקסלען: — און וואָס ווײַטער? און וואָס איז דאָרטן, פּעטער, מיט מירלס, מיט מײַן שוועסטערס קינד, געוואָרן? פֿאַלט ניט אַרײַן, פּעטער, פֿאַלט ניט אַרײַן אין היץ, ווערט ניט פֿאַרטראָגן, פֿאַרלירט ניט, פּעטער, דעם געדאַנק, פֿאַרלירט ניט די וועלט . . . פּעטער, פּעטער, — טרייסלט זי אים, — און אפֿשר האָט איר עפּעס־וואָס פֿון זיי, פֿון מיכלען מיט דער דאָקטערשע, פֿון טאַטיאַנע ברוידע, געהערט? פּעטער! פּעטער!

נאָר יענער איז שוין ווײַט און פֿאַרטראָגן. יענער איז שוין פֿאַרפֿלאַמט און פֿון דער וועלט אויסגעטאָן, דערקענט שוין ניט די אַרומיקע. פֿון זײַנע אויגן יאָגן אויף איר, אויף טעמערלען, נאָך גרעסערע, נאָך רויטערע פֿונקען־בליצן . . . לויפֿט זי מיט שרעק אָפּ פֿון אים: ניין, דער פּעטער אירער, יואל, רעדט שוין אַפֿילו ניט, ער זינגט . . . אל מלא רחמים. את נשמת שולמית בת יואל . . . ומפני חטאינו גלינו מארצנו . . . — ניין, קיין קלאָר וואָרט וועט מען שוין פֿון אים, פֿון איר פּעטער יואלן, אַזוי גיך ניט הערן.

און ווען ער וואָלט, יואל מאַקאָווער, אין דעם פֿיבער־פֿלאַם ניט

אַרײַנגעפֿאַלן, בײַ אַלע זײַנע קלאָרע געדאַנקען געבליבן, וואָלט ער דאָך סײַ ווי סײַ געקאָנט נאָר פֿון וועגן מירל־מאַרטאַס ייִנגל אָט וואָס צוגעבן: פֿון דאָרטן זענען צוויי אין ווײַסע כאַלאַטן אַרויס, דעם ייִנגל אויף אַ נאָסילקע אַרויפֿגעלייגט און אים אַהין, אין דער ענקאַוועדע, אַוועקגעטראָגן. און פֿון אים, פֿון דעם נבֿיאס זון, פֿון מיכלען, און אויך פֿון איר, פֿון דער דאָקטערשע, פֿון ראובֿן ראַפּעסעס טאָכטער, האָט ער, יואל, אויך דאָרטן, פֿון קיינעם אַ וואָרט ניט געהערט.

פֿון זיי — פֿון מיכלען, פֿון דעם בעל־תּשובֿה, פֿון דעם נזיר מיטן היכן וואַנדערשטעקן, און אויך פֿון איר, פֿון טאַטיאַנע ברוידע, האָבן די מאַקאָווער פֿון יענער שלאַקסרעגנדיקער נאַכט אָן קנאַפּ־וואָס געהערט, און כּמעט גאָרניט ניט געוווּסט וואָס מיט זיי האָט זיך אויף אַן אמת נאָך דעם געטראָפֿן און פֿאַרלאָפֿן. מ׳האָט אויף זיכער נאָר געוווּסט אַז נאָך יענער געוויטער־און שׂרפֿה־נאַכט, אין אַ מעת־לעת אַרום, האָט מען זיי ביידע ערגעץ־ווו אָראָפּגענומען פֿונעם אָפּגעבראָכענעם שטיק בריק, וואָס האָט זיך מיט זיי, מיט מיכלען און טאַטיאַנען, אַראָפּ־וואַסער איבערן ווילד־צעכוואַליעטן פֿרי־פֿרילינגדיקן טײַך געטראָגן.

און דעמאָלטן, אין יענעם ערבֿ־טאָג ווערן, איז צווישן זיי, צווישן דעם געוועזענעם טשעקאַ־אויספֿאָרשער און איר, טאַטיאַנען ברוידע, אָט וואָס געשען: נאָך טעמערלס האָבן, אונטער די שׂרפֿה־הימלען מיטן געשריי „פֿאַרברענט ניט מײַן קינד, פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער!״ און נאָך זײַן, מיכלס, אַרויפֿוואַרפֿן דעם פֿידל אויפֿן שײַטער־פֿײַער און באַלד שטעלן זיך אויף די קני, און צופֿאַלן מיטן פּנים צו דער דאָקטערינס פֿאַרבלאָטיקטע שטיוול מיט אַ געוויין . . . און דערנאָך, נאָכן ברענגען איר דעם העפֿט מיט אירע שירים, און דערבײַ פֿאָרגעלייגט אָפּפֿירן זי צו איר כאַטע, אין דאָרף אַרײַן: און זי איז אויף דעם מסכּים געוואָרן, הגם מיט יענעם תּנאַי: דעם שוועל פֿון איר שטוב זאָל ער ניט איבערטרעטן . . . זיך געלאָזט מיט אים, וואָס האָט דעם מאַן אירן צום טויט פֿאַרמישפּט און זי אויפֿן אינדזל פֿאַרשיקט, און נאָכן אָפּקומען די פֿינעף יאָר דאָרטן, אויף סאָלאָווקי, האָט מען זי אַהער־צו, אין דאָרף אַרײַן, אויף נאָך פֿינעף יאָר פֿאַרוואָרפֿן . . . זי האָט זיך געלאָזט מיט אים אין דעם שלאַקסרעגן פֿאָרן — קיינער האָט עס דאָרטן, אין וואַלד, צווישן די איבערוואַנדערער ניט געקאָנט פֿאַרשטיין

און דערקלערן.

אָבער אין יענעם פֿאַר־טאָג, אויפֿן וועג צום דאָרף, איז מיט איר, מיט טאַטיאַנען ברוידע, עפּעס אומדערוואַרטס פֿאַר איר אַליין פֿאָרגעקומען. ס'האָט אין איר נשמה מיט אַ מאָל אויפֿגעפֿלאַמט יענער צאָרן אויף אים פֿאַרן אומברענגען דעם מאַן, פֿאַרן מפּיל זײַן אויף דער שיף . . . אַרויפֿפֿאָרנדיק אויפֿן בריק, וואָס די שטורמישע כוואַליעס טרייסלען אויף אומצוּוואַלגערן, ביַים זײַן שוין אויפֿן מיטן פּאָמאָסט, דאָ נעמט זי פּלוצעם פֿון זײַנע הענט די ווישקעס, שטעלט אָפּ די פֿערד, און קריכט פֿון וואָגן אַראָפּ. און אויך ער, מיכל מאַקאָווער, אָן שום שאלות און טענות, ווי פֿון פֿריער דאָס געוווּסט, און אויף דעם זיך געריכט, אויך ער שפּרינגט מיט זײַן שטעקן פֿון דער פֿור אַראָפּ, שטעלט זיך אַנטקעגן איר, ביַים פּאָרענטש פֿונעם בריק, און אָן אַ וואָרט צו זאָגן.

און די פֿערד, אָן דעם אָנטרײַבער געבליבן, איינע אַליין אויפֿן בריק, וואָס וויגט און וואַקלט זיך, און דערצו צעשפּאַלט אַ צעצווײַגט־פֿײַערדיקער בליץ ביזן האָריזאָנט דעם הימל און אַ דונער טרייסלט אויף די נאַכט, האָבן די פֿערד מיט אַ דערשראָקענער הירזשערײַ, ווי אַ סכּנה דערפֿילט, פֿון בריק אין דאָרף אַרײַן, צו זייער הויף, אַוועקגעיאָגט אַהין, פֿאַרבײַ דער דערברענענדיקער אַליין־שטייענדיקער, דער עלנטער סאָסנע אויפֿן בערגל, וואָס פֿאַרן פֿענצטערל פֿון איר, טאַטיאַנע ברוידעס, שטרויענער כאַטע.

און אַז פֿאַרבליבן דאָרטן ביידע אויפֿן זיך־וואַקל־און וויגנדיקן בריק, ביַים נײַעם, פֿון בערעזע געטעסעטן, פּאָרענטש שטיין — יענער אָנגעלאָדענער וואָלקן מיט די צעצווײַגט־פֿײַערדיקע בליצן און דונערן פֿאַרנעמט אין אַ זײַט, גייט אויף די כוטערס, אויף מערבֿ אַוועק, און אויפֿן מיזרח טוט אַ שטראַל פֿון דער זון אַ בלענד — דאָ, ווי יענע עלנט־דערברענענדיקע סאָסנע אויפֿן בערגל וואָלט איר, טאַטיאַנען ברוידע, דערמאָנט נאָך וואָס און צוליב וואָס איז זי אַהער־צו פֿונעם וואָגן אויפֿן בריק אַראָפּ, דאָ נעמט זי אים מיט אַ מאָל אָן, דעם אַמאָליקן אויספֿאָרשער אירן, מיט אַלע אירע כּוחות, פֿאַר דער פֿונעם רעגן אויסגעווייקטער באָרד:

— איר זײַט געוואָרן אַ נזיר, — וואַרפֿט זי אים אויף אַ קול אין פּנים אַרײַן, וויל דעם רויש פֿון די שטורמישע כוואַליעס, וואָס יאָגן אויפֿן

בריק, איבערשרײַען — איר זײַט געוואָרן אַ בעל־תּשובֿה, איר ווילט די זינד אויסקויפֿן מיט ניט עסן פֿלייש, מיט אָפּריכטן גלות און פּראַוועןתּעניתים . . . אָבער אײַערע זינד זענען ניט פֿון בין אדם למקום, נאָר פֿון בין אדם לאדם! גאָט קאָן אײַך דאָ ניט מוחל זײַן. ניין, ניט גאָט, נאָר איך . . . און איך וועל אײַך קיין מאָל ניט מוחל זײַן! מעגט איר טויזנט מאָל פֿאַלן מיטן פּנים צו מײַנע פֿיס . . . איך וועל אײַך ניט פֿאַרגעבן און שענקען. און ניט נאָר איך אַליין, נאָר אויך מײַן קינד, דאָס ניט געבוירענע, וואָס איך האָב דאָרטן, אויף דער שיף, וואָס די טשעקיסטן האָבן אָנגעפּילט מיט פֿרירנדיקער וואַסער . . . אומשולדיקע מענטשן, אַלטע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך געשלאָגן פֿאַר פֿרײַהײַט, פֿאַר מענטשלעכער ווערדע, יאָרנלאַנג אין די צאַרישע טורמעס געזעסן, אין די קאַזאַמעטן געשמאַכט . . . איר האָט זיי, אָט די אַלטע רעוואָלוציאָנערן, שוין גרויע און קראַנקע, מענער און פֿרויען, אין דעם וואַסער, אויף דער שיף דערטרונקען. זיי האָבן זיך מיט ווייגעשרייען געטרונקען, און דערטרונקען געוואָרן . . . דאָרטן, איר הערט, אין יענע אײַזקאַלטע, אין יענע פֿרירנדיקע וואַסערן, האָב איך מײַן קינד מפּיל געווען! ניין, ניט נאָר איך, נאָר אויך יענע, וואָס איר האָט מיט אַזאַ אַכזריות דערטרונקען, אויך זיי דאַרפֿן אײַך מוחל זײַן . . . און אויך מײַן קינד, און אויך דאָס בלוט פֿון זײַן טאַטן, דאָס בלוט פֿון מײַן מאַן . . . איר הערט, נזיר, איר הערט, בעל־תּשובֿה? איר טראָגט אַ קבֿר אין האַרצן און וואַרט אויף אַ מת? האָט איר זיך אויפֿן מת דערוואַרט! אײַער שעה האָט געשלאָגן . . .

און דאָ, בײַ אָט די רייד אירע, צו איר פֿאַרוווּנדער־און איבערראַשונג, צום ניט באַנעמען און באַגרײַפֿן, דאָ דערפֿילט זי ווי ער קושט איר די האַנט, וואָס רײַסט מיט אַלע כּוחות די באָרד זײַנע. און אויך דערהערט זי באַלד, און בײַם ווילדן רויש פֿון די וואַסערן, ווי ער לייענט אויף־אויסווייניק אַ ליד אירע פֿון יענעם העפֿט, וואָס ער האָט פֿאַרהיט, יאָרן מיט יענעם העפֿט לידער אירע, אין אַלע זײַנע וואָגל־און וואַנדערנישן, זיך אַרומגעטראָגן: זי הערט ווי ער לייענט גראָד יענע ליד אירע פֿון וועגן סדום און עמורה . . .

און איבער דער ערד, זעט זי, גייט אויף אַ פֿײַערדיקע זון, — די פֿרייד פֿון דער לעבעדיקער וועלט, און דער הימל, שוין אַן

אויסגעלײַטערטער, ווערט מיט אַ שלל־קאָליריקן רעגנבויגן אַרומגעגאַרטלט, ווערט זי דאָ שוין גאָר אויפֿגעציטערט, טאַטיאַנאַ ברוידע, די דיכטערין און מיסטיקערין, הייבט אים אויף, מיכלען, דעם קאָפּ, און קוקט אים לאַנג אין זײַנע אויגן אַרײַן: שפּילט ער דאָ ניט, דער נזיר פֿאַר איר דעם נאַר, דעם תּם?

נאָר אין זײַנע גרויסע שוואַרצע אויגן שפּילט אַ רעגנבויגן פֿון טרויער. אַזאַ טרויער האָט זי ניט געזען אַפֿילו דאָרטן, אויף דער שיף, אין יענע אויגן פֿאַרן דערטרונקען ווערן. אפֿשר נאָר אין די ווײַסע אויגן פֿון יענער אַלטער רעוואָלוציאָנערקע, וואָס איר טויטער קאָפּ איז פֿאַרבליבן פֿון אויבן, איבערן אײַז. מ׳האָט זיי דערנאָך, די פֿאַרפֿרוירענע, מיט העק פֿונעם אײַז אַרויסגעהאַקט און איבערן באָרט, פֿון דער שיף, אין ים אַרײַן, פֿאַר די חיה־פֿיש געוואָרפֿן.

און דאָ, אין יענעם פֿאַרטאָג, אַן אויפֿגעטרייסלט־און אויפֿגעשוידערטע, נאָך איידער זי קומט, טאַטיאַנאַ ברוידע, צו זיך, נאָך איידער זי באַנעמט וואָס דאָ קומט פֿאָר און טוט זיך מיט איר . . . דאָ, בײַם אַרײַנקוקן אין דעם טרויער פֿון זײַנע אויגן, דאָ ברעכן די שטורמישע, די פֿרי־יאָריקע כוואַליעס אײַן די סוואַיעס, די שוין האַלב־צעפֿוילטע סטויפּעס, און דער מיט פֿונעם בריק אויף וועלכן זיי שטייען קראַכט און פֿאַלט אין טײַך, אין די יאָגנדיקע וואַסערן אַרײַן.

## ג.

און אין יענעם פֿאַרטאָג, בײַם פֿאַלן מיטן שטיק אָפּגעבראָכענעם בריק אין טײַך אַרײַן, איז עפּעס־וואָס ווידער אין איר נשמה פֿאָרגעקומען: זי וואָלט עס ניט נאָר פֿאַר אַנדערע, נאָר אויך פֿאַר זיך אַליין ניט געקאָנט דערקלערן: די וועלט איז דאָך פֿאַר איר, פֿאַר דער דיכטערין, פֿאַר דער מיסטיקערין, פֿאַר טאַטיאַנאַ ברוידע, תּמיד הינטער זיבן שלעסער פֿאַרשלאָסן געווען, און די שליסלען צו זיי, צו די פֿאַרשלאָסענע שלעסער, איז ניט צו געפֿינען . . . און אין איר פֿאַרוואָרפֿנקייט, אין איר אַליין און עלנטקייט געוואָלט, און שוין פֿון

לאַנג, פֿון דער אכזריותדיקער וועלט אַרויס, אין אַן אַנדערער, אין אַ העכערער וועלט אַרײַן. נאָר דאָ, אין יענער מינוט פֿונעם פֿאַלן מיטן פּאָמאָסט אין רוישיקן טײַך אַרײַן, מיט אַ מאָל, בײַם שלל־פֿאַרביקן רעגנבויגן, די גאָרע שיינקייט פֿון דער ערד דערזען, דעם פֿריידיקן, דעם הייס־לײַדנשאַפֿטלעכן „טאָקען", דאָס פּאַטשן מיט די פֿליגלען פֿון די טעטרע־העגער אין וואַלד דערהערט, און אויך די זיסקייט דאָ פֿון לעבן און פֿון זײַן דערפֿילט . . . און ניט געוואָלט אומקומען, ווידער אין קאַלטער וואַסער אַרײַנפֿאַלן, און מיט אַלע אירע צעווייטיקטע חושים, מיט איר גאַנצער צעבלוטיקטער נשמה בײַ גאָט געבעטן פֿון טויט זי מציל זײַן.

אין יענעם פֿריפֿרילינגדיקן קאַיאָר, בײַ דעם זונאויפֿגאַנג, אַז די שרעק פֿאַר איר לעבן כאַפּט זי אָן בײַם גאָרגל אויף ניט צו אָטעמען, און ער, דער נזיר, נעמט זי דאָ שטאַרק, און מיט אַזאַ ציטערניש אַרום, פֿאַרהאַלט זי, שוין אויפֿן סאַמע ראַנד פֿונעם פּאָמאָסט, און דערלאָזט ניט זי זאָל אין די קאָכיק־רוישיקע, און מיט אימפּעט־יאָגנדיקע, אין די קאַלטע אומקום־וואַסערן אַרײַנפֿאַלן . . . דעמאָלטן הייבט זי שוין אָן, טאַטיאַנאַ ברוידע, צו זען אין אַלץ וואָס פֿאַרן לעצטן מעת־לעת, און אויך דאָ אויפֿן בריק, קומט פֿאָר און געשעט מיט איר, אין אַ גאָר אַנדער שײַן און אָפּשײַן. זי זעט דאָ שוין אין אַלץ באַווערט — און באַשערטקייט: זענען דאָך די סוואַיעס אײַנגעבראָכן געוואָרן גראָד אין יענער רגע ווען זי האָט אים, דעם אומברענגער פֿון איר מאַן, פֿון איר קינד, פֿון איר לעבן, געוואָלט פֿון בריק אין טײַך אַראָפּוואַרפֿן, דאָס האַרץ וואָלט איר דערבײַ ניט אַ צאַפּל געטאָן. דער צאָרן אויף אים איז פֿון זײַן קושן איר די האַנט, פֿון זײַן ניט ווערן זיך, אויף אַ האָר ניט געשטילט געוואָרן. פֿאַרקערט . . .

— ניין — האַלט זי — דאָ איז ניט געווען קיין פֿאַל און צופֿאַל. אַוודאי האָט דער בריק פֿון די שטורמישע וואַסערן באַדאַרפֿט אײַנגעבראָכן ווערן: דעם בריק, אין מיטן אַ צעלעכערטער, אויף ניט דורכצופֿאָרן, האָט מען מיט דעמבענע קלעצער פֿאַרלייגט. דער בריק איז דערפֿון שווערער געוואָרן, און די סוואַיעס, די אונטערגעפֿוילטע, האָבן ניט געקאָנט אויפֿהאַלטן און בײַקומען די שטורעמדיקע שטויס־וואַסערן . . . אַוודאי האָט דער פּאָמאָסט באַדאַרפֿט דאָ קראַכן און פֿאַלן; אָבער

דאָס, וואָס דער בריק האָט געקראַכט גראָד אין יענער רגע ווען זי האָט אים, דעם אויספּאָרשער אירן אויף לוביאַנקע, דעם טשעקיסט, געהאַלטן בײַם אַראָפּוואַרפֿן אין טײַך אַרײַן . . . ניין, דאָס איז שוין ניט קיין צופֿאַל, ניט קיין מיקרה, נאָר השגחה פּרטית, באַשערטקייט, גורל!

און דער אָפּגעבראָכן־און אַראָפּגעפֿאַלענער נײַ־דעמבענער פּאָמאָסט, כמעט אַ פֿירעקיקער, אַ מעטער דרײַ אין דער לענג און אַ צוויי אין דער ברייט, טראָגט זיי ביידן, אין יענעם רעגנבויגן־זוניקן פֿרימאָרגן, איבערן מעכטיקן און רחבֿותדיקן, איבער דעם אין פֿרי פֿון יאָר צעבריקעוועטן דניעפּער־טײַך אַראָפּ־צו־וואַסער, ווי ער קאָן, דער שטיק בריק, אין יעדער רגע אויף שטיין־שוועלן אַרויף, און צעשמעטערט און צעשאָטן ווערן.

און די סכּנה ווערט וואָס ווײַטער אַלץ גרעסער און שטאַרקער, און אַלע האָפֿענונגען, דער דיכטערינס, זענען שוין נאָר אויף אים, אויפֿן בעל־תּשובֿה, וואָס ראַנגלט זיך און וויל מיט דער ברעט, ווי מיט אַ רודער, דעם פּאָמאָסט פֿון די צעבושעוועטע וואַסערן, פֿון דער מיט־טײַך, צום ווײַטן ברעג, צום בערעזעוון וואַלד, ריכטן און קערעווען. ער איז עס אָבער ניט בכּוח און ניט אימשטאַנד צו טאָן . . . קוקט זי אומבאַהאָלפֿענערהייט צו, און קאָן אים מיט גאָרניט ניט העלפֿן. זי קלאַמערט זיך מיט איין האַנט אין דעם זיך־שאָקלענדיקן פֿאַרבליבענעם שטיקל פּאָרענטש, און מיט דער צווייטער שפּאַרט זי זיך מיט אַלע אירע כּוחות אָן אויף זײַן שטעקן, וואָס ער האָט איר בײַם פֿאַלן אין האַנט אַרײַן געגעבן.

און אַז ער קאָן מיט דער ברעט די צעבריקעוועטע וועסנע־וואַסערן ניט בײַקומען, און דערצו נאָך הייבן זיי אָן, די כוואַליעס, צו וואַרפֿן דעם פּאָמאָסט־פּליט זייערן, דאָס קליין אינדזעלע, דאָס יאָגנדיקע צווישן הימל און וואַסער, אַרויף און אַראָפּ, דעמאָלטן טוט ער גאָר די ברעט פֿון זיך אַ וואָרף, נעמט פֿון איר האַנט דעם הויכן שטעקן זײַנעם, און שטעלט זיך אַוועק, ווי אַ וואַנט, לעם איר. ווערט זי פֿון זײַן זאָרג און ציטער פֿאַר איר לעבן, פֿון זײַן טרײַ־און איבערגעגעבנקייט שטאַרק דאָ גערירט און הייבט אויף אירע געדיכט־בלויע אויגן אויף אים. נאָר באַלד דערשראָקן געוואָרן פֿון אָט דעם וואַרעמען בליק אויף אים, ווענדט זי די אויגן אירע אַהין, צום ווײַטן בערעזעוון וואַלד, וואָס וויגט זיך אין אַ

זוניק־גרינעם נעפּל. ווי פּאַר יענעם גרינעם, צאַרט־באַגילדטן נעפּל געוואָלט זיך פֿאַרענטפֿערן: ניין, ער, דער בעל־תּשובֿה, וויל אויך דאָ, אויפֿן אָפּגעבראָכענעם שטיק בריק, וואָס טראָגט זיך מיט זיי אויף די כוואַליעס אַראָפּ־צו־וואַסער, מיט זײַן אײַנשטעל און מסירת־נפֿש די שולד זײַנע, דעם בלוטיקן פֿאַרברעכן קעגן איר אויסקויפֿן, און סליחה בײַ איר אויסבעטן . . . און אויב אַפֿילו יאָ, און אויב ער איז אין איר פֿאַרליבט, און נאָך פֿון דעמאָלט אָן, פֿון יענע דרײַ נעכט אויפֿן פֿאַרהער, אויף לוביאַנקע?

און דאָ, בײַ איר פֿאַרטראַכט ווערן, דאָ טוט זיך דער פּאָמאָסט־פּליט אַזאַ שטויס אין אַ שטיין־שוועל, אַז ווען ער כאַפּט זי ווידער ניט אַרום — און דערבײַ דערפֿילט זי ווי ער איז אין גרויסער היץ, ווי אין אַ קדחת, וואָלט זי זיכער פֿונעם אומדערוואַרטן פֿאַרהאַלט־און אָפּשטעל, אין די כוואַליעס אַרײַנגעפֿאַלן. ער האָט זי דאָך ווידער אַ מאָל פֿון טויט געראַטעוועט. זי קאָן דאָך ניט שווימען . . . פֿון קליינערהייט מורא געהאַט פֿאַר וואַסער, און באַזונדערס נאָך איצטער, נאָכן מפּיל־זײַן אויפֿן ים, און די פֿרירנדיקע וואַסערן, אויף דער טשעקיסטישער שיף . . . טאַקע נאָר על־פּי נס איז זי דעמאָלטן לעבן געבליבן.

און דער פּאָמאָסט, אָנגעשפּאַרט געוואָרן אין דער שטיין־שוועל, וויגט זיך אויף די שטראָמוואַסערן, נאָר רירט זיך ניט פֿון אָרט. קיין סכּנה פֿאַרן לעבן איז שוין ניטאָ. און אויך, ווי ס׳ווײַזט זיך אַרויס, זענען זיי שוין גאָר ניט אַזוי ווײַט פֿונעם ברעג, פֿון דעם בערעזעוון וואַלד אינעם גרין־ראָזעוון נעפּל. זוכט זי דאָרטן מיט די אויגן, טאַטיאַנע ברוידע. אין דעם דורכזיכטיק־באַזונטן וואַלד, סימנים פֿון אַ וועג. אַ וועג מוז דאָך דאָרטן זײַן, מ׳זאָל צו אַ דורכפֿאָרער, צו אַ דורכגייער קאָנען שרײַען, רופֿן, און הילף בײַ אַ מענטשן בעטן! זי קאָן דאָך שוין מער ניט, און זי טאָר דאָך שוין מער מיט אים, מיט אָט דעם בעל־תּשובֿה, צווישן הימל און וואַסער, אויף דעם אָפּגעבראָכענעם שטיק בריק ניט פֿאַרבלײַבן . . .

און דאָ, בײַם זוכן די סימנים פֿון אַ וועג, דאָ דערזעט זי צווישן די ווײַסע בערעזעס, אַ סאָסנע מיט אַ טרוקענער קרוין שטיין, און אַקוראַט אַזאַ, וואָס איז פֿאַר איר כאַטע, אַנטקעגן דעם פֿענצטערל געשטאַנען און דער בליץ, אין דער נעכטיקער וויכער־נאַכט, האָט אין איר

געטראָפֿן און זי, די סאָסנע, איז מיטן פֿײַער אַוועק. די סאָסנע מיט דער טרוקענער קרוין אין בערעזעוון וואַלד, רופֿט מיט אַ מאָל אין איר אַרויס עפּעס שוין אַ נײַעם שווערן אומרו.

— אויך איך, — טראַכט זי. — אויך איך בין דאָך אַ סאָסנע מיט אַ טרוקענער קרוין, וואָס אַ בליץ האָט בײַנאַכט געטראָפֿן. און איך, אויך איך ברען דאָך . . . — און זי וויל בײַ אים פֿרעגן: גלייבט ער אין פֿאַרגעפֿיל, גלייבט ער אין סימנים, אין גוטע, אין שלעכטע? דער עיקרשט וויל זי פֿון אים הערן, צי טראָגט ער נאָך אין האַרצן דעם ליידיקן קבֿר, און וואַרט אויפֿן מת? פֿאַר זיך אַליין טראָגט מען ניט קיין קבֿר. זיך אַליין קאָן מען דאָך ניט באַגראָבן. באַגראָבן קאָן מען יענעם, עמעצן, אַ צווייטן. איז פֿאַר וועמען, פֿאַר וועמען טראָגט ער דעם קבֿר אין האַרצן?

און זי רעדט, און זי פֿרעגט עס בײַ אים. ער הערט אָבער ניט אירע רייד. און ניט מחמת די רוישיקע וואַסערן פֿאַרטויבן, און ניט ווײַל די קאַיאָריקע ווינטן פֿאַרטראָגן אירע רייד, נאָר דערפֿאַר וואָס ער איז פֿאַרנומען מיטן אָפּבינדן פֿון אונטערן רעגנמאַנטל אַ צאַראַטן טאָרבעלע. און אַז ער בינדט עס אָפּ, בעט ער זי עס צוהאַלטן. האַלט זי דאָס טאָרבעלע מיט גרויס נײַגיר און חידוש: מיט וואָס, אַ שטייגער, טראָגט ער זיך די גאַנצע צײַט אַרום, און מיט וואָס אַזוינס קאָן ער און טאָר זיך ניט שיידן?

און ער, אַ בלייכער, מיטן קדחת־ציטער, מיטן פֿיבער־גלאַנץ אין די אויגן, נעמט פֿון יענעם טאָרבעלע אַרויס אַ טלית מיט אַ זילבערנער עטרה, קושט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן דעם זוים, און טוט אים אויף זיך אָן. און באַלד לייגט ער אויך תּפֿילין און שטעלט זיך מיטן פּנים צו דער זון דאַוונען שחרית. פֿון איר שיינער קינדהייט, פֿון יענע ווײַטע יאָרן געדענקט זי, ווי אויך איר טאַטע, דער וואַלד־סוחר, פֿלעג אין די פֿרימאָרגנס אָנטאָן אין וואַלד דעם טלית און תּפֿילין און זיך שטעלן מיטן פּנים צו דער זון דאַוונען אויף אַ קול. דעם טאַטן אירן, ראובֿן ראַפּעסן, דעם קראַנקן, ליגנדיק אין בעט, האָבן די פּעטליוראָווצעס אַ שווערד אין האַרצן אַרײַנגעשטאָכן, און די פֿאַרבלוטיקטע שווערד אין זײַן בלאָנדער באָרד אויסגעווישט . . . און אויך זײַן, דעם בעל־תּשובֿהס זיידן, ר׳ עזריאלן מאַקאָווער — זי געדענקט אים גוט יענעם הדרת־

פּנימדיקן ייִדן, דעם פֿויער און תּלמיד־חכם, דעם מושלם און יחיד במינו!
— אויך אים, ר׳ עזריאלן, האָבן זיי, די גויִים, די שכנים זײַנע ביז בלוט געשלאָגן און די לונגען אים אָפּגעשלאָגן.

און זי וויל דאָ וויסן, די דיכטערין און מיסטיקערין, זיצנדיק אונטער דער פֿרימאָרגן־פֿרילינגדיקער זון אויפֿן זיך־וויגנדיקן פּאָמאָסט־פּליט, אויף דעם פֿאַרטראָגענעם צו די שטיין־שוועלן, — ווי אַזוי, וויל זי וויסן, פֿאָרט זיך עס, ווי אַזוי גייט עס באַנאַנד און צווילינגט זיך, אין אָט דער געטלעכער וועלט, וווּנדער־שיינקייט מיט רישעות, מיט הפֿקרות און אכזריות . . . פֿונוואַנעט קומט צו אים, צום בן־אדם, צום צלם־אלקים, אַזאַ בייזקייט, אַזאַ דאָרשטיקייט נאָך בלוט?.. און די וועלט איז אַזוי געטלעך שיין. פֿון איר שיינקייט שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. די זוניק־פֿײַערדיקע טראָפּנס, וואָס שפּריצן פֿון די רוישיקע וואַסערן אַרויס, שטילן דאָך די ווייטיקן אין דער נשמה. שיין, אָ, ווי שיין איז דער בוים, שיין איז אַפֿילו יענע סאָסנע מיט דער טרוקענער קרוין, וואָס אין איר שאָטן זענען די בערעזעס אויסגעוואַקסן . . . און שיין איז אין אָט דער וועלט דער ייִד מיטן טלית און תּפֿילין, וואָס זינגט זײַן האַרץ אויס פֿאַרן באַשעפֿער.

פֿון וועגן דעם ווײַס־בלאָען טלית האָט זי שוין ניט איין ליד, אין דעם לשון פֿון די נבֿיאים, געשריבן. דער ווײַס־בלאָער טלית איז דאָך דער סימבאָל פֿון ריינקייט און קדושה. פֿון דור צו דור ווערט ער, דער ווײַס־בלאָער טלית, אין זײַן, אין דעם ייִדנס, בלוט געהייליקט . . . פֿון דור צו דור!

און צוזעענדיק ווי דער בעל־תּשובֿה, דער נזיר מיטן בלייכן שיינעם פּנים, די באָרד אויף די ווינטן, די גרויסע שוואַרצע אויגן ברייט צעעפֿנט, פֿול מיט פֿרייד און באַגײַסטערונג, ווי ער וואָלט זיך שוין אין אַ גאָר אַנדער וועלט אויפֿגעהויבן, די זילבערנע עטרה זײַנע פֿינקלט און בליצט מיט אַלע קאָלירן אויף דער זון; און צוהערנדיק זיך ווי ער זינגט אויס זײַן תּפֿילה אָן ווערטער אויף אַ קול, וואָס טראָגט זיך איבערן רחבֿותדיקן טײַך, איבער די רוישיקע וואַסערן אַהין, צום בערעזעוון וואַלד, צו דער סאָסנע מיט דער טרוקענער קרוין . . . דאָ קומט איר מיט אַ מאָל אָן דער געדאַנק: האָט ער, הייסט עס, אַ ווײַב? אין טליתים דאַוונען דאָך נאָר באַווײַבטע . . . באַלד אָבער טרײַבט זי אָט די מחשבֿה

פֿון זיך אָפּ:

— און וואָס גייט דאָס מיר אָן? און וואָס קאָן דאָס מיך אַרן, צי האָט ער יאָ, צי האָט ער ניט קיין ווייב. אַפּנים אַז אין עלנטקייט קאָן דאָס האַרץ אָפּן ווערן פֿאַר אַלע ווינטן. ניין, איר גורל קאָן קיין מאָל ניט געבונדן ווערן מיט זיינעם. ניין, קיין מאָל ניט. דער מאַן און דאָס קינד וועט תּמיד שטיין צווישן אים און איר. זייער בלוט וועט אין איר קיין מאָל ניט געשטילט ווערן.

און דאָך, נאָך זיין אויסטאָן דעם טלית און תּפֿילין, אַריינגעלייגט זיי קריק אין יענעם צעראַטענעם טאָרבעלע, שלעפּט ער פֿון דאָרטן אַרויס אַ ווייס־ליַיוונט זעקעלע און נעמט אַ האַלבן שוואַרצן ברויט, און אַ קניפּל זאַלץ אַרויס, און אויך אַ בלעכערן צעקנייטשט קווערטל: און פֿון קעשענע אַ קלינגל אין אַ לעדערנעם שיידל, שניידט אַ ריפּטל ברויט אָפּ, און דערלאַנגט איר. נעמט זי און עסט, שוין אַן אויסגעהונגערטע, דעם אַלטגעבאַקענעם ברויט מיט זאַלץ און פֿאַרטרינקט מיט קאַלטער וואַסער, וואָס פֿון טייך אָנגעשעפּט, און גיט אים אויך פֿונעם קווערטל אַ פּאָר שלונג צו טאָן:

— געַנוג! איר האָט היץ און טאָרט קיין קאַלטע וואַסער ניט טרינקען.

— אַ דאָקטער דאַרף מען פֿאָלגן.

— יאָ — זאָגט זי — אַ דאָקטער דאַרף מען פֿאָלגן! בעט איך אייך, קוקט ניט אויף מיר אַזוי . . .

— ס'איז אָבער אוממעגלעך, ניט פֿאַר מענטשלעכע כּוחות . . .

— אַוודאי — שלאָגט זי אים איבער — קאָנט איר מיר, אויף אָט דעם אָפּגעבראָכענעם שטיק בריק, וואָס וויגט זיך אויף די וואַסערן, זאָגן וואָס אייך ווילט זיך. איך קאָן זיך דאָך פֿון דאַנען אין ערגעץ ניט אַהינטאָן, סיידן זיך וואַרפֿן פֿונעם פּאָמאָסט אין וואַסער אַריין . . .

— גאָט באַהיט! — און דער ביסן ברויט בלייבט אים אין האַלדז שטיין.

— טאָ קוקט אַהין, צו די וואַלדשנעפּן, וואָס פֿליען אָן־אָ אַזוי נידעריק לענגאויס דעם טייך. זעט בעסער ווי די שוואַלבן, וואָס טראָגן דעם אָנזאָג אויף וואַרעמקייט, אויף זומער, רירן אָן מיט די פֿליגלען די כוואַליעס. און דער עיקרשט, קוקט אַהין, צום וואַלד, אפֿשר וועט אַ

פור פֿאַרבײַ פֿאָרן, צי אַ דורכגייער וועט פֿאַרבײַ גיין, וועלן מיר רופֿן און בעטן הילף. קוקט אַהין, צו יענער סאָסנע מיט דער טרוקענער קרוין, דאָרטן דאַרף אַ וועג זײַן . . .

— זענט איר שוין אַ מאָל דאָרטן, אין יענעם בערעזעוון וואַלד, בײַ יענער סאָסנע געווען?

— אפֿשר בין איך שוין אויך בײַ יענער סאָסנע געווען. אָבער אירע אַ שוועסטער, אויך מיט אַ טרוקענער קרוין, וואָס איז פֿאַר מײַן כאַטע אין דאָרף געשטאַנען, איז הײַנטיקע נאַכט פֿון אַ בליץ מיט פֿײַער אַרומגעכאַפּט געוואָרן.

הייבט ער דאָ אויף זײַנע הייסע און מאָנענדיקע אויגן, די פֿיבער־גלאַנציקע, אויף איר, ווי געפֿרעגט: וואָס וויל זי אים דערמיט זאָגן? ווי אַזוי דאַרף ער אירע רייד פֿאַרשטיין?

נאָר זי פֿאַרטײַטשט און דערקלערט ניט אירע רייד, און טוט אים דאָ גאָר פּלוצעם אַ פֿרעג:

— אַווו׳ לעבט אײַער ווײַב?

— איך האָב ניט קיין ווײַב. זי איז אין קימפעט געשטאָרבן. איר פֿרעגט מיך צי איך האָב זי ליב געהאַט?

— איך האָב אײַך דען אַזעלכס געפֿרעגט?

— יאָ. געפֿרעגט. איך ווייס ניט צי איך האָב זי ליב געהאַט . . . ווי נאָר איך האָב באַקומען סמיכה אויף רבנות, האָט אַ גרויסער גבֿיר מיך גענומען פֿון דער ישיבֿה צו זיך פֿאַר אַן איידעם.

— איז געבליבן פֿון איר אַ קינד?

— יאָ, אַ טאָכטער.

— ווער דערציט עס?

— דער ווײַבס אַ שוועסטער. אין קיעוו.

— זעט איר זיך מיטן קינד?

— פֿון צײַט צו צײַט . . . — און דאָ גיט ער מיט אַ מאָל צו: — ווערט פֿאַר מײַן קינד אַ מאַמע!

— צום באַדויערן . . . זאָגט זי און קוקט אים אין די הייסמאָנענדיקע אויגן אַרײַן. — צום באַדויערן . . . איך וועל קיין מאָל ניט קאָנען ווערן פֿאַר אײַער קינד אַ מאַמע.

— פֿאַרוואָס ניט? — ציט ער אויס צו איר זײַנע זיך־טרייסלענדיקע

הענט — פֿאַרוואָס ניט? מיר'ן נעמען דאָס קינד, מיר'ן גיין שוואַרצן די גרענעץ, און אַוועקגיין קיין ארץ־ישׂראל ... מיר וועלןביידע ...

פֿון זײַנע רייד טוט זי אַ ציטער ווי ער וואָלט אָנגערירט דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין איר נשמה:

— אַוודאי איז מײַן טרוים צו זײַן אין דעם הייליקן לאַנד, צו לעבן און צו שאַפֿן דאָרטן ... נאָר צווישן מיר מיט אײַך שטייט מײַן געהרגעטער מאַן, מײַן אומגעקומען קינד אין די אײַז־וואַסערן אויף דער טשעקיסטישער שיף ... ניין, ניין, — זאָגט זי ווײַטער, — ניין, ביי יענער סאָסנע מיט דער טרוקענער קרוין איז קיין וועג ניטאָ. ס'איז שוין טיף אין פֿרימאָרגן און מ'זעט דאָרטן ניט, ביי יענער סאָסנע, אַ פֿור זאָל דורכפֿאָרן, אַ גייער זאָל דורכגיין ... מיר קאָנען דאָ אויף הילף ניט וואַרטן!

— ווּזשע איז דער אויסוועג?

— די וואַסערן, זעט איר, זענען דאָ נידעריקע. ביי הויכע וואַסערן וואָלט דער פּאַמאָסט בײַם שטיין־שוועל זיך ניט פֿאַרהאַלטן. וועל איך פּרוּוון מיט אײַער שטעקן אָפּשטופּן אונדזער פּליט פֿונעם שטיין אין דער זײַט ... ניין, איר דאַרפֿט זיצן, איר האָט אַ הויכע טעמפּעראַטור, און ווי אַ דאָקטער פֿאַרוואָר איך אײַך! איך וועל פּרוּוון אַליין!

און ער מוז זיך איר, דער דאָקטערין אונטערגעבן. קיין אַנדער ברירה פֿאַר אים ניט געבליבן. שוין ניט בכּוח ווײַטער צו בריהנען זיך: אַ גרויסע שוואַכקייט איז אים דאָ באַפֿאַלן, שוין ניט אומשטאַנד צו האַלטן זיך אויף די פֿיס — אַגבֿ פֿילט ער זי, די שלאַפֿקייט, שוין פֿון דעמאָלטן, שוין פֿון יענעם מאָמענט אָן, ווען ער האָט דעם פֿידל זײַנעם דאָרטן, אין וואַלד, איבער די קעפּ פֿון די טאַנצנדיקע איבערוואַנדער־ייִדן, אויפֿן שײַטער־פֿײַער אַרויפֿגעוואָרפֿן און מיטן פּנים צו אירע פֿיס צוגעפֿאַלן ... און ער גיט איר דעם הויכן, זײַן טאַטנס, דעם נבֿיאָס, סוקעוואַטן שטעקן, און צום חידוש און גרויסן וווּנדער, שטויסט זי מיטן שטעקן דעם פּאַמאָסט פֿונעם שטיין־שוועל אָפּ, און אַזוי, אַז די שטראָמוואַסערן כאַפּן אים באַלד אונטער און טראָגן אים ווײַטער אַראָפּ־צו־וואַסער.

# ד.

און שפּעטער, שוין נאָך האַלבן טאָג, אַז אַלע האָפֿענונגען ווידער פֿאַרלוירן, דאָ האָבן זיי, די שטראָמוואַסערן, און אויך אַזוי אומגעריכט, און ווי שוין גאָר פּלוצלינג, דעם פּליט זייערן כּמעט צום ברעג, אויף אַ זאַמדבערגל אַרויפֿגעטראָגן. צו דער יבשה איז אָבער נאָך אַ היפּשער מהלך געווען, און מ׳האָט ביז צו די קני באַדאַרפֿט אין וואַסער גיין.

און אין ערגעץ ניט קיין לעבעדיקער מענטש. נאָר אויך דאָ, צו איר, דער דיכטערינס, גאַפּן און שטוינען, אויך דאָ, אַרויף־צו, אין וואַלד, צווישן יונגע ווײַסע בערעזעס, שטייט אונטער דער זון אַ הויכע סאָסנע מיט אַ טרוקענער קרוין . . . און אַ קאַלירגעשטרײַפֿטער פּיקהאָלץ פּײַקלט דאָ מיטן לאַנגן שנאָבל דעם באַגילדט־שלאַנקן שטאַם.

און פֿון קיינעם, זעט זי, די דאָקטערין, קאָן מען דאָ אויף הילף ניט וואַרטן. און האַיען זיך דאָ טאָר מען ניט: די וואַסערן, וואָס ריזלען און שלאָגן אינעם אָפּגעבראָכענעם שטיק בריק, קאָנען, אין יעדער רגע פֿון אַ כוואַליע אויפֿגעהויבן און ווידער אין מיטן טײַך אַוועקגעטראָגן ווערן.

אָבער דאָ, שוין אויפֿן זאַמדבערגל, אַז זי קאָן זיך ניט אַן עצה געבן, ווייסט גאָר ניט ווי אַזוי אים, דעם פֿאַרשלאָפֿט געוואָרענעם בעל־תּשובֿה, פֿונעם פּאָמאָסט אַראָפּנעמען און אויפֿן ברעג ברענגען: און מ׳דאַרף אים דאָך וואָס גיכער הילף געבן, ווײַל לויט אַלע סימנים, דער עיקר לויטן שווערן און כריפּענדיקן אָטעם, הויבט זיך ביי אים אָן אַ לונגען־אָנצינדונג . . . דאָ, אין איר אומבאַהאָלפֿן און פֿאַרלוירנקייט, דאָ איבעררואַשט ער זי מיט זײַן כּוח־הדם, מיט זײַן ווילן און עקשנותדיקייט: ער שטעלט זיך דאָ אויף די פֿיס, נעמט בײַ איר זײַן שטעקן און שפּרינגט פֿונעם פּאָמאָסט אין וואַסער, און העלפֿט אויך איר אַראָפּגיין, טראָגט זי ממש אויף די הענט אַראָפּ, און אויך פֿילט זי ווי ער קושט אירע האָר . . . און ער פֿירט זי פֿאַר דער האַנט איבער די וואַסערן און ברענגט זי אויפֿן ברעג אַרויף, און צו יענער סאָסנע מיט דער טרוקענער קרוין, וואָס צווישן די ווײַס יונגע בערעזעס. און דאָרטן, שוין

אונטער דער טרוקענער יאָדלע־קרוין, פֿאַלט ער אויף דער ערד אַנידער.

און זי שטעלט זיך לעם אים אויף די קני, טאַפּט זײַן דופּק, לייגט דעם אויער אירן צו זײַן פּלייצע צו: יאָ, אין די לונגען כריפּעט . . . מיט וואָס אָבער קאָן זי אים, די דאָקטערין, דאָ העלפֿן? טוט זי אים די שיך אויס, וואָס זענען פֿול מיט וואַסער, וויקלט אים די פֿיס אין איר שאַל אײַן, לייגט זײַן קאָפּ צו זיך אויף די קני, אויף דער זון, וואָס שטייט הויך איבערן נאָך נאַקעטן וואַלד, און פּאַיעט אַל דאָס לעבעדיקע מיט איר וואַרעמקייט און חיות . . . און זוכט אויך דאָ מיט די אויגן, בײַ אָט דער סאָסנע מיט דער פֿאַרטרוקנטער קרוין, אַ וועג. ערגעץ, דאַכט זיך איר, דער דיכטערין, דאַרף דאָ אַ וועג זײַן . . . און שוין ניט צו גלייבן: ניט ווײַט פֿון דער פֿאַרטרוקנטער יאָדלע גייען צוויי קאָליעס, אַ וועג! וועט דאָך ביז נאַכט עמעצער פֿאָרט פֿאָרן און אונטער אַ דאַך זיי ברענגען.

אָבער דער טאָג אין וואַלד פֿאַרגייט און זי, די קײַלעכדיק־גרויסע און צונטער־רויטע זון מיטן שוואַרצן וואָלקן־גאַרטל אין דער מיט, זי לאָזט זיך גיך פֿון די הימלען אַראָפּ, און אויפֿן טײַך, אין די רויש־יאָגנדיקע וואַסערן, לעשן זיך אירע לעצטע פֿײַערן — די נאַכט פֿאַלט צו.

און אויך זיי, די פֿרילינגדיקע, די זיך־פֿאַרכלינענדיקע פֿויגל־געזאַנגען, ווערן וואָס ווײַטער שטילער און שטילער . . . און די צוויי קאָליעס בײַ דער סאָסנע מיט דער פֿאַרטרוקנטער קרוין ווערן שוין מיט פֿינצטערניש פֿאַרוויעט . . . פֿאַר דעם גאַנצן האַלבן טאָג איז קיין פֿור איבער זיי ניט דורכגעפֿאָרן, און קיין איין סקריפּ פֿון אַ ראָד אין די זאַמדן ניט געהערט.

און איבערן טײַך, ווי פֿון די כוואַליעס אַרויסגעוואָרפֿן, שטייט שוין אין הימל אַ רויטער מולד, און אַקוראַט אַזאַ ווי דער נעכטיקער, וואָס איז געגאַנגען דאָרטן איבערן וואָגן, ווו זי, די געווינערין, דעם נזירס שוועסטער, טעמערל, איז צו קינד געגאַנגען מיטן געשריי . . . אויך איר, טאַטיאַנען ברוידע, ווילט זיך איצטער, בײַ אָט דעם רויטן מולד, און מיט אַלע כּוחות פֿון איר נשמה, מיט אַלע אירע בלוטן שרײַען:

— פֿאַר וואָס, פֿאַר וועלכע זינד, פֿאַר וועלכער שולד, פֿאַר וועלכן פֿאַרברעכן, פֿאַר וועלכער פֿאַרדאָרבנקייט האָסטו, גורל מײַנער, מיטן

אומברענגער, מיטן רוצח פֿון מײַן מאַן און קינד מיך צונויפֿגעפֿירט?

און ער ווערט גאָר ניט אַנטשלאָפֿן, עפֿנט אַלעמאָל אויף איר זײַנע אויגן און זאָגט, ווי אַ תּפֿילה, אירע אַ ליד. ער קען זיי, אירע לידער פֿון יענעם העפֿט, און אויף אויסווייניק. אָט לייענט ער די ליד אירע פֿון וועגן סדום . . . ניין, ס'איז ניט שפּיל און ניט חניפֿה. ניין, ער פֿאַרשטעלט זיך ניט. ער רעדט פֿון היץ. ער איז שוין אין גרויסן פֿיבער; דעקט זי אים אײַן דעם קראַנקן, און אויך עלנטן, מיט איר מאַנטל, טוליעט אים צו זיך צו, וויל אים מיט איר לײַב דערוואַרעמען, און דאָ ווערט זי שוין גאָר אויפֿגעטרייסלט: פֿון היץ, און אין דעם צווייפֿלט זי גאָר ניט, פֿון היץ רעדט ער צו איר און רופֿט זי מיט איר קינדערשן נאָמען . . . ער רופֿט זי טײַבעלע, ווײַסע טויב מײַנע, ליכטיק לעבן מײַנס . . .

און שוין ניט נאָר אַן אויפֿגעטרייסלטע, נאָר אויך אַ דערשראָקענע פֿון זײַנע רייד, שפּרינגט זי פֿון דער ערד אויף, און כאַפּט מיטביידע הענט אַרום די טרוקענע סאָסנע, ווי בײַ איר שוץ און הילף געבעטן. אַזוי האָט דאָך, און מיט די זעלבע ווערטער, גערעדט און גערופֿן זי דער מאַן אירער, אַז זיי פֿלעגן אויג אויף אויג בלײַבן.

און אַזוי־אָ. אַרומנעמענדיק מיט ביידע הענט די סאָסנע, און מיט די אויגן צום הימל, שטייט זי, די גלייביקע דיכטערין, און וואַרט אויף אַ נס. און די נאַכט גייט און דער רויטער מולד וועט שוין באַלד פֿאַרפֿאַלן ווערן, און אין דער טרוקענער יאָדלע־קרוין, ווי אין אַ בלאָ־זילבערנער נעץ, צאַפּלען זיך, ווי קאָרעשלעך, גרויסע פֿרילינגדיקע שטערן . . . און דאָ, פֿון שרעק און אחריות פֿאַר יענעמס לעבן — ער ליגט דאָך אין אַזאַ פֿיבער אויף דער נאַס קאַלטער ערד, און מיט איבערגעטריקנטע ליפּן. פֿון אַליין און אומבאַהאָלפֿנקייט הייבט זי אָן צו שרײַען מיט אַלע אירע כּוחות אין וואַלד אַרײַן:

— האָ האָ — האָ.. אָ — אָ . . .

און צום אָנהייב, אַז אויף איר פֿאַרלוירן־ייִאושדיקן געשריי קומט פֿון ערגעץ־ווו, פֿון וואַלד אַרויס, פֿון דער שוין פֿינצטערער נאַכט, אַן ענטפֿער־קול; לכתחילה גלייבט זי זיך אַליין ניט: פֿון וואַלד, פֿון דער נאַכט, קערט זיך דאָך אום צו איר דער עכאָ, איר ווידער־קול . . .

אָבער שפּעטער־צו, אַז איר ביטערער געשריי חזרט זיך איבער

נאָך־נאָך אוןווידעראַמאָל, און פֿון דאָרטן דערהערט זי שוין, און בײַ דעם רויש פֿון די דניעפּער־וואַסערן, ניט נאָר אַ קול, נאָר אויך אַ קלאַפּן פֿון רעדער, דעמאָלטן קאָן שוין פֿאַר איר קיין ספֿק ניט זײַן: ס׳פֿאָרט אַ פֿור, און, דאַכט זיך, ניט איינע.

און הגם זי ווייסט, אַז די פֿורן מוזן דאָ פֿאַרבײַפֿאָרן און מיט אָט דעם וועג אַהערצו אָנקומען, דאָך שטעלט זי זיך, און מיט צעשפּרייטע הענט, צווישן די צוויי קאָליעס, וואָס בײַ דער טרוקענער סאָסנע־קרוין, און הערט ניט אויף צו שרײַען, און צו רופֿן. נאָר דאָ, צו איר גרויסן פֿאַרדראָס, ווען זי טרעט באַצײַטנס דעם וועג ניט אָפּ, וואָלטן די פֿערד אויף איר אַרויף, די פֿור וואָלט זי איבערגעפֿאָרן, און זיך אַפֿילו ניט אָפּגעשטעלט. זי וואָלט געבליבן ליגן אויפֿן וועג מיט צעדראָשענע ביינער. בלײַבט זי שוין ניט אַזוי פֿאַרלאָרן, ווי באַליידיקט בײַם וועג שטיין, און דער עיקר, כאָטש ניט געוווּסט פֿאַרוואָס, פֿון דער דורכיאָגנדיקער פֿור איז איר אויפֿן האַרצן ביז גאָר שווער, און עפּעס זייער שרעקלעך געוואָרן.

ערשט דערנאָך, אַז ס׳שטעלן זיך אָפּ די צוויי פֿורן מיט פּויערים, וואָס פֿאָרן פֿון אַ חתונה, נאָך היפּש אונטערן גלעזל, זייער אויפֿגעלייגטע און גוטמוטיקע, און דערקלערן איר אויפֿן אויער: די דורכיאָגנדיקע פֿור איז פֿון דאָרטן, פֿון דעם שׂטנס נעסט, פֿונעם טאַרטאַר, פֿון דער גע־פּע־או . . . און אַז אויף יענער פֿור האָבן זיי, די מחבלים, צוויי אַרעסטירטע, מאַן און ווײַב, צום באַן געפֿירט: ערשט דעמאָלטן, הויבט זי אָן טאַטיאַנע ברוידע, צו באַנעמען איר שרעק, און ווערט שוין גאָר אומרויִק, ווי יענע פֿור מיט די צוויי אַרעסטירטע, וואָלטן אַ שלעכטער אָנזאָג און אַ שוואַרצע בשׂורה פֿאַר איר געווען . . . און ניט נאָר פֿאַר איר אַליין, נאָר אויך פֿאַר יענעם, פֿאַרן בעל־תּשובֿה, וואָס ליגט דאָרטן אין היץ אויף דער ערד.

און זיי, די אָנגעפֿאָרענע פּויערים אין די ווײַסע סוויטעס אויף די אַקסלען. די אָנגעפֿונדעוועטע באַלעבאַטים פֿון הייפֿן מיט שאָף און רינדער, פֿון היי־לאַנען און אַקער־ערדן, וואָס געבן פֿאַר דער שווערער און געטרײַער פּראַצע גערעטענישן און קאָרמען מיט ברויט און פֿלייש, מיט גאָרטנוואַרג און מילכיקס אויף די שטאָט צו זעטיקייט: זיי, די אָנגעפֿאָרענע פּויערים מיט די זיך־רייכערנדיקע ציביקעס אין די בערד

— זיי אַנען נאָך אַפּילו ניט, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועלן זיי פֿון זייערע הײַזער און הייפֿן פֿאַרטריבן ווערן אויף אומקום אין די לאַגערן, און זייערע ווײַבער און קינדער וועלן פֿאַרשיקט ווערן אויף יסורים און טויט אין די סיבירער וועלדער — זיי, די אָנגעפּאָרענע פּויערים, אַז זיי דערוויסן זיך: דאָס איז דאָך זי, די דאָקטערשע, וואָס איז, ווי פֿון מענטשן אויף דער חתונה געהערט, מיטן אָפּגעבראָכענעם שטיק בריק, מיטן פּאָמאָסט, אין טײַך אַראָפּגעפֿאַלן . . . מאַכן זיי פֿאַר איר, און אויך פֿאַרן קראַנקן, אָרט אויפֿן צווייטן וואָגן, און פֿרעגן נאָר:

— פֿון וואַנען איז אַהין־צו אויפֿן בריק, דער מאָנאַך געקומען?

— ווער קאָן עס וויסן, — זאָגט זי. — ער איז געווים קיין קיעוו, צו די לאווּרעס געגאַנגען. איך האָב אים געטראָפֿן אויפֿן בריק שטיין, אָנגעשפּאַרט אין פּאָרענטש . . . און די פֿערד האָבן זיך פֿון די בליצן דערשראָקן און פֿון בריק אין דאָרף אַרײַן אַוועקגעיאָגט . . . און דאָ האָט זיך דער פּאָמאָסט אָפּגעבראָכן.

— אי צע מאָזשע בוטי, און דאָס קאָן אויך זײַן. אַלץ קאָן זיך אין לעבן טרעפֿן. אָט האָט זיך אויפֿן כוטאָר דעם מילנערס שנור, באַלד נאָכן שליוב ברענגענדיק זי פֿון קלויסטער אַהיים, אַרײַן אין שטאַל און זיך דאָרטן אויפֿן אייבערשטן טרעפּל פֿונעם לייטער אויפֿגעהאַנגען. און דעם מילנערס זון איז אַ שיינער, אַ געזונטער . . . — און דער פּויער האָט זיך איבערגעצלמט. — וואָס אין לעבן קאָן זיך טרעפֿן, קאָן זיך אַ מענטש גאָר ניט פֿאַרשטעלן! — און אַז אַ יונגער פּויער מיט אַ שעלמישן געלעכטער וויל זיך דערוויסן, ווי אַזוי איז דאָס פֿאָרגעקומען און געשען? — שלאָגט אים דער אַלטער איבער: — אַ טאָבי טאָ שטשאָ? און וואָס גייט עס דיר אָן? — און דער דאָקטערין: — אָבער, דאָקטאָר, צו דיר אין דאָרף אַרײַן, קיין קאַלינאָווקע, קאָן איך אים, דײַן מאָנאַך, ניט פֿירן. צו ווײַט. איך וואָלט באַדאַרפֿט פֿונעם גלײַכן וועג אויף אַ ווערסט זעקס־זיבן אָן אַ זײַט אַראָפּקערעווען. און די פֿערד מײַנע שטייען שוין צו . . .

— ניין, ניין, — זאָגט זי. — אַהין־צו, קיין קאַלינאָווקע, דאַרף מען אים גאָר ניט פֿירן. מ׳דאַרף אים צו דער ראַיאָנער באָלניצע ברענגען.

— נו, צע מאָזשנאַ. דאָס קאָן מען. דאָס איז אויפֿן וועג.

און מיטן גרויסן טאָג האָט זי אים טאַקע אַהין געבראַכט, אין יענעם קראַנקנהויז, וואָס איז אַמאָל אַ ביקור־חולים פֿאַר ייִדן געווען, און אים

דאָרטן, דעם וואַנדער־און וואָגלדיקן בעל־תשובֿה, אין אַן איזאָליאַטאָר אַוועקגעלייגט, ווי איינעם וואָס מ׳איז אויף אַן אָנשטעקנדיקער קרענק חושד — דער דאָקטער פֿונעם שפּיטאָל, דער אַלטער רופֿא יאַקאָוו איסאַקאָוויטש פּראָלקיס, האָט פֿון זײַן קאָלעגעס, פֿון טאַטיאַנע ברוידעס, פֿון דער, וואָס קומט אָפּ אין פֿאַרוואָרפֿענעם דאָרף, אין קאַלינאָווקע, אין גרויסער עלנטקייט, די באַלשעוויסטישע שטראָף פֿאַר ניט באַגאַנגענע זינד: ער, דער אַלטער דאָקטער פֿון דעם אַמאָליקן ביקור־חולים, ער האָט פֿון אירע געציילטע ווערטער תּיכּף פֿאַרשטאַנען ווער דער קראַנקער איז, און דורך אַוועלכע וועגן און שטעגן, דורך אַוועלכע שטרויכלונג — און דערנער ער איז אַהער־צו אָנגעקומען. און ווי נאָר דאָס טרײַבל צו יענעמס נאַקעטער פּלייצע צוגעלייגט, גלײַך איר געזאָגט:

— קאָלעגע, איר האָט קיין טעות ניט געהאַט. יאָ, אַ לונגען־אָנצינדונג. און אַ שאַרפֿע . . . — און געהייסן אַ קישן מיט זויערשטאָף פֿאַרן קראַנקן ברענגען. — און אײַך, קאָלעגע, וועל איך אויך אויף דרײַ טעג אין בעט אַוועקלייגן. נאָך דעם וואָס איר זענט אויסגעשטאַנען אין דעם לעצטן מעת־לעת, נאָכן פֿאַלן מיטן אָפּגעבראָכענעם שטיק בריק אין דניעפּער אַרײַן . . .

— ניין, יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, ניין, ליבער פֿרײַנד, איך וועל מיט קיין אויג ניט צומאַכן. איך בין צו אויפֿגערעגט און צו אויפֿגעשווידערט: מײַן נשמה, פֿאַרן לעצטן מעת־לעת, איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַ פֿײַער, ווי יענע סאָסנע מיט דער טרוקענער קרוין, וואָס איז פֿאַר מײַן כאָטע געשטאַנען. אַ בליץ, יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, אַ בליץ, אַ פֿײַערדיקער בליץ האָט אין מיר געטראָפֿן . . . יאָ, יאָ, אַ הייסע גלאָז טיי וועל איך מיט פֿאַרגעניגן אויסטרינקען, אַלע בלוטן, ווי דעמאָלטן, אויף דער שיף, פֿרירן אין מיר!

און אַז דער אַלטער דאָקטער פּראָלקיס, וואָס איז נאָך קריק מיט פֿינעף יאָר אַהין גערופֿן געוואָרן, געוואָלט פֿון אים הערן און זיך וועגן אַנדערע דערוויסן, נאָר ער, דער אַמאָליקער הייסער בונדיסט, האָט דאָרטן אַ פֿולן מויל וואַסער אָנגענומען . . . און דאָך ברענגען זיי אים אַהין־צו, אין גע־פּע־או, און תּמיד נאָך האַלבער נאַכט, נאָר פֿרעגן פֿרעגט מען שוין בײַ אים גאָרניט, מ׳האַלט אים דאָרטן נאָר אין

פֿינצטערן קעמערל ביז טאָג ווערן . . . אַז ער ברענגט איר, טאַטיאַנע ברוידע, דער פֿאַרשיקטער דאָקטערין, אַ הייסע גלאָז טיי מיט אַ פֿרישן בייגל אויף אונטערלענען זיך דאָס האַרץ, טרעפֿט ער זי אַ שלאָפֿנדיקע אויף דעם באַנק־בעטל, וואָס אין זײַן קאַבינעט, מיטן קולעק צוקאָפּנס . . . זי פֿילט אָפֿילו ניט ווי ער, דער אַלטער הייסער בונדיסט, וואָס וואַרט רו׳ק אויף זײַן שוואַרצער שעה, ווי ער, דער דאָקטער פּראָלקיס, לייגט איר, דער ציון־טרוימערין און העברע׳שער דיכטערין, אַ קישעלע אונטערן קאָפּ, שלעפּט די שטיוול פֿון אירע פֿיס אַראָפּ, און דעקט זי איַין; זי הערט אויך ניט ווי ער עפֿנט דעם פֿענצטער און פֿאַררוקט דעם פֿאָרהאַנג, די זון זאָל איר שפּעטער אין די אויגן אַרײַן ניט שלאָגן . . . און ערשט אין אָוונט, אַז דער בעל־תּשובֿה געפֿינט זיך אין קריטישן צושטאַנד, וועקט ער זי אויף, פֿירט זי צום מסוכּן קראַנקן און וויל אויך פֿון איר, פֿון זײַן קאָלעגע, איר דעה און עצה האָבן.

און דרײַ מעת־לעתן, ביז ער איז פֿון דער טויט־סכּנה אַרויס, מיט אים דאָרטן, אין דעם איזאָליאַטאָר, בײַ זײַן בעט פֿאַרבליבן. שווערע און גורלדיקע טעג, באַזונדערס די דרײַ נעכט . . . אויך דאָרטן האָט ער אירע לידער געלייענט, אויך דאָרטן, אין איזאָליאַטאָר, אין זײַן היץ־פֿאַרטראָגנקייט, געהאַלטן אין איין רופֿן זי:

— ווײַסע טויב מײַנע . . . ליכטיק לעבן מײַנס!

און זי האָט פֿון זײַנע רייד, דער עיקר פֿון זײַן פֿאַרמישפּטן קול, וואָס קומט שוין ניט פֿון הי, פֿון דער ערדישער וועלט, נאָר פֿון אַ ווײַטן טרויער־תּהום, פֿון אַ גיהנום־וועלט אַרויס . . . פֿון זײַן קול האָט זי קיין אָרט זיך ניט געקאָנט געפֿינען, און אין מיטן דער נאַכט אין דרויסן, אין סאָד אַרײַן געלאָפֿן, און אויף אַ קול דאָרטן, אַ פֿולן מיט יִיאוש, בײַ איר גורל געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס האָסטו מיך, גורל מײַנער, פֿאַרוואָס האָסטו מיך נאָך פֿאַר אַזאַ נסיון אַוועקגעשטעלט? — און שוין מיין ניט געקאָנט דעם געוויין אירן אין זיך אײַנהאַלטן, און שוין ניט געהערט ווי איר געוויין גייט פֿון דעם ווינטיקן לבֿנה־סאָד, וואָס אין פֿרילינגדיקן צוויט, אין אָפֿענעם פֿענצטער אַרײַן, ווו דער אַלטער דאָקטער פּראָלקיס, וואָס האָט שוין העכער אַ יאָר געוואָרפֿן רייכערן, ווײַל ניט געוואָלט נאָכן אַרעסטירט ווערן דאַרפֿן אויך לײַדן פֿון ניט האָבן אַ פּאַפּיראָס צום

רייכערן . . . ער, דער אַלטער דאָקטער פּראָלקיס, הערנדיק איר געוויין אין דער נאַכט, האָט פֿאַררייכערט — ער, דער פּיקח מיט די אָפֿענע אויגן, האָט שוין דאָ אַלץ פֿאַרשטאַנען.

און דערנאָכדעם, שוין צום סוף פֿון דריטן מעת־לעת, צום קאַיאָר צו, אַז ער האָט שוין די אויגן זײַנע פּלוצלינג אויף איר געעפֿנט, און אויך ביידע הענט, ווי איינער וואָס טרינקט זיך, צו איר אויסגעצויגן און מיט יענעם ניט־היגן, מיט יענעם פֿאַרמישפּטן קול צו איר געזאָגט:

— אָן אײַך וועל איך שוין ניט קאָנען לעבן. דעם ליידיקן קבֿר וואָס איך טראָג אין מײַן האַרצן . . .

שלאָגט זי אים דאָ איבער: — איך קאָן ניט, איר הערט, איך קאָן דעם שוועל פֿון אײַער לעבן ניט איבערטרעטן . . . און איך וועל ניט לאָזן, קיין מאָל ניט, אַז איר זאָלט דעם שוועל פֿון מײַן לעבן אַריבערטרעטן . . . קיין מאָל ניט! צווישן אונדז שטייט מײַן געהרגעטער מאַן, און מײַן ניט געבוירן קינד . . .

— איר גייט פֿון מיר אַוועק? — נעמען אים די אויסגעצויגענע הענט צו איר ציטערן, און יענער קול ווערט אים אויך פֿאַרפֿאַלן.

— יאָ, איך גיי . . . איר זײַט שוין איצטער מחוץ יעדער סכּנה. איר וועט אין אַ וואָכן צוויי פֿון שפּיטאָל אַרויס. גייט אײַך ווײַטער אײַער וועג, און זאָל אײַך אויף אײַער וועג גאָט העלפֿן . . . צו מײַן שוועל זאָלט איר ניט קומען! דעם שוועל פֿון מײַן שטוב וועט איר קיין מאָל ניט אַריבערטרעטן . . .

— איך בעט אײַך, — רעדט ער קוים אַרויס. — איך וועל אײַך זאָגן . . .

— ניין, מער האָט איר שוין מיר ניט וואָס צו זאָגן דאָרטן, בײַ מײַן שוועל פֿון דער כאַטע. איר האָט שוין אַלצדינג מיר דאָ געזאָגט. איך האָב שוין אַלצדינג פֿון אײַך דאָ געהערט . . . — און אַרויס, די טיר נאָך זיך פֿאַרמאַכט, און אַרײַן אַהין, אין קאַבינעט, און דאָרטן אָן ווערטער מיטן אַלטן דאָקטער פּראָלקיסן זיך געזעגנט, און צופֿוס אַוועק, די זעקס ווערסט, צו זיך אין פֿאַרשיקונגס־דאָרף, ווו ס'איז פֿאַרבליבן שטיין די פֿאַרקוילטע סאָסנע פֿאַר איר פֿענצטערל מיט די פֿיר געלע טאָפּליעלעך.

# ה.

און אַז אומגעקערט זיך, נאָכן פֿאַלן אין דעם צעבושעוועטן טײַך, קריק אין דאָרף אַרײַן, האָבן די גויִים אָנגעהויבן קוקן אויף איר, ווי אויף אַ הייליקער און ער, דער פּויער, וואָס זײַנע פֿערד און וואָגן האָבן זיך אין יענער נאַכט צום הויף אומגעקערט, אין דניעפּער ניט אַרײַנגעפֿאַלן . . . ער, דער פּויער, שוין אין ווײַסע האָר, איז געקומען צו איר ווי אין אַ חגא־טאָג אָנגעטאָן, געבראַכט און אַוועקגעשטעלט אויף דער באַנק דאָס סאַקוואָיאַזשל אירס, און אויך דאָס קופֿערטל מיטן שטריקל, וואָס אויפֿן וואָגן געפֿונען, און אָפֿן, ניט פֿאַרשטעלט, זיך פֿאַר איר איבערגעצלמט, ווי פֿאַר אַן איקאָנע . . . האָט זי אים דאָ געפֿרעגט: ווייסט ער אפֿשר, סאָוואַ טערענטיטש, מיט וועמען זי וואָלט געקאָנט אָט דאָס־אָ קעסטעלע אין דער ראַיאָנער באָלניצע אָפּשיקן?

זאָגט איר דער פּויער: זונטיק פֿאָרט ער אַהין אויפֿן יאַריד, וועט ער, פֿאַרשטייט זיך, דאָס קעסטל קאָנען אָפּגעבן.

— נאָר, סאָוואַ טערענטיטש, דאָס קעסטל זאָלט איר אָפּגעבן דעם אַלטן דאָקטאָר פּראָלקיסן, מיט דער ווײַסער באָרד און מיט די גרויסע ברילן.

— אַ יאָק־זשע, אַ יאָק־זשע, איך װעל דאָס קעסטל מיטן שטריקל אָפּגעבן דעם דאָקטאָר אין די הענט אַרײַן.

און דערנאָך, נאָכן אָפּשיקן אים, דעם בעל־תּשובֿה, דאָס הילצערן ניט־געפֿאַרבט קופֿערטל, וואָס מיטן געקניפּטן שטריקל אַרומגעבונדן, באַמיט זי זיך מיט אַלע אירע כּוחות, מיט איר גאַנצן שטאַרקן ווילן, ווידער אין איר טאָג־טעגלעכן, אין איר אַליין־און עלנטן לעבן אַרײַן . . . פֿאַרגעסן אין איר באַגעגעניש דאָרטן, אין וואַלד, ווו די געווינערן האָט געשריען אונטער די בײַנאַכטיק־פֿאַרשׂרפֿעטע הימלען: פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער! און ווו די איבערוואַנדער־יִדן האָבן דאָרטן געטאַנצט אַרום דעם שײַטער־פֿײַער . . . געוואָלט פֿאַרגעסן אין איר באַגעגעניש דאָרטן מיט אים, מיטן טשעקיסט, מיטן אומברענגער פֿון איר מאַן און

קינד . . . און אויך איר װעלן אים, דעם בעל־תּשובֿה, װאָס האָט זײַן פֿידל אויפֿן פֿײַער אַרויפֿגעװאָרפֿן, פֿון בריק אין טײַך אַראָפּװאַרפֿן — נאָר דאָ פֿאַלן זיי ביידע מיטן פּאָמאָסט און טראָגן זיך אַ גאַנצן מעת־לעת אַראָפּ־צו װאַסער . . . דערנאָך די דרײַ מעת־לעת מיט אים אין שפּיטאָל, װוּ ער האָט אין זײַן היץ געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— װײַסע־טויב מײַנע, ליכטיק לעבן מײַנס!

און אַזוי האָט דאָך געזעדט צו איר, בײַם בלײַבן אַליין, אויג אויף אויג, דער מאַן אירער. און אויך האָט זי געװאָלט, די מיסטיקערין, צו פֿאַרגעסן אָן איר שטיפֿמאַמע, אָן דװאָשען, װאָס דרייט זיך אַרום אין דער װעלט מיט דער אײַנרעדעניש, אַז זי האָט אַ זון, װאָס איז שיין װי דער טאָג . . . דער עיקרשט אָבער האָט זי געװאָלט, טאַטיאַנע ברוידע, די באַגעגעניש מיט אים, װאָס טראָגט אין האַרצן אַ קבֿר און װאַרט אויפֿן מת . . . געװאָלט אָט די באַגעגעניש, װי אַ װיסטן חלום, װי אַ שװאַרצן און ביטערן קאָשמאַר פֿון זיך פֿאַרטרײַבן.

און אפֿשר װאָלט זיך איר עס דאָך, און פֿאָרט, מיט דער צײַט אײַנגעגעבן. נאָר אין איינעם אַ באַגינען, שוין אין מיטן זומער, פֿאָרנדיק פֿון אַ װײַטן כוטער, װוּ זי איז בײַ אַ שװער קראַנקן אַ גאַנצע נאַכט געװעזן, און יענעם פֿון טויט ניט געקאָנט אָפּראַטעװען . . . אומקערנדיק זיך פֿון יענעם כוטער אַן אויפֿגערעגטע און מידע . . . אַ מידקייט אַזאַ, װאָס װילט זיך װיינען — דאָ דערזעט זי מיט אַ מאָל אים אינעם װעלדל װאָס בײַם װעג, אין טלית און תּפֿילין שטיין. און באַלד אויך זײַן געזאַנג דערהערט. אויך דאָ, אין װעלדל, אונטער דעם צעצװײַגטן אָסאָקאָר־בוים, װי דאָרטן, אויפֿן פּאָמאָסט, װאָס האָט זיך געטראָגן אַראָפּ־צו די ריזלדיקע װאַסערן. אויך דאָ האָט ער זײַן תּפֿילה מיטן פּנים צו דער זון אויסגעזונגען. נאָר דאָ האָט ער זײַן תּפֿילה געזונגען מיט װערטער . . . און זי איז אויפֿגעציטערט געװאָרן: אינעם טלית און תּפֿילין, מיטן פּנים צו דער זון, װאָס גייט אויף פֿון די זיך מיט גאָלד־אָנגיסנדיקע װייצן, האָט ער געזונגען איר ליד פֿון װעגן זונאויפֿגאַנג . . .

און צום אָנהייב, לכתּחילה מיינט זי, אַז אין איר אויפֿגערעגט־און מידקייט דאַכט זיך איר דאָס אויס . . . אָבער װאָס מער די פֿור דערנעענטערט זיך צום װעלדל, אַלץ קלאָרער הערט זי זײַן תּפֿילה־געזאַנג מיט די װערטער פֿון איר ליד. און זי װערט אויפֿגעציטערט און

דערשראָקן: ווי קומט ער גאָר אַהערצו? ער האָט דאָך גאָר ניט געקאָנט וויסן און זיך פֿאָרשטעלן, אַז זי וועט פֿון אַ ווײַטן כוטער פֿאָרן, און מיטן קאַיאָר, בײַם אויפֿגיין פֿון דער זון, און גראָד מיט אָט דעם וועג, וואָס גייט פֿאַרבײַ דעם וועלדל. און מ׳האָט דאָך גאָר באַדאַרפֿט פֿאָרן מיט אַן אַנדער וועג, מיט די אָפּגעקאָסעטע היי־לאָנקעס. דורך דאָרטן איז צום דאָרף אירן אַ סך נעענטער.

און ניט נאָר אויפֿגעטרייסלט און דערשראָקן, נאָר בײַם פּלוצעמדיקן דערזען דאָרטן אים אונטערן צעצווײַגטן אָסאָקאָר־בוים אין טלית און תּפֿילין, מיטן פּנים צו דער זון, און בײַם דערהערן זײַן קול, זײַן תּפֿילה־געזאַנג מיט די ווערטער פֿון איר ליד, איז זי ביז גאָר אויך דערפֿרייט געוואָרן. אַ פֿרייד אַזאַ, וואָס שוין יאָרנלאַנג אין איר אַליין־און עלנטקייט, ניט געפֿילט און ניט איבערגעלעבט. אַ פֿרייד, וואָס רופֿט און מאָנט, וואָס קלאַפּט אין אַלע בלוטן.

און דאָ, פֿון אָט דעם דערפֿרייען זיך, ווערט זי נאָך שטאַרקער אויפֿגעטרייסלט און דער עיקר דערשראָקן: און זי כאַפּט די בײַטש פֿונעם אָנטרײַבערס הענט אַרויס, און נעמט שמײַסן איבער די רוקנס פֿון די צוויי גניאַדע דאַרע שקאַפּעס, זיי זאָלן זי, טאַטיאַנען ברודע, וואָס גיכער און וואָס ווײַטער פֿון אָט דעם ניט־גוטן, פֿון אָט דעם דעמאָן פֿאַרטראָגן . . . און די פֿערד טוען טאַקע אַ נעם דעם וואָגן, און יאָגן אַוועק אין גאַלאָפּ איבערן וועג, צווישן די הויכע ווייצן־זאַנגען, וואָס אין זון־פֿינקלענדיקער ראָסע.

און ווײַטער, און אויך אין יענעם טאָג, נאָר שוין פֿאַר זון פֿאַרגיין, אַז זי זיצט, די דיכטערין, בײַ דער ברעט, וואָס אויף צוויי קלעצלעך צוגעקלאַפּט, בײַ איר טיש, וואָס צום אָפֿענעם פֿענצטער אַרויס — די כודאָבע גייט פֿון די פֿאַשע־וויהאָנס, הייבט פֿון שליאַך דעם געדיכטן שטויב אויף; די טויערן סקריפּען, פֿון די אָפֿענע שטאַלן ווייעט מיט הני און מיט פֿריש־טרוקענער קאָניושינע; פֿון די סעדער שמעקט מיט ווײַניקע עפּל און ס׳טראָגט זיך פֿון דאָרטן אַ פֿאַרבענקט־שטילער פֿײַף פֿון אַ שטאַר, וואָס איז אָן אַ פּאָר, און אָן אַ נעסט פֿאַרבליבן, — אין יענעם פֿאַרנאַכט, אַז זי פֿאַרשרײַבט אין איר טאָגבוך, מיטן רשי־כתבֿ, פֿון וועגן דעם יונגן פּויער אויפֿן כוטער, וואָס פֿון טויט ניט געקאָנט ראַטעווען און אויך, ווי אומקערנדיק זיך מיט אַן אַנדער וועג צו זיך אין

דאָרף אַרײַן, האָט זי פּלוצלינג אין קאַיאָריקן װעלדל, אונטער דעם אָסאָקאָר־בוים, דערזען איִם שטיין, מיטן פּנים צו דער אויפֿגייענדיקער זון, אין טלית און תּפֿילין, און זײַן תּפֿילה־געזאַנג מיט די װערטער פֿון איר ליד דערהערט . . . דאָ, אַז זי האָלט אין פֿאַרשרײַבן, װי דער בליאַסק פֿון זײַן זילבערנער עטרה האָט איר אין די אויגן אַ שלאָג געטאָן, דאָ הייבט זי, ניט װילנדיק, די אויגן אירע אויף, און װערט דערציטערט: בײַ דער אָפּגעברענטער סאָסנע, בײַ דעם פֿאַרקוילטן שטאָם, מיטן קופּערטל אויפֿן שטריקל, שטייט ער, דער נזיר.

און אויך פֿאַר זײַן פּנים, דעם אויסגעבלייכטן, אָן אַ טראָפּן בלוט, און באַזונדערס פֿאַר זײַן שטיין אָנגעשפּאַרט אויף זײַן שטעקן, װי דער אייביקער ישׂראל סבא, דער אייביקער װאָגל־װאַנדערער, ביז צו אַ קעלט אין רוקנביין זיך דערשראָקן: ער איז דאָ איר מיט אַ מאָל אַזוי בלוטיק נאָענט געװאָרן . . . און ניט קיין רחמנות געפֿיל, ניין, עפּעס אַ סך גרעסערס און שטאַרקערס האָט דאָ אין איר אַ ברי און אַ מאָן געטאָן. אַלע בלוטן אין איר עלנטקייט האָבן גענומען רופֿן און פֿאָדערן!

און דאָ, אין איר פֿאַרלוירנקייט, נאָך איידער געקאָנט אַ װאָרט אַרויסברענגען, איז ער שוין געשטאַנען מיטן שטעקן און קופּערטל אויפֿן געקניפּטן שטריקל, און די גרויסע פֿאַרמשפּטע אויגן זײַנע האָבן אין אירע אַרײַנגעקיִאושט, און מיט עפּעס אַ שטילן אַ ניט־היגן קול גערעדט צו איר:

— מײַן זיידע, דער קדוש, ר׳ עזריאל מאַקאָװער, האָט אויך געטראָגן אין זיך דעם תּהום־געפֿיל . . . נאָר בײַ אים, בײַ מײַן זיידן, איז אָט דער תּהום־געפֿיל געװען אַ ניט קלאָרער, אַ פֿאַרשאָטנטער, אין אַ געדיכט־נעפּלדיקן געװעב אײַנגעװיקלט . . . אויף יענעם תּהום־דנאָ האָט מײַן זיידע מורא געהאַט זיך אַראָפּלאָזן. ער איז געװען אַ גרויסער בעל־ביטחון, געגלייבט אין ניסים.

און הגם זי פֿאַרשטייט ניט צוליב װאָס ער איז אַהער־צו געקומען איר דאָס זאָגן, דאָך טוט זי אים אַ פֿרעג:

— און איר, זײַן אייניקל?

— איך, זײַן אייניקל, װייסט שוין אויף זיכער, און שוין פֿון די קינדער־יאָרן, שוין פֿון יענער נאַכט װען מײַן זיידע האָט געצונדן אונדזער שטוב און די מאַמע מײַנע איז מיט יענעם שרעקלעכן געשריי

אויפֿן וואָגן געגאַנגען צו קינד . . . פֿון דעמאָלט אָן ווייס איך שוין אויף זיכער, אַז אויף יענעם דנאָ פֿון תּהום געפֿינט זיך משוגעת און טויט . . . איך, זײַן אייניקל, גיי שוין יאָרן אַרום אויף יענעם דנאָ פֿון תּהום . . . און אויך איר גייט שוין יאָרן אַרום אויף יענעם דנאָ . . . איז לאָמיר גיין אין איינעם, גיט מיר אײַער האַנט!

ווערט זי דאָ פֿון זײַנע רייד ווי פֿאַרגליווערט און פֿאַרשטיינערט, נאָר באַלד, ממש אין אַ רגע אַרום, ווערט זי פֿון זײַן אויסגעשטרעקטער האַנט אויפֿגעפֿלאַמט: — ניין, קיין מאָל ניט! דעם שוועל פֿון מײַן שטוב וועט איר ניט אַריבערטרעטן. דעם שוועל פֿון מײַן עלנטקייט וועט איר ניט אַריבערשפּאַנען. ניין, קיין מאָל ניט! צווישן אונדז שטייען דיביידע, מײַן געהרגעטער מאַן, און מײַן ניט געבוירן קינד . . . איבער מײַן צעבראָכן און פֿאַרוויסט לעבן, איר הערט, איבער מײַן נשמה וועל איך אײַך ניט לאָזן אַריבערטרעטן. קיין מאָל ניט! פֿאַר אומזיסט פֿאַרגאָסן בלוט, פֿאַר פֿאַרוויסטע לעבנס, איז קיין מחילה און סליחה ניטאָ! דאָס בלוט פֿון זכריה הנבֿיא זידט נאָך ביז הײַנט אויף די חורבֿות פֿון בית־המיקדש . . .

פֿרעגט ער זי דאָ, און שוין מער מיט די פֿאַרמישפּטע אויגן זײַנע, ווי מיטן קול: — און דאָס איז אײַער איינציק און אײַער לעצט וואָרט פֿאַר מיר?

— יאָ, דאָס איינציקע און דאָס לעצטע! האָט איר דען געקאָנט פֿון מיר האָפֿן און וואַרטן אויף אַן אַנדער וואָרט?

— ניין . . . — הערט זי שוין קוים זײַן קול — ניין . . . און דאָך . . . דאַרפֿן מיר ביידע, פֿון אָט דעם פֿאַרנאַכט אָן, גיין איבערן דנאָ פֿון תּהום יעדערער באַזונדער, האַ?

— יאָ, איטלעכער אַליין, און אין דער שוואַרצער עלנטקייט גיין . . .

— און ערשט דאָרטן, בײַם סוף פֿון אונדזער גורלדיקן וועג, ערשט דאָרטן, שוין אויף יענעם שוועל פֿון טויט און משוגעת . . . ערשט דאָרטן וועלן מיר זיך ביידע באַגעגענען . . . יאָ, דאָרטן . . . שוין אויפֿן שוועל פֿון טויט . . .

פֿון זײַנע רייד, דער עיקר פֿון זײַן קול, ווערט זי ווידער פֿאַרגליווערט. אָט באַלד און דאָס האַרץ וועט זיך איר אָפּשטעלן. זי הערט שוין קוים וואָס ער זאָגט:

— — און ביז דעמאָלטן, ביז אונדזער יענעם שוועל פֿון טויט, איך שווער אײַך בײַ דער פֿאַרגייענדיקער זון, וועט איר מיך מיין ניט זען . . .
— און ער האָט מיטן הויכן שטעקן, און מיט הילצערן קעסטל אויפֿן געקניפּטן שטריקל, אַוועקגעשפּאַנט מיט דער סטעזשקע, וואָס פֿירט אויפֿן שליאַך אַרויף, און דאָרטן, בײַ דער קרעניצע, זיך אָפּגעשטעלט, אַן עמער וואַסער אַרויסגעשלעפּט, די הענט און דעם פּנים געוואַשן, זיך אָנגעטרונקען, און אויף גיך, ווי מורא געהאַט ערגעץ־וווּהין צו פֿאַרשפּעטיקן, בײַם סאַמע זון־אויסלעשן, אין דער נידער, אין טאָל אַרײַן זיך אַראָפּגעלאָזט.

און זי, טאַטיאַנע ברווידע, מיט דער וואָלענער שאַל אויף די פּלייצעס, האָט ביז האַלבער נאַכט, בײַ דער ליכט פֿון דער גרויסער זומערדיקער לבֿנה אין איר אָפֿענעם פֿענצטער, דעם טאָגבוך אירן געשריבן. אָבער אויך דאָרטן, אין יענעם פּינקס פֿון איר לעבן, דאָס פֿאַרבאָרגנסטע פֿון איר נשמה ניט אַנטפּלעקט. אויך דאָרטן, אין איר „ספֿר החיים״, וואָס וועט בײַ איר לעבן די ליכטיקע וועלט ניט זען, אַפֿילו דאָרטן זיך ניט מודה געווען, אַז זי האָט אים ליב, אָט דעם נזיר, וואָס טראָגט אין זײַן האַרצן אַ קבֿר, און וואָס זאָגט איר אָן דעם גיכן טויט . . . ביידנס טויט.

און זײַן וואָרט, וואָס בײַ דער פֿאַרגייענדיקער זון געגעבן, האָט ער געהאַלטן. פֿון יענעם פֿאַרנאַכט אָן, האָט זי אים שוין טאָקע מיין ניט געזען. ערשט שפּעטער, שוין אין דעם יאָר פֿון זינאָוויעוו־קאַמעניעוו פּראָצעס, אַז זי איז פֿון דער גאָס גענומען געוואָרן, נאָכן אַרויסגיין פֿון דעם צוזויפֿטרײַב, ווו מ׳האָט געשאָלטן און געזידלט די „שׂונאים פֿון פֿאָלק״ . . . ערשט דעמאָלטן, אַז מ׳האָט זי פֿון דרויסן, דורך דער פּאַראַדנער טיר, אין דער נ.ק.וו.ד. אַרײַנגעפֿירט און גלײַך, אונטער די טרעפּ, דורך אַ טונקלען קאָרידאָר, אין אַ שטאַרק באַלויכטענעם צימער געבראַכט, ווו דאָך, בײַ אָט דער בלענד־שײַן, דערזען אַ מענטשן, אַ האַלב־נאַקעטן, אַ באָרוועסן, אַ צעבלוטיקטן מיט לײַב און פּנים, אויף דער ערד ליגן . . . און יענע דרײַ, וואָס האָבן זי אַרײַנגעפֿירט, פֿאַרשווינדן מיט אַ מאָל, ווי אײַנגעזונקען געוואָרן, און זי בלײַבט אין אַ משונהדיקער, אין אַן אויסטערליש־שווינדלדיקער ליכט־שטילקייט שטיין. אַפֿילו פֿון דעם צעבלוטיקטן, פֿון דעם אויף דער ערד ליגנדיקן,

הערט מען קיין אָטעם ניט . . . פֿאַרשטייט זי שוין, אַז דאָס ברענגען זי גלײַך פֿון דער גאַס אַהער, איז געבן איר תּיכּף דאָ צו וויסן, אַז אויב זי וועט זיך אויך עקשנען, וואַרט אויף איר אָט וואָס . . .

און דאָ וואַקסט פּלוצעם פֿאַר איר פֿון דער שײַן־בלענדעניש אַרויס אַ קליין און דאַר פֿאַרשוינדל, וואָס טוט מיט אַ באַס־קול, ווי בײַ אַ דיאַק פֿון קלויסטער, אַ פֿרעג: — באַשולדיקטע, טאַטיאַנאַ רוּווימאָוונאַ ברוידא . . .

ווערט זי פֿריִער פֿון זײַן קול, אין אָט דער משונהדיקער שטילקייט, אויפֿגעציטערט, און דערנאָך שוין פֿון זײַן זאָגן: „באַשולדיקטע", הגם ווי נאָר די דרײַ האָבן זי פֿון גאַס גענומען, אַזוי שוין געוווּסט נאָך וואָס, און וווּהין מ׳פֿירט זי. און דאָך, אַז דערהערט פֿון דעם באַס־קול: „באַשולדיקטע" . . . און אויך פֿון אים, פֿון דעם קליינעם און דאַרן אויספֿאָרשער, וואָס איר לעבן איז שוין אין זײַנע הענטלעך . . . אויך פֿון אָט דעם געשטאַלט, פֿון אָט דעם פֿאַרזעעניש מיטן דיאַק־קול, אַ ציטער געטאָן.

— באַשולדיקטע, — פֿרעגט ער זי נאָך אַ מאָל מיט יענעם קול. — טאַטיאַנאַ רוּווימאָוונאַ ברוידא, קענט איר אָט דעם סוביעקט?

קוקט זי זייער אָנגעשטרענגט אויפֿן האַלב נאַקעטן, באָרוועסן און צעבלוטיקטן מענטש, וואָס ליגט, ווי אָן אָטעם אויף דער ערד מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, און זאָגט:

— ניין, איך קען אים ניט.

— און זיך גאָר קיין מאָל, באַשולדיקטע, מיט אים אין ערגעץ ניט באַגעגנט.

— ניין, מיט אָט דעם צעבלוטיקטן מענטש האָב איך זיך קיין מאָל אויף מײַן לעבן אין ערגעץ ניט באַגעגנט.

— וועל איך דיר דערמאָנען אַלע דײַנע באַגעגענישן מיט אים . . .
— און ער טוט איר אַ לאַך, ווי אַ דונער, גלײַך אין פּנים אַרײַן — און אויך אין דאָרף איז ער בײַ דיר ניט געווען? און אויפֿן אָפּגעבראָכענעם בריק ביסטו אויך מיט אים ניט געשווומען איבערן דניעפּער אַראָפּ־צו וואַסער, ניין? — און ער דרייט זיך דאָ אויס צום אויף דער ערד ליגנדיקן, — נו, און דו, באַשולדיקטער, טווערסקאָי, דו מיכאַאיל יערעמייאיטש, וואָס האָסטו זיך אויסבאַהאַלטן אונטער אַ פֿרעמדער

פֿאַמיליע, מאַקאָווער, אַרומגעגאַנגען מיטן הויכן שטעקן, מיט די לאַנגע האָר און ווילדער באָרד, ווי אַ מאָנאַך פֿון די קיעווער לאַווראָס, נאָר, פֿאַרשטייט זיך, אָן אַ צלם . . . דו, גײַסטיקער קריפּל, רענעגאַט, דו דערקענסט זי אויך ניט?

און דאָ, אַז דער האַלב נאַקעטער און באָרוועסער, דער צעבלוטיקטער הייבט שווער אונטער פֿון דער ערד זײַן אָפּגעשווירענעם קאָפּ, שפּאַרט זיך אָן אויפֿן עלנבויגן, און עפֿנט אויף איר די גרויסע אויגן, און זי דערזעט אין זיי, אין די פֿאַרמישפּטע, ווי ס׳גייט אויף אין זיי, בײַם דערזען זי, אַ ליכטיקע פֿרייד אין שוואַרצן טרויער . . . טוט זי דאָ אַ פֿאַל אויף די קני און נעמט קושן זײַן צעבלוטיקט לײַב, זײַן צעשלאָגן־געשוואָלענעם פּנים און זיי, די אויגן זײַנע, וואָס האָבן אויפֿגעלויכטן פֿון פֿרייד אין דעם שוואַרצן טרויער. און דערבײַ, בײַם קושן די בלוט־טריפֿנדיקע ווונדן, זאָגט זי אים:

— אויך איך, מיכאל, אויך איך האָב אין מײַן האַרצן געטראָגן אַ קבֿר! ניט קיין ליידיקן . . .

— ביסטו מיר ניט מוחל?

— איך קאָן ניט . . .

— אויך פֿאַרן טויט ניט?

— ניין . . .

און דאָס פֿאַרשווינדל, דער אויספֿאָרשער, וואָס האָט זיך פֿון איר פּלוצעמדיקן צופֿאַלן און קושן אים, אויף אַ פּאָר רגעס פֿאַרלוירן, ער שטייט שוין איבער איר קאָפּ און זאָגט מיט זײַן דונערדיקן קול:

— האָסטו אים יאָ דערקענט?

— איז נעמט, נעמט, נעמט און צעבלוטיקט מיך אויך אַזוי, ווי איר האָט אים . . .

— וואָס־זשע, שלאָגט ער איר איבער. — איר וואָלט וועלן אַ ליבעראַלע באַציונג צו אײַך, די שׂונאים פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, צו אַגענטן פֿון קאַפּיטאַליזם, צו די וואָס האָבן אויפֿגעהויבן אַ האַנט אויף לענינס לעבן . . . וואַרט ניט אויף אַ ליבעראַלער באַציונג צו אײַך, צו די אַגענטן פֿון צווישנפֿעלקערלעכן אימפּעריאַליזם . . .ווירקלעכע מאַרקסיסטן וועלן תּמיד בענטשן לענינס שטראָפֿנדיקע שווערד פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, די האַנט

פֿון דער טשעקאַ — געפּעאו — ענקאַווּעדע . . . מיר האַלטן פֿאַר שעדלעך יעדער מין אַנדערע באַציונג צו אײַך, צו די שׂונאים פֿון פֿאָלק. אַזוי האָט אונדז געלערנט לענין, און אַזוי לערנט אונדז דער גרויסער סטאַלין, אַזוי לערנט אונדז אונדזער פּאַרטיי . . .

און דאָ, שוין פּשוט צום שטוינען, שטעלט ער זיך פּלוצלינג אויף דער צעבלוטיקטער און ביז צום טויט צעממיתטער, און האַלטנדיק זיך קוים אויף די פֿיס, זאָגט ער צו אים, צום פֿאַרזעעניש, צום אויספֿאָרשער, און מיט יענעם שטילן תּהום־קול:

— די פּאַרטיי אײַערע איז פֿאַרקנאָטן אויפֿן בלוט פֿון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן . . . און קיינער וועט זי קיין מאָל ניט קאָנען ריינוואַשן . . . אַפֿילו מיט ימען וואַסער, מיט אַלע וואַסערן פֿון דעם ערדקײַלעך, וועט מען דאָס בלוט פֿון איר, פֿון אײַער פּאַרטיי, ניט קאָנען אָפּוואַשן . . . און זי, טאַטיאַנאַ ברוידאַ, האָט קיין שום שײַכות ניט געהאַט צום אַטענטאַט אויף לענינען . . . נעם די פּראָטאָקאָלן פֿון דער אויספֿאָרשונג . . . פֿון מײַן אויספֿאָרשונג . . . — און ער טוט קריק אַ פֿאַל אויף דער ערד.

און זי וויל ווידער זיך אַראָפּלאָזן צו אים, נאָר דער אויספֿאָרשער פֿאַרהאַלט זי, טוט מיט זײַן דונער־קול אַ רוף. און פֿיר פֿאַרשוינען שטעלן זיך גלײַך אַרײַן.

— נעמט זיי ביידן אַהין!.. — זאָגט ער צו די אַרײַנגעקומענע.

און מ׳נעמט זיי ביידן, אונטער די הענט, פֿון דאָרטן, פֿון יענער בלענד־ליכטיקייט אַרויס, און מ׳פֿירט זיי, דורך אַ טונקלען שיפּועדיקן קאָרידאָר, אַהין אַרײַן.

## ו.

און דאָרטן, אויפֿן סטעפּ, בײַ די מאַקאָוועס, האָבן זיך אבלות־וואָכן, ווי די יאָדערנע ווינטער־פֿרעסט געשטעלט, און זי, טעמערל, איז שוין גאָר אין אַ מרה־שחורה אַרײַן: נאָך איר פֿעטער יואלס אַרומפֿאָרן איבער די דרײַ שטעט זוכן דעם סליאַד פֿון זײַן טאָכטער, פֿון שולמיתן,

וואָס די גרויע מאַקינטאָשן, די צעשטער־און אויסוואָרצלער, האָבן זי אויפֿן וועג פֿונעם וואָגן אַראָפּגענומען, און קיינער האָט ניט געוווּסט וווּהין זי איז אַהינגעקומען — אויך זיי אַליין, די רויטע שדים, האָבן ניט געוווּסט, ווײַל אין דעם דזשונגלשווילי־לאַנד, ווו מ׳האָט טאָג־אויס און נאַכט־אײַן גענומען מענטשן, אין די צענדליקער טויזנטער, האָבן אויך זיי, די נעמערס, די היטערס פֿון דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע, די גרויסע מאַרקסיסטישע הומאַניסטן, ניט באַוויזן אַפֿילו די נעמען פֿון די אַרויסגעריסענע פֿון לעבן צו פֿאַרשרײַבן: סע איז גענוג געווען צו דערלאַנגען אַהין, אין די העכערע פֿענצטער, די צאָל פֿון די שׂונאים פֿון פֿאָלק . . . — נאָך איר פֿעטער יואלס אַרומוואַנדערן, ווינטער־צײַט, איבער די דרײַ שטעט — כערסאָן־אָדעס־קיעוו — צו דערוויסן זיך דאָרטן פֿון זײַן טאָכטער, פֿון איר גורל, האָט ער, דער געוועזענער חזן אין דער טשערנאָבילער קלויז, יואל מאַקאָווער, וואָס איז צום סוף פֿון זײַן וואָגלעניש אין דעם שניי־בוראַן אַרײַנגעפֿאַלן, אַהיים זיך אַ שווער קראַנקער דערקליבן, און דאָרטן שוין די נשמה זײַנע אויסגעהויכט. אָבער פֿאַרן אַוועקגיין פֿון דער וועלט באַוויזן צו דערמאָנען פֿון וועגן דעם צעניאָריקן ייִנגל, וואָס איז לעם פֿענצטערל פֿון דער נ.ק.וו.ד. אויפֿן שניי געפֿאַלן, און זיי, די גרויע מאַקינטאָשן, האָבן אים אויך אַ טראָגבעטל צוגענומען.

און דאָך איז איר, דער מאַקאָווערן, טעמערלען, פֿונעם פֿעטערס גוססדיקע רייד קלאָר געוואָרן: דאָס צעניאָריקע ייִנגל איז איר שוועסטערס קינד, און אַז אויך זי, די שוועסטער אירע, מירל־מאַרטאַ כווילאַ, ווי דער מאַן אירער, דער אַלטער קאָמוניסט, אויך זי איז אין די הענט מיט די „אײַזערנע העניטשקעס״ אַרײַנגעפֿאַלן . . . און ס׳האָט זי ווידער, טעמערלען, יענער בהלה־אומרו אַרומגעכאַפּט. ס׳האָט זיך איר ווידער גענומען דאַכטן, און אין מיטן העלן טאָג, אַז ס׳פֿאַלן אויף איר אָן רוצחים.

און אין די נעכט, אין די גרין־פּראָסטיקע, מיט דער פֿאַרשנייטער לבֿנה אין פֿענצטער, ווידער אָנגעהויבן צו זען יענעם שיפּוע־באַרגיקן טונקעלן קאָרידאָר, וווּ איר ברודער, מיכל, צווישן די שטיינער, אַ האַלב־נאַקעטער, מיט לײַב און פּנים צעבלוטיקטער, טאַנצט אַ באָרוועסער דעם משונה ווילדן טאַנץ; און ווײַטער, אַראָפּ־צו, שוין

אויפֿן דנאָ, אין דער גאָרער פֿינצטערניש, זיצט איר טאָכטער, פֿריידעלע, הויט און ביינער, מיט רויט־פֿאַרוויינטע אויגן, אויפֿן קבֿר פֿון איר ייִדן, פֿונעם נבֿיא . . . דאָס שרעקלעכסטע אָבער פֿאַר איר, פֿאַר טעמערלען, איז דערנאָך געוואָרן, וואָס אין די ווײַטערדיקע נעכט, שוין אָן דער לבֿנה אין פֿענצטער, האָט זי אויפֿגעהערט צו זען אים, דעם ברודער אירן, מיכלען, און נאָר געזען דאָרטן, אויפֿן דנאָ, זי אַליין, די טאָכטער, אויף יענעם קבֿר אין דער פֿינצטערניש זיצן.

און דערצו נאָך, די מאַקאָווערס האָבן עס גלײַך ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, האָט אויך זי, טעמערל, ווי יואלס ווײַב, די אלמנה, זיסל, באַשטאַנען, אַז אים, דעם ניפֿטר, זאָל מען אַהינצו פֿירן, אין שטעטל אַרײַן, מקבר זײַן אים דאָרטן, אויף יענעם בית־עלמין, וווּ סע רוען זייער אייביקע רו דורות מאַקאָוור.

— אַהין־צו איז ווײַט — זאָגט פֿאַרטראַכטערהייט דער שווער, מנחם. — אַהין־צו, טעמערל, איז ווײַט, און מיטן שליטן . . .

— האָט דאָך די מומע מילקע, — שטייט טעמערל אויף אירס, — האָט זי דאָך געפֿירט מײַן טאַטן און דאָס פֿאַרפֿרוירן קינד מיטן שליטן, אַזש פֿון סיביר! דאָרטן, שווער, דאָרטן, אויף אונדזער בית־חיים, דאָרטן זינגען אין די בלעטער פֿון די ביימער ניט נאָר פֿייגלען; דאָרטן, שווער, איבער די קבֿרים־שטיבלעך, איבער די האַלב־אײַנגעזונקענע מצבֿה־שטיינער, רוישן וווּנדער־שיינע און געדיכטע בלעטער ייִדישע געשיכטע . . . און דאָ, שווער, און דאָ, פֿעטער מײַנער, מנחם, אויפֿן סטעפּ, הויל און פּוסט, ליידיק און וויסט, כמאַרעס שטויב און ווינטן וווּיען. הוי, ווי זיי וווּיען די ווינטן . . .

— הוי, טעמערל, — זאָגט אויך די אלמנה, זיסל, — הוי, ווי די ווינטן וווּיען דאָ, פֿון אַלע פֿיר זײַטן פֿון דער וועלט.. — און צום שוואָגער: — מנחם, דער וועג איז טאַקע אַהין אַ ווײַטער, און סע שטייען טאַקע שטאַרקע פֿרעסט. אַלטע לײַט זאָגן, אַז שוין לאַנג זענען אַזעלכע פֿרעסט דאָ ניט געווען, און אַזעלכע זאַווייעס האָבן דאָ, אויפֿן סטעפּ, ניט געהוליעט . . . וועל איך אים אַליין פֿירן, מײַן טויטן מאַן, יואלן, אַהין־צו, אין שטעטל אַרײַן, אים דאָרטן ברענגען צו קבֿר־ישׂראל און שוין אַליין אויך דאָרטן בלײַבן . . .

— וואָס הייסט?

— פּשוט, מנחם, פּשוט און פּראָסט. שוין באַלד נאָכן אַרעסטירן שולמיתן, האָב איך געוואָלט פֿון דאַנען, פֿונעם סטעפּ, פֿון אָט דעם קאָלווירט „גליקלעך לעבן" אַוועקפֿאָרן. וואָס דאַרף איך שוין דאָ האָבן, אין אָט דער קאָלאָוואָראָטקע, זיך דרייען דאָ ווי אַ ווערווערקע אין דער ראָד?.. איך בין דאָך אַהער־צו מיט יואלן געפֿאָרן צוליב איר, צוליב שולמיתן! נאָר צוליב איר . . . זי איז דאָך געווען בײַ אונדז דאָס אײנציק לעבן געבליבן קינד. איין ליכטיק אויג אויף צווייען, פֿאַר טאַטע־מאַמע. פֿינעף זין זענען בײַ מיר געשטאָרבן אין קימפּעט. פֿינעף זין . . . זי איינע, שולמית, האָט די גזרה פֿון הימל געבראָכן. האָבן זיי, די מחבלים, די רוצחים, אונדזער איינציק קינד, דעם שיינעם טאָפּאָל־בוים, פֿון לעבן אַרויסגעריסן . . . און נאָך יואלס טויט, וואָס איז מיר דאָ געבליבן? איך וועל אים פֿירן, מײַן טויטן מאַן, מײַן יואלן, אַהין־צו, איך וועל אים דאָרטן ברענגען צו קבֿר ישׂראל, און כ'וועל שוין דאָרטן אַליין אויך לעם אים פֿאַרבלײַבן . . .

— זיסל, גאָט איז מיט דיר, — שלאָגט איר איבער דער שוואָגער, מנחם. — גאָט איז מיט דיר, און ווער וועט עס דיך לאָזן איינע אַליין פֿאָרן און פֿירן דעם בר־מינן?

צעלאַכט זי זיך דאָ, די אלמנה, זיסל, מיט עפּעס אַ מין מאָדנעם, מיט עפּעס אַ מין אומנאַטירלעכן געלעכטער: — אין אַזאַ פּאָגאָדע . . . און אַ וואָסער פּאָגאָדע דאַרפֿן דאָס האָבן מתים? איך בין אויך אַ מת! . . . יאָ, יאָ, מנחם, אַ מת . . . מילקע האָט ניט געקאָנט לעבן מיט אַ טויט קינד אין דער נשמה, און איך, מיינט איר וועל יאָ קאָנען מיט דער טויטער טאָכטער אין האַרצן לעבן, און אָן יואלן . . . אין אַזאַ פּאָגאָדע . . . — און זי צעלאַכט זיך ווידער, זיסל, און פֿון איר געלעכטער ווערן שוין אַלע אויפֿגעציטערט.

און דאָ זאָגט זי, דוואָשע, וואָס לעבט בײַ די מאַקאָווערס, און קאָן אַלץ ניט פֿאַרגעסן, ווי נאָך מילקעס נעמען זיך דאָס לעבן, איז איר דער באָראָוויצער וואַלד ירושה געבליבן און זי האָט מיטן רײַכן וואַלד־סוחר, מיט ראובֿן ראַפּעסן, חתונה געהאַט, און מ'האָט זי שוין מיין ניט גערופֿן „דוואָשע", נאָר דבֿורה־לעבן. זי, דבֿורה־דוואָשע, וואָס נאָכן טויט פֿון איר מאַן: די פּעטליוראָווצעס, די הײדאַמאַקעס, די פֿרײַע זין פֿון דער מוטער־אוקראַינע, האָבן אים, דעם קראַנקן, דעם צום בעט־ליגנדיקן

ייִדן, אַ שווערד אין האַרצן אַרײַנגעשטאָכן, און זי, די יונגע ווײַב זײַנע, אַהולעם פֿאַרגוואַלטיקט . . . זי, דוואָשע, וואָס האָט זיך נאָך דעם פֿון די געדאַנקען געריררט און לעבט שוין פֿון דעמאָלטן אָן מיט דער אײַנרעדעניש, אַז זי האָט פֿון ראַפּעסן אַ קינד געהאַט, נפֿתּלי־טאַלי, אַ זון, וואָס איז שיין ווי די וועלט, און אַלע פֿאַרנאַכטן, אין די בין־השמשותן, לייגט זי אים שלאָפֿן, פֿאַרוויגט אים . . . זי, דוואָשע, זאָגט דאָ צו טעמערלען:

— דו הערסט ווי אַזוי זיסל לאַכט? טו נאָר אַ קוק, טעמערל, אויף אירע אויגן, דו זעסט ווי זי, זיסל, גייט דאָ אַראָפּ פֿון זינען . . .

און סע איז צום באַוווּנדערן, פּשוט צו געפּלעפֿט ווערן, וואָס גראָד זי, דוואָשע, מיט איר קאָפּשווינדל, מיט איר צעדולטקייט, מיט איר פֿאַרלירן אָפּט די וועלט אַרום זיך, גראָד זי האָט עס גלײַך דאָרטן און פֿון מויל קלאָר אַרויסגעבראַכט. און זי האָט אין יענעם פֿרימאָרגן דעם אמת געזאָגט, און אַלעמענס אויגן אויף איר, אויף זיסלען, געעפֿנט . . . דעם טויטן יואלן האָבן שוין אַהין, אין שטעטל אַרײַן, צו קבֿורה געפֿירט די צוויי ברידער זײַנע, מנחם און נחמן, ווײַל זי, די אלמנה, זיסל, האָט שוין געהאַלטן אין איין לאַכן און וויינען, געוואָלט זיך אַ מעשׂה אָנטאָן: דוואָשע האָט זי שוין געכאַפּט בײַם אַרויפֿוואַרפֿן די שטריק אויפֿן האַלדז . . . האָבן שוין די מאַקאָווערס זי, דוואָשען, אַריבערגעפֿירט ווינען צו זיסלען, זאָל זי שוין דאָרטן אויף זיסלען אַן אויג האַלטן.

און אויך פֿון שטעטל, נאָכן ברענגען אים, יואלן, צו קבֿר ישׂראל, האָבן זיי, מנחם און נחמן, קיין גוטע בשׂורות און טרייסטן ניט געבראַכט. אויך אין דער היים, ווי אין וועג, האָבן זיי ביידע אַ מעת־לעת געשוויגן. דער וועג אַהין און קריק איז געווען אַ שווערער, אַ ווייטיקדיקער, אַ יסורימדיקער, אַן אויסגעצויגן־לאַנגער, הגם איבער די אָנגעשנייטע פֿעלדער און פֿאַרפֿרוירענע טײַכן לויפֿן פֿריש־דורכגעשניטענע אַלכסונדיקע וועגן, וואָס פֿאַרקלענערן דעם מהלך. זיי האָבן אים געפֿירט, יואלן, דעם טויטן ברודער, איבער די פֿאַרשנייטע און פֿאַרווייעטע פֿאָלעסיער וועלדער שווײַגנדיק, אָן אַ וואָרט צו זאָגן איינער דעם אַנדערן. אין יענער ווײַסער שטילקייט האָט דער יאָג פֿונעם שליטן אָפּגעקלונגען אין די פֿראָסטיקע שנייען. איבער די אַלטע יאָדלעס זענען סאָראָקעס געפֿלויגן, און מנחם האָט דאָ פֿאַרן גאַנצן

װעג אַ זאָג געטאָן צום ברודער:

— דער פֿראָסט, נחמן, װעט האַלטן . . .

— יאָ, מנחם־ברודער, יאָ, אַז סאָראָקעס פֿליען הויך, װעט דער פֿראָסט האַלטן.

נאָר אַז מ׳איז צו זײ צוגעשטאַנען, פֿאָרט געװאָלט הערן און װיסן, װאָס דאָרטן, אין שטעטל, טוט זיך, דער עיקר געװאָלט האָבן אַ גרוס פֿון דעם פֿערטן ברודער, פֿון חנאן, װאָס איז אויך דעמאָלטן געפֿאָרן צו באַזעצן זיך אויפֿן סטעפּ, װערן אַ פּויער, אַקערן און זײען, אָבער אין אַ יאָר אַרום פֿאַרקערעװעט און מיט װײַב און צװײ טעכטער אויף קריק אין שטעטל אַרײַן זיך אומגעקערט: פֿון װעגן אים, חנאן, האָט מנחם אויפֿן צװייטן טאָג געזאָגט:

— ער לעבט, חנא, װי אַלע ייִדן לעבן דאָרטן. מ׳לעבט דאָרטן אין דחקות, מ׳קומט איבער אַ טאָג מיט שהי פּהי, מ׳בידעװעט, נעבעך, פּאָ טאַטו אי פּאָ מאַמו . . . דערפֿאַר איז מען זאַט מיט צרות, מיט יסורים. ניטאָ דאָרטן אַ שטוב אָן טרערן . . . דער טאַטע פֿון די פֿעלקער קאָסעט יונג און אַלט . . .

— מנחם, — זאָגט די װײַב מיט שרעק. — מנחם, װענט האָבן אויערן.

— פֿייגע, מעגן די װענט זײַן טויבע און שטומע, װעט דער מלאך־המוות סײַ װי סײַ אַרומגיין אין די נעכט מיט דער קאָסע . . .

— מנחם, אַל תּפֿתּח פּה לשטן!

— נחמן, סע איז אַ װייטיק צו רעדן און אַ חרפּה צו שװײַגן . . .

— שװער, — פֿרעגט דאָ די שנור, — שװער, זײַט איר געװען בײַ איר, בײַ דער ציין־דאָקטערן, בײַ ראַפּעסעס שװעסטער, װי איך האָב אײַך פֿאַרן פֿאָרן געבעטן.

— געװען, טעמערל, געװען, אַװדאי בין איך בײַ איר געװען. זי איז שוין אַלט, לײַדט אויף דער ראיה, הײַטלעך גייען איר אַרויף אויף ביידע אויגן . . . זי איז אָבער געפֿאָרן אַהין־צו, קיין קיעװ, געװאָלט זיך דערװיסן פֿון דער פּלימעניצע, פֿון טאַטיאַנען, װאָס פֿלעג איר צושיקן אַלע חודש אויפֿן שטיקל ברויט.

— און װאָס האָט מען איר דאָרטן געזאָגט?

— דאָס װאָס מ׳האָט געזאָגט יואלן, ע״ה. „דער שונא פֿון פֿאָלק, טאַטיאַנאַ ברוידאַ, האָט באַקומען צען יאָר אָן רעכט צו איבערשרײַבן

זיך".

— שווער, האָט מען, הייסט עס, אויך זי פֿאַרמשפּט צום טויט?

— און וועמען נאָך?

— מיכלען ... מײַן ברודער.

— פֿון וואַנעט, טעמערל, ווייסטו, אַז מיכלען האָט מען פֿאַרמישפּט צום טויט?

— איך האָב אים געזען אין חלום אַ האַלב נאַקעטן, אַ באָרוועסן, אַ צעבלוטיקטן מיט לײַב און פּנים ...

— אויף חלומות, מײַן קינד, טאָר מען קיין בריק ניט בויען. אין אַ חלום לאָזט מען פֿון האַנט אַרויס אי דעם עמער, אי די שטריק. אויף חלומות, טעמערל, טאָר מען דעם פֿוס ניט שטעלן. וואָסער פֿאָדעם, אַזאַ לײַוונט ...

— שווער, דאָס זענען ניט קיין חלומות! איך זע דאָס מיט אָפֿענע אויגן ... איך זע דאָס אַזוי קלאָר, ווי איך זע אײַך איצטער שטיין פֿאַר מײַנע אויגן. און אויך זע איך אין די נעכט, באַזונדערס אין די זאַווערוכעדיקע, ווי מײַן טאָכטער, פֿריידעלע, ווי זי ...

— טעמערל, לייג ניט אויס צום שלעכטן, אונדזער לעבן איז טאַקע פֿול מיט אומגליקן, אונדזער נשמה אין גלות שלאָגט זיך ווי אַ פֿויגל אין שטײַג, אָבער ...

— וואָס, שווער, אָבער ... וועלכער און וואָסער אָבער? איך זע אין די זאַווערוכעדיקע נעכט ...

— אַז סע דונערט, טעמערל, וועט זײַן אַ גערעטעניש. ביזן ערשטן דונער גייט די ערד ניט אָפּ פֿונעם פֿראָסט. מ׳טאָר ניט, מײַן קינד, קוקן אויף דער וועלט מיט מרה־שחורה, מיט יִיאוש ... מיר, יִדן, האָבן געקאָנט אַלץ איבערלעבן, איבערטראָגן, ניט פֿאַלן, ניט אונטערגיין, ווײַל מיר טראָגן אין דער נשמה די גרויסע אמונה, דעם גרויסן ביטחון, דעם פֿײַער פֿון דעם צעשטערטן בית־המיקדש. דעם בית־המיקדש האָבן זיי טאַקע חרובֿ געמאַכט, אָבער יענעם פֿײַער אין אונדזערע הערצער האָבן זיי ניט געקאָנט, און וועלן קיין מאָל ניט קאָנען אויסלעשן! אָט וועלן מיר אין גיכן, בעזרת השם, אויסגעבן נחמנס מיזינקע, לאהלען, און מיר וועלן דאָ אָפּשפּילן אַ חתונה, ווי די מאַקאָווערס קאָנען אָפּפּראַווען חתונות!

און טאַקע, צו פֿרילינג צו, אַז די זון איבערן גרינעם סטעפּ, בײַם געזאַנג פֿון די לאַרכן און שטאַרן, האָט אָנגעהויבן אויפֿגיין, דעמאָלטן האָבן זיי, די מאַקאָווערס, די מיזינקע זייערע, לאַהלען, ברייט און אויפֿן ייִדישן שטייגער, לויט אַלע מינהגים און דינים אויסגעגעבן. די יונגע האָבן זיך פֿריִער, ווי דער קאָמוניסטישער געזעץ הייסט, פֿאַרשריבן אין דאָרפֿסראַט, אָבער ניט קעגנגעשטעלט זיך דעם ווילן און די השׂגות פֿון טאַטע־מאַמע; און הגם מיט אַ שמייכל, ווי געזאָגט פֿאַר דער וועלט: וואָס זאָל מען דאָ טאָן מיט די אַלטע, וואָס לעבן נאָך אין דעם אַמאָל . . . אָבער אין האַרצן האָבן זיי, חתן־כּלה, מיט פֿרייד און פֿאָרכט געשטעלט זיך אונטער דער חופּה, ווײַל מיט די נשמות געפֿילט אַז דאָ, אונטער דער חופּה, ווו פֿיר ווײַס־בערדיקע זיידעס האַלטן די חופּה־שטאַנגען, דאָ בײַם מסדר קדושין זײַן, בײַם זאָגן דעם הרי את, דאָ ווערט זייער זיווג, זייערע ביידנס לעבן געבונדן אין הייליקייט.

און פּויערים, אַמאָליקע קלעזמער, האָבן מיט ברען און פֿלײַס וויוואַטן און פֿריילעכסן, וואָלעך־און חסידיש, ברוגז־און מיצווה־טאַנץ, שערן און גויישע פּריסאַדקעס, פּאָלקע־מאַזורקעס און אַפֿילו דעם אונגערישן טשאַרדאַש געשפּילט. און קיין בדחנות מיט סקאַרבאָווע ניגונים האָבן דאָרטן ניט אויסגעפֿעלט . . . און ניט נאָר מחותּנים, חתן־און כּלהס צד, נאָר קליין און גרויס, דער גאַנצער ייִשובֿ, אַפֿילו די אין דרויסן שטייענדיקע — די שטוב, הגם די מעבל פֿון איר אַרויסגעטראָגן, האָט דעם עולם אין זיך ניט געקאָנט אַרײַננעמען . . . האָבן ייִדן געטאַנצט אונטערן אויסגעשטערנטן פֿרילינגדיקן הימל, געפּאַטשט אין די הענט, וואָס מיט פֿאַרהאָרעוועטע מאַזאָליעס פֿון אַקער און קאָסע: געטאַנצט מיט פֿײַער, מיט התפּעלות, מיט התלהבֿות, און ניט פֿון ייִאוש, און אויך ניט פֿון אויסגעבענקטקײַט נאָך פֿרייד, נאָר זיי, די מאַקאָווערס, האָבן געטאַנצט פֿון ריין־און געלײַטערטער, פֿון אמתער און גרויסער שׂימחה, ווײַל אין חתונה מאַכן אַ קינד האָבן זיי געזען ניט נאָר תּכלית, נאָר אויך קיום האומה . . .

און שפּעטער, שוין צו האַלבער נאַכט, האָט פֿאַרוווּנדערט און שוין גאָר איבערגעראַשט, ממש די אויגן בײַ אַלעמען אויפֿגעריסן, דעם אָטעם פֿאַרכאַפּט, מ׳איז פּשוט נישתּומם געוואָרן פֿון איר, פֿון טעמערלס פּלוצעמדיקן אַרײַנשטעלן זיך אין ראָד, ווו די מאַקאָווערס,

די צוויי ברידער, מנחם און נחמן, האָבן מיט דבֿקות און טיפֿער אמונה אויף גאולה, געצומען פֿירן דעם דורותדיקן טאַנץ פֿון אַלטן טשערנאָבּיליער רבין . . . איר פֿלוצעמדיקער אַרײַנגיין אין ראָד, וואָס באַוועגט זיך נאָך שטיל אינעם ניגון, פֿאַר זײַן אויפֿגיין אין נשמה־פֿײַער, האָט אַלעמען געפּלעפֿט.

— טעמערל, — זאָגט צו איר דער מאַן, שאול. — טעמערל, דאָס איז דאָך אַ חסידישער טאַנץ, ניט קיין ווײַבערשער. אַ טאַנץ אָן קלעזמער.

— איך ווייס עס, שאול, אַליין אויך. שטער מיר ניט. איך וויל אָבער דאָ טאַנצן, אינעם ראָד, מײַן אייגענעם טאַנץ! מײַן שטומען טאַנץ! אָן קלעזמער, און אָן ניגון . . .

און זי האָט דאָ פֿון די פֿיס אַראָפּגעוואָרפֿן די שיך און אָנגעהויבן, בײַ אַ טויטער שטילקייט, צו גיין איר שטומען טאַנץ אין די זאָקן. זענען אַלע, ווי פֿאַרגליווערט געוואָרענע, שטיין געבליבן. קיינער האָט דאָ ניט געקאָנט פֿאַרשטיין איר אויפֿפֿירונג, און אויך ניט איר משונהדיקן טאַנץ אויף די שפּיץ־פֿינגער, ווי די פּיאַטעס וואָלטן איר צעשלאָגן און צעמזיקט געוואָרן. זי האָט געטאַנצט, טעמערל, איר פּנים ווײַס און פֿון ווייטיק אויסגעקרימט, יענעם טאַנץ, וואָס זי האָט אין די זאַווערוכעדיקע נעכט אויפֿן סטעפּ געזען: יענעם טאַנץ אינעם שטיינערנעם שיפּועדיקן קאָרידאָר פֿון איר ברודער, פֿון מיכלען, דעם האַלב נאַקעטן, דעם באָרוועסן, דעם צעבלוטיקטן מיט לײַב און פּנים.

און דערצו נאָך, אין מיטן פֿון טעמערלס טאַנץ, אָן קלאַנג און ווערטער, ווי אין יענעם שיפּועדיקן קאָרידאָר, אין דעם טונקלען, ווו דער ברודער אירער, מיכל, דער בעל־תּשובֿה, אַ האַלב נאַקעטער און באָרוועסער, אַ צעבלוטיקטער, האָט אויף די שטיינער געטאַנצט . . . דאָ, אין מיטן פֿון איר, טעמערלס, יענעם טאַנץ, קומען זיי ביידע, דוואָשע און זיסל, מיט דער חופּה אין ראָד אַרײַן, ווו ייִדן שטייען מיט הענט אויפֿן אַנדערנס אַקסל, פֿאַרלוירן און דערשראָקענע, ווייסן ניט וואָס אַזוינס איז מיט איר, מיט מנחמס שנור, מיט דער בר־דעת, מיט דער קלוגער טעמערלען געשען . . . דאָ גייען זיי ביידע, דוואָשע און זיסל, פּלוצעם מיט די חופּה־שטאַנגען אין ראָד אַרײַן, און ווילן זייערע קינדער אויך הײַנט, אויף לאהלעס חתונה, נפֿתּלי־טאָלין און שולמיתן אונטער דער חופּה פֿירן . . . און זיי בעטן אים, מנחם מאַקאָווער, מסדר

קדושין זײַן.

און ער, מנחם מאַקאָוער, צום נישתּומם ווערן פֿון אַלעמען, קוקט אַ רגע אויף די צוויי פֿון יסורים געריריטע ווײַבער, וואָס ווילן זייערע קינדער חתונה מאַכן . . . ער, מנחם מאַקאָוער, און אויך דער ברודער זײַנער, נחמן, וואָס האָט אויפֿגעכאַפּט און פֿאַרשטאַנען דעם ברודערס ווונק,ביידע העלפֿן זיי דוואָשען און זיסלען צו פֿירן די קינדער זייערע, און שטעלן חתן־כּלה אונטער דער חופּה . . . און ביידע ברידער, די מאַקאָוערס, זינגען אויס מיט טרערן אין קול דעם הרי את . . . און די צוויי מאַמעס, דוואָשע און זיסל, טאַנצן און ווינטשעווען איינע דער אַנדערער:

— דוואָשע, אין אַ גוטער שעה!

— מחותּנתטע מײַנע, זיסעלע, אין אַ מזלדיקער שעה! מיר זאָלן נאָך דערלעבן צו פֿירן אונטער דער חופּה אונדזערע אייניקלעך, אונדזערע קינדס קינדער . . .

— אמן!

— און איצטער, ייִדן, — זאָגט מנחם מאַקאָוער, אַז מ׳פֿירט די צוויי פֿון זינען געריריטע ווײַבער פֿון ראָד אַרויס — איצטער, ייִדן, גייען מיר ווײַטער דעם טשערנאָביליערס, דעם אַלטן רבינס טאַנץ . . . און מיט דבֿקות, ייִדן, מיט ברען, מיט פֿײַער, און מיט ביטחון!

און די שאַרעס וואַנדער־פֿייגל פֿון די מרחקים און פֿאַרוואָרפֿנ־קייט, איבער מידבר און ימען, דורך וויכער־ווינטן און שלאַקסרעגן, ווי יאָר־אויס יאָר־איין, ברענגען מיטן ניצחון־געשאַל דעם פֿרילינג אויפֿן סטעפּ, און מיט די מידע פֿליגלען אונטער די געדיכט־בלאָע, כּמעט בלאָווע, אין בלענד־ווײַסע פּוכקע וואָלקנס, בענטשן זיי מיט הייסן געזאַנג די ערד אויף וועלכער זיי וועלן זיך נעסטן און נײַע דורות אויפֿשטעלן.

און דער סטעפּ, נאָכן ווינטער, נאָך די פֿראָסטיקע זאַווייעס, פֿרילינגט זיך אין דער זון־שפּרודלדיקער וואַרעמקייט ברייט און רײַך, אין אַלערליי פֿאַרבן און קאָלירן. די בונטיקייטן שפּילן אין די קוואַלן ליכט פֿון פֿײַער־פֿלאַמיקע ביז צו דעם טרויער שוואַרצן סאַמעט־בלוי. און פֿון די ריחות פֿאַרכאַפּט דער אָטעם, און פֿון דער יום־טובֿדיקייט און שיינקייט זינגט די נשמה, ווי דער לאַרך אין די הייכן. און זיי, די

ווונדער פּלאַטערלעך, ווי כּישוף־צוויט, טראָגן זיך אַרום איבערן צעקווייטלטן סטעפּ פון זונאויפגאַנג ביז צו דער שקיעה.

און זיי, די שוין גרײַז־גראָע צוויי ברידער, די מאַקאָוועערס, מנחם און נחמן, ווי דער טאַטע זייערער, דער קדוש, דער פּויער־למדן, ר׳ עזריאל, און זיי, די זין זײַנע, אין די ווײַסע אַרבל אויף דער זון, כוואַליען אויף די פרילינגדיקע פעלדער מיטן אַקער־לעמעך, און ייִדן הינטער זיי, די קאָלאָניסטן, צעבראָנעוועו די הרודעס אויף צו זייען ווייצן און גערשטן, האָבער און רעטשקע, און גרייטן שוין אויך די באַשטאַן־שטחים און די ווײַנגערטנער; און די לאָשיקלעך, אויפן שוועל פון פרילינג געבוירענע, בריקעווען איבערן סטעפּ פאַרשײַט, און אַז די מאַמעס רופן זיי מיטן צאַרט־שטילן הירזשערײַ, יאָגן זיי צו, פאַררוקן די פּיסקעס אונטער דער מאַמעס בויך, כאַפּן דאָרטן אָן מיט די אָנצייענרדיקע יאַסלעס די מעלקערלעך און נעמען זייגן — בלײַבן די שקאַפּעס שטיין און קרעכצן פון נחת. און די כודאָבע נאָכן ווינטער, דאַר־און אויסגעמאָגערט, פּאַשעט זיך שוין אויפן וויהאָן, צופּט להוט דעם זאַפטיקן, גרין־ליכטיקן גראָז און זי, די ערד, קרעכצט אויך פון הנאה . . .

# א.

און ווידער, ווי יאָר־אויס און יאָר־אײַן, פֿון אַלע ווײַט־און ברייטיקייטן, דורך מידבריות און ימען, מיט דעם ניצחון־געשאַל פֿון די שאַרעס פֿייגלען, וואָס בענטשן מיט די מידע פֿליגלען די ערד אויף וועלכער זיי וועלן באַלד נעמען זיך נעסטן און נײַע דורות אויפֿשטעלן, יאָגט מיט יוירנדיקן אימפּעט אין סטעפּ אַרײַן דער פֿרילינג.

און זי, די ערד, נאָכן ווינטער, נאָך די פּראָסטיק־וואָיענדיקע זאַווייעס, פֿרילינגט און פֿעסטעט זיך, ווי אַ קימפּעטאָרין, אַן אויסגעבאָדענע אין די שפּרודלדיקע וואַסערן, אין ריחות־זוניקע וואַרעמקייטן, צעבליט זיך בונט און רײַך אין כּלערליי פֿאַרבן און קאָלירן, פֿון דעם פֿײַער־פֿלאַמיקן ביז צום שוואַרצן סאַמעט־צוויט — אַן ערדישער רעגנבויגן.

און פֿון אָט דער שיינקייט פֿאַרמאַכן זיך איר, טעמערלען מאַקאָוער, די אויגן: שוין ניט בכּוח אַרײַנצונעמען אין זיך מערער. פֿון די ריחות פֿאַרכאַפּט איר בײַם האַרצן, און פֿון דעם פֿייגל־געפּילדער אין די בלענד־ווײַסע פּוכקע וואָלקנס, טוט אַ שלאָג אין איר אַזאַ קאָכיקער און ווילדער, אַזאַ וווּנדער־בענקענדיקער דאָרשט צום לעבן, און נאָך ביז אַהער־צו פֿון אַזוינס ניט געוווּסט, נאָך אַזאַ מין להוט־דאָרשטיקייט קיין מאָל ניט געפֿילט. זי וואָלט וועלן, ווי אָט די וווּנדער־פֿלאַטערלעך, ווי אָט דער לעבעדיקער כּישוף־בלי, אַרומטראָגן זיך איבערן צעקווייטלטן סטעפּ פֿון זונאויפֿגאַנג ביז צו נאָך דער שקיעה, זיך אויפֿהייבן, ווי דער לאַרך, אין די הייכן און פֿון דאָרטן, פֿון אונטער די געדיכט־בלאָע הימלען, זינגען פֿון ליבשאַפֿט צו אַל־דאָס לעבעדיקע אויף דער ערד.

און דאָך קאָן זי, טעמערל מאַקאָוער, פֿון טרויער קיין אָרט זיך ניט געפֿינען. ס'איז שוין אָבער ניט קיין טרויער, ס'איז שוין עפּעס אַזאַ מין שוואַרצקייט, וואָס האָט שוין גאָר קיין נאָמען ניט. מ'קאָן דאָס מיטן וואָרט שוין ניט מאָלן און דערקלערן. פֿון אַזאַ מין טרויער קאָנען שוין

בלויז די אויגן אירע דערציילן.

און אָט דער טרויער קומט צו איר גראָד אין פֿרי פֿון יאָר. זי הייבט אָן דעמאָלטן צו הערן אין די נעכט, באַזונדערס אין די קאַיאָרן, אַז זי, די לבֿנה, אַ קײַלעכדיקע, אַ גרויסע, אַ בלאַנקע, שטעלט זיך אין פֿענצטער פֿאַר אירע, פֿאַר טעמערלס אויגן, דעמאָלטן הייבט זי אָן נאָך שטאַרקער צו הערן דעם מאַנס, שאולס, געשריי, ווי קריק מיט פֿיר יאָר, ווי אין יענעם ווערסנע פֿאַרטאָג, אַז מ׳האָט אים פֿון שטוב אַרויסגעפֿירט:

— אויסוואָרפֿן, זאָגט כאָטשבי פֿאַר וואָס, פֿאַר וואָס? אַ מענטש דאַרף דאָך וויסן פֿאַר וועלכע זינד ער דאַרף אָפּקומען, פֿאַר וועלכן פֿאַרברעכן ער וועט פֿאַרוואָרפֿן ווערן פֿון ווײַב און קינדער . . . — און שוין פֿון ווײַטנס, בײַם אַרײַנשפּאַרן אים, שאולן, אין דער קאַבינע, זײַן לעצטן געשריי צו איר: — טעמערל, לעבן מײַנס, טעמערל, היט זיך, און היט די קינדער . . . טאַטע, מאַמע . . .

און דערצו נאָך זעט זי שוין בײַ דער פֿאַרטאָגיקער לבֿנה, וואָס אין פֿענצטער, פֿײַערן, פֿײַערן, פֿײַערן; און אויך די לבֿנה אַ קײַלעכדיקער ווײַס־צעגליטער פֿײַער. און דאָ באַפֿאַלט זי שוין יענער געפֿיל, וואָס באַגלייט זי פֿון קליינערהייט: אָט פֿאַלן אויף איר אָן רוצחים! נאָר פֿריִער, אַז יענער שרעקלעכער געפֿיל, וואָס פֿאַרפֿירט איר אַלע בלוטן אין די אָדערן, פֿלעג זי באַפֿאַלן, האָט זי צו אים, צו שאולן, צו אָט דעם שטילן און צאַרטן גבר, געקאָנט צופֿאַלן, זיך צוטוליען, באַרויִקונג און רו געפֿינען, אַפֿילו געקאָנט אַנטדרעמלט ווערן; און איצטער, אַז ער, שאול, איז ערגעץ־ווו אַהין פֿאַרשיקט געוואָרן, אויפֿן ווײַטן צפֿון, אויף דער אייביק פֿאַרפֿרוירענער ערד, אין דער נאַכט, וואָס דויערט אַ האַלב יאָר . . . איצטער, אין איר הייס־ווילדער דאָרשטיקייט צום לעבן, אין איר קאָכיקער בענקשאַפֿט נאָך פֿרייד, און אין דער זעלביקער צײַט איר אוממענטשלעכער טרויער — פֿוןביידע, סײַ פֿון דער דאָרשטיקייט, סײַ פֿון דעם טרויער, קאָן זי זיך קיין אָרט ניט געפֿינען. ס׳העלפֿט איר שוין ניט, ס׳באַרויִקט זי שוין ניט דאָס אַרומגיין אַ באָרוועסע, בײַם טאָגפֿאַרגיין, אין די קאַלטע וואַסערן, וואָס פֿון די טײַך־ברעגן אויפֿן סטעפּ אַרויסגעטריבן געוואָרן — — —

איצטער, אַז אָן אים, שאולן, אָן איר אָנשפּאַר און באַשיצער

געבליבן, מיט דער בענקשאַפֿט און מיטן טרויער אין דער נשמה, זעט זי שוין, טעמערל, נאַכט נאָך נאַכט, און וואָס די נאַכט איז פֿינצטערער, אַלץ קלאָרער זעט זי זיך מיט די קינדער אירע — דעם מיזיניקל, ירמיהלען, טראָגט זי אויף די הענט — דורך אַן אײַזערנער טיר אין אַ טונקלקייט, און דערנאָך שוין אין אַ טויטער שוואַרצקייט, אַרײַנגיין . . . און דאָרטן טאַנצן האַלב נאַקעטע, מיט צעבלוטיקטן לײַב און פּנים, איר ברודער מיכל, איר שוועסטער מירל־מאַרטאַ, איר פֿעטער יואלס טאָכטער, שולמית, און איר מאַן, שאול — — —

און אין דעם נעכטיקן ערבֿ טאָג־ווערן — דער גאַלאַגאַנסקער אַלטער האָן קרייעט פֿון שטאַל אַרויס דאָס דריטע מאָל, שוין אויך, ווי אין אַ חלום, געזען זי, די דאָקטערין, וואָס שאול האָט דעמאָלטן, אין יענער נאַכט, פֿון דאָרף געבראַכט — מיט אַ בערוועגע איבערן צעכוואַליעט־פֿרילינגדיקן טײַך אַהין זיך דערקליבן — זי, די בלאָנדע שיינע דאָקטערין, ראובן ראַפּעסעס טאָכטער, וואָס האָט אין יענער נאַכט, ווען זי, טעמערל, איז צו קינד געגאַנגען און די איבערוואַנדערער זענען מיט פֿאַרקלעמטע הערצער אַרום דעם פֿלאַקער־שײַטער געזעסן און געהערט איר, דער געווינערינס, געשריי: — פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער . . . פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט, דעם פֿײַער! — דאָרטן, אין דעם וואַלד מיט די פֿײַערדיקע וואָלקנס, האָט זי, די דאָקטערין, בײַ איר, בײַ טעמערלען, דאָס קינד, פֿריידעלען, מיט הצלחה אָפּגענומען . . . אויך זי, טאַטיאַנע ברוידע, אַ האַלב נאַקעטע, אַ צעבלוטיקטע, טאַנצט דאָרטן, אין יענער טויטער שוואַרצקייט, מיט אים, מיט מיכלען.

און באַלד, טאַקע אין יענעם ערבֿ־טאָג־ווערן, טאַקע אין יענער טויטער שוואַרצקייט, אַרויף־צו, אונטער אַ בלאָוו־באַוואָלדיקט בערגל, ווו ס׳שלאָגט פֿון אַ רויט־אָנגעגליטער אײַזערנער פֿאַס אַ רויכיקער פֿײַער אַרויס, דאָרטן שטייט איר טאַטע, דער נבֿיא, אַ באָרוועסער, אין צעריסענעם אָנטאָן, דער קאָפּ לאַנגע האָר זײַנע מיט אַש באַשאָטן, אויפֿן הויכן שטעקן מיט ביידע ווײַסע הענט אָנגעשפּאַרט, און וויינט אויף אַ קול. ניין, ניט ער וויינט, נאָר באַוויינט, באַקלאָגט . . . וויל זי בײַ אים פֿרעגן:

— טאַטע, ווען באַווייסטו דאָ, דײַן זון, מיכלען, דײַן טאָכטער מירל־מאַרטאַן, צי מײַן מאַן, שאולן? — און אויך וויל זי בײַ אים פֿרעגן, —

צוליב וואָס, טאַטע, זאָג מיר, ברענט דאָ אין דער אײַזערנער פּאַס אַזאַ פֿײַער?

נאָר מיט אַ מאָל, ווי אַן אַראָפּגעריסענעם בלאַט מיטן ווינט, פֿאַרלירט זי אים, דעם טאַטן אירן, פֿון אויג, און דערזעט ווי צוויי פֿאַרשוינען האָבן אַ טויטע פֿרוי צו דער רויט־אָנגעגליטער פּאַס צוגעטראָגן, און מיטן קאָפּ אַראָפּ אין רויכיקן פֿײַער אַרײַנגעוואָרפֿן. וויל זי, טעמערל מאַקאָוועער שרײַען: פֿאַרברענט ניט. פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער! — דער קול ווערט איר אָבער פֿאַרפֿאַלן, און די פֿיס ווילן איר ניט דינען, ווי געליימט געוואָרן, קאָן זיך פֿון אָרט ניט רירן. פֿילט נײַערט דעם ריח פֿון ברענענדיקן פֿלייש . . .

און אַז אַ באַשלאָגענע מיט קאַלטן שווייס פֿון אַט דעם חלום זיך אויפֿגעכאַפּט, און פֿון שטוב אין קאַיאָריקן סעדל אַרויסגעלאָפֿן, ווו סע בליִען דרײַ עפּלביימער, פֿילט זי ניט דעם ריח פֿונעם ראָזעווען צוויט און קאָן פֿון זיך ניט אָפּטרײַבן יענעם שווערן ריח פֿון דעם ברענענדיקן גוף.

— פֿאַרוואָס חלומען זיך מיר אַזעלכע חלומות, — פֿרעגט זי זיך אַליין דערשראָקן. — פֿון וואַנען קומען זיי צו מיר?

און דאָ, שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אין דעם שטאַם פֿונעם עפּלבוים, דאָ דערמאָנט זי זיך, וואָס ער, דער בעל־תּשובֿה, מיכל, איר ברודער, בײַ זײַן אָפּשטעלן זיך דעמאָלטן, נאָכן אַראָפּפֿאַלן מיט דער דאָקטעריןן, מיט דער געוועזענער עסעראָווקע, מיט טאַטיאַנע ברוידע, מיטן אָפּגעבראָכענעם שטיק בריק אין טײַך אַרײַן . . . וואָס ער, מיכל, האָט דעמאָלטן, בײַם קומען צו איר, צו טעמערלען, שוין אויפֿן סטעפּ, קוים אים דערקענט, געווען צעבראָכן מיט גוף און נשמה, אָפּט געהערט פֿון אים אַזעלכע רייד, וואָס האָבן זיך גאָר אויפֿן שׂכל ניט געלייגט: אַט דעמאָלטן, שוין אויפֿן סטעפּ, נאָך אין ביידל געלעבט, אין איינעם אַ פֿאַרנאַכט, שוין כּמעט אין דער פֿינצטערניש, אַרומהינקענדיק מיטן גרויסן שטעקן אַרום טיש, האָט ער מיט אַ מאָל זיך אָפּגעשטעלט, און מיט זײַן שטיל־ייִאושדיקן קול צו איר געזאָגט:

— מאַמע . . .

— מיכל, איך בין ניט די מאַמע . . .

— מאַמע־שוועסטער! איך וויל דיר עפּעס דערציילן, נאָר ס׳דאַרף

בלייבן בסוד־סודות! איך האָב דאָס געוואָלט דערציילן איר, טייבעלען . . . — און זיך באַלד פֿאַרכאַפּט: — דער דאָקטערין, טאַטיאַנען ברוידע . . .

— פֿאַרוואָס־זשע האָסטו טאַקע איר ניט דערציילט?

— איך האָב דאָס געוואָלט דערציילן ביים שוועל פֿון איר כאַטע, איך בין אָבער צום שוועל אירן ניט דערגאַנגען . . . מיר זענען ביידע מיטן אָפּגעבראָכענעם שטיק נייעם בריק, מיטן פּאָמאָסט, אין צעשטורעמטן טייך אַריינגעפֿאַלן.

— און דערנאָך? — פֿרעגט זי אויך מיט אַ שטילן, און נייגעריקן קול.

— און דערנאָך?

— הער, מאַמע־שוועסטער, הער, וואָס איך וועל דיר דערציילן, וואָס איך וועל דיר דאָ זאָגן און אָנזאָגן . . . אויף לאַנגע יאָרן דאַרפֿסטו דאָס, וואָס דו וועסט פֿון מיר באַלד הערן, אויף לאַנגע יאָרן פֿאַרגעסן. יאָרן לאַנג טאָרסטו דאָס פֿאַר דיין מויל ניט ברענגען. אויב דאָס וועט, חלילה, צו זיי אַהין, צו דער גע־פּע־או, דערגיין, וועט מען דיך, דיין מאַן, דיין קינד, און אַלע מאַקאָווער, און אויך די, וואָס זענען צו דיר אין שטוב אַריינגעגאַנגען, אַלעמען, פֿון גרויס ביז קליין, אַלע וועלן, ווי סמיקער ווילדגראָז פֿון דער ערד אַרויסגעריסן ווערן. איר וועט פֿאַרשיקט ווערן אַהין־צו, אין די סיבירער שנייען, וווּ אונדזער טאַטע, דער נבֿיא, איז אומגעקומען.

— מיכל, טאָ דערצייל מיר דאָס ניט. מיין נשמה איז שוין אַזוי אויך, ביז אַריבער די ברעגן, מיט שרעק . . .

— ניין, מאַמע־שוועסטער, איך מוז דאָס דיר דערציילן. נאָר דיר, מאַמע־שוועסטער, קאָן איך דאָס דערציילן . . . מיך וועלן זיי מסתמא אין גיכן צונעמען. איך ווייס צו פֿיל . . . און עמעצער דאַרף דאָך פֿון איר טויט וויסן.

— פֿון וועמענס טויט? מיכל, פֿון טויט דערצייל מיר ניט. איך בעט דיך, איך זע שוין אַזוי אויך אין די נעכט פֿייערן, פֿייערן, טויט . . .

— הער, מאַמע־שוועסטער, הער און פֿאַרגעדענק, נאָר באַגראָב דאָס באַלד אויף לאַנגע יאָרן אין זיך, אין דיין האַרצן . . . הער, מאַמע־שוועסטער, הער פֿון דער, וואָס האָט געשאָסן אין לענינען, הער פֿון איר, פֿון דער עסעראָווקע, פֿון פֿאַניאַ קאַפּלאַן . . . מ׳האָט זי געהרגעט

נאָך דעמאָלטן, אין טויזנט נײַן־הונדערט אַכצעטן יאָר. געשאָסן האָט זי דער מאַטראָס, דער דעמאָלטיקער קאָמענדאַנט פֿון קרעמל, מאַלקאָוו, און בײַנאַכט האָט ער איר טויטן קערפּער אַרײַנגעשטופּט אין דער אײַזערנער פֿאַס, וואָס איז אין ווײַטן ווינקל פֿון אַלעקסאַנדראָווער סאָד געשטאַנען, מיט קעראָסין באַגאָסן, און אונטערגעצונדן . . . געהאָלפֿן האָט אים דערבײַ דער פּראָלעטאַרישער פּאָעט דעמיאַן בעדני! פֿאַרגעדענק דאָס, מאַמע־שוועסטער, און שווײַג. דו וועסט דאַרפֿן שווײַגן לאַנגע יאָרן. אַ טאָג אויף דעם וועט אָבער קומען. יענער טאָג מוז קומען! — און ער, מיכל מאַקאָווער, דער בעל־תּשובֿה, האָט ווידער מיטן הויכן שטעקן, אין דעם שוין טונקעלן בײַדל, גענומען אַרום און אַרום דעם טיש הינקען.

און זי, די מאַקאָווערן, האָט טאַקע יאָרן געשוויגן, — אָט דעם סוד אין איר האַרצן אויף זיבן שלעסער פֿאַרשלאָסן, און ווי פֿאַרגעסן, וואָס פֿון אים, פֿון איר ברודער, פֿון דעם נזיר, אין יענעם ווײַטן פֿרילינגדיקן סטעפּ־פֿאַרנאַכט אין בײַדל געהערט; פֿאַר קיינעם, אַפֿילו ניט פֿאַר אים, פֿאַר איר מאַן, פֿאַר שאולן, מיט אַ וואָרט, אָדער מיט אַן אָנצוהערעניש, קיין מאָל ניט אַרויסגעכאַפּט.

און פֿון דעמאָלטן זענען שוין פֿופֿצן יאָר מיט די פֿרילינג־וואַסערן אָפּגעלאָפֿן. פֿריידעלע איז דעמאָלטן אַלט געווען דרײַ חדשים . . . געווען שווערע יאָרן דאָ אויפֿן סטעפּ. יאָרן פֿון טרײַבן די בעלי־גופֿים, די „קולאַקעס״, מיט ווײַב און קינדער אין סיביר; אויך אים, איר פֿעטער, לוי יצחק מאַקאָווער, וואָס איז געקומען אויפֿשטעלן אויפֿן סטעפּ אַ דאַך איבערן לעבן, אויך אים, וואָס האָט דאָ אויפֿגעשטעלט, מיט די אייגענע הענט אויסגעבאָוועט, אַ שטוב פֿון ציגל, און אַ שיינע באַלעבאַטישקייט פֿאַרפֿירט; אויך אים, וואָס האָט פֿאַר זײַן פֿלײַסיקייט און אָנשטרענג אַ „גראַמאָטע״ פֿון מאָסקווע באַקומען, אויך אים מיט ווײַב און דרײַ קינדער אין אַ פֿיך־וואַגאָן, אין מיטן ווינטער, אַהינצו, קיין סיביר אַוועקגעפֿירט . . . און דערנאָך דאָס פֿאַרטרײַבן אַלעמען אין די קאָלווירטן, דאָס צונעמען פֿון הויף די לעצטע בהמה, קינדער בלײַבן אָן אַ ביסל מילך; און באַלד דער גרויסער און שרעקלעכער און אַכזריותדיקער הונגער!

אָבער זי, די צווייי מאַקאָווער, מנחם און נחמן, זייערע הייפֿן איז

מען דעמאָלטן פֿאַרבײַגעגאַנגען, זיי אויסגעמיטן, פֿאַרמאַכט אויף זיי די אויגן, ניט אַרויסגעפֿירט זיי מיט ווײַב און קינדער און אייניקלעך אַהין, אונטער די הרי־חושך, און נאָר דערפֿאַר, ווײַל אָן די צוויי קאָוואַליעס, דעם טאַטן מיטן זון, און אויך אָן אים, דעם סטעלמאַך, האָט מען זיך פּשוט ניט געקאָנט באַגיין — אַ דאָרף קאָן ניט בלײַבן אָן אַן אַקער און אָן אַ וואָגן.

און זיי, די צוויי שמידן מיטן סטעלמאַך, די מאַקאָווער, האָבן דאָ שווער געהאָרעוועט אויפֿן הונגעריקן שטיקל ברויט, אויף די צוויי הונדערט גראַם קאָרן פֿאַרן „אַרבעטסטאָג", און ער, שאול, פֿלעג נאָך בײַ דער האָרנע בלײַבן און זײַן קלינגענדיקער האַמער־קלאַפּ אויף דער קאָוואַדלע בײַם אויסשמידן נאָך אַן אַקער־לעמעך, האָט זיך ביז האַלבער נאַכט איבערן סטעפּ געטראָגן. און נאָך איצטער, ביז האַלבער נאַכט, הערט זי אַזוי קלאָר יענעם האַמער־קלאַנג איבערן סטעפּ, הגם זי ווייסט, טעמערל מאַקאָווער, אַז דער שווער אירער, מנחם, ווי נאָר דער טאָג פֿאַרגייט, פֿאַרמאַכט ער די קוזניע. די בלאַט גמרא לערנען זיי שוין ביידע, די ברידער, בײַ דער שײַן פֿון די חלבנע ליכט, ווײַט פֿון דעם „וואַכנדיקן אויג", בײַם פֿאַרהאַנגענעם פֿענצטערל, אין אַלקער.

און יענער קלאַנג פֿון זײַן האַמער, און ביז האַלבער נאַכט, סײַ זומער, סײַ ווינטער, אין גאָס־רעגנס און אין זאַווערוכעס, באַזונדערס אין די פֿולע לבנה־נעכט, טראָגט זיך איבערן סטעפּ: יענער קלאַנג לעבט דאָ, און ער, שאול, איר אָנשפּאַר און באַשיצער, דער טאַטע פֿון אירע פֿיר קינדער, ער איז דאָ ניטאָ. ער, שאול, איז אַ „שונא פֿון פֿאָלק" . . . פֿאַרבליבן איז זי, טעמערל, און מיט די פֿיר קינדער, און אין אַזאַ געדריקט־אומרויִקער צײַט, ווו יעדער טאָג ווערט שאַרף־און שאַרפֿער און גייט אונטער, ווי אַ חלף צום האַלדז. און די מילחמה דאָרטן, אויפֿן מערבֿ, פֿלאַקערט שוין דאָס צווייטע יאָר. פֿון דײַטשלאַנד, באַזונדערס פֿון די ייִדן אין פּוילן, קומען אָן שרעקלעכע ידיעות. פֿון דעם וואָס די פּליטים דערציילן, שטעלן זיך די האָר דיבאָם. און טאָמער, די שעה זאָל גאָר ניט זײַן, טאָמער וואַרפֿט זיך דער מילחמה־פֿײַער אַריבער אַהער־צו, וואָס וועט זי אַליין מיט די קינדער קאָנען דאָ טאָן? און ער, שאול, איז דאָרטן, אין די פֿאַרפֿרוירן־ווײַסע נעכט. שוין אַריבער אַ יאָר מיט פֿיר חדשים, אַז פֿון אים איז קיין וואָרט ניט אָנגעקומען. אירע בריוו, אין

אַלע עקן לאַנד, ווערן ווי אין תּהום אַרײַנגעפֿאַלן. פֿון ערגעץ און פֿון קיינעם קיין וואָרט ניטאָ. לעבט ער נאָך איר שאול?

און די וועלט אַרום איר ווערט מיט יעדן טאָג קלענער און אויסגעליידיקטער. און דער סטעפּ נעמט זי אַלץ מיין און מיין שרעקן: ביז צו די האָריזאָנטן ניטאָ זיך וווּהין אַהינצוטאָן, פֿאַרן פֿרעמדן אויג אומעטום אָפֿן, ניטאָ מיט וואָס צו פֿאַרשטעלן און וווּהין צו באַהאַלטן זיך, און יענער געפֿיל, אַז אָט פֿאַלן אויף איר אָן רוצחים, שטאַרקט זיך אין איר פֿון טאָג צו טאָג.

און ווי שווער איז צו טראַכטן, ביז צו רירן זיך פֿון די געדאַנקען, און נאָך שרעקלעכער איז דאָס מיטן וואָרט אַרויסברענגען: — געווען און ניטאָ! — און דאָך בײַם טאָג פֿאַרגיין, גייט זי צום טײַכל, וואָס אויף זומער טריקנט זיך דאָס אויס, נאָר אין פֿרי פֿון יאָר, פֿרילינג־צײַט, פֿלייצט עס אַריבער די ברעגן, דאָרטן גייט זי, טעמערל מאַקאָווער, בײַם זונזעצן, איבער די קאַלטע וואַסערן אַ באָרוועסע אַרום, און רעדט ווי צו עמעצן אין דער ווײַט אַרײַן, אויף אַ קול:

— געווען און ניטאָ!.. געווען בײַ מיר אַ מאַן, דער טאַטע פֿון מײַנע פֿיר קינדער, שאול, און ניטאָ אים . . . ניטאָ! געווען בײַ מיר איין ברודער, מיכל, וואָס איז פֿול געווען מיט סודות, מיט משונהדיקע וועלטן, נאָר גערעדט פֿון זיי פֿאַרשטעלט, פֿאַרשלייערט, און מיט אַ שטיל־פֿאַרפֿאַלענעם, מיט אַ יִיאושדיקן קול, אַרומגעטראָגן אין האַרצן אַ ליידיקן קבֿר און געוואַרט אויפֿן מת . . . געווען אַ ברודער, מיכל, און ניטאָ! געווען און ניטאָ! געווען בײַ מיר אַ שוועסטער, מירל־מאַרטאַ, וואָס האָט געוואָלט איבעראַנדערשן דאָס פּנים פֿון דער ערד, געוואָלט אַז איבער איר, איבער דער גאָרער ערד, זאָל פֿלאַטערן די רויטע פֿאָן מיטן סערפּ און האַמער . . . ביידע, מיכל און מירל, ביידע געווען, און ביידע ניטאָ! פֿון דעם פֿעטער יואלס טאָכטער, פֿון דער אויסגעשפּילטער שולמית, וואָס האָט זיך געוואָלט דאָ, אויפֿן סטעפּ, אויסלערנען אַקערן און זייען, און דערנאָך אַוועקפֿאָרן קיין ארץ ישׂראל . . . אויך זי, שולמית, איז געווען און ניטאָ! ניטאָ! ניטאָ! מײַן הייליקן זיידן, עזריאלן, האָבן די גויִים ביז צום טויט געשלאָגן פֿאַרן אונטערצינדן זײַן שטוב, פֿון וועלכער זיי האָבן אים אַרויסגעטריבן . . . מײַן מאַמע איז געשטאָרבן אין יענער נאַכט, אין דעם אָסיענדיקן וואַלד,

אויפֿן וואָגן, אונטער די פֿײַערדיקע כמאַרעס, מיטן געשריי: פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער . . . פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער! מײַן טאַטן, דעם נבֿיא, האָט דער קייסער געשאָסן, מײַן פֿעטער תּנחומען, וואָס האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט פֿון די רוצחישע הענט, האָבן זיי, די שוואַרצמאהניקעס, מיט שווערדן דערשטאָכן: מײַן מומע מילקע האָט זיך דאָס לעבן גענומען, ווײַל ניט געקאָנט אַרומגיין מיט אַ פֿאַרפֿרוירן קינד אין האַרצן . . . געוועזן, געוועזן, און ניטאָ און ניטאָ! און די באָבע מײַנע, חיה־שׂרה, דעם וועלעדניקער רבֿס אייניקל, זי איז אין דעם טאָג פֿון איר טאָכטערס, פֿון מײַן מאַמעס חתונה, מיט אַ פֿלאַם־פֿײַער אַרומגעכאַפּט געוואָרן. מ׳האָט אַפֿילו ניט געוווּסט פֿון וואַנען דאָס פֿײַער איז אויף איר געקומען. מ׳האָט זי ניט געקאָנט אָפּלעשן. און זי איז פֿאַרברענט, פֿאַרקוילט געוואָרן . . .

און דערנאָך, שוין נאָכן אַרומגיין, ביזן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט, אין די קאַלטע וואַסערן אַ באַרוועסע, שוין נאָך דעם, שוין אויף איר עלנטן געלעגער, זעט זי זיך צווישן די שטיינערנע ווענט מיט אירע פֿיר קינדער גיין, דעם קליינינקן, ירמיהלען, טראָגט זי אויף די הענט, און יענע וואָס זענען געוועזן און ניטאָ, יענע טאַנצן דאָרטן האַלב נאַקעטע, צעבלוטיקטע . . . און צו דער רויט־אָנגעגליטער פּאַס טראָגן צוויי פֿאַרשוינען די טויטע פּאַניע קאַפּלאַן, און וואַרפֿן זי אַהין מיטן קאָפּ אַראָפּ אין פֿײַער אַרײַן.

— טעמערל, — וועקט זי די שוויגער — טעמערל, שרײַ ניט, גאָט איז מיט דיר, ס׳איז אַ חלום!

## ב.

און געבענטשט געוועזן איז יענע וועסנע מיט שפּרודל־שפּעדיקע, מיט מזל־ברכה רעגנס, וואָס שלאָגן ניט צו, שווענקען ניט אַראָפּ און צאַרט גייען זיי און זאַפּן זיך אין גרונט אַרײַן, רופֿן דאָרטן, אין אויפֿגעאַקערטן פֿעלד, צום לעבן, און איטלעך זוימענדל געבן זיי, יענע רעגנס, אימפּעט צו פֿרוכפּערן און צו מערן זיך — פֿונעם צעפּאַלן ווערן

און פֿאַרלאָרן גייען, צו אַ נײַ לעבעדיקן און צעצווײַגטן קערנזאַנג, וואָס שלאָגט פֿון אונטער דער ערד צו דער זון אַרויס.

און סע כוואַליעט זיך דער סטעפּ, פֿון מיזרח ביז צום מערבֿדיקן הימל־ראַנד, אין געדיכטע ליכטיק־גרינע, מיט פּריליגנדיקן גאָלד פֿון זון דורכגעגנומענע, אויפֿגיי־ווייצן, האָבער און רעטשקע, קאָנישינע און קלעווער, און דער צוויט פֿון די באַשטאַן־לאַנען און ווײַן־גערטנער זאָגן אָן אויף גרויסע גערעטענישן.

און אָט דעמאָלטן, אין יענע רײַך־צעבליטע, מיט שיכּורנדיקע ריחות איבערגעפֿולטע וועסנע־וואָכן, הגם אין די נעכט שוואַרץ־בלוטיקע חלומות געזעצן, און פֿון טאָג צו טאָג האָט זיך געשטאַרקט יענער געפֿיל, וואָס קילט איר די בלוטן אין די אָדערן: אָט פֿאַלן אויף איר אָן רוצחים, און ניט נאָר אויף איר אַליין נייערט אויך אויף אירע קינדער . . . דאָך, און פֿונדעסטוועגן, גראָד אין יענע טעג, און גראָד נאָך יענע שווערע חלומות־נעכט, נעמט זי, טעמערל מאַקאָווער, עפּעס אַ משונה־ווילדער דאָרשט צום לעבן אַרום, אַ בריִענדיקע בענקשאַפֿט נאָך פֿרייד, וואָס ביז אַהער־צו פֿון אַזאַ נאָך ניט געוווּסט — אַ ליידנשאַפֿטלעכע להוטקייט, אַ ניט געשטילטער באַגער מאַטערט זי, אַ פֿאַרעקשנטער ווילן צופֿאַלן צו אַ קוואַל, ווי פֿאַרן אַרײַנגייען אין אַ גלי־זאַמדיקער וויסטעניש, און אָנשעפּן זיך מיט לעבעדיקער וואַסער, וואָס שלאָגט פֿון די ווײַטע ערד־טיפֿענישן אַרויס.

דער טרויער האָט אָבער, טאָג־אײַן און נאַכט־אויס, געוויכערט אין איר נשמה און פֿאַרווייעט יענעם ווילדן דאָרשט און ברענענדיקע בענקשאַפֿט . . . און נאָכן זען אים, שאולן, גוססן אויף אַ באַרג מתים, געל־ביינערדיקע סקעלעטן, אויך ער, שאול, אַ נאַקעט בינטל שוואַרץ געביין, און ער רופֿט און בעט זי, טעמערלען, קומען אים צו הילף, אָננעמען זיך פֿאַר אים, פֿון דעם מלאך־המוות הענט אַרויסרײַסן . . . האָט זי אין יענעם פֿרימאָרגן, נאָכן אַרויסבאַגלייטן די קינדער, די עלטערע אין שול אַרײַן, און אים, דעם פּינעפּיאָריקן, ירמהלען, אין קינדער־גאָרטן, זיך געלאָזט צו דער קוזיניע גיין, דערציילן דאָרטן זיי, דעם שווער מנחמען, און דעם פֿעטער אירן, נחמענען, פֿון איר בײַנאַכטיקן חלום, און זיי אויך גלײַך זאָגן:

— ניין, מערער און לענגער וואַרטן אויף אַ בריוו פֿון שאולן, טאָר

מען ניט. ניין, איך קאָן שוין מער ניט, פֿון אין דער פֿרי ביז נאַכט, אַרויסקוקן אויפֿן בריוונטרעגער. איך קאָן שוין מער ניט! פֿירט מיך אָפּ צום פּאַיעזד און כ'וועל נאָך הײַנט אַוועקפֿאָרן אַהין, קיין מאָסקווע, און קלאַפּן דאָרטן אין אַלע פֿענצטער אַזוי לאַנג, ביז איכ'ל זיך סוף־כּל־סוף דערשלאָגן אַן ענטפֿער, זיך דערוויסן פֿון מײַן מאַנס גורל!

און זי בלײַבט שטיין, טעמערל, אויפֿן שוועל פֿון די ברייט־צעעפֿנטע קוזניע־טירן אין סטעפּ אַרײַן, און וואַרט, וואָס וועט ער, דער גרײַז־גרויער למדן, דער קלוגער און באַדאַכטער, דער פֿילגעפּרוּווטער שווער אירער, מנחם מאַקאָווער, אויף איר בײַנאַכטיקן חלום זאָגן. און דער עיקר, וואָס טראַכט ער וועגן איר פֿאָרן אַהין־צו, קיין מאָסקווע, קלאַפּן דאָרטן אין די פֿענצטער . . . נייערט ביידע, סײַ דער שווער, סײַ דער פֿעטער אירער, נחמן, שווײַגן, און פֿון אונטער זייערע האַמערס, וואָס פֿאַלן אויפֿן אָנגעגליטן פּרענט אײַזן, שפּריצן צאָרן־פֿונקען.

— וואָס שווײַגט איר? — גייט זי צו און לייגט אַרויף איר האַנט אויפֿן שווערס האַמער. — וואָס שווײַגט איר, ביידע? שווײַגן איז איצטער ניט קיין גאָלד . . . איך ווייס אַז די נסיעה אַהין־צו, קיין מאָסקווע, איז אַ שווערע און אַ געפֿערלעכע. איך ווייס מיט וואָס ס'האָט זיך פֿאַרענדיקט דעם פֿעטער יואלס נסיעה צו זיי, צו די היצלען, געוואָלט בײַ זיי, בײַ די רוצחים, דערוויסן זיך פֿון זײַן טאָכטער, פֿון שולמיתן, איך ווייס און געדענק מיט וואָס דעם פֿעטער יואלס נסיעה האָט זיך פֿאַרענדיקט. פֿון יענער נסיעה האָט בײַ אים, בײַם פֿעטער יואלן, דאָס האַרץ געפּלאַצט. זײַן טויט גייט מיר אויך נאָך, ווי מײַן אייגענער שאָטן, ניט אויסצומײַדן און ניט איבערצוטרעטן . . . איך ווייס דאָס זייער גוט! אָבער זיצן מיט פֿאַרלייגטע הענט, ווי יענע, וואָס האָט אויסגעגעבן אַלע קינדער, טאָר מען דאָך אויך ניט. שאול גוססט דאָרטן אויפֿן באַרג מתים, אויפֿן באַרג געל־ביינערדיקע סקעלעטן . . . ער רופֿט, שאול, און בעט מ'זאָל אים קומען צו הילף! שווער, פֿירט מיך אָפּ מיט דער אַקס צום פֿאַרנאַכטיקן באַן. די צײַט שטייט ניט. די צײַט גייט!

— יאָ, יאָ, טעמערל, די צײַט שטייט ניט, די צײַט גייט . . . און אַ דורכגעלאָזטע צײַט קאָן מען שוין אַפֿילו מיט אַן עראָפּלאַן ניט דעריאָגן. אָבער צו וועמען, טעמערל, ווילסטו פֿאָרן זוכן גערעכטיקייט. פֿאָרן זוכן בײַ זיי אין מאָסקווע גערעכטיקייט, איז אַלץ איינס ווי פֿאָרן בײַנאַכט אין

וואַלד אַרײַן זוכן די זון . . . דער טאַטע פֿון די פֿעלקער שטייט מיט די שטיוול אויפֿן גאָרגל, און שמייכלט צו דיר זיס . . .

— מנחם, מנחם, — שלאָגט איבער דער ברודער. — מנחם, החיים והמוות ביד הלשון. דער ווינט פֿון סטעפּ קאָן אויך דערטראָגן.

— נחמן, ווער ס׳וויל אַ קלאַפּ טאָן, וועט שוין זײַ ווי סײַ געפֿינען אַ שטעקן. מיר הייבן שוין אָן מורא האָבן פֿאַרן אייגענעם שאָטן . . . און אויף אונדז גייען שווערע יאָרן. דאָס, וואָס די פּוילישע ייִדן, די פּליטים, דערציילן זיך אָן פֿון דעם דײַטש, פֿון זײַנע מעשׂים, פּאַטופּעט זיך גאָר ניט אין מוח. און אונדזער קאַווקאַזער אָדלער קושט זיך דאָך מיט אים, מיטן שלאַנג, מיט היטלערן, אין די פּיסקעס . . . מ׳טאָר שוין אויף אים, אויף היטלערן, קיין קרום וואָרט ניט זאָגן. דער קאַווקאַזער אָדלער, וואָס זעט מיט זײַן אויג פֿון איין עק וועלט ביזן צווייטן, שיקט יענעם אָדלער, דעם חבֿר זײַנעם, באַנען ווייץ, קאָרן, פּעסער בוימל, קוילן, נאַפֿט . . . און יענער אָדלער האָט שוין אויסגעשפּרייט זײַנע בלוטיקע פֿליגלען איבער אַ האַלבער וועלט. אין פּוילן איז שוין אַפֿילו ניט קיין פּאָגראָם, ס׳איז שוין מער און העכער פֿון דער „קרישטאָל נאַכט" . . .

— שווער, אָבער וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט דאָס צו מײַן פֿאָרן?

— ס׳האָט, טעמערל, ס׳האָט.ביידע זענען זיי פֿון איין בוים אַראָפּגעפֿאַלן. ניטאָ בײַ זיי ביידע קיין געזעצן אין לאַנד. לית דין ולית דיין . . . זוכן בײַ זיי גערעכטיקייט איז אַלץ איינס ווי פֿאָרן בײַנאַכט אין וואַלד אַרײַן זוכן די זון . . . די פֿליי פֿונעם הונט וועסטו ניט אויסקלאַפּן! אָט שרײַב איך שוין דאָס צווייטע יאָר צו די פּראָקוראָרן פֿון מאָסקווע, קיין קיעוו, קיין כערסאָן, נו, האָט כאָטש אַ פֿלוי אַ ניס געטאָן? אַוועקגעשיקט נײַן בריוו צום טאַטן פֿון דער ערד, געשריבן צו אים מיטן בלוט פֿונעם האַרצן . . . שוין נײַן חדשים ווי איך, דער אַלטער שמיד, שרײַב צו אים, צו סטאַלינען, נאָר קיין ענטפֿער איז ניטאָ. איך פֿרעג בײַ אים, וויל כאָטש וויסן, פֿאַר וואָס האָט מען אים, שאולן, אַ טאַטן פֿון פֿיר קינדער, אַ קאָוואַל בן קאָוואַל, געווען אַ שמיד אין קאַלווירט, געהאָרעוועט פֿון דער זריחה ביז צו האַלבער נאַכט, פֿאַרוואָס האָט מען אים פֿון לעבן אויסגעוואָרצלט, פֿאַר וואָס?

— מנחם, דו האָסט דאָך שוין אויף דער שאלה נאָך פֿריִער געגעבן דעם ענטפֿער: דער וואָס וויל אַ קלאַפּ טאָן, דער וועט שוין אַ שטעקן

געפּינעז. פֿון דעם ערשטן טאָג אָן, פֿון זינט זיי, די „גרויסע״, זענען געוואָרן די מושלים איבערן לאַנד, אַזוי גיסן זיך טרערן און בלוט, ווי וואַסער. דער מויל איז ביי זיי אין שיינע רייד, און די הענט אין בלוט.

— נחמן, דער ווינט פֿון סטעפּ קאָן אויך דערטראָגן . . .

— יאָ, מנחם, יאָ.

— שוואָער, פֿירט איר מיך אָפּ צום פֿאַרנאַכטיקן באַן?

— איך גיי, טעמערל, איך גיי שוין צום בריגאַדיר בעטן אַ פֿור.

און הגם מיט אַ שווער האַרץ — שוין אַזוי אויך ביי אים, ביי מנחם מאַקאָווער, ביז צו די ברעגן מיט פּיין און וויי, מיט צער און עצבֿות פֿול — מורא געהאַט צו לאָזן זי איינע און אַליין, פּלוצעם און ניט געגרייט זיך, אין אַזאַ שליחות, אין דער ווייטער און גרויסער שטאָט, ווו זי, טעמערל, האָט דאָרטן כּמעט קיינעם ניט, ניטאָ דאָרטן ווער ס'זאָל איר אַ טיר העלפֿן עפֿענען, אָדער כאָטשבי אויף אַ סליד אַרויפֿפֿירן: יענע, די ווייטע קרובֿה, ביי וועלכער זי וועט קאָנען אַ נאַכטלעג האָבן, יענע, מילקע מאַקאָווערס שוועסטער, די אַמאָליקע גבֿירנטע, וואָס האָט פֿאַר ניקאָליי דעם צווייטן אין קיעוו געוווינט, און טעמערל האָט ביי איר פֿינעף יאָר געלעבט און זיך אין דער רייכער שטוב אירער דערצויגן: יענע וווינט איצטער ערגעץ הינטער מאָסקווע, גייט פֿון איר אַלקער ניט אַרויס און פֿאַררעדט זיך שוין, פּלאָנטערט און קנוילט צונויף ווייטע מיט נאָענטע געשעענישן און באַגעגענישן . . . און דער עיקר, זי וועט זיך, טעמערל, דאָרטן, אין דער קרוינשטאָט, די פּיס אָן די שוועלן אָפּשלאָגן, און צו גאָר זיך ניט דערשלאָגן, זיך אומקערן מיט נאָך אַ גרעסערן טרויער אין די אויגן.

און דאָך, הגם מיט זייער אַ שווער האַרץ, אָבער פֿאָרט מיט אַ ברעקל ליכטיקן ביטחון, אַז זי, טעמערל, וועט קאָנען ברענגען פֿון דאָרטן אַ גוטע בשׂורה . . . האָט ער, מנחם מאַקאָווער, נאָך לאַנגע דינגעניש און אַמפּערנישן, שוין צו האַלבן טאָג, אַ פֿערד און וואָגן אין קאָלווירט געקראָגן און זי, די שנור, מיטן שוין שטויביקן סטעפּ־וועג, געבראַכט צום פֿאַרנאַכטיקן באַן, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן מיטן שאַרפֿן לאָקאָמאָטיוו־פֿייף פֿון אָרט זיך צו רירן . . . אָבער דער קאָנדוקטער, וואָס מנחם האָט אים הינטן אַרום אין האַנט אַריינגעלייגט צוויי דריירערלעך, האָט זי, טעמערלען, מיט איר קופּערטל אין דעם לעצטן

איבערגעפּולטן וואַגאָן אַרויפֿגענומען, נאָר דערבײַ איר געזאָגט:

— אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע, בירגערין, וועט איר זיך דאַרפֿן באַזאָרגן מיט אַ בילעט.

און אַן אָרט אויף צו אַוועקזעצן זיך, און אַ ווינקל אויף צו אַוועקשטעלן איר קופֿערטל, איז אין וואַגאָן טאַקע ניטאָ. אָבער נאָך אַזאַ אימפּעטיקן פֿאָרן מיט דער פֿור איבערן סטעפּ, קאָן מען דאָ, אין וואַגאָן, אויף די פֿיס שטיין. די ריחות זענען דאָ נאָר צו געדיכטע. דערקלײַבט זי זיך נאָענטער צום אָפֿענעם פֿענצטער און טראַכט וועגן דעם שווער אירן, וואָס האָט דעם גאַנצן וועג פֿון איר נסיעה אַהין, קיין מאָסקווע, מיט אַ וואָרט ניט דערמאָנט, ווי זי, טעמערל, וואָלט אַהין־צו ניט צוליב שאולן, נאָר צוליב גאָר אַן אַנדער ענין געפֿאָרן . . . דעם גאַנצן סטעפּ־וועג האָט ער גערייכערט דעם גרויסן ציביק, אַ ירושה פֿונעם טאַטן, און געשוויגן. ערשט בײַם צופֿאָרן צום ווײַסן וואַקזאַלעכל, פּלוצעם איר געזאָגט:

— טעמערל, פֿאַרהאַיע זיך דאַרטן ניט. די צײַט אונדזערע טראָגט זיך משוגענערווײַז פֿון שטאַרקע ווינטן, און איין גאָט אין הימל ווייסט, ווו־הין מ׳קאָן פֿאַרטראָגן ווערן . . . די מילחמה, דער רציחהדיקער היטלערישער פֿלאַם־פֿײַער קאָן זיך אַריבערוואַרפֿן אויך אַהערצו, פֿאַרהאַלט זיך דאַרטן ניט.

פֿון אָט די ווערטער, פֿאַרן גאַנצן וועג אַרויסגעזאָגטע, ווערט זי מבולבל: אַז דער פֿלאַם־פֿײַער קאָן זיך אַהער־צו אַריבערוואַרפֿן, אַזוינס איז איר גאָר אויפֿן געדאַנק ניט אַרויף. און אַז דערהערט פֿון אים, פֿונעם שווער, פֿונעם פֿאָטער, וואָס צאַנקט פֿון בענקשאַפֿט נאָכן זון, אָט די רייד, האָט זי זיך גלײַך געוואָלט אַהיים, צו אירע קינדער אומקערן: צופֿרידן געווען, וואָס אויף מאָסקווע דעם בילעט ניט געקראָגן, און וואָס דער באַן רירט זיך שוין פֿון אָרט, לאָזט זיך אין וועג אַרײַן . . . אָבער דאָ האָט דער שווער פֿאַרשטאָכן דעם קאַנדוקטער מיט צוויי דרײַערלעך די האַנט, און יענער האָט זי אין דעם איבערגעפּולטן וואַגאָן אַרויפֿגענומען.

שטייט זי שוין, טעמערל מאַקאָווער, מיטן קופֿערטל אויפֿן דורכגאַנג אַנטקעגן דעם אָפֿענעם פֿענצטער, ווי פֿאַרבײַ שווינדלען אַדורך טעלעגראַף־סטויפּעס און אויך יונגע יאָדלע־וועלדלעך אין

ראָזעווער ליכט פֿון שקיעה, און שלאָגט זיך ביטער מיט דער דעה: דאַרף זי אויף דער נאָענטער סטאַנציע דעם בילעט אויף צו פֿאָרן װײַטער קויפֿן? . . . דעם שווערס רייד האָבן זיך איר ווי אַ שטיין אויף דער נשמה געלייגט, און מיט די אייגענע כּוחות וועט זי אים שוין ניט קאָנען אַראָפּוואַרפֿן. דאַרף זי אין דעם שווערס רייד אַ וואָרענונג הערן? דאַרף זי פֿון דעם אַנטקעגנקומעדיקן וואָקזאַל אַהיים, צו אירע קינדער, זיך אומקערן? די לעצטע ווערטער זײַנע, שאולס, אין יענער נאַכט, נאָכן אַרויספֿירן אים פֿון שטוב, שוין פֿון דער װײַטנס, זענען דאָך געווען: „טעמערל, היט די קינדער . . .״

— און אים, שאולן, — פֿרעגט זי בײַ זיך אַליין. — אים, שאולן, וואָס גוססט דאָרטן אויפֿן באַרג מתים, אויף יענעם באַרג געלע סקעלעטן, און בעט זי קומען אים צו הילף, אים, שאולן, זאָל איך אויף יענע ביינער לאָזן אויסגיין? נעכטן בײַנאַכט האָב איך דאָך ניט קיין חלום געזען. איך בין דאָך גאָר ניט געשלאָפֿן און באַשײַמפּערלעך פֿאַר מײַנע אָפֿענע אויגן בולט געזען אים, שאולן, אויף דעם באַרג נאַקעטע מתים ליגן, אויף דעם באַרג געלע סקעלעטן גוססן . . . איך האָב דאָך קלאָר געהערט זײַן, שאולס קול, געהערט ווי ער בעט בײַ מיר הילף! ניין, ניין, ניט קיין חלום האָב איך נעכטן בײַנאַכט מיט אָפֿענע אויגן געזען . . . ניין, בײַם אָנהייב וועג, נאָך פֿון סטעפּ ניט אַרויסגעפֿאָרן, און שוין בלײַבן שטיין? ניין, איך דאַרף פֿאָרן אַהין, קיין מאָסקווע, קלאַפּן דאָרטן אין אַלע טיר־און־פֿענצטער. ס׳מוז דאָך פֿון דער שוואַרצער שעה אַ פֿינקל טאָן פֿון ערגעץ־ווו אַ ליכט . . . ניין, די מילחמה קאָן זיך אַהערצו ניט אַריבערוואַרפֿן. פֿאַראַן דאָך אַן אָפּמאַך, אַ פּאַקט צווישן זיי, צווישן סטאַלינען מיט היטלערן. און אפֿשר — טוט זיך איר באַלד אַ טראַכט — און אפֿשר ווייסט ער, מײַן שווער, מערער און זעט װײַטער פֿון מיר?

און דאָ, געפֿינענדיק זיך אַן אַליין־און־עלנטע אין דעם איבערגעפֿולטן וואַגאָן, וואָס יאָגט איבער די רעלסן מיט געמאָסטענעם קלאַפּ, צווישן דאָרפֿסלײַט מיט זאַק און פּאַק, דער עיקרשט יונגע, וואָס לויפֿן פֿון די קאָלכאָזן אין די גרויסע שטעט אַרײַן: שטייענדיק אַזוי אין פֿאַרלעגנהייט מיטן קופֿערטל אין האַנט, שוין אין אָפּשײַן פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון, וואָס איז ערגעץ דאָרטן אין סטעפּ אויפֿן ראַנד פֿון הימל, בײַם פֿלאַמיקן זוים פֿון דער ערד פֿאַרבליבן: דאָ, אין איר

קווענקל־און אומבאַשטימטקייט, ווייסט פֿאָרט ניט צי דאַרף זי דאָרטן, אויף דער נאָענטער סטאַנציע אַ באַנבילעט אויף צו פֿאָרן ווײַטער קויפֿן, אָדער פֿון דאָרטן זיך אַהיים, צו די קינדער אומקערן? דאָ, אין איר אומזיכערקייט, דערזעט זי פֿון טאַמבור אַ הויכן אימפּאָזאַנטן שײַנעם מאַנצביל אַרויסגיין, אין די דרײַסיקער, נאָר דער גע־קרײַזלטער קאָפּ האָר אַ גרויער, כמעט אַ ווײַסער.

און אַז דערזען אים, אָט דעם יונגן מאַן מיטן גרויען קאָפּ האָר, טוט זי ניט ווילנדיק אַ ציטער: זי האָט אים דערקענט, טעמערל מאַקאָווער, הגם פֿופֿצן יאָר ניט באַגעגנט, און אין ערגעץ אים אַפֿילו פֿון דער ווײַטנס ניט געזען. פֿאַר די יאָרן פֿולער און ברייטער אין די אַקסלען געוואָרן און דער עיקר, דער געקרײַזלטער קאָפּ שוואַרצע האָר — אַ גרויער. בײַ אַכט און דרײַסיק יאָר . . . ער איז עלטער פֿון איר אויף פֿינעף יאָר. זי קאָן זיך דאָ אויף אַ האָר ניט טועה זײַן. דאָס איז דעם רבס, ר׳ העשילעס, אייניקל, וואָס נאָכן אומקערן זיך פֿון דער שווייץ, ווו מעדיצין שטודירט, פּוס־טריט איר נאָכגעגאַנגען, די האַנט בײַ איר געבעטן, און אַ גוט און ברייט לעבן אין אַ גרויסער שטאָט צוגעזאָגט. און ס׳איז געווען אים צו גלויבן.

פֿון דעסטוועגן, הגם פֿאַרליבט געוואָרן אין אים, אין דעם יונגן און שײַנעם דאָקטער, רפֿאלן וואַלאַך, וואָס בײַם באַגעגענען זי פֿלעגן זיך אים די אויגן מיט פֿײַער אָנצינדן — זיי, די אויגן זײַנע, האָבן זי תּמיד געשראָקן, און ניט געוווּסט וווּהין פֿון זיי זיך אַהינטאָן . . . זי, טעמערל מאַקאָווער, איז מיט איר שוועסטערקינד, מיטן פֿעטער מנחמס זון, מיטן שמיד, מיט שאולן, צו דער חופּה געגאַנגען.

און אַז ער, רפֿאל וואַלאַך, האָט איר פֿירגעוואָרפֿן: איר זײַט דאָך גאָר אין אים ניט פֿאַרליבט!

האָט זי זיך מודה געווען: — ניין, אַריבער די אויערן בין איך ניט פֿאַרליבט אין אים, אין שאולן, נאָר ווי איר ווייסט, באַגלייט מיך פֿון קליינערהייט דער שרעקלעכער געפֿיל: אָט פֿאַלן אויף מיר אָן רוצחים . . . און לעם אים, לעם שאולן, בין איך זיכער.

— און איך, — נעמט ער זי אָן פֿאַר ביידע הענט. — און איך, קלערט איר, וועל אײַך אין אַזאַ געפֿערלעכער שעה איינע אַליין מיט די רוצחים איבערלאָזן?

און דאָ דערפֿילט זי ווי זײַנע הענט הויבן איר אָן ממש צו בריִען. ער דריקט איר צונויף די פֿינגער ביז ווייטיק, און די אויגן זײַנע האָבן אים נאָך ביז אַהער־צו אַזוי ווילד ניט געברענט. נעמט זי מיט כּוח אירע הענט פֿון זײַנע אַרויס, און זאָגט אים:

— איר פֿאַרשטייט ניט יענעם שרעקלעכן געפֿיל מײַנעם, וואָס באַגלייט מיך פֿון קליינערהייט. איר, ווי אַ דאָקטאָר, האַלט, אַז יענער שרעקלעכער געפֿיל איז בײַ מיר אַ מין פֿאַרפֿאָלגונג־מאַניע . . . אַז מ׳דאַרף מיך פֿירן היילן צום באַוווסטן פּסיכיאַטער, צו בעכטיערעוון . . . — און זי לאָזט אים איבער אין פֿאַרנאַכטיקן פֿעלד שטיין, און אַליין אַהיים זיך אומגעקערט, און טאַקע אין יענעם אָוונט אים, שאולן, איר הסכּמה געגעבן.

ג.

און ניט נאָר בײַם דערזען אים אַ ציטער געטאָן, נאָר אויך זיך דערפֿרייט: אין איר אַליין־און עלנטקייט, צווישן אָט דעם פֿרעמדן עולם, אין אָט דעם המון־געזעמל, אַ נאָענט באַקאַנטער . . . און אפֿשר פֿאָרט ער אויך קיין מאָסקווע, און אפֿשר ווינט ער גאָר דאָרטן? פֿאַר די פֿופֿצן יאָר ניט געהערט פֿון אים, און גאָר ניט געוואָלט פֿון אים הערן. מורא געהאַט. געוואָלט פֿון אים געדענקען נאָר איינס: ער האָט די נשמה אירע ניט געזען . . .

און ער, דאָרטן, בײַ דער טיר, אין דעם בין־השמשותדיקן וואַגאָן, אין דעם מיט מאַכאָרקע געדיכט־אָנגערייכערטן, אויך ער האָט אין יענער נעפּלשײַן, פֿון דער ווײַטנס, זי באַלד דערזען, מיט די עלנבויגנס גענומען די אויפֿן וועג אים שטייענדיקע צעשפּאַרן, און זיך צו איר דערנענטערן. און אַז שוין צוגעגאַנגען, איז ער אַ בלייכער, און אָן אַ וואָרט צו זאָגן, ווי דעם לשון פֿאַרלוירן, געבליבן פֿאַר איר שטיין. ביידע האָבן זיי געשוויגן. אין די אויגן זיך אַרײַנגעקוקט. ענדלעך האָט זי זײַנע אויגן ניט אויסגעהאַלטן, און געפֿרעגט:

— ס׳איז מיך נאָך צו דערקענען?

— ווי נאָר פֿון וואַגאָן־פֿענצטער דערזעון איַיך צום וואַקזאַל צופֿאָרן.

— פֿון אַזאַ וויַטקייט האָט איר מיך דערקענט?

— ווער ס׳האָט איַיך געזען נאָר איין מאָל אין לעבן . . .

— איך האָב איַיך אויך גלייַך דערקענט.

— מיך איז שוין שווער צו דערקענען. איך בין שוין אַלט און גרוי געוואָרן.

— נו, פֿון אַלטקייט זיַינט איר נאָך וויַט, אָבער גרוי געוואָרן . . . פֿאַרשטייט זיך ניט פֿון קיין גוט לעבן.

— פֿון סאָלאָווקי . . . נאָר פֿאַרוואָס שטייט איר? האַ, יאָ, דאָ איז דאָך קיין אָרט ניטאָ.

— ניט נאָר קיין אָרט, איך האָב אַפֿילו ניט קיין באַנביליעט. — און זי דערציילט אים, הגם דער שווער אירער האָט די פֿערד איבערן סטעפּ משוגענערוויַיז געיאָגט, דאָך איז שוין די בילעטן־קאַסע אויפֿן וואָקזאַל געווען פֿאַרמאַכט. און דער צוג האָט פֿון אָרט זיך שוין גערירט. אָנגעהויבן אָפּגיין. דער קאָנדוקטאָר האָט מיך שוין אויפֿן גייענדיקן באַן אַרויפֿגענומען.

— איר פֿאָרט קיין מאָסקווע?

— יאָ.

— איר פֿאָרט צו גאַסט?

— ניין. וועגן מיַין מאַן.

— שוין לאַנג?

— שוין דאָס פֿערטע יאָר. שוין אַנדערהאַלבן יאָר ווי איך האָב פֿון אים קיין ידיעה ניט.

— ווילט איר דאָרטן, אין מאָסקווע, ביַי זיי זיך דערוויסן?

— יאָ. איך האָב שוין געשריבן אין אַלע עקן וועלט. דער שווער האָט געשריבן . . . נאָר ווי אַ קול אין מידבר!

— מיר פֿאָרן, — זאָגט ער צו איר, — מיט אַ שנעלצוג. ער וועט זיך אָפּשטעלן ערשט אין אַ שעה אַנדערהאַלבן אַרום, ניט פֿריער, און שטיין ביז דעמאָלטן אויף די פֿיס? אין מיַין וואַגאָן איז פֿאַראַן אַ פֿריַי אָרט. אויף דער קומענדיקער סטאַנציע וועל איך נעמען פֿאַר איַיך אַ בילעט קיין מאָסקווע. קומט! — און ער נעמט פֿון איר האַנט דאָס קופֿערטל.

און זי גייט נאָך אים, טעמערל מאַקאָווער, וואַגאָן־אַרויס און וואַגאָן־

אַריַין — קאָן פֿון דער פּלוצעמדיקער באַגעגעניש צו זיך ניט קומען, ס׳דאַכט איר, אַז אָט דער מאַן מיטן ווײַסן קאָפּ געקרויזטע האָר, איז אין יענעם איבערגעפּולטן שווער ריחותדיקן וואַגאָן, פֿונעם געדיכטן מאַכאָרקע־רויך, פֿון יענעם טונקעלן נעפּל, ווי אַ געשפּענסט, ווי אַ שאָטן פֿונעם רבֿס אייניקל, פֿון יענעם רפֿאל וואַלאַך, צו איר אַרויס, און וויל ווידער, נאָך אַזויפֿיל יאָרן, אין איר לעבן אַריַין. פֿון אָט דעם געדאַנק גייט איר איבערן גאַנצן לײַב אַ ציטער דורך.

און זי גייט נאָך אים פֿון וואַגאָן צו וואַגאָן, ווו סע ברענען מאַטאָווע עלעקטרישע לעמפּלעך, און מענטשן בײַ די פֿענצטער־טישלעך עסן שוין וועטשערע, געפּרעגלטס און גערייכערטס, נעמען אויך אַ כּוסע, און אַ קאָנדוקטאָרשע אין אַ ווײַסן פֿאַרטעך טראָגט אונטער אויף אַ מעשענער אויסגעשײַערטער טאַץ טיי און פֿריש־וואַרעמע בייגל, און ס׳טוט אויף איר, אויף טעמערלען, אַ ווייע מיט עפּעס אַ ריח פֿון יום־טובֿ . . . און ס׳פֿלעג זי דאָך די לעצטע צײַט פּלוצלינג אַרומכאַפּן אַזאַ ווילדער דאָרשט צום לעבן, אַזאַ ווילדע בענקשאַפֿט נאָך פֿרייד.

און זי גייט נאָך אים דורך די וואַגאָן־טאַמבורן, ווו די נאַכטיקע פֿעלד־ווינטן באַפֿאַלן און וואַלגערן זי שיער פֿון די פֿיס ניט אום. און אַז ער גיט איר זײַן האַנט, כאַפּט זי זיך באַלד אָן אין איר, און גייט שוין אַזוי ווײַטער, האַנט אין האַנט, ביז ער פֿירט זי אין אַ ווייכן וואַגאָן, אין אַ באַזונדערן קופּע אַריַין, ווו ס׳געפֿינען זיך נאָך צוויי אירע, אַ מאַנצביל מיט אַ פֿרוי,ביידע נאָך גאָר יונגע, ביידע מיט צעשטראַלטע אויגן, מיט גליקלעכע פּנימער, ווי ביידע וואָלטן מיט אַ מאָל אַ גרויסן אוצר פֿאַר זיך אַנטפּלעקט.

און זי, טעמערל מאַקאָווער, קוקנדיק אויפֿן פֿאַרליבטן פּאָרל, ווינטשט זיי ביידן אַלדאָס גוטס, טוט אָבער דאָ, ניט ווילנדיק, אַ טראַכט: און מײַן לעבן, בײַ דרײַ און דרײַסיק יאָר, איז צעבראָכן און מיט די פֿיס, אומברחמנותדיק, צעטראָטן געוואָרן. ער, שאול, וואָס איז מײַן אָנשפּאַר און האָפֿענונג געווען, ער, מײַן מאַן, און דער טאַטע פֿון מײַנע קינדער, ער גוססט ערגעץ דאָרטן, אויף דער אייביק פֿאַרפֿרוירענער ערד, אויף אַ באַרג נאַקעטע מתים, אויף אַ באַרג געלע סקעלעטן, אויף אַ באַרג ביינער און שאַרבנס.

און הגם ער, מיטן גרויען קאָפּ האָר, דעם רבֿס אייניקל, רפֿאל

וואַלאַך, וואָס איז נאָך, ווי אין זײַנע אויגן געזען, און דער עיקר, אין זײַן האַנט געפּילט: ער איז נאָך ביז איצטער אין איר פֿאַרליבט, און דאַכט זיך, נאָך שטאַרקער ווי דעמאָלטן, ווי צוריק מיט פֿופֿצן יאָר . . . הגם ער האָט שוין צוויי מאָל זי געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס שטייט איר?

נאָר זי רירט זיך פֿון אָרט ניט, ווי זי וואָלט גאָר זײַן קול ניט געהערט, ווי זי וואָלט אים גאָר פֿון אויג פֿאַרלאָרן, ווי ער וואָלט גאָר אין יענעם געדיכט־אָנגערייכערטן וואַגאָן, אין יענעם שוואַרצן זיך קנוילנדיקן נעפּל צוריק אַרײַנגעפֿאַלן . . . זי שטייט נאָך אַלץ, טעמערל מאַקאָווער, בײַ דער פֿאַרמאַכטער טיר פֿון קופּע, ווו אויפֿן ווײַס־געדעקטן טישל, פֿון אונטער דעם גרינעם אַבאַזשור פֿליסט אַרויס עפּעס אַזאַ מאָדנע פּינטלדיקע ליכט . . . און אין דער משונה־פּינטל־דיקער גרינער ליכט דערזעט זי, פּלוצלינג, אויך זיך אויף אַ באַרג נאַקעטע מתים ליגן.

— פֿאַרוואָס שטייט איר, טאַמאַראַ?

פֿונעם אָנרופֿן זי בײַם נאָמען, טוט זי ווידער אַ ציטער. דאָס ערשטע מאָל רופֿט ער זי בײַם נאָמען אָן. ער שטייט מיט איר אויך אין דער משונה־פּינטלדיקער גרינער שײַן. זײַנע אויגן זענען אויך דערשראָקענע, אָבער זי קאָן דאָך אים ניט זאָגן, וואָס מיט איר קומט דאָ פֿאָר, און וואָס זי זעט דאָ, אין אָט דעם רייף משונה־פּינטלדיקן ליכט, וואָס טרייסלט אויף, ווי אין קדחת, איר נשמה. זי קאָן דאָך אים ניט זאָגן, אַז אין אָט דעם גרינעם רייף שײַן, זעט זי זיך אויך, ווי זי זעט אים, שאולן, אויף אַ באַרג נאַקעטע מתים ליגן . . . ווען זי זאָגט דאָס אים, וואָלט ער געוויס, און זי ספֿקט ניט אין דעם, איר ווידער, ווי צוריק מיט פֿופֿצן יאָר, ווי דעמאָלטן, אין יענעם פֿאַרנאַכטיקן פֿעלד, געזאָגט: „איר לײַדט פֿון אַ פֿאַרפֿאָלגונג־מאַניע" . . . — זאָגט זי אים:

— איך האָב דאָך אויף דעם אָרט קיין בילעט ניט.

— זאָל דאָס אײַך ניט ערגערן. איך אַרבעט אין דעם געגנטלעכן שפּיטאָל פֿאַר אײַזנבאַנער. אויף דער סטאַנציע וועל איך נעמען פֿאַר אײַך אַ בילעט.

— איז נאָט אײַך געלט! — און אַז ער נעמט בײַ איר אויפֿן בילעט דאָס געלט, און אָן שום אָנשטעל און מינע אויפֿן פּנים, נעמט פּשוט, אָן

שום רייד און אויסרייד, ווי אַ נאַטירלעך און געוויינלעכע זאַך, אָן שום אָנשפּיל און רמזים, דעמאָלטן אָטעמט זי אָפּ, זעצט זיך אַוועק ביַים טישל, אין סאַמע מיט פּונעם גרין־סודותדיקן קריַיז שיַין, און אַז דאָס פאַרליבטע פּאָרל גייט אין קאָרידאָר אַרויס צו קאָנען דאָרט פריַי צווישן זיך רעדן, דאָ, גאָר ניט געטראַכט און געוואָלט, ווי מיט גוואַלד, פון אירע טיפענישן, פון זיך אַליין זיך אַרויסגעריסן:

— איר ווייסט, — זאָגט זי צו אים, און מיט יענעם שטילן, קוים־הערנדיקן קול, ווי אַלע מאַקאָווער ווען זיי זענען שטאַרק אויפגערעגט, — איר ווייסט, יענער שרעקלעכער געפיל, וואָס באַגלייט מיך פון קליינערהייט, און אפשר נאָך פון פאַר מיַין געבוירן ווערן, יענער געפיל, אַז אָט באַלד וועלן אויף מיר אָנפאַלן רוצחים . . . יענער געפיל גייט מיר נאָך, ווי אַ שאָטן, ביז היַינטיקן טאָג. און די לעצטע ציַיט, באַזונדערס אין די לעצטע חדשים, ווערט יענער געפיל אין מיר שטאַרקער און שטאַרקער . . .

און זי ווערט דאָ, טעמערל מאַקאָווער, מיט אַ מאָל אַנטשוויגן. זיך געכאַפּט און חרטה געהאַט למאי אים, רפאלן וואַלאַך, וואָס האָט „איר נשמה ניט געזען", פּלוצלינג ווידער אַ מאָל דאָס דערציילט. און צוליב וואָס, ער זאָל איר ווידער עצהנען פאָרן צו אַ פסיכיאַטאָר זיך היילן? ער שוויַיגט אויך. דער שטערן האָט זיך אים אויפגעקאַרבט, און דער פּנים געביטן. ענדלעך דערהערט זי ווי ער הייבט אָן רעדן שטיל, ווי פאַר זיך אַליין, און וואַרפט דאָך בליקן אויף דער פאַרמאַכטער טיר:

— ס'איז גאָר אין דעם קיין חידוש און קיין וווּנדער ניטאָ. מיר לעבן דאָך אין אַ ציַיט פון שוואַרצן פּחד, אין אַ טיַיגע־לאַנד, ווו דער מענטש איז ניט זיכער מיטן לעבן. אויף שריט און טריט לאָקערט אויף אים די חיה, אויף יעדן ווינקל, ניט נאָר ביַי דער נאַכט, נאָר אויך אין מיטן העלן טאָג, שטייט פאַר דיר די סכנה פון טויט.

— און קאָשמאַר־חלומות, — בייגט זי זיך אָן צו אים, וואָס זיצט אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער באַנק, און זיַין וויַיסער קאָפּ וויגט זיך, אויפן גאַנג פון באַן, אין דעם גרינעם רייף שיַין. — און קאָשמאַר־חלומות זעט איר? — און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער. — און איך זע אַ באַרג געלע סקעלעטן, ביינער און שאַרבנס, און פון אויבן, אויף אָט דעם באַרג, גוססט מיַין מאַן, דער טאַטע פון מיַינע קינדער . . . און איך זע

אויך זיך גיין מיט מײַנע קינדער צווישן צוויי שטיינערנע ווענט אין אַ פֿינצטערניש, ווו מײַן ברודער, מיכל, און מײַן שוועסטער, מירל, און מײַן פֿעטער יואלס טאָכטער, שולמית, און די דאָקטאָרין טאַטיאַנאַ ברוידע, אַלע האַלב נאַקעטע, די לײַבער און די פּנימער צעבלוטיקט, טאַנצן דאָרטן צווישן די שטיינערנע ווענט באָרוועסע . . . און אַרויף־צו, אויף אַ בערגל, שלאָגט פֿון אַ פֿאַס אַרויס אַ פֿײַער, און צוויי פֿאַרשווינען, זע איך, וואַרפֿן אַהין, אין דעם פֿײַער, אַ געהרגעטע פֿרוי אַרײַן . . .

און אָן אָפּשטעל, ווי גראָד איצט מוז זי אים דערציילן: — און שוין דאָ, בײַם אַרײַנגיין אַהער, אין קופּע, האָב איך אין דעם גרינעם קרײַז פֿינטלדיקער ליכט, אויך, פּלוצלינג, זיך דערזען אויף אַ באַרג נאַקעטע מתים ליגן . . . איז דאָס בײַ מיר אַ פֿאַרפֿאָלגונג־מאַניע?

— ניין, ניין. אונדזער לעבן איז איצטער דער קאָשמאַרישסטער חלום. די וועלט פֿאַלט אין אַ תּהום אַרײַן.

— ווי מיינט איר, רפֿאל, — פֿונעם אָנרופֿן אים בײַם נאָמען, פֿאַרמאַכן זיך אים די אויגן. — ווי מיינט איר, קאָן זיך דער מילחמה־פֿײַער אַריבערוואַרפֿן אויך אַהער־צו, קאָן דאָס זײַן, קאָן דאָס איצטער געשען?

— פֿאַרוואָס זאָל דאָס ניט קאָנען זײַן, פֿאַרוואָס זאָל דאָס ניט קאָנען געשען?

— ס׳איז דאָך אָבער צווישן זיי פֿאַראַן אַ פּאַקט!

— פּאַפּיר קאָן אַלצדינג אויסהאַלטן. באַזונדערס נאָך בײַ זיי . . . ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, ווער האָט עס געקאָנט גלייבן, אַז די צוויי אידעאָלאָגיעס, וואָס זענען געווען אויף מעסערשטעך, אַז זיי וועלן זיך נעמען קושן אין די פּיסקעס, אַז דער „אינטערנאַציאָנאַל" מיטן „דויטשלאַנד איבער אַלעס", אַז דער האַקנקרייץ מיטן סערפּ און האַמער . . .

— דאַרף איך דאָך טאַקע, און אָן שום צווייפֿל, פֿון דער נאָענסטער סטאַנציע זיך אומקערן אַהיים, צו מײַנע קינדער.

באַרויִקט ער זי: — אין אונדזערע טעג קאָן אַוודאי געשען, און ס׳קאָן זיך אַלץ טרעפֿן, אָבער די מילחמה־כמאַרע הענגט נאָך דערווײַל ניט איבערן קאָפּ. היטלער איז טאַקע אַ מטורף, מ׳דאַרף אים האַלטן אין

אַ משוגעים־העמדל, אָבער אַרײַנקריכן, ווי נאַפּאָלעאָן, און זיך פֿאַרפּלאָנטערן אין די רוסישע וועלדער, זינקען אין די שניי־זאַווע־רוכעס . . . דער מטורף וועט דאָך פֿאָרט פֿאַרשטיין, אַז ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מ'האָט דאָ פֿײַנט, בתכלית־השינאה, דעם פֿאָטער פֿון די פֿעלקער, אָבער פֿאַר רוסלאַנד, פֿאַר דער מאַמע־ערד, וועט דאָ אַפֿילו דער פֿאַרקנעכטעטער פּויער זיך שלאָגן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט . . . און רוסלאַנד איז צוויי און צוואַנציק מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער. רוסלאַנד איז ניט פּוילן, און אויך ניט פֿראַנקרײַך. אַוודאי האָט לאָגיק אין אונדזערע טעג קיין ווערט ניט. אַלע אידעאָלאָגיעס זענען רעליגיעס, און יעדע אמונה האַלט דאָך אַז איר גאָט איז אַ גאָט, און נאָר איר תּורה איז פֿונעם באַרג סיני . . . אַוודאי קאָן זיך אַלץ טרעפֿן, דאָך, מיין איך, מעגט איר רויק פֿאָרן קיין מאָסקווע. אײַערע קינדער זענען געוויס אויף געטרײַע הענט געבליבן.

— יאָ, אויף גוטע און געטרײַע הענט.

— טאַמאַראַ, וויפֿל קינדער האָט איר?

— פֿיר קינדער. אַ טאָכטער און דרײַ זין.

— ווונדער, און ווונדערלעך! אין אונדזער אומרויִקער, אַכזריותדיקער, און פֿאַרנעפּלטער צײַט.

— יאָ, גראָד אין אונדזער אומרויִקער, און גראָד אין דער אַכזריותדיקער, און גראָד אין דער געדיכט פֿאַרנעפּלטער צײַט, נאָך אַלע רדיפֿות און שחיטות, האָבן ייִדן געקאָנט זיך פֿאַרהיטן ווי אַ פֿאָלק, אויפֿשטעלנדיק נײַע דורות, און פֿאַרהיטנדיק די אמונה.

— איר זענט אַ גלייביקע?

— איך בין עזריאל מאַקאָווערס אַן אייניקל, און דעם נבֿיאָס, ירמיהו בן יוספס, אַ טאָכטער.

— און איר גלייבט אין אײַער טאַטנס נבֿיאות?

— יאָ!

— אײַערע קינדער, טאַמאַראַ, זענען געוויס זייער שיינע.

— די טאָכטער מײַנע איז אַ שיינע. זייער אַ שיינע. די זין זענען ניט קיין שיינע. דער מיזיניק איז גאָר אַ רויטער, און אַ קלײַנדיקער, אַפֿילו אום ווינטער. אַ גרויסער שטיפֿער, אַ שאָדן־ווינקל. אָבער אַלע זענען זיי פֿעיִקע, זייער פֿעיִקע.

— ניט נאָר פֿון איַיער קול, נאָר אויך פֿון איַיערע אויגן שלאָגט אַרויס אַ קוואַל ליבשאַפֿט צו זיי.

— ווי קאָן דאָס אַנדערש זײַן. מײַן לעבן איז דאָך אין זיי, אין מײַנע קינדער. איך האָב זיי געגעבן לעבן, און דאַרף זייער לעבן היטן . . . און וויפֿל קינדער האָט איר?

— איך האָב ניט קיין קינדער. איך האָב ניט חתונה געהאַט.

פֿון זײַנע רייד רײַסט זיך דאָ אַרויס פֿון איר אַ שווערער זיפֿץ: — אין וואָסער יאָר האָט איר זיך אומגעקערט פֿון דאָרטן?

— אין דעם יאָר פֿון גרויסן הונגער . . . — און דאָ טוט ער זיך פּלוצלינג אַ פֿרעג: — איר האָט געקאָנט די דיכטערין, טאַטיאַנאַ ברוידאַ?

— די דאָקטאָרין? יאָ. אין יענער שׂרפֿה־נאַכט, אין מיטן וועג, ווען כ׳בין געגאַנגען שווער צו קינד, האָט שאול זי געבראַכט צו מיר פֿונעם דאָרף. און פֿון וואַנען קענט איר זי?

— איך האָב זיך מיט איר געטראָפֿן דאָרטן, אויף סאָלאָווקי . . . אַ וווּנדערלעכער מענטש, און אַ וווּנדערלעך שיינע פֿרוי.

— און איר האָט זיך אין איר פֿאַרליבט?

— יאָ.

— און?

— און ווי פֿריִער. ווי מיט מײַן גרויסער ליבע צו טאַמאַראַ מאַקאָווער!

און געזאָגט האָט ער עס מיט אַזאַ טרויער, און מיט אַזאַ ייִאוש, אַז ס׳האָט איר פֿאַרקלעמט בײַם האַרצן. האָט זי זיך אויפֿגעהויבן, זײַן ווײַסן קאָפּ אַרומגענומען, און אַ קוש געגעבן. ער איז געבליבן זיצן, ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן. זי האָט נאָר אין זײַנע ברייט אויפֿגעריסענע אויגן דערזען טרערן. און מיט יענעם שאַרפֿן חוש, וואָס פֿון טאַטן אירן געירשנט, דערפֿילט און דערשפּירט דאָ, אַז מיט איר קוש האָט זי פֿון זײַן עלנט און ייִאושדיקער נשמה אַ באַגײַסטערט־פֿריידיקע טרער אַרויסגעשלאָגן. און אויך זי, טאַמאַראַ מאַקאָווער ווערט דאָ אויפֿגערעגט און פֿאַרלוירן, ווי פֿאַר אַ גרויסן און שווערן נסיון.

# ד.

און דערנאָך, שוין נאָכן אומקערן זיך פֿון וואַגאָן־רעסטאָראַן, וואָס איז פֿול געוועזן מיט אויסגעפּוצטע פֿרויען און מענער, פֿון די קאַרפּן־קעפּ, פֿון די געגנטלעכע פּאַרטיי־פּני, און אויך פֿון מיליטערלײַט, וואָס „האַלטן די גרענעצן אויפֿן שלאָס״: פֿון די, וואָס זענען על־פּי נס, פֿאַרבליבן נאָכן אומברענגען די מאַרשאַלן, גענעראַלן און ביז צו אַ קאָמאַנדיר פֿון אַ ראָטע, אין די טויזנטער . . . און אויך פֿון יענע, פֿון די שטיל־שפּרײַזנדיקע און שאַרף־זעענדיקע, פֿון די, וואָס זייערע פּנימער, זענען פֿאַר דער וועלט אָנגעטאָן אין לײַטישקייט, פֿון די גרויע מאַקינ־טאָשן אויף וועלכע ס'האַלט זיך די אכזריות־הפקרדיקע דיקטאַטור . . .

דאָרטן, אין דעם וואַגאָן־רעסטאָראַן פֿונעם עקספּרעס־יאָגנדיקן באַן, ווו באַשיידן, מיט וואָג און מאָס, ניט אויפֿרײַסן בײַ פֿרעמדע די אויגן, לאָזן זיי זיך דאָ ווילגיין, טרינקען שאַרפֿע געטראַנקען נאָר צום „אַפּעטיט״ . . . און די ראַדיאָלאָ שפּילט טשײַקאָווסקיס „האַרבסט״, דאָרטן, אין דעם סאַמע ווינקל, בײַם אָפּגעזונדערטן טישל מיטן שטיי־לאָמפּ, און אויך אונטער אַ גרינעם אַבאַזשור, זיצן זייביידע, טאַמאַראַ מאַקאָווער און רפֿאל וואַלאַך, שטילן דעם הונגער און פֿאַרטרינקען מיט שאַמפּאַניער ווײַן.

— שוידערלעך, שוידערלעך, — זאָגט זי צו אים. — ס'אַראַ אָנגעפּרעסענע און צופֿרידענע פּנימער, ווי ס'וואָלט גאָר אין לאַנד קיין מאָל קיין הונגער, קיין קאָלעקטיוויזאַציע, קיין פּראָצעסן, קיין מיליאָנען אַרעסטירטע, אומשולדיק־פֿאַרשיקטע מענטשן . . .

— טאַמאַראַ, פֿאַרגעסט ניט, אַז דאָ האָבן טאַקע די וועגנט אויערן. די וואָס דערלאַנגען און באַדינען אײַך, און מיט אַזאַ העפֿלעכקייט און זיסקייט, אָט די שיינע מיידעלעך מיט די אייבערלעך אויפֿן קאָפּ, זיי אַלע אַרבעטן בײַ זיי, גייען דאָרטן דורך ספּעציעלע קורסן. צווישן זיי זענען פֿאַראַן אויך ייִדישע טעכטער. דאָרטן דאַרף מען האָבן אויף אַלע שפּראַכן . . . יעדער אומגערן אַרויסגעזאָגט וואָרט, וואָס קאָן שאַטן דער דיקטאַטור, ווערט גערעכנט פֿאַר אַ שווערן פֿאַרברעכן: אַפֿילו אַ

וויסנשאַפֿטלעכער געדאַנק, וואָס איז ניט אין איינקלאַנג מיט ז״י, קאָן דיך פֿאַרוואַרפֿן אויפֿן ווײַטן צפֿון. דאָ, אין דעם לאַנד פֿון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, ווו דעם מענטש אָטעמט זיך אַזוי פֿרײַ . . . דאָ קאָן מען אומברענגען אין די טויזנטער געלערנטע, שרײַבער, פּאָעטן, זינגער, אַרטיסטן, מוזיקער, און פֿון אַלע פֿעלקער און שבֿטים . . . און דאָ, אַז ער דערזעט צום טישל גיין די באַדינערן, נעמט ער שוין רעדן צו איר, צו טאַמאַרען, אויף רוסיש:

— האַלט איר נאָך הײַנט אויך, ווי מיט פֿופֿצן יאָר צוריק, אַז דאָסטאָיעווסקי איז מערער רעאַליסט ווי טאָלסטאָי? אַז סטאַווראָגין איז אַ פֿולבלוטיקערע, אַ גײַסטיק רײַכערע געשטאַלט פֿון לעווינען? און אַז זי, נאַסטאַסיאַ פֿיליפּאָווונא, איז ווי אַ מענטש טיפֿער און, ווי אַ פֿרוי, אינטערעסאַנטער פֿון אַננאַ קאַרענינאַ? אַז אין ווראָנסקין קאָן מען זיך ביכלל ניט פֿאַרליבן, אַז ער איז פּשוט אַ „פּרו־פּרו״ אויף צוויי פֿיס . . .

— יאָ, — זאָגט זי — איבער אַזאַ, ווי ווראָנסקי, גיין וואַרפֿן זיך אונטער די באַן־רעדער? איבערלאָזן אַ קינד אָן אַ מאַמע, אָן איר וואַרעמקייט, אָן איר ניגון? ווער און וואָס קאָן פֿאַרבײַטן דער מאַמעס ניגון? איך בין געוואַקסן אָן דער מאַמעס ניגון . . . מײַן מאַמע האָט מיר איבערגעלאָזט איר נאָמען, טעמערל, און איר שרעקלעכן געשריי: „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער״ . . . און אויך איז אין מײַן נשמה פֿאַרבליבן דער געוויין פֿון מײַן טאַטן . . . — און דאָ, אַז יענע, די באַדינערין, מיטן אָנגעשטעלטן אויג און אויער, גייט אָפּ, און איז שוין פֿון זייער טיש ווײַט געווען, דאָ טרינקט זי מיט אַ מאָל אויס דעם האַלבן באָקאַל שאַמפּאַניער ווײַן:

— איך וויל — שרײַט זי כמעט אויס — איך וויל די פֿרייד פֿון לעבן, די פֿרייד פֿון דער ערד, די פֿרייד פֿון פֿרילינגדיקן ווינט . . . איך וויל פֿרייד, אָבער ניט אַננאַ קאַרענינאַס פֿרייד. ניין, ניט איר פֿרייד . . . איך וויל די פֿרייד פֿון נחן בײַם דערזען פֿון דער תּבֿה די טויב מיט איילבערט־בלאַט אין שנאָבל . . . איך וויל די פֿרייד פֿון נחן ווען ער האָט דערזען דעם רעגנבויגן, דעם צייכן פֿון גאָט, דעם אָנזאָג, אַז מער וועט שוין קיין מבול אויף דער ערד ניט זײַן. דער רעגנבויגן ווי אַ צייכן פֿאַר מענטשן און אויך פֿאַר אים אַליין, פֿאַר גאָט. איך וויל אין דער פֿינצטערער נאַכט פֿרייד, אַ רעגנבויגן פֿרייד! פֿרייד פֿון אַלע

קאָלירן . . .

און דאָ, אַז געכאַפּט זיך ווי פֿון די אַנטקעגנאיבערדיקע טישלעך דרייט מען שוין מיט נײַגער די קעפּ צו איר אויס, בלײַבט זי זיצן מיט יענעם טרוקענעם געוויין אין דער נשמה, וואָס באַפֿאַלט זי נאָך די קאָשמאַר־חלומות: און דאָ, אַז זי איז געבליבן אַזוי זיצן, דערפֿילט זי זײַן הייסע האַנט אויף אירער, און דערהערט זײַן קול:

— טאַמאַראַ, נעמט אײַערע קינדער און קומט צו פֿאָרן צו מיר, און אויב איר וועט וועלן אַוועקפֿאָרן אויך פֿון מאָסקווע, וועלן מיר פֿאָרן קיין סיביר, אויף אוראַל, קיין מיטלאַזיע, און פֿון דאָרטן, דורך פּערסיע, קיין ארץ־ישׂראל.

— און שאול? — פֿרעגט זי אים אַ דערשטוינט געוואָרענע. — און שאול? ער וועט דאָרט גוססן אויפֿן באַרג נאַקעטע מתים, אויף די געלע ביינער און שאַרבנס און איך, איך, איך?

און דערנאָך, אומקערנדיק זיך פֿון וואַגאָן־רעסטאָראַן — פֿאַרן אַרויסגיין, שוין שטייענדיקערהייט אָן אַ וואָרט צו זאָגן איינער דעם אַנדערן, אויסגעטרונקען, אָן פֿאַרבײַסן, די פֿולע באָקאַלן שאַמפּאַניער, און בײַם גיין צווישן די וואַגאָנען אויף די ווינטן, זײַן האַנט אין אירער גענומען, דעם קאָפּ אירן אין זײַן אַקסל אָנגעשפּאַרט, און אַז דערפֿילט ווי ער קושט אירע האָר, נעמט זי אים אַרום, דריקט זיך שטאַרק צו און מיט אירע ליפּן צו זײַנע, ווי צו אַ קוואַל, צוגעפֿאַלן . . . — זי האָט עס אָבער ניט פֿאַרגעדענקט, און ווען עמעצער וואָלט עס איר שפּעטער געזאָגט, וואָלט זי דאָס פֿאַר אַ בייזער אויסטראַכטעניש געהאַלטן.

און דאָרטן, אין וואַגאָן־קופּע, ווו יענע צוויי פּאַסאַזשירן, דאָס יונגע פּאָרל, זענען שוין אין דער טונקעלער שײַן אויף זייערע געלעגערס געלעגן, דאָרטן האָט זי, טעמערל מאַקאָווער, אינעם אָנטאָן, נאָר די טופּליעס פֿון די פֿיס אַראָפּגענומען, מיטן פּנים אַרויף אויף איר געלעגער זיך אַוועקגעלייגט, און אַ פֿאַרשיכּורטע, און פֿון דער באַן אַ פֿאַרוויגטע, אַנטשלאָפֿן געוואָרן, און שוין ביז צו טאָג ווערן געזען אים, שאולן, אויפֿן באַרג געלע סקעלעטן גוססן, און געהערט ווי ער רופֿט זי מיט די לעצטע כּוחות און בעט בײַ איר קומען אים צו הילף.

און בײַם טאָג שטעלן זיך, אַז אויפֿגעוועקט געוואָרן פֿון די ערשטע קאָסע פֿײַערדיקע שטראַלן, וואָס אונטער די ווי:עס איר פֿאַרקראָכן,

דערזען אים בײַם טישל זיצן און דעם קאָפּ אויף די הענט אָנגעשפּאַרט — דער קאָפּ, דאַכט זיך איר, איז אים פֿאַר דער נאַכט ווײַסער געוואָרן. פֿרעגט זי אים דערשראָקן:

— האָט איר זיך גאָר ניט געלייגט שלאָפֿן? — און מורא האָבנדיק פֿאַר זײַן ענטפֿער, פֿאַרלאָפֿן דעם וועג: — זענען מיר נאָך ווײַט פֿון מאָסקווע?

— ניין. אין אַ שעה אַרום. און וווהין פֿאַרפֿאָרט איר?

— פֿון וואַקזאַל פֿאָר איך גלײַך אין דער ענקאַוועדע, זיך דערוויסן צו וועמען דאַרף איך דאָרטן זיך קערן און ווענדן . . . איך וועל זיך נאָך הײַנט דערשלאָגן צו יענעם, וואָס קאָן מיר עפּעס זאָגן.

— טאַמאַראַ, צו דער אַרבעט דאַרף איך צוטרעטן אין דרײַ טעג אַרום. אָט די דרײַ טעג בין איך אין אײַער רשות. איך וועל גיין מיט אײַך וווהין איר וועט גיין. איך וועל אײַך באַגלייטן אַהין, וווהין איר וועט וועלן.

הייבט זי אויף אירע גרויסע פֿײַכט־פֿינקלענדיקע אויגן אויף אים און זאָגט: — רפֿאל . . . אָט די באַגעגעניש אונדזערע איז אונדז געגעבן געוואָרן, ווי אַ ברכה און ווי אַ קללה!. איך בעט אײַך, ענטפֿערט מיר אויף דעם גאָרניט. אויף דעם זענען קיין ווערטער ניטאָ.

— ניין, טאַמאַראַ, ניטאָ. די שפּראַך איז רײַך פֿאַר טעכניק, אָבער פֿאַר מענטשלעכע געפֿילן איז זי קליין, מיזערנע, מאָגער און שוואַך, שרעקלעך באַגרענעצט, און די ווערטער וואָס זענען פֿאַראַן, זענען שוין אויסגעדראָשענע, אַלטע, אָפּגעריבענע, איבערגעניצעוועטע און אָפּגעבליאַקעוועטע . . . און פֿונדעסטוועגן, טאָמער, און פֿאָרט . . . אויף אַזאַ באַגעגעניש האָב איך לאַנגע יאָרן געחלומט, געחלומט און ניט געגלייבט, אַז אַזאַ באַגעגעניש קאָן זיך ווען עס איז טרעפֿן. און אָט האָב איך אײַך באַגעגנט, פּנים אל פּנים, אויג אויף אויג, איך האָב געקאָנט אַ גאַנצע נאַכט זיצן און קוקן אויף אײַך . . .

— רפֿאל! איך בעט אײַך . . .

— האָבן מיר זיך יאָ באַגעגנט, הגם אין אַן עת צרה, אין אַ גרויסער יסורים־און פּלאָג־צײַט, אין אַ צײַט ווען די וועלט קײַקלט זיך באַרג אַראָפּ, און קיינער איז שוין ניט בכּוח אָפּשטעלן און פֿאַרהאַלטן, אין אַ צײַט ווען פֿעלקער פֿאַלן אונטער די רעדער פֿונעם וואָגן, אונטער די

געקאָוועטע קאַפּיטעס פֿון די פֿערד, אויף וועלכע ס'זיצן און טרײַבן אָן פּסיכאָפּאַטן, גײַסטיק קראַנקע . . . יאָ, אין אַ שווערער, אין אַ ביטערער צײַט האָבן מיר זיך געטראָפֿן, און דאָך . . . אונדזער באַגעגעניש, טעמערל, איז פֿאַר מיר ניט קיין קללה, נאָר אַ גרויסע ברכה מן השמים . . . ניין, מער קיין וואָרט וועט איר פֿון מיר ניט הערן! — און ער נעמט דאָ בײדע קופּערטס, זײַנעם און אירן, באַוואָרנט זיי דאָרטן, אויפֿן וואָקזאַל, ווו מ'היט זאַכן: און דערנאָך, בײַם אַרויסגיין אין דרויסן, אין דעם אויסגעזונטן פרילינגדיקן פֿרימאָרגן, כאַפּט ער אַ טאַקסי און פֿאָרט מיט איר אַהין, אין נ.ק.וו.ד. — צו דער פֿאַרצוק־חיה אין הייל אַרײַן.

נאָר דאָרטן האָט מען זי, טאַמאַראַ מאַקאָווער, נאָכן אָפּשטיין ביז האַלבן טאָג, אין צעטל פֿאַרשריבן און אַ קוויטל געגעבן אויף אויפֿגענומען צו ווערן אין אַכט טאָג אַרום, צען אַזייגער מיט פֿופֿצן מינוט אין דער פֿרי: ס'האָבן דאָ ניט געהאָלפֿן די רייד אירע, אַז זי איז פֿון ווײַט, פֿון די כערסאָנער סטעפּעס, פֿון אַ קאָלווירט אַהער־צו געקומען, איבערגעלאָזט דאָרטן פֿיר קינדער . . . און אויך זיי, אין דער ריי שטייענדיקע מענטשן, יונג און אַלט, מיט אויסגעלאָשענע האָפֿענונגען און טרוימען אין האַרצן, מיט פֿאַרשוואַרצט געוואָרענע פּנימער פֿון יסורים, און אויגן רויטע פֿון טרערן, אויך זיי האָבן אַ טומל אויפֿגעהויבן: ניט פֿאַרהאַלטן זיך בײַם פֿענצטערל, מ'האָט דיך פֿאַרשריבן, טאָ זײַ צופֿרידן, דאַנק גאָט, און גיי אַוועק!

פֿרעגט זי בײַ אים, אַז שוין אויף דער גאַס אַרויס, בײַ איר באַגלייטער, בײַ רפֿאלן וואַלאַך:

— וואַרטן אַכט טעג ביז מ'וועט מיר דאָ, ווי אַ נדבֿה, געבן אַ וואָרט וועגן שאולן? נאָך אַכט טאָג לאָזן אים, שאולן, גוססן אויף די ביינער און שאַרבנס?

— קיין אַנדער אויסגאַנג און אויסוועג, טאַמאַראַ, איז דאָך ניטאָ דאָ אין דעם לאַנד, ווו אין ערגעץ אָטעמט זיך ניט אַזוי פֿרײַ. סײַדן . . .

— ניין. קיין סײַדן קאָן שוין ניט זײַן. איך וועל דאָ וואַרטן, וואַרטן, וואַרטן . . . זײַט מיר מוחל פֿאַרן געשריי אויף דער גאַס, נאָר אַלע בלוטן שרײַען אין מיר . . . איך בין זייער און זייער אומרויִק, מיר דאַכט זיך, אַז איך שטיי שוין אויף פֿאַרן טויט . . . אַז איך גיי שוין

אַרום אויף די חורבות פֿון מײַן לעבן . . .

— איר דאַרפֿט זיך אָפּרוען. קומט מיר'ן נעמען אונדזער באַגאַזש.

ער באַמיט זיך ניט אָנצורופֿן זי בײַם נאָמען, ווײַל ווי נאָר ער רופֿט זי בײַם נאָמען אָן, אַזוי טוט זי אַ ציטער. נאָכן אָפּנעמען אויפֿן וואָקזאַל די קופֿערטן, נאָכן איבערבײַסן און אויסטרינקען צו צוויי גלעזער טיי, טאַקע דאָרטן, בײַם בופֿעט, ערשט דעמאָלטן טוט ער זי אַ פֿרעג: — וועמען האָט איר דאָ, אין מאָסקווע, און אויף וועלכער גאַס?

— מײַן מומע מילקעס אַ שוועסטער, וואָס וווינט איצט אין מאָסקווע. אַמאָל האָט זי געלעבט אין קיעוו, און ווען מײַן שטיפֿמאַמע, מילקע, האָט זיך דאָס לעבן גענומען, ווײַל מיט קיין פֿאַרפֿרוירן קינד אין האַרצן קאָן מען ניט אַרומגיין אויף דער ערד . . . נאָך איר טויט האָט אונדז ביידן, מיך און מירלען, פֿיריאָריקע קינדער, צוגענומען צו זיך איר שוועסטער, אויך אַ רײַכע, און אויך אַ עקרה געווען. מיר האָבן בײַ איר געלעבט יאָרן. זי האָט אונדז דערצויגן, געלערנט. מיר האָבן זי גערופֿן מאַמע. און זי איז טאַקע געווען פֿאַר אונדז אַ מאַמע . . . איך בין דערנאָך אַוועקגעפֿאָרן צו מײַן פֿעטער מנחמען. מײַן שוועסטער, מירל, איז פֿאַרבליבן דאָרטן, אַרײַן אין קאָמסאָמאָל, חתונה געהאַט פֿאַר אַ רוסישן קאָמוניסט. ביידע זענען זיי פֿון לעבן אַרויסגעריסן געוואָרן, וווּהין זייער קינד איז אַהינגעקומען ווייסט קיינער ניט . . .

— זי דאַרף דאָך שוין זײַן אין טיפֿן עלטער, אײַער אַמאָליקע מאַמע.

— בײַ די פֿינעף און זיבעציק יאָר.

— האָט איר פֿאַרן אַרויספֿאָר איר אָנגעשריבן?

— ניין.

— האָט איר טעלעגראַפֿירט און באַקומען אַן ענטפֿער?

— ניין, נאָכן חלום, ווו איך האָב געזען שאולן ליגן אויפֿן באַרג געלע סקעלעטן און הערן זײַן קול, און איך האָב דאָך זייער קלאָר געהערט זײַן קול, געהערט ווי ער רופֿט מיך מיט זײַנע לעצטע כּוחות קומען אים צו הילף . . . האָב איך אַלץ און אַלעמען, מײַנע קינדער געוואָרפֿן, און זיך געלאָזט פֿאָרן.

— און ווען האָט איר דעם לעצטן בריוו פֿון איר באַקומען?

— שוין אַריבער אַ האַלב יאָר.

נעמט ער פֿון אירע הענט דעם קאָנווערט מיטן אַדרעס: — אײַער

אַמאָליקע מאַמע וווינט זייער ווײַט פֿונעם צענטער. ס'דאַרף זײַן ערגעץ־ווו אין דער זײַט פֿון לענינגראַדער שאָסיי, שוין הינטער מאָסקווע. אָבער מיר וועלן זיך אַהינצו דערקלײַבן.

— ניין, — זאָגט זי פּלוצעם, און מיט אַן עקשנותדיקייט, וואָס קאָן ניט געבראָכן ווערן. — איך וועל שוין אַליין אַהין־צו פֿאַרפֿאָרן.

אין זײַן געטרײַשאַפֿט און איבערגעגעבנקייט, און אין זײַן אויפֿפֿירונג פֿילט זי ניט קיין שום פֿאַרבאָרגענע כּוונה, קיין שום פֿאַלשן אָנשטעל, און טאַקע דערפֿאַר, און אין איר אַליין־און עלנטקייט, דערצו נאָך דאָ, אין דער גרויסער און טומלדיקער בּבֿל־שטאָט, הייבט אָן זײַן פֿאַרלויפֿן איר דעם וועג, זײַן השגחה איבער איר, וואָס ווײַטער אַלץ מערער צו שרעקן זי. זי ווערט דאָ פֿאַר אַזאַ נסיון געשטעלט, וואָס נאָך פֿאַר אַזאַ אין איר לעבן ניט געשטאַנען. אָט דער שיינער און שטאַלטנער מאַן מיטן פֿון יסורים ווײַסן קאָפּ געקרויזטע האָר, אָט דער רפֿאל וואַלאַך, וואָס איז איר אַמאָל געפֿעלן געווען, ער הייבט אָן מיט זײַנע טונקל־גראָע, אָפּט שוואַרץ־געוואָרענע אויגן, ניט נאָר אין האַרצן, נאָר אויך אין איר נשמה אַרײַנגיין. זי וועט שוין באַלד ניט קאָנען, ניט אומשטאַנד זײַן צו אָפּטיילן זיך פֿון אים . . .

— ניין, — זאָגט זי מיט ניצחון, אַפֿילו מיט פֿאַרביסנקייט. — ניין, איך וועל שוין אַליין אַהין פֿאַרפֿאָרן. דער טאַקסיסט וועט אַהין־צו דעם וועג און די שטוב געפֿינען. איך בין אײַך, רפֿאל, זייער און זייער דאַנקבאַר . . . אַוודאי, אָט דאָס ווײַטע און פֿרעמדע וואָרט „דאַנקבאַר", גיט ניט איבער קיין הונדערט חלק פֿון מײַנע געפֿילן . . . און איר קערט עס געוויס פֿילן!

— יאָ, און איך פֿאַרשטיי. אָבער איך קאָן דאָך אײַך אַליין ניט איבערלאָזן ביז כ'וועל ניט וויסן, אַז איר האָט אַ דאַך איבערן קאָפּ. און אויב איר וועט דאָרטן, אויף אײַער אַדרעס, קיינעם ניט טרעפֿן, וווּהין וועט איר זיך דעמאָלטן אַהינטאָן?

קוקט זי אויף אים מיט פֿאַריבל, אַפֿילו מיט פֿאַרדראָס, ווי ער וואָלט זי דאָ אין אַ ווינקל פֿאַרטריבן, פֿון וואַנען זי האָט ניט קיין אויסוועג: זי האָט וועגן דעם ניט געוואָלט טראַכטן. ווען זי טוט דאָרטן, אויפֿן סטעפּ, וועגן דעם אַ טראַכט, וואָלט זי באַדאַרפֿט אָפּלייגן די נסיעה. אַוודאי קאָן אויך אַזעלכס געשען . . . זי איז דאָך אין הויכן עלטער. אין איר

לעצטן בריוו האָט זי געשריבן, אַז די כוחות גייען איר אויס, אַז זי פֿאַרלירט לחלוטין דעם זיכּרון, שוין דעם צווייטן טאָג לייענט זי דאָס ערשטע זײַטל פֿון „אײַוועגנאַ״ און ווייסט ניט וועגן וואָס סע שרײַבט זיך דאָרטן. און אויף אירע, טעמערלס, דרײַ בריוו, קיין ענטפֿער שוין ניט באַקומען. אין זײַנע רייד ליגט דאָך אַ ביטערער אמת: זי קאָן אַהין־צו קומען, טעמערל, און די „אַמאָליקע מאַמע״ דאָרטן ניט טרעפֿן . . . און וואָס וועט זי אין אַזאַ מצבֿ אַליין טאָן, און וווּהין וועט זי זיך קאָנען דעמאָלטן אַהינטאָן?

און זיי פֿאָרן ביידע — קיין אַנדער ברירה פֿאַר איר ניטאָ — און אַלץ ווײַטער פֿון דער שטאָט אַרויס, און שוין בײַם הויכן אָנשיט פֿון דער אײַזנבאַן־ליניע, געפֿינען זיי די אַלטע הילצערנע שטוב אונטערן גרין־מאָכיקן שינדלדאַך, וואָס איז פֿול מיט וואָרקנדיקע טויבן אויף דער סופֿטאָגיקער זון, און אין הויף, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ רויט־געפֿאַרבטן שטאַכעטן־פּלויט, בײַ דער בודע, אויך אין רויטן געפֿאַרבט, בילט אַ גרויסער געל־האָריקער הונט, און רײַסט זיך פֿון דער קייט. פֿאַר די פֿענצטער בליִען בעזביימלעך, און אַרויף־צו, פֿון יענער זײַט גאָרטן, אין דעם יאָדלע־וועלדל, ווײַסט זיך דאָרט אויפֿן צווינטער אַ נײַער צלם. און אָט דער ווײַסער צלם טוט איר מיט אַ מאָל, טעמערלען, ביז ווייטיק אַ קלעם בײַם האַרצן.

ענדלעך, אויף זייער רופֿן, קומען אויפֿן גאַניקל אַרויס צוויי אַלטע לײַט, ער, אַן אײַנגעבויגענער, אויף אַ שטעקן אָנגעשפּאַרט, דרייט מיט די פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט די אַראָפּהענגענדיקע קאָזאַקישע וואָנצע, וואַרט ביז די ווײַב וועט אײַנשטילן און פֿאַרטרײַבן דעם הונט אין בודע, און דערנאָך פֿרעגט ער:

— צו וועמען זענען מענטשן געקומען?

— צו דעבאָראַ מיכײַלאָווּנאַ.

— נאַסטיאַ, טשויעש? דו הערסט?, מ׳איז געקומען צו דעבאָראַן . . .

— און דער אַלטער שלעפּט דאָ אַרויס פֿון אונטער דער אויסגעניייטער העמד אַ לעדערן טאָרבעלע, נעמט פֿון דאָרטן אַרויס און טוט אָן די ברילן, קוקט לאַנג אויף די צוויי אַרײַנגעקומענע אין זײַן הויף, און צלמט זיך איבער:

— שוין באַלד זעקס וואָכן, אַ יאָ, נאַסטיאַ, ווי זי איז אַוועק אין איר

אייביקער רו. בײַנאַכט, פֿאַרן טויט, האָבן מיר פּלוצלינג דערהערט ווי זי שפּילט אויף דער פּיאַנינאָ. העכער אַ יאָר ניט געהערט זי שפּילן . . . דעם הימלשן קיניגרײַך זאָל זי האָבן!

— אָן־אָ דאָרטן, — ווײַזט די אַלטע מיטן פֿינגער. — אָן־אָ, דאָרטן, אויף די מאָהילקעס, האָבן מיר זי באַהאַלטן. איר זעט דעם נײַעם צלם? דאָרטן איז איר קבֿר.

— זי איז געווען עלנט און שטום, ווי אַ פֿיש, — גיט צו דער אַלטער.

— ני בראַטאַ, ני סוואַטאַ און וואָס גייט איר זיך מיט איר אָן?

— אַ שטיפֿטאָכטער. קאָנען מיר זען ווו זי האָט געלעבט?

— און פֿאַרוואָס ניט? נאַסטיאַ, עפֿן זיי די טיר.

און די אַלטע טראָגט פֿון שטוב אַרויס אַ שליסל, פֿירט זיי צום הײַזל, צו דער „מאַזאַנקע”, וואָס הינטער דער שטוב צוגעטוליעט אויף ניט אומצופֿאַלן, נעמט אַראָפּ דעם שלאָס, עפֿנט די סקריפּענדיקע טיר, און זיי גייען אַהין אַרײַן, אין דעם צימערל, ווו די סטעליע ליגט ממש אויפֿן קאָפּ: בלײַבן זיי שטיין אין דעם געדיכט־פֿאַרדעמפּטן ריח, ווו די סופֿטאָגיקע זון באַלײַכט די ניט פֿאַרבעטע בעט, דאָס טישל אויף וועלכן ס׳שטייען אין אַ קריגל פֿאַרטרוקנטע פֿעלד־בלומען, דעם קאַסטן מיט די אײַזערנע רייפֿן, און די פּיאַנע מיט די צוויי קאָלירטע האַלב־אויסגעברענטע ליכט, און די אָפֿענע בלאַט נאָטן פֿון שאָפּענס צווייטער סאָנאַטע.

— זי האָט פֿאַרן טויט, — זאָגט טעמערל מאַקאָווער מיט טרערן אין די אויגן. — פֿאַרן טויט האָט זי געשפּילט שאָפּענס טרויער־מאַרש. בײַם אַרויסגיין פֿון לעבן האָט זי זיך אַליין באַגלייט אין קבֿר אַרײַן. און אפֿשר איז דאָס אויך אַ גליק . . . — און מיט אַ ווײַס געוואָרענעם פּנים, ווי פֿון עפּעס מיט אַ מאָל אָנגעפֿאַלענעם פּחד, זעצט זי זיך אַוועק צום קלאַוויר, שפּילט אָפּ דעם גאַנצן טרויער־מאַרש, און נאָך דעם עפֿנט זי אויף דעם קאַסטן, געפֿינט דאָרטן צווישן דעם אַלטוואַרג אַ בלעך־קעסטעלע מיט בריוו און פֿאָטאָגראַפֿיעס, גיט עס איבער רפֿאלן וואַלאַך, זאָגט די צוויי אַלטע לײַט, וואָס שטייען בײַ דער אָפֿענער טיר, אַז אַלץ דאָס איבעריקע בלײַבט איבער פֿאַר זיי, און לאָזט זיך פֿון דעם שטיבל גיין, דורכן גאָרטן, צום נײַעם צלם, וואָס ווײַסט זיך פֿון דעם יאָדלע־וועלדל אַרויס.

# ה.

און דאָרטן, אויפֿן צווינטער, בײַם ווײַסן צלם, פֿון צוויי ניט געטעסעטע בערעזע־דרענגלעך צונויפֿגעקלאַפּט, אָן אַ נאָמען, ווי ס׳וואָלט גאָר דאָ, אונטער אָט דעם צלם, קיין בר־מינן ניט געלעגן, פֿאַלט זי צו, טעמערל מאַקאָווער, מיטן פּנים צום בערגל ערד, וואָס איז שוין מיט גראָז פֿאַרוואַקסן געוואָרן, קיין קול הערט מען פֿון איר ניט, ס׳טרייסלען זיך איר נאָר די אַקסלען . . . מיט אַ מאָל הייבט זי זיך אויף, קוקט ווי די זון פֿאַרגייט, און נעמט פּלוצעם רעדן צו אים, צו רפֿאלן וואַלאַך, וואָס שטייט הינטער איר:

— מיט פֿופֿצן יאָר צוריק, בײַם אַרויספֿאָרן מיט די איבערוואַנדערער פֿון שטעטל, שוין נאָכן דורכפֿאָרן דעם בית־עלמין, האָב איך דעם שווער מײַנעם געבעטן אָפּשטעלן די פֿערד, פֿון וואָגן אַראָפּ. איך בין דעמאָלטן געווען אין לעצטן חודש, און געלאָזט זיך אויף קריק גיין איבער די וועסנע־וואַסערן צום הייליקן אָרט. איך האָב געוואָלט זײַן אויף קבֿר־אָבֿות . . . און פּלוצלינג האָב איך דאָרט בײַם שוואַרצן וואַלד דערזען אַ הילצערנעם צלם, אין דער זײַט ברענט אַ שײַטער און איך . . .

— און וואָס איר?

— קומט, רפֿאל, די נאַכט פֿאַלט צו, איך בין שרעקלעך מיד. פֿירט מיך וווּהין איר ווילט.

— טאַמאַראַ, די טאַקסי וואַרט אויף אונדז.

— גוט. איך בין שוין ניט בכוח צו גיין . . . ווי שטיל ס׳איז דאָ אויפֿן צווינטער, ווי שיין ס׳פֿאַרגייט די זון! אָבער די צוויי צונויפֿגעקלאַפּטע צווײַגן, אָט דער בערעזעווער צלם, שרעקט מיך . . . איך הויב שוין אָן צו זען ניט די פֿאַרגייענדיקע זון, נאָר אַ שײַטערפֿלאַם איבער דער ערד . . . קומט!

און אויפֿן וועג צום אויטאָמאָביל, בײַם אַרויסגיין פֿונעם יאָדלע־וועלדל, ווו ניט נאָר די שטאַמען, נאָר אויך די גרינע קרוינען באָדן זיך

אין גינגאָלדענעם פֿײַער פֿון שקיעה, זאָגט זי אים:

— דער טרויער גיסט זיך שוין איבער די ברעגן פֿון מײַן נשמה. מער קאָן איך שוין ניט . . . ניט נאָר שאולן זע איך גוססן אויף אַ באַרג ביינער און שאַרבנס, נאָר אויך זיך אַליין זע איך . . . רפֿאל, איך וויל פֿרייד, איך וויל אַ רעגנבויגן פֿרייד, איך וויל אַ רעגנבויגן לעבן . . . פֿירט מיך כאָטשבי אין אַ ציגײַנערישן טאַבאָר, בײַ זיי, בײַ די ציגײַנער, גייט אויך אויף די פֿרייד פֿון טרויער, בײַ זיי פּלאַצן די סטרונעס אויף די פֿידלען פֿון צאָרן.

— מאָרגן, טאַמאַראַ, וועלן מיר גיין אין „ראָמען", אין ציגײַנער־טעאַטער.

— ניין, רפֿאל, ניין, הײַנט נאָך פֿאָר איך אַהיים, צו מײַנע קינדער . . . אונטער איין דאַך קאָן איך מיט אײַך שוין ניט בלײַבן. פֿירט מיך צום וואָקזאַל. שאולן וועל איך דאָ, אין אָט דעם סדום, מיט גאָרניט ניט קאָנען העלפֿן . . . איך האָב אײַך ליב, רפֿאל וואַלאַך, איר זענט אַ וווּנדערלעכער מענטש, און דאָס וויכטיקסטע פֿאַר מיר: איר זענט אַ גײַסט־מענטש . . . מיר קוקן ביידע אויף דער וועלט מיט איינע און די זעלביקע אויגן. איך וויס, איך ווייס, ווי איר האָט מיך ליב . . . איך גלייב, אַז איר ווילט מיך נעמען מיט מײַנע פֿיר קינדער, אָבער אין דער צײַט ווען ער, שאול, איז דאָרטן, אין דעם גיהנום . . . — און זי איז טאַקע, טעמערל מאַקאָווער, אין יענעם אָוונט אַוועקגעפֿאָרן. אַהיים, צו אירע קינדער.

און דערנאָך, אומקערנדיק זיך אַהיים — בײַם וואַגאָן־פֿענצטער געזעסן און אין דער פֿינצטערניש אַרײַן, ערגעץ אַרויף, צו די הייכן געקוקט, ווו דער מולד־האָרן האָט דעם שוואַרצן הימל דורכגעשטאָכן: און אַז סוף־כּל־סוף, שוין צו־פֿאַרטאָג־צו אײַנגעדרימלט, באַלד דערזען אים, שאולן, אויפֿן באַרג געלע סקעלעטן, נאָר שוין אַ שטילן, אָן אַ קול, אַ פֿאַרגליווערטן, דער קאָפּ מיט אַ בליציק־בלאָוון פּרירטוי באַדעקט, און מיט אַן אַראָפּהענגענדיקער האַנט ליגן . . .

בײַם אומקערן זיך אַהיים, אַ צעטומלטע, אַ דערשראָקן־שולדיקע, ווי זי וואָלט בײַ שאולס גסיסה געשטאַנען, און אים צו הילף ניט געקומען . . . ניט וויסנדיק, וואָס וועט זי קאָנען ענטפֿערן אויף אַלעמענס אָנגעשטעלט־פֿרעגנדיקע אויגן: וואָס האָסטו דאָרטן, אין

מאָסקווע, אויף איין פּוס, פֿון וועגן שאולן זיך דערוווּסט? דו, טעמערל, דו ביסט דאָך געלאָפֿן אַהין־צו, קיין מאָסקווע, נאָך דײַן שרעקלעכן חלום, נאָך דײַן זען אים, שאולן, גוססן אויף אַ באַרג מענטשלעכע ביינער און שאַרבנס: דו ביסט דאָך געלאָפֿן אַהין־צו און געוואָלט איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל דערוויסן זיך פֿון וועגן דײַן מאַן, פֿון וועגן דעם טאַטן פֿון דײַנע קינדער . . . טעמערל, — וועלן זייערע אויגן, די אויפֿגעריסענע פֿון שרעק און פֿאַרחידושטקייט, זי פֿרעגן בײַם אַריבערטרעטן דעם שוועל פֿון דער שטוב:

— טעמערל, דו ביסט דאָך געלאָפֿן אַהין דורכברעכן די אַכזריותדיק־שווײַגנדיקע וואַנט, הינטער וועלכער ס׳געפֿינט זיך דער ספֿר־החיים און דער ספֿר־המוות פֿון די, וואָס זענען ווי סמיקער ווילד־גראָז, ווי „שׂונאים פֿון פֿאָלק״ אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון לעבן! — און ער וועט דאָ, דער שווער אירער, אַרײַננעמען די ווײַסע באָרד אין דער רעכטער האַנט, אויפֿהייבן די אויגן צום הימל, און זאָגן אויף אַ קול:

— ריבונו של עולם, צוויי שוואַרצע רוצחים, איינעם אין מיזרח, דעם צווייטן אין מערבֿ, האָסטו אויף אונדזער לעבן אָנגעשיקט, און ווו איז, גאָטעניו, האַרציקער פֿאָטער, דער מקום־מיקלט פֿאַר אונדז? ווו? ווו?

שוין בײַם אַרײַנפֿאָרן — מיט דער איבערגעכאַפּטער פּור פֿונעם שכניש־אוקראַינישן דאָרף — אין יישובֿ אַרײַן און געטראָפֿן דאָרטן די טיר פֿון דער קוזניע פֿאַרמאַכט, הגם נאָך האַלבן טאָג, שוין נאָך וואַרמעס־צײַט, און מ׳הערט ניט פֿון איר, פֿון דער קוזניע, קיין מינדסטן קלאַנג: און אויך די טיר פֿון דער סטעלמאַכערײַ איז אויפֿן שלאָס גענומען, האָבן איר דאָ, טעמערלען מאַקאָווער, די צוויי צוגעמאַכטע טירן מיט אַ מאָל, ווי אַ וויסטע בשׂורה אין האַרצן אַ זעץ געטאָן.

און דערצו נאָך דעם גאַנצן וועג איבערן יישובֿ, ביז צו דער שטוב, אין ערגעץ קיין איין קינד אירס צווישן די זיך שפּילנדיקע קינדער ניט געזען. דערבײַ אָבער באַמערקט, אַז די אַנטקעגנגייענדיקע, די גוט באַקאַנטע אירע, קערעווען אָן אַ זײַט אַראָפּ און מײַדן זי אויס. האָבן די פּיס זיך איר אָנגעהויבן אונטערברעכן, קוים צו דער שטוב זיך דערקליבן, דאָס קופּערטל אויפֿן גאַניקל אַוועקגעשטעלט, דעם שוועל אַריבערגעטראָטן, און געבליבן דאָרטן אַ פֿאַרגליווערטע שטיין: דער

שוועל און די שוויגער, דער פֿעטער נחמן און די ווײַב זײַנע, די מומע חיה, זיצן אויף דער ערד, אין די זאָקן, און אַרום זיי די פֿיר קינדער אירע.

און זיי, די קינדער אירע, ווי נאָר זי, די מאַמע, דעם שוועל דערזען אַריבערטרעטן, האָבן זיי זיך מיט אַ ווילדער פּרייד צו איר אַ וואָרף געטאָן — פֿון די פֿיס זי שיער ניט אומגעוואַלגערט. די אַלטע האָבן געשוויגן, גאָרניט ניט געפֿרעגט. איר פּנים, באַזונדערס די אויגן אירע, האָבן שוין אָן אַ קול פֿון איר נשמה געשריִען . . . נאָכן קושן און האַלדזן זיך מיט די קינדער, האָט זי פֿון שאַפֿע דעם שוואַרצן שאַרף אַרויסגענומען, אויפֿן פּונעם וועג פֿאַרשטויבטן קאָפּ אַרויפֿגעוואָרפֿן, די שיך אויסגעטאָן, און זיך אויך אויף דער ערד שיבֿעה נאָכן מאַן, נאָך שאולן, אַוועקגעזעצט. נאָר דאָ האָט זיך דער שווער, מנחם מאַקאָווער, אויפֿגעהויבן, פֿון דער פּאָליצע דעם מעסער גענומען, זיך אָנגעבויגן צו איר, צו טעמערלען, איר קאָפּטל אײַנגעשניטן, און געריסן אויף איר קריעה. ערשט דאָ האָט זי, טעמערל, דעם פּנים אין די הענט אירע באַהאַלטן און וויגנדיק זיך שטיל צעוויינט.

און קיינער, אַפֿילו די קינדער, באַרויִקן זי ניט. אַפֿילו ער, דער פֿינעפֿיאָריקער, ירמהלע, זיצט צוגעטוליעט צו דער מאַמעס שטיל, ווי אויך ער וואָלט פֿאַרשטאַנען דעם גרויסן אומגליק, וואָס דאָ איז געשען, און ווייסט, אַז מיט עפּעס־וואָס טרייסטן קאָן מען דאָ ניט. נעכטן אין דער פֿרי, ביים באַקומען דאָס בריוול, אַז זײַן טאַטע איז געשטאָרבן, און די באָבע פּייגע האָט מיט אַ געוויין אויסגעבראָכן, נעכטן אין דער פֿרי האָט ער ביים זיידן, וואָס איז תּיכּף פֿון דער קוזניע אַהיים געקומען, געפֿרעגט:

— זיידע, וואָס הייסט געשטאָרבן? און ווי אַזוי שטאַרבט מען?

— פֿאַראַן, מײַן קינד, ניט איין טויט . . . דײַן טאַטן האָט מען אומגעבראַכט.

— מײַן טאַטן, וואָס הענגט אויף דער וואַנט? וואָס הייסט, זיידע, אומגעבראַכט? און פֿאַר וואָס האָט מען אים אומגעבראַכט?

— פֿאַר גאָרניט, מײַן קינד, פֿאַר גאָרניט. פֿון רשעות . . .

— און וואָס איז דאָס אַזוינס, זיידע, רישעס?

— וועסט אויסוואַקסן, ירמהלע, וועסטו דאָס דעמאָלט פֿאַרשטיין.

— און מ׳וועט מיך לאָזן אויסוואַקסן?

און דער זיידע, מנחם מאַקאָוועך, ווערט דאָ פֿונעם קינדס לעצטער שאלה אויפֿגעציטערט: — גאָט איז מיט דיר, מײַן קינד! גיי, ירמהלע, גיי אָנקאָרמעווען די הינדעלעך, נאַ, גיי און שיט פֿאַר זיי אויס פֿון טעפּעלע דאָס ביסל הירזש.

אין יענע טעג פֿון שיבֿעה־זיצן האָבן די מאַקאָוועך געהאַלטן אין איין קלערן און טראַכטן, געוואָלט פֿאָרט דערגראָבן און דערקלײַבן זיך צו דער סיבה, געוואָלט געפֿינען כאָטשבי אַ פֿאָדעם, וואָס זאָל פֿירן צום „פֿאַר וואָס" מ׳האָט אים, שאולן, דעם ערלעכן און הערלעכן, דעם טאַטן פֿון פֿיר קינדער אומגעבראַכט. אַוודאי וועט ער, מנחם, און דער ברודער זײַנער, נחמן, טון פֿאַר טעמערלען מיט די קינדער אַלצדינג, וואָס מ׳וועט נאָר אין שטאַנד זײַן. אָבער זיי זענען דאָך ניט קיין אייביקע. די יאָרן נעמען זייערס, די כּוחות מינערן זיך און פֿאַלן. זיי וועלן דאָך דעמאָלטן, טעמערל מיט די קינדער, בלײַבן אָן אַ שום אָנשפּאַר, ווי אויפֿן וואַסער.

— מנחם, אַ קללה פֿון הימל איז געפֿאַלן אויף אונדזער מישפּחה, אויף די מאַקאָוועך. — אַ קללה . . . אונדזער מאַמע איז פֿאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין דעם טאָג פֿון דער טאָכטערס חתונה; דעם טאַטן, דעם צדיק, האָבן די גוים אָפּגעשלאָגן די לונגען; די שוועסטער אונדזערע איז בײַם האָבן דעם צווילינג, אין יענער שׂרפֿה־נאַכט, געשטאָרבן אין וואַלד אויפֿן וואָגן; דער ברודער תּנחום איז געהרגעט געוואָרן בײַם ראַטעווען דאָס קינד, טעמערלען, פֿון די רוצחישע בלוטיקע הענט; דעם נבֿיא, דעם פֿאָטער פֿון די דרײַ יתומים, האָט ניקאָלײַ דער צווייטער אין סיביר געשאָסן; דעם נבֿיאס און מילקעס קינד איז אין דער זאַווערוכע פֿאַרפֿרוירן געוואָרן; מילקע האָט זיך דאָס לעבן גענומען. זיי, אונדזערע קינדער, מיכלען, שאולן, זיי האָט שוין ער, דער גרויסער פֿאָטער, אומגעבראַכט . . . מנחם, ברודער, ווען וועט שוין צו אָט דער טויט־קללה נעמען אַ סוף?

מנחם מאַקאָוועך רייכערט דעם ליולקע ציביק, וואָס פֿון טאַטן געבליבן, קוקט אין סטעפּ אַרײַן, ווו די זון זעצט זיך אין די געדיכטע ווייצן, וואָס הייבן שוין אָן צו זאַנגלען זיך, און זאָגט:

— דער בעל־תּשובֿה אונדזערער, מיכל, האָט מיר דעמאָלטן, ווען

ער איז ווידער פּלוצלינג אַהער־צו שוין אויפֿן סטעפּ, צו אונדז אויף אַ פּאָר שעה אַראָפּגעפֿאַלן, וואָס ער האָט שוין דעמאָלטן דאָ געוואָלט האָבן, און וואָס ער האָט שוין דעמאָלטן דאָ באַדאַרפֿט, בלײַבט פֿאַר מיר ביז הײַנטיקן טאָג אַ פֿאַרשלאָסענער סוד . . . אָבער דעמאָלטן, פֿאַר זײַן אַוועקהינקען ווײַטער מיטן שטעקן איבערן סטעפּ, האָב איך אים געפֿרעגט:

— מיכל, דו האָסט מיר דעמאָלטן, אין וואַלד, אין יענער נאַכט ווען דו האָסט זיך באַגעגנט מיט ראובֿן ראַפּעסעס טאָכטער, מיט דער דאָקטערשע . . . אין יענער נאַכט האָסטו מיר אַ זאָג געטאָן: „דעם בדמיך חיי האָבן די ייִדן פֿאַרדינט", וואָס האָסטו געוואָלט דערמיט זאָגן? גיי ניט אַוועק, מיכל, איך וואָלט דאָס וועלן פֿון דיר הערן! איז ער געבליבן שטיין און מיר געענטפֿערט:

— ייִדן טראָגן אויף זייער נשמה די שולד פֿון אויסהרגענען די זיבן פֿעלקער פֿון כנען, און פֿאַרן פֿאַרנעמען זייערע פֿאַרבלוטיקטע ערדן . . . דאָס בלוט פֿון די זיבן פֿעלקער, דאָס בלוט פֿון די זקנים, פֿון ווײַבער און קינדער, אנשים, נשים וטף . . . אָט דאָס אומשולדיקע בלוט ליגט אויף אַלע דורות ייִדן . . . דאָס לאַנד כנען . . .

— מיכל, — האָב איך קוים אַרויסגערעדט. — מיכל, דאָס לאַנד האָט דאָך דער אייבערשטער צוגעזאָגט אברהמען, יעקבן . . . פֿאַר זייערע קינדער, פֿאַרן פֿאָלק ישׂראל!

— דאָס האָבן שוין די שפּעטערדיקע צוגעטראַכט, — האָט ער מיר געענטפֿערט. — דאָס האָבן שוין זיי, די שפּעטערדיקע, געזוכט אַ תּירוץ, אַ הצטדקות . . .

— מיכל, — האָב איך אויסגעשריִען, — מיכל!

— ייִדן קומען אָפּ מיטן קלאַפּן זיך אין האַרצן, ומפּני חטאינו . . . און איך, פּעטער מנחם, איך קניפּ צונויף דעם ומפּני חטאינו מיט דעם בדמיך חיי! פּעטער מנחם, דער חד גדיא איז ניט אַ לידל אויף צו זינגען בײַם פּסחדיקן סדר, דער חד גדיא איז דער בלוטיקער גאַנג פֿון דער וועלט, וואָס השם יתברך האָט באַשאַפֿן! — און ער איז אויף גיך אַוועקגעהונקען מיטן שטעקן איבערן סטעפּ. אויף מײַן רוף האָט ער זיך שוין ניט אָפּגעשטעלט.

— מנחם, ברודער, אַ קעלט נעמט מיך דורך. דאָס איז דאָך שוין ניט

נאָר אַפּיקורסות, נאָר כּפירה, כּפירה בעיקר! מנחם, ברודער, ער איז געווען, מיכל, אַ פֿאַרשטעלטער?

— נחמן, מ׳דאַרף זיך שטעלן דאַוונען מינחה, די זון פֿאַרגייט! אויך הײַנט וועל איך זאָגן קדיש נאָך מײַן זון אָן אַ מנין. דו, נחמן, דו ביסט דער גאַנצער מנין. דער־וואָס־לעבט־אייביק וועט מײַן קול פֿון סטעפּ דערהערן . . . — און אויפֿהייבנדיק זיך פֿון דער ערד: — נחמן, אויך נאָך אים, נאָך מיכלען, דאַרף מען זאָגן אַ קדיש. ער איז געווען אַ מר־נפֿש, אַ געפּלאָגטער און געיאָגטער, ווי געטאָגט דאָרטן ניט גענעכטיקט, אַ גרויסע עלנט־נשמה . . . ער האָט געהאַט, מיכל, אַ גרויס האַרץ, וואָס איז פֿול געווען מיט רחמנות צו דער וועלט. ער איז אומגעקומען ווי אַ קדוש!

— מנחם, דו זאָגסט דאָס דערפֿאַר, ווײַל וועגן אַ טויטן זאָגט מען נאָר גוטס?

— ניין, נחמן, ניין. ווען איך וואָלט געמיינט אַנדערש און ניט אַזוי, וואָלט איך געשוויגן. און איך וועל דיר, נחמן, נאָך עפּעס זאָגן: אַלע קרבנות, אַלע אומגעבראַכטע פֿון דעם תּלינס האַנט, פֿון דעם בלוטיקן מערדער, פֿון „דעם פֿאָטער פֿון די פֿעלקער", אַלע זענען זיי קדושים. נחמן, אַלע פֿאַרפֿײַניקטע אין די לאַגערן זענען קדושים. און אויך זיי, די מיליאָנען פּויערים, וואָס ער האָט אומגעבראַכט בשעת דער קאָלעקטיוויזאַציע, אויך זיי, און זייערע ווײַבער און קינדער, און אַלע די, וואָס זענען אויסגעגאַנגען געשוואָלענע פֿון הונגער אונטער די שטרויענע דעכער, און אויף די וועגן, זענען קדושים!

— שוועך, — זאָגט דאָ פּלוצעם טעמערל, וואָס זיצט דעם גאַנצן טאָג מיטן שוואַרצן שאַרף איבערן פּנים, אַ פֿאַרשטיינערט־שווײַגנדיקע, רעדט אַפֿילו אַ וואָרט ניט אַרויס צו אירע קינדער, וואָס טוליען זיך צו איר. — שוועך, מ׳דאַרף אויך זאָגן קדיש נאָך דער טראַגישער פֿרוי, נאָך דער דאָקטערין, נאָך טאַטיאַנאַ ברוידאַ. זי איז דאָך אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט אים, מיט מיכלען . . . איר נשמה האָט געברענט אויף יענעם שרעקלעכן פֿײַער . . . אָבער די שוועל פֿון איר שטוב האָט זי אים ניט געלאָזט אַריבערטרעטן!

— און פֿון וואַנען ווייסטו דאָס, טעמערל, און פֿון וואַנעט האָסטו גענומען, אַז ביידע זענען זיי אומגעקומען צוזאַמען?

— איך האָב זיי בײדע געזען האַלב נאַקעטע, צעבלוטיקטע, באָרוועסע טאַנצן צווישן די צוויי שטיינערנע ווענט אין יענער בײַנאַכטיקער פֿינצטערניש, וואָס איז באַלויכטן געוואָרן מיטן פֿײַער, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן פֿון דער אײַזערנער פֿאַס, ווו ס'האָט געברענט דאָרט קאַפּלאַן . . .

— פֿון וואָס, טעמערל, און פֿון וועלכן פֿײַער, און פֿון וועלכער ברענענדיקער דאָרע קאַפּלאַן, רעדסטו שוין?

— אין יענעם בײַנאַכטיקן חלום, שווער, ווו איך האָב געזען שאולן גוססן אויפֿן באַרג ביינער און שאַרבנס, אויפֿן באַרג געלע מענטשלעכע סקעלעטן, און געהערט ווי ער, שאול, רופֿט און בעט מיך קומען אים צו הילף . . .

— ביסטו דאָך, טעמערל, געפֿאָרן!

— יאָ, געפֿאָרן . . . — קערט זי אָפּ אירע אויגן פֿון זײַנע, פֿון מנחם מאַקאָווערס, וואָס בריט מיט זײַן בליק איר נשמה. — יאָ, שווער, יאָ, איך בין געפֿאָרן . . . איך בין אָבער דעם זעלביקן טאָג פֿון דאָרטן אַנטלאָפֿן געוואָרן.

— פֿון וועמען, טעמערל, ביסטו אַנטלאָפֿן געוואָרן?

זי ענטפֿערט ניט, לאָזט זיי אַלעמען מיט אָפֿענע מײַלער און מבולבל שטיין, און לויפֿט פֿון שטוב אַרויס.

און דאָרטן, ווײַט פֿון ישובֿ, בײַם ברעג טײַך, ווו די פֿריִיאָר־וואַסערן זענען שוין אין די ברעגן אַרײַן, ס'וואַלגערן זיך נאָך אין בוריאַן פֿאַרטרוקנטע קאָרעשלעך, וואָס לעבעדיקערהייט זענען זיי אין דער פֿאַרפֿלייצונג פֿון טײַך אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן; דאָרטן, בײַ די פֿאַרפֿאַליעט־שקיעה הימלען, ווו די סטעפּ־ווינטן, מיטן ריח פֿון ליוצערנע פֿאַרן שניט, טרײַבן די כוואַליעס מיט ראָז־זילבערנע רוקנס פֿאַרבײַ איר, און זי, טעמערל מאַקאָווער, קוקט אויף זיי מיט עפּעס אַ מין אומקלאָרער שרעק, ווי אָט די פֿאַרבײַ איר יאָגנדיקע כוואַליעס, וואָלטן אַוועקגעטראָגן אירע לעצטע האָפֿענונגען.. דאָרטן, שטייענדיק בײַם ברעג טײַך, בײַ די אָנגעגליטע שקיעה־הימלען, ווו אין מיטן אָט דער פֿײַערדיקייט וויגט זיך אין אַ לאַזור־גרינער סאַזשלקע אַ שוואַרצער וואָלקן, דאָרטן, שוין בײַם זונפֿאַרגאַנג, ווו איבער די לאַנגע ווייצן פֿאַרכלינען זיך נאָך די סטעפּ־לאַרכן פֿון הייסן געזאַנג, דאָרטן

נעמט זי ערשט, טעמערל מאַקאָווער, לייענען דאָס בריוול, וואָס דער שווער אירער, מנחם מאַקאָווער — אָט דער בעל־רחמים, וואָס נאָכן טאָג שווערער האָרעוואַניע אין קוזניע, זיצט ער מיטן ברודער איבער אַ גמרא ביז האַלבער נאַכט — האָט איר בײַם אומקערן זיך פֿון דער נסיעה אין האַנט אַרײַן געגעבן, און דערבײַ דערקלערט:

— נעכטן האָבן מיר דאָס בריוועלע באַקומען, געשריבן אין ייִדיש־לשון. אַ גוטע ייִדישע נשמה האָט זײַן לעבן אײַנגעשטעלט, אָנגעשריבן און דאָס בריוול איבערן פּלויט פֿונעם לאַגער אַריבערגעוואָרפֿן. האָבן באַרעמהאַרציקע מענטשן דאָס בריוול, דעם לעצטן געשריי פֿון אַ פֿאַרמוטשעטן מענטשן פֿאַרן טויט, פֿון דער ערד אויפֿגעהויבן, און לויטן אַדרעס צו אונדז דאָס אָפּגעשיקט. זאָלן זיי פֿאַר דעם זײַן געבענטשט! נאַ, לייען אַליין . . .

אָבער ערשט דאָ, ווײַט פֿונעם דאָרף, בײַם אומרויִק־רוישיקן טײַך, אויף די סטעפּ־ווינטן, וואָס צעבלאָזן דעם זשאַר פֿון דעם שקיעה־פֿײַער בײַ די הימלען אויף דער ערד, ערשט דאָ נעמט זי דאָס בריוועלע אַרויס און דערוויסט זיך: ער, שאול, איז נאָך צוריק מיט אַ האַלב יאָר אין לאַגער, אויפֿן ווײַטן צפֿון געשטאָרבן . . . און אַז ער האָט בײַם גוססן געהאַלטן אין איין רופֿן: טעמערל . . . ירמהלע . . . פֿריידעלע . . . נאָר ווײַטער שוין ניט געקאָנט לייענען, און אויפֿן זאַמד אומגעפֿאַלן.

אָבער ניט אין חלשות איז זי, טעמערל מאַקאָווער, געפֿאַלן, נאָר אין אַ בראָך־פּײַן, אין אַ חורבן־טרויער, אין אַ יסורים־געווירבל פֿון וועלכן שוין ניט געקאָנט אַרויס, שוין קיין אַרויסגאַנג ניט געהאַט, און פֿון דאָרטן שוין ווידער געזען, ווי אין דער נאַכט בײַם וואַגאָן־פֿענצטער, בײַ איר לויפֿן פֿון מאָסקווע, פֿון אים, פֿון רפֿאל וואַלאַך . . . פֿון דאָרטן, פֿון איר חורבן־און־טרויער־געווירבל, געזען אים, שאולן, בײַ דער שײַן פֿונעם רויטן מולד־האָרן, וואָס האָט דורכגעשטאָכן די שוואַרצע כמאַרע פֿון דער בלאָ־גרינער סאַזשלקע, געזען ווי ער ליגט, שאול, אויפֿן באַרג ביינער און שאַרבנס, שוין אַ פֿאַרגליווערט־פֿאַרפֿרוירענער, דער קאָפּ אין אַ בלאָוון פֿרירטוי, און די רעכטע ווײַס־אויסגעדאַרטע האַנט זײַנע הענגט אים אַראָפּ אָן אַ סימן פֿון לעבן.

און אויך פֿון דאָרטן שוין געהערט איר טאַטנס געוויין . . . און ליגנדיק אויפֿן ברעג טײַך פּלוצעם אַ קלייניקע אויף זײַנע הענט זיך

דערזען, צו זײַן קאַלט־נאַסער באָרד צוגעטוליעט און צאַפּלט פֿון שרעק . . . הייבט זי דאָ דעם קאָפּ אויף פֿון דער ערד, און פֿרעגט בײַ די זיך־לעשנדיקע הימלען:

— האָט מײַן טאַטע, דער נבֿיא, געווײנט דעמאָלטן, ווײַל ער האָט שוין מײַן גורל אין לעבן, מײַן גורל אין דער וועלט געזען? האָט ער שוין דעמאָלטן געווײנט אויף מײַן עלנטקייט, אויף מײַן בלײַבן אַליין מיט די קינדער אָן אַ דאַך איבערן לעבן . . . און יענער געפֿיל, אַז די רוצחים וועלן באַלד אָנפֿאַלן אויף מיר, שטאַרקט זיך אין מײַן נשמה פֿון טאָג צו טאָג, בײַ יעדן שפּאַן און טראָט. און שאול, וואָס איז געוועזן מײַן האָפֿענונג, געזאָלט זײַן דער אָנשפּאַר, די וואַנט מײַנע . . . איז די וואַנט אײַנגעפֿאַלן אין מײַן האַרצן!

און אויך יענער, רפֿאל וואַלאַך, איז ווײַט פֿון איר, ווי אויפֿן צווינטער, הינטער דער שטאָט מאָסקווע, פֿאַרבליבן, אויף יענע מאָהילקעס, בײַם ווײַסן צלם פֿון די צווײ ניט געטעסעטע בערעזע־דרענגלען צונויפֿגעקלאַפּט, אָן אַ נאָמען, ווי ס'וואָלט גאָר אונטערן צלם קיין בר־מינן ניט געלעגן. זי איז דאָרטן, טעמערל מאַקאָווער, אויפֿן בערגל ערד פֿון איר קרובֿה געפֿאַלן . . . און דערנאָך מיט עפּעס אַ מין פֿאַרבאָרגענער, מיט עפּעס אַ ניט פֿאַרשטענדלעכער קינאה, געזאָגט צו אים:

— רפֿאל, ווי שטיל ס'איז דאָ אויפֿן צווינטער, ווי שיין ס'פֿאַרגייט די זון . . . איך האָב אים געבעטן, שאולן, ער זאָל מיך באַהאַלטן אויפֿן הייליקן אָרט, ווו ס'ליגט מײַן זיידע, מײַן מאַמע, מײַן טאַטע . . . קומט, רפֿאל, ווײַל איך הויב שוין אָן צו זען ניט די פֿאַרגייענדיקע זון, נאָר אַ שײַטער־פֿלאַם איבער דער ערד . . . קומט! און אפֿשר, — בלײַבט זי זיצן אויפֿן זאַמדיקן ברעג טײַך, ווו די כוואַליעס יאָגן פֿאַרבײַ איר, און טראָגן אַוועק דעם לעצטן שקיעה־זשאַר. — און אפֿשר איך אים אָנשרײַבן, רפֿאלן, ער זאָל קומען און מיך נעמען צו זיך מיט די קינדער . . . איך האָב דאָך ניט זײַן אַדרעס!

— מאַמע, — זענען דאָ אָנגעלאָפֿן אירע קינדער. — מאַמע, מיר האָבן דאָך דיך קוים געפֿונען!

— מאַמע, — פֿרעגט דער קלײנינקער ירמהלע. — מאַמע, פֿאַרוואָס באַהאַלטסטו זיך פֿון אונדז?

— מאַמע, דו האָסט דאָ געלייענט דאָס בריוועלע, וואָס דער ייִד פֿון לאַגער האָט אָנגעשריבן וועגן דעם טאַטן?

— יאָ, פֿריידעלע, יאָ, טאָכטער, געלייענט . . . קומט, קינדער, אַהיים.

ו.

און טאָקע אין יענע טעג, שוין נאָך די שפּע־פֿרילינגדיקע רעגנס, אַז ס׳שטעלט זיך אַן אויסגעשפּילט־געבענטשטער זומער, ווי ווײַט און ברייט דאָס אויג כאַפּט נאָר, וויגן די סטעפּ־ווינטן דעם גינגאָלדענעם נעפּל פֿון די בלי־ענדיקע ווייצן; אויף די באַשטאַן־בייטן שטרײַפֿן זיך אין גרין־און אין ברוין די קאָווענעס און פֿילן זיך אָן מיט זון און מיט זיסקייט; אין די ווײַנגערטענער הענגען שוין אַראָפּ, ווי לויטער בורשטינענע קאַרעלן, הענגלעך טרויבן, און די ווײַנשל אין די סעדער פֿלאַמען שוין אויף, אויפֿן גאָרטן צוויטען די סאָנישניקעס און דער מאָן, און ס׳גיסן זיך אָן אין די נעכט די אוגערקעס, מאַלינעס און ווײַמפּערלעך.

אַרום די הײַזער בלי־ען טולפּאַנען, גלעקלעך, ראָמאַשקע, זשאַסמין און מאַלווע; און ס׳צוויטען עשירותדיק די אַקאַציע און ליפּעביימער און זי, די זון, די אומדערמידלעכע האָרעפּאַשניצע פֿון דער וועלט, זי פּויעט אַלץ און אַלעמען אויף דער ערד מיט ליכט און וואַרעמקייט, מיט חיות און שפּרודלדיקן לעבן . . . און ס׳הייבט זיך שוין אָן דער היי־שניט און די לופֿט ווערט שווער פֿון די געדיכטע האָניק־ריחות. דער פֿייגל־געזאַנג הערט זיך שוין אָבער כמעט ניט: די נעסטן זענען פֿול געוואָרן מיט פּיסקעליאַטעס, וואָס מאָנען מיט די צעעפֿנטע ראָזאָווע שנאָבלען עסן, און זיי, די עלטערן, פֿון זונאויפֿגאַנג ביז צו איר פֿאַרגיין, דאַרפֿן די קינדער שפּײַזן און אויף די פֿליגל זיי שטעלן. נאָר זי, די זאָזוליע, קוקאַוועט ערגעץ ביז האַלבער נאַכט, רופֿט אירע קינדער, די צעוואָרפֿענע איבער פֿרעמדע נעסטן.

אין יענע טעג, באַזונדערס אין די נעכט, שלאָגן זיי זיך ביידע, דאָס האַרץ אירס מיטן געדאַנק, אָן אַ סוף און אָן אַן אָפּשטעל, ביידע שלאָגן

זיך עקשנותדיק, אויף לעבן און טויט,ביידע ווילן איינס דאָס אַנדערע אויף אַ האָר ניט אָפּטרעטן, אויף אַ מינדסטער פּשרה גיין, און דער עיקר, ביידע זענען זיי גערעכט און אמתדיק ביז צו משוגע ווערן . . . און אָט דער אומברחמנותדיקער געשלעג קומט פֿאָר אָן אויפֿהער אין איר, אין טעמערל מאַקאָווערס, נשמה. זי קאָן פֿון זיי ביידע, סײַ פֿון איר האַרץ, סײַ פֿון איר געדאַנק, קיין אָרט זיך ניט געפֿינען, האָט ניט וווּהין פֿון זיי צו אַנטלויפֿן, און ווו צו אַנטרונען ווערן.

און אָט דער פֿאַרביטערטער געשלעג צווישן זיי, צווישן איר האַרץ און איר געדאַנק, האָט זיך אָנגעהויבן אין איר נשמה דעמאָלטן, אַז זי איז געשטילט און באַרויִקט געוואָרן, געקומען שוין שלום מאַכן, בײַ דרײַ און דרײַסיק יאָר, מיט איר אלמנהשאַפֿט: און איר באַגעגעניש מיט אים, מיט רפֿאלן וואַלאַך, דאָרטן, אין דער פֿאַרנאַכטיקער באַן, אין דעם אָנגערייכערטן וואַגאָן, געהאַלטן פֿאַר אַן אויסדאַכטעניש, פֿאַר אַ פֿאַטאַ־מאָרגאַנאַ ביים זונפֿאַרגאַנג אין סטעפּ.

נאָר אין איינעם אַן אויפֿדערנאַכט, אַז די טאָכטער הערט שוין אויף צו שפּילן אויפֿן פֿידל טשײַקאָווסקיס „אָסיען", שוין פֿאַרן שלאָפֿן גיין, בעט זי, טעמערל, די טאָכטער, צו העלפֿן איר פֿון קופֿערס אַרויסנעמען די זאַכן, וועלכע זי האָט דאָרטן, אין מאָסקווע, אַפֿילו ניט גענוצט. קומט זי, די טאָכטער, פֿון איר צימערל אַרויס, און נעמט זיך העלפֿן דער מאַמע. און דאָ ביים אַרויסנעמען די זאַכן, טוט זי, פֿריידקע, אַ פֿרעג:

— מאַמע, ווער איז דער פּראָפֿעסאָר ראַפֿאַעל סאַמוילאָוויטש וואַלאַך?

— פּראָפֿעסאָר? איך האָב ניט געוווּסט אַז ער איז אַ פּראָפֿעסאָר.

— אָט איז דאָס וויזיטקאַרטל מיט זײַן אַדרעס. אין טשעמאָדאַן געלעגן.

— איך ווייס ניט, פֿריידעלע, פֿון וואַנעט און ווי אַזוי דאָס וויזיטקאַרטל קומט צו מיר אין טשעמאָדאַן.

— אָבער דיר, — קוקט די פֿופֿצניאָריקע טאָכטער אויף דער בלייך און פֿאַרלוירן געוואָרענער מאַמע, — אָבער דיר, מאַמע, איז דער נאָמען און די פֿאַמיליע ראַפֿאַעל וואַלאַך באַקאַנט?

— יאָ. ער איז אַמאָל, פֿאַר מײַן חתונה האָבן מיט דײַן טאַטן, מיר נאָכגעגאַנגען . . .

— ער איז געווען אין דיר שטאַרק, שטאַרק פֿאַרליבט?

— יאָ?

— און דו אין אים?

— ער איז מיר אויך געווען געפֿעלן.

— ער איז שוין דעמאָלט געווען אַ דאָקטאָר?

— יאָ, פֿון שווייצאַריע אַהיים זיך אומגעקערט.

— טאָ פֿאַרוואָס האָסטו חתונה געהאַט ניט מיט אים, מיטן דאָקטאָר, נאָר מיט מײַן טאַטן, מיט דעם שוועסטערקינד, דעם קאָוואַל?

— איך קאָן דאָס דיר, קינד מײַנס, אויף איין פֿוס ניט דערקלערן . . . און מ׳קאָן דאָס ביכלל ניט דערקלערן. ס׳איז שוין העכער און איבער דעם מענטשלעכן שׂכל. און אַז מ׳וויל דאָס דערקלערן, נעמט מען אויף דײַנע רייד, ווי רייד פֿון איינער, וואָס מ׳דאַרף היילן. רייד פֿון אַזאַ, וואָס שטייט שוין אויפֿן ראַנד פֿון תהום, פֿון משוגעת . . .

— מאַמע, און וואָס געהער זיך עס אָן צו דײַן חתונה האָבן ניט מיטן דאָקטאָר, נאָר מיטן קאָוואַל?

— איך האָב דיר שוין געזאָגט. אפֿשר וועל איך אַ מאָל פּרוּוון דיר דערקלערן. אין אַ בעסערער שעה . . .

— אָבער דו האָסט אים ליב געהאַט, דעם טאַטן מײַנעם דעם קאָוואַל?

— יאָ, מײַן קינד, דײַן טאַטע איז מיר געווען ליב און טײַער. ער איז געווען מײַן אָנשפּאַר, מײַן האָפֿענונג אין לעבן.

— און מיט אים, מאַמע, מיט יענעם, מיטן פּראָפֿעסאָר, האָסטו זיך איצטער געטראָפֿן אין מאָסקווע? דו ביסט געפֿאָרן זיך דערוויסן וועגן מײַן טאַטן, און . . .

— ניין, מײַן קינד, ניט אין מאָסקווע, נאָר שטייענדיק אין דעם איבערגעפֿולטן וואַגאָן מיט מענטשן, אָן אַ באַנבילייעט, אַ פֿאַרלוירענע, צווישן ערד און הימל, דאָ, אין דעם יאָגנדיקן פּאָיעזד, איז ער מיט אַ מאָל, ווי פֿון דעם רויכיקן נעפּל אַרויסגעשוווּמען . . . איך האָב אים גלײַך דערקענט, כאָטש פֿאַר די יאָרן זיך געענדערט, דער קאָפּ זײַנער אַ ווײַסער, די אויגן פֿול געוואָרן מיט טרויער און פּײַן. געווען אין לאַגער, אויפֿן ווײַטן צפֿון.

— האָט ער אַ ווייב מיט קינדער?

— ניין ער האָט ניט חתונה געהאַט.

— ווייס איך שוין, מאַמע, פֿאַרוואָס דו האָסט זיך אַזוי גיך אומגעקערט פֿון מאָסקווע.

— פֿאַרוואָס, — פֿרעגט די מאַמע און קוקט אויף דער טאָכטער, ווי ס׳וואָלט פֿאַר איר ניט יענע, נאָר שוין גאָר אַן אַנדער טאָכטער געשטאַנען, — פֿאַרוואָס האָב איך זיך אַזוי גיך . . .

— דו ביסט פֿון אים אַנטלאָפֿן געוואָרן! איך פֿאַרשטיי דיך, מאַמע, איך פֿאַרשטיי דיך . . . איך האָב דיך, מאַמע, זייער ליב, קיין טייערערס פֿון דיר איז ניטאָ אין מײַן לעבן. אויך איך הער אין זיך דעם זיידנס געוויין פֿון יענעם ווינטערדיקן אויפֿדערנאַכט ווען ער האָט דיך אַ קליינינקע גענומען אויף די הענט. איך בין נאָך דעמאָלטן אויף אָט דער וועלט ניט געוועזן . . . אָבער יענער געוויין, דעם זיידנס, ווערט אויך אין מיר ניט געשטילט.

— פֿריידעלע, קינד מײַנס, טאָכטער . . .

— אויך איך, מאַמע, ווי דו, בין דאָך געבוירן געוואָרן אין אַ בײַנאַכטיקן וואַלד אויפֿן וואָגן, אין וועג, בײַ רויטע הימלען פֿון אַ ווײַטער שׂרפֿה . . . דו האָסט אויך, ווי די מאַמע דײַנע, געשריִען בײַם גיין צו קינד „פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער, פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער!״ אויך יענער געשריי..

— ווער האָט עס דיר, טאָכטער, דערציילט?

— די באָבע פֿייגע . . . אויך יענער געשריי דײַנער, מאַמע, שלאָגט אין מײַנע בלוטן. מאַמע. איך האָב דיך זייער ליב, נאָר פֿאָרן מיט דיר צו יענעם, צום פּראָפֿעסאָר וואַלאַך, וועל איך ניט.

— טאָכטער, פֿון וואָס רעדסטו?

— איך האָב דיך, מאַמע, זייער ליב, דײַן נשמה לויכט פֿאַר מיר אין שווערע שעהען. אויך איך האָב, מאַמע, שווערע שעהען, שווערע וואָכן . . . נאָר איך וועל בלײַבן דאָ, אויפֿן סטעפּ, מיטן זיידן און מיט דער באָבע. און דו, מאַמע, דו קאָנסט שוין פֿון אים ניט אַנטלויפֿן, דו קאָנסט זיך פֿון אים דאָ, אויפֿן סטעפּ, ניט באַהאַלטן . . . דו ביסט נאָך, מאַמע, אַזוי יונג און אַזוי שיין, דו, מאַמע, נעם די דרײַ זין און . . .

— פֿריידעלע, גאָט איז מיט דיר, וועגן וואָס רעדסטו?

— מאַמע, שוין פֿיר יאָר ווי מיר לעבן אָן דעם טאַטן, און ס'איז שוין אַריבער אַ האַלב יאָר, ווי דער טאַטע איז געשטאָרבן. דער זיידע ווערט אַלט, דער האַמער אין זײַן האַנט ווערט מיט יעדן טאָג אים שווערער . . . שפּעטער, מאַמע, אַז איך וועל דאָ פֿאַרענדיקן די שול, וועל איך אויך קומען קיין מאָסקווע לערנען. די ייִנגלעך, עזריאלקע, תנחומקע און ירמהלע, וועלן דאָרטן, אין מאָסקווע, אויפֿלעבן.

— און פֿאַרוואָס, טאָכטער, וואָלסטו ניט געקאָנט ענדיקן די שול אין מאָסקווע?

— איך, מאַמע, איך קאָן פֿונדאַנען ניט אַוועקפֿאָרן. איך קאָן שוין ווײַטער פֿונעם סטעפּ ניט אַוועקגיין.

— פֿאַרוואָס, וואָס האַלט דיך דאָ אַזוי?

— צי דען טאָקע זעסטו ניט, מאַמע, אַז אויך איך בין פֿאַרליבט? — און זי לאָזט איבער די מאַמע בײַם אָפֿענעם קופֿערט שטיין, און לויפֿט צו זיך אין צימערל אַרײַן. און באַלד דערהערט זיך פֿון דאָרטן ווי זי נעמט ווידער אויף איר פֿידל אויסשפּילן יענעם „האַרבסט" . . . אויך אינעם וואַגאָן־רעסטאָראַן, וווּהין ער, רפֿאל וואַלאַך, האָט זי, טעמערלען, פֿאַר דער האַנט אַרײַנגעפֿירט, האָט די ראַדיאָלאַ געשפּילט טשײַקאָווסקיס „האַרבסט", וואָס נעמט אַדורך מיטן טרויער און קעלט פֿון בלעטערפֿאַל.

נאָך יענעם אָוונט, אין דעם שאַבייסע־נאַכטס — די מאַקאָווער, מנחם און נחמן, האָבן מיט חסידישע ניגונים מלווה־מלכּה געווען דעם שבת־קודש, דערנאָך בײַ דער טיר געשטאַנען און זיך אײַנגעהערט ווי זי, פֿריידקע, שפּילט אויס אויפֿן פֿידל אַ ניגון, וואָס פֿאַרכאַפּט בײַם האַרצן.

— סע נעמט, — זאָגט נחמן צום ברודער. — סע נעמט בײַ דער נשמה. אויך בײַ זיי, בײַ די גוייִם, זענען פֿאַראַן אין די ניגונים הייליקע פֿונקען.

— אַוודאי, פֿאַראַנען, מ'דאַרף זיי נאָר קאָנען געפֿינען און געבן אַ תּיקון. די גויִישע וועלט, נחמן, איז אויך פֿול מיט הייליקע פֿונקען. — און ביידע ברידער גייען אין שטאַל אַרײַן פֿאַרלייגן אין די לייטערס היי פֿאַר די בהמות אויף נאַכט.

נאָך יענעם שאַבייסע־נאַכטס, נאָכן אומגעריכטן באַקומען אין האַנט

אַרײַן זײַן, רפֿאל וואַלאַכס, אַדרעס, און נאָכן שמועס מיט דער טאָכטער, האָט זי, טעמערל מאַקאָווער אין יענער נאַכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט: דאָס האַרץ האָט זיך נאָך שטאַרקער מיטן געדאַנק אין איר נשמה געשלאָגן . . .

און די נאַכט איבערן סטעפּ שטייט אַ פֿינצטער־שטילע, אין די הייכן מינען זיך און בליצן רויטלעכע שטערן. די פֿינצטערניש איז אַזאַ שטילע, אַז מ׳קאָן הערן ווי די טראָגעדיקע ערד אָטעמט מיט ריחות פֿון בלי̇ענדיקע ווייצן, און ווי אין די ווײַנגערטענער גיסן זיך אָן די טרויבן. און אין אָט דער שטילער פֿינצטערניש, ווו מ׳זעט ניט די וועלט אַרום זיך, טראַכט זי פֿון איר באַגעגעניש מיט אים, מיט רפֿאל וואַלאַכן: איז זײַן באַווײַזן זיך פּלוצלינג דאָרטן, אין דעם אָנגערייכערטן וואַגאָן, בײַם סטעפּישן זונפֿאַרגאַנג, אַ צופֿעליקייט, אַ טראַף, צי אַ אומפֿאַר־מײַדלעכקייט, אַ באַשערטקייט, אַ גאָטזאַך געווען? אפֿשר איז די טרעפֿעניש אַ וווּנד און אַ קער אין איר גורל, און אויך אינעם גורל פֿון אירע קינדער . . . זי איז דאָך גערעכט, פֿריידעלע: דער זיידע ווערט אַלט, דער האַמער אין זײַן האַנט ווערט מיט יעדן טאָג אים שווערער . . . און וויפֿל צײַט וועל איך נאָך קאָנען טראָגן און אויסהאַלטן מײַן אַליינקייט, מײַן אלמנהשאַפֿט, מײַן בענקשאַפֿט נאָך ליבע און פֿרייד, וואָס באַפֿאַלט מיך און מאָנט מיט אַזאַ ווילדקייט . . . אויך זי, פֿריידעלע, וועט שפּעטער אַהין, קיין מאָסקווע, צו מיר קומען. וואָסער מיידל אין אירע יאָרן איז ניט געווען פֿאַרליבט? נאָר יענע מיידלשע ליבע איז עפּלצוויט אויפֿן נאַקעטן בוים, דער כּישוף און חלום פֿון וועסנע, די פֿרי̇יאָריקע וואַסערן, וואָס שלאָגן איבער די ברעגן, זיי געדויערן אָבער ניט לאַנג . . . יענע ליבע ווייסט ניט פֿון אַזאַ פֿינצטערער נאַכט, ווו דאָס האַרץ מיטן שׂכל שלאָגן זיך אויף טויט און לעבן אין דײַן צעבלוטיקטער נשמה. די פֿינצטערניש האָט אײַנגעשלונגען דעם סטעפּ, די אַרומיקע וועלט. אַ שוואַרצע שטילקייט אַרום און אַרום, ווי די וועלט וואָלט אַהין, אין אָט דער שוואַרצער שטילקייט, פֿאַרשוווּנדן, אײַנגעזונקען געוואָרן . . . און דער הימל אין אָט דער פֿינצטערניש איז שטאַרק אויסגעשטערנט, און פֿון די גרויסע בליציקע שטערן שיטן זיך מיר פֿײַערדיקע פֿונקען אין די אויגן. נאָך אַזאַ נאַכט אין מײַן לעבן ניט געווען. און ווו איז דאָרטן, אין יענע ווײַטע

לויכטנדיקע וועלטן, צווישן יענע מזלות און גורלות, ווּ איז ער דאָרטן מײַן שטערן־גורל? גאָט אין הימל, גרויסער באַשעפער פון אַלע וועלטן, דאַרף איך בײַ דרײַ־און דרײַסיק יאָר באַגראָבן מײַנע געפילן אין דעם קאַלטן קבֿר פון אלמנהשאַפט, אין דער פּראַקטיקער עלנטקייט? גרויסער גאָט אין הימל, אין זכות פון מײַן זיידן און טאַטן, פון די צוויי קדושים, שטיל אײַן מײַנע בלוטן, מײַן האַרץ, אָדער נעם צו בײַ מיר דעם שׂכל! דער שׂכל קאָן דאָ ניט פּסקענען! און איך בין דאָך אַ מאַמע פון פיר קינדער, איך טראָג די אחריות פאַר זייערע לעבנס. אויך צוליב זיי, צוליב מײַנע קינדער, דאַרף איך מאַכן דעם לעצטן טראָט . . . זײַנע, רפֿאלס, אויגן, קאָן איך איצטער גלייבן. זײַנע אויגן האָבן מיר געזאָגט מער פון זײַן מויל. זײַנע אויגן זענען ניט נאָר מיט זײַן אייגענעם טרויער, נאָר אויך מיטן טרויער פון אַנדערע פול. פון זײַנע אויגן שלאָגט אַרויס דער ווייטיק פון צעבראָכענע און פאַרטיליקטע לעבנס. און ער איז שוין געשטאַנען אויפן ראַנד פון טויט. ער האָט שוין אויך געגוסטסט, ווי שאול, אויפן באַרג געלע ביינער און שאַרבנס . . . רפֿאל וואַלאַך פאַרשטייט מיך שוין איצטער. אויך דעם ווייטיק פון מײַנע חלומות האָב איך געזען אין זײַנע אויגן. גאָט מײַנער, זײַ מיר מוחל, וואָס גראָד אין אָט דער נאַכט, ווּ די וועלט איז אײַנגעזונקען אין דער פינצטערניש, ווען ניט די שטערן אין הימל, וואָלט איך געמיינט, אַז איך בין אין תהום אַרײַנגעפאַלן, גאָט מײַנער, זײַ מיר מוחל, וואָס גראָד אין אָט דער פינצטערער נאַכט בין איך גרייט לויפן אין עק וועלט אַרײַן נאָך אַ ברעקעלע פרייד . . . און אפֿשר איז מײַן בענקשאַפט נאָך פרייד, ווײַל איך פיל די נאָענטקייט פון טויט? דערפאַר טאַקע וויל איך אָנטרינקען און זיך פאַרשיכורן מיט לעבן? אפֿשר דערפאַר, וואָס איך פיל אַזוי נאָענט דעם טויט, ווילט זיך מיר אַפילו זינדיקן . . . ניין, גרויסער גאָט, ניין, גיין אויף זינד, אויף הפקר־פרייד, ניין, עזריאל מאַקאָווערס אייניקל, דעם נבֿיאס טאָכטער, וועט אויף יענעם וועג ניט גיין! דאָס לעבן פון מײַנע זיידעס און באָבעס, דאָס לעבן פון דורות, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך דעם שווערן גלות און ניט געפאַלן, געהיט דעם כּבֿוד און די הייליקייט פונעם מענטש, וועל איך, זייער קינד, ניט פאַרפלעקן, און ניט פאַרשוועכן . . . און די נאַכט ווערט פינצטערער, פון גאָרטן שמעקט מיט ווײַניקער ראָסע, די שטערן אין הימל ווערן העלער,

דערברענען. אויך שטערן, ווי ליכט, פֿאַרברענען זיך אַליין ביַים לייַכטן פֿאַר אַנדערע . . . ס׳וועט אין גיכן אָנהייבן טאָגן, און מיַין האַרץ שלאָגט זיך נאָך אַלץ מיטן שׂכל אין מיַין נשמה. מיַין האַרץ איז שוין אָן כּוחות געבליבן! און דער גאַנצער שׂכל פֿון דער וועלט ליגט דאָך אין דעם עפּל, וואָס די מוטער חוה האָט פֿונעם פֿאַרבאָטענעם בוים אָפּגעריסן. דער באַשעפֿער פֿון דער וועלט האָט געוווּסט, אַז דער שׂכל וועט צו גוטס דעם מענטשן ניט ברענגען. די וועלט וועט פֿול ווערן מיט קינס, מיט סדום, מיט קאַליגולאַס, מיט טאָרקוועמאַדאַס, מיט סטאַלינס און היטלערס . . . איך פֿיל הינטער מיַינע פּלייצעס דעם טויט, אַ סקרוך גייט מיר איבערן רוקנביין . . . און קיין אָנשפּאַר פֿאַר זיך, פֿאַר מיַינע קינדער, האָב איך ניט. מיַין אָנשפּאַר, שאולן, האָט דער קאַווקאַזער שוואַרצער אָדלער אויסגעפּיקט דאָס לעבן, אומגעבראַכט. פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס? און ווי אַזוי גייט מען צו יענעם, צו רפֿאל וואַלאַך, מיט מיַינע, מיט שאולס פֿיר קינדער?.. — און ביַים שאַריען אויף טאָג איז זי, טעמערל מאַקאָווער, אויפֿן געלעגער, אינעם אָנטאָן, אין אַ טיפֿן שלאָף אַריַינגעפֿאַלן.

און דאָרטן, אין יענעם טיפֿן און אויסגעמאַטערטן שלאָף, ביַי אַ ריַיך־צעבליטן בעזביימל דערזען זיך אַרומדרייען, וויל פֿאַר דער טאָכטער, פֿאַר פֿריידעלען, וואָס איז שוין אינעם וויַיסן קלייד אָנגעטאָן, שוין פֿאַרן גיין צו דער חופּה: זי וויל פֿאַר איר, פֿאַר דער כּלה, וואָס איר פּנים שיַינט פֿון אונטערן וויַיסן שאַרף אַרויס, צעבליטע בעזצוויַיגלעך, אָנברעכן: פֿריידעלע האָט דאָך אַזוי ליב דעם בלאָען בעזבלי, אָבער זי קאָן בשום אופֿן ניט, טעמערל, צו די צעקווייטלטע צוויַיגן מיט דער האַנט דערלאַנגען, הגם דאָס בעזביימל איז אַ נידעריקס, און די צעבליטע צוויַיגן בייגן זיך ממש צו דער ערד אַראָפּ.

וויל זי, טעמערל מאַקאָווער, צום בעזביימל צוגיין נאָענטער, קאָן זי אויך ניט . . . זוכט זי מיט די אויגן, אים, שאולן, זאָל ער קומען איר העלפֿן, נאָר שאולן זעט מען דאָ אין ערגעץ ניט. די טאָכטער דאַרף מען באַלד צו דער חופּה פֿירן, און ער, דער טאַטע, ליגט זיך דאָרטן אויפֿן באַרג געלע ביינער און שאַרבנס . . . נאָר אַרויף־צו, פֿון יענער זיַיט גאָרטן, אינעם יאָדלע־וועלדל, אונטערן וויַיס־געשטריַיפֿטן בערעזע־צלם, שטייט יענער, רפֿאל וואַלאַך. וויל זי שוין אים רופֿן, נאָר דאָ

וועקט די טאָכטער זי אויף:

— מאַמע, שוין האַלבער טאָג, שטיי שוין אויף, מאַמע!

— שוין האַלבער טאָג? און פֿאַרוואָס, טאָכטער, ביסטו ניט אין דעם ווײַסן קלייד? אין דעם חופּה־קלייד?

— וואָסער ווײַסע חופּה־קלייד? דו רעדסט נאָך פֿון שלאָף. שטיי אויף, מאַמע! שטיי אויף!

— איך בין אַנטשלאָפֿן געוואָרן אינעם אָנטאָן . . . פֿאַרוואָס, טאָכטער, איז בײַ דיר אַזאַ דערשראָקן קול?

— מאַמע, נאָר וואָס איז דורך ראַדיאָ, פֿון מאָסקווע, אַרויסגעטראָטן מאָלאָטאָוו . . .

— און וואָס האָט ער אונדז געגעבן צו וויסן? וואָס שווײַגסטו, פֿריידעלע?

— מאַמע, היטלער איז אָנגעפֿאַלן אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד.

— איז אַ מילחמה?

— יאָ, מאַמע, אַ מילחמה . . .

— וווּ זענען די קינדער?

— לעם קלוב, דאָרטן זענען אַלע. גרויס און קליין.

— פֿריידעלע, לויף און ברענג די קינדער אין שטוב אַרײַן. זאָלן זיי זײַן לעם מיר.

# א.

און גראָד דעמאָלטן, נאָך זײַן, דעם פּאָטערס פֿון די פֿעלקער, רעדע אין ראַדיאָ, אַ דערשראָקן־זיסע, און יעדער איינער האָט עס געפֿילט, און ערשט אין צוויי וואָכן אַרום נאָך היטלערס אָנפֿאַלן, — די דײַטשישע חילות, אויף דער יבשה און אונטער די זיבן הימלען, זײַנען שוין ווײַט און ברייט אין לאַנד געווען, דער „שטאָלענער שלאָס" אויף די גרענעצן, וואָס מ'האָט יאָר־יאָרן פֿאַרזיכערט און דער עיקר, מ'האָט געגלייבט אין דעם: אָט יענער „שטאָלענער שלאָס" איז פּלוצעם, און מיט אַ מאָל, אַזוי גרינג אויפֿגעבראָכן געוואָרן, — נאָכן קושן זיך מיט אים, מיט היטלערן, אין די פּיסקעס, נאָכן שיקן אים, בײַ טאָג און בײַ נאַכט, ברויט און פֿלייש, און בוימל, און קוילן, און נאַפֿט... זײַנען זײַנע, די זאַט־אָנגעפּרעסענע דײַטשישע חילות, אַלץ טיפֿער און ברייטער אין לאַנד אַרײַנגעגאַנגען, קאַנטן און געגנטן אָן אָפּשטעל און אָפּהאַלט פֿאַרנומען, און ווו דעם נאַציסטיש־געקאָוועטן שטיוול געשטעלט, דאָרטן פֿײַערן געשפּרייט און אומשולדיק בלוט פֿאַרגאָסן.

און די בהלה אויפֿן סטעפּ, און דער שרײַענדיקער אומרו אין די אויגן, האָט זיך מיט יעדער שעה געמערט, ווי פֿון אונטער די פֿיס, ווי פֿון דער ערד אַרויסגעוואַקסן.

און געווען איז דאָס ניט קיין פּחדנות, נאָר דער שווײַגנדיקער געשריי פֿון אומבאַהאָלפֿנקייט, פֿון ניט וויסן ווי אַזוי און וווּהין אין אַזאַ סכנה־צײַט זיך אַהינטאָן, ווו פֿאַר ווײַב און קינד אַ מקום מיקלט געפֿינען. זיי, די סטעפּ־ייִדן, מיט די אויפֿן פֿעלד פֿון דער זון פֿאַרברוינטע פּנימער, מיט די האַרט־פֿאַרמאַזאָליעטע הענט, וואָס האָבן געקאָנט אויסשטיין און בײַקומען די ביטערסטע נסיונות, זיי, אָט די סטעפּ־ייִדן, האָבן שוין גענוג שוואַרצע בשׂורות געהאַט פֿון דעם דײַטשישן „אויבערמענטש", וואָס איז ערגער פֿונעם וואָלף אין דעם נאַכטיקן ווינטער־פֿעלד, — יענע חיה קאָן מען מיט פֿײַער פֿאַרטרײַבן, אַ פֿערד פֿון וואָגן אויסשפּאַנען און פֿאַר אירע הונגעריקע ציינער

איבערלאָזן, און אַזוי אַרום דאָס לעבן זיך ראַטעווען.

זיי, די סטעפּ־ייִדן, האָבן זיך געגנוג אָנגעהערט פֿון די פּליטים, וואָס זײַנען אַהער־צו פֿונעם דײַטש געלאָפֿן, פֿון די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, ווּהין דער אויבערמענטש, שטעלט נאָר זײַן געקאָוועטן שטיוול אַוועק, אַזוי הייבן זיך באַלד אָן בלוטיקע פּאָגראָמען. מ׳טוט אויס ייִדן אדם־נאַקעט, און מיט אומברחמנותדיקע קלעפּ צווינגט מען זיי טאַנצן אַרום שײַטערס מיט ברענענדיקע ספרי־תורות...

און ווי נאָר היטלער איז אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד אָנגעפֿאַלן, אַזוי האָבן זיי, די פּליטים, זיך תיכף געלאָזט לויפֿן ווײַטער, טיפֿער, דער עיקר אַהין־צו, קיין מיטלאַזיע.

— און מיר, — האָט טעמערל בײַ איר שווער, בײַ מנחם מאַקאָווער, געפֿרעגט, — און מיר, אויף וואָס וואַרטן מיר דאָ? די באַלעבאַטים פֿון ראַיאָן, און אויך זיי, די ענקאַוועדיסטן, אָט די היטערס פֿון דײַנע טריט, פֿונעם וויגל ביז דער גרוב, אויך זיי האָבן שוין פֿאַרברענט זייערע שוואַרצע אַרכיוון, אַרויפֿגעזעצט אויף די מאַשינעס זייערע ווײַבער און קינדער, און מיט האַק־און פּאַק אַנטלאָפֿן געוואָרן... און אויף וואָס, שווער, וואַרטן מיר דאָ? די רוצחים, וואָס איך האָב פֿון קליינערהייט געפֿילט הינטער מײַנע פּלייצעס, זיי, די רוצחים, זײַנען דאָך שוין ניט קיין אויסגעדאַכטעניש, קיין אײַנרעדעניש. די רוצחים שטייען דאָך שוין בײַם שוועל פֿון דער שטוב, אויפֿן שוועל פֿון אונדזער לעבן. און אויך מײַן טאַטנס געוויין, ווען ער האָט מיך, אַ דרײַ־יאָריקע, אויף זײַנע הענט גענומען, אויך יענעם געוויין הער איך מיט יעדער נאַכט שטאַרקער און שטאַרקער... שווער, אויף וואָס וואַרטן מיר? דאָ, אין סטעפּ, איז ניטאָ ווּהין צו באַהאַלטן די קינדער. דאָ, אין סטעפּ, זײַנען מיר אָפֿן פֿאַר די גזלנים בײַ טאָג און בײַ נאַכט. שווער, פֿעטער נחמן, נעמט פֿערד און וואָגן און לאָמיר אַוועקפֿאָרן פֿון דאַנען.

— ווּהין, טעמערל, ווּהין זאָלן מיר פֿאָרן מיט דער אַקס?

— וואָס ווײַטער פֿון די רוצחים, פֿון די דײַטשישע גזלנים. מיט די הינטערוועגן, שווער, וועלן מיר פֿון מילחמה־פֿײַער אַרויספֿאָרן, און דערנאָך זיך דערקלײַבן...

— ווּהין, טעמערל, קאָנען מיר זיך דערקלײַבן, — פֿרעגט זי דער פֿעטער איבער, נחמן מאַקאָווער, וואָס איז פֿאַר די צוויי מילחמה־וואָכן

איינגעשרומפּן געוואָרן אין לייב, שטאַרק געעלטערט געוואָרן, די גערדיכט־ווײַסע האַרטע ברעמען די גאַנצע צײַט אַראָפּגערוקט איבער די אויגן, וואָס האָבן זייער גלאַנץ פֿאַרלאָרן, ווי ס'וואָלט אין זיי מיט אַ מאָל די אינערלעכע שײַן אויסגעלאָשן געוואָרן. דער גרויסער שטערן זײַנער ווערט מיט יעדער שעה געקנייטשטער, פֿאַלט אין טיפֿע קאַרבן אַרײַן, ווי געוואָלט אַן ענטפֿער געפֿינען אויף אַ שאלה, וואָס מאַטערט און לאָזט אים ניט צורו. די תּשובֿה אָבער ווייסט ער, דאַרף מען זוכן דאָרטן, אויפֿן „דנאָ”... נאָר אַראָפּלאָזן זיך אַהין־צו, אויף יענעם דנאָ, ווו מ'קאָן דעם ענטפֿער געפֿינען, האָט ער מורא, נחמן, ווי ס'האָט מורא געהאַט דער טאַטע זײַנער, דער קדוש, ר' עזריאל מאַקאָוווער ז"ל, ווײַל אויך ער, דער זון זײַנער, נחמן ווייסט, אַז דאָרטן, אויפֿן דנאָ, איז משוגעת און טויט... — ווּהין, טעמערל, קאָנען מיר זיך דערקלײַבן? — פֿרעגט נחמן קוקנדיק אין פֿאַרנאַכטיקן סטעפּ אַרײַן, ווו נאָך דער שקיעה לעשט זיך אויס דער גינגאָלד פֿון די ווייצנזאַנגען. — ווּהין, טעמערל, קאָן איך פֿאָרן מיט די דרײַ שניר און אַכט אייניקלעך, געזונט זאָלן זיי זײַן, וואָס זייערע טאַטעס זײַנען אַוועק אויף דער מלחמה? לאָזן זיך מיט זיי פֿאָרן אויפֿן ווײַטן מיזרח, קיין כאַבאַראָווסק, ווו מײַנע דרײַ טעכטער מיט די קינדער לעבן? ווי אַזוי דערקלײַבט מען זיך צו זיי אַהין־צו, אויף אַזעלכע מרחקים? די באַנען, טעמערל, זײַנען דאָך שוין אין זייערע, אין די דײַטשישע הענט... און ווו נעמט מען דרײַ וועגענער, און דרײַ פּאָר פֿערד?

— פֿערד און וועגענער, פֿאַמקעט דער ברודער, מנחם מאַקאָווער, דעם ליולקע־ציביק, און זײַן פּנים גייט אַרײַן אין אַ כמאַרע רויך. — פֿערד און וועגענער וועלן מיר נעמען דאָ, אין קאָלווירט, וועלכע מיר האָבן מיט אונדזער האָרעוואַניע אויפֿגעשטעלט אויפֿן סטעפּ, אויפֿן ליידיק און מיט בוריאַן פֿאַרוואַקסענעם סטעפּ, אים אויפֿגעאַקערט און פֿאַרזייט, געקאָסעט און געדראָשן די תּבֿואות, וואָס די מלוכה האָט צוגענומען, און האָט אַפֿילו ניט איבערגעלאָזט קיין ברויט פֿאַר אונדזערע קינדער. אַפֿילו בײַ די פּריצים, בײַ דער פֿאַנשטשינע, איז אַזעלכס ניט געווען... פֿערד און וועגענער וועל איך נעמען דאָ, ס'איז מײַן האָרעוואַניע!

און מנחם מאַקאָווער צינדט דאָ אָן דעם פֿאַרלאָשן געוואָרענעם

ציביק, די ירושה פֿונעם טאַטן, וואָס ער היט, ווי דעם שוואַרצאַפּל פֿון אויג, ווײַל דעם טאַטנס ליולקע איז פֿאַר אים אַזוי הייליק, ווי דעם טשערנאָבילער רבינס קמיע... הגם דער טאַטע זײַנער, ר׳ עזריאל מאַקאָווער, איז צו גוטע־יִדן ניט געפֿאָרן, ניט געוואָלט האָבן צווישן זיך און דעם אייבערשטן אַ דריטן. דער פּנים ווערט אים ווידער, מנחמען, אין אַ כמאַרע רויך פֿאַרלאָרן. און פֿון דאָרטן, פֿון הינטער יענעם גרויען נעפּלרויך, וואָס מישט זיך אויס מיט דער טונקלקייט פֿון דער צופֿאַלנדיקער נאַכט, פּרוּווט ער זיך ווײַטער, מנחם מאַקאָווער, איבערצורעדן דעם ברודער זײַנעם, דעם עקשן, וואָס איז אים שווער פֿון זײַן דעה פֿון זײַן זיכערקייט, אַ ריר צו טאָן:

— די מילחמה, נחמן, איז ניט אויף אַ וואָך, און ניט אויף אַ חודש. דאָרטן, אויפֿן מערבֿ, גיסט זיך בלוט שוין צוויי יאָר. פֿראַנקרײַך איז געפֿאַלן מיטן פּנים צו דער ערד. אַ האַלבע וועלט טרעט ער שוין, היטלער, מיט די פֿיס... און ענגלאַנד האַלט זיך נאָך אונטער די חורבֿות. נחמן, דאָס איז אַ סימן, אַז בײַ אונדזער קאַווקאַזער אָדלער האָט אויף גאַנצע צוויי וואָכן אָפּגענומען דאָס לשון, אַז בײַם מעכטיקן אָדלער האָבן זיך פֿון דערשרעק אָפּגעשאָטן די פֿעדערן... די מילחמה, נחמן, איז ניט אויף אַ וואָך, און ניט אויף אַ חודש. דער דײַטש גייט, ווי אַ שטראָם, וואָס האָט דורכגעבראָכן אַ הרעבליע... טעמערל איז געזעכט, מ׳דאַרף זיך נעמען גרייטן אין וועג אַרײַן!

— ניין, — ענטפֿערט נחמן אויפֿן ברודערס אַלע רייד. — און טאַקע דערפֿאַר וואָס די מילחמה איז ניט אויף אַ וואָך און ניט אויף אַ חודש, טאַקע דערפֿאַר, מנחם, דאַרף מען זיצן אונטער אַן אייגענעם דאַך. גראָד דאָ, מנחם, גראָד דאָ, אויפֿן סטעפּ, איז דאָס רויִקסטע אָרט. דאָ זײַנען קיין זאַוואָדן ניטאָ, קיין פֿאַבריקן ניטאָ, די באַנסטאַנציע ליגט אַריבער דרײַסיק קילאָמעטער ווײַט פֿונדאַנעט... הער, מנחם, ווי אין סטעפּ רוישט די גערעטעניש, בעט זיך אונטער דער קאָסע. ווו איז נאָך פֿאַראַן אַזאַ אויסגעשטערנטע נאַכט, אַזאַ שטילער סטעפּ, מ׳הערט דאָך ווי די מלאכים זינגען שירה אין הימל, ניין, מנחם, ברודער מײַנער, וואַרפֿן די שטוב, וואָס מ׳האָט זי מיט אַזויפֿיל בלוטיקן שווייס געבויעט, איבערלאָזן די שטאַל מיט די כודאָבעס, די עופֿות אויף הפֿקר, דעם גאָרטן, וואָס וועט אונדז געבן חיונה אויף אַ גאַנץ יאָר... מנחם, וואַרפֿן

אַלץ מיט אַלעמען אויפֿן ווינט און לויפֿן אין דער וועלט אַרײַן זיך וואַלגערן מיט די שניר און אייניקלעך, ווי די פּליטים... ניין, מנחם, און בײַ מײַנע יאָרן? השם יתברך, איז אומעטום, ער, ברוך הוא, איז אונדזער היטער, און באַשיצער...

נאָר זי, טעמערל, וואָס פֿילט מיט אַלע אירע אָנגעגליטע חושים, ווי די גרויסע סכּנה פֿאַרן לעבן דערנעענטערט זיך, זי פּרוּווט נאָך אַלץ, בעטן זיך בײַ אים, בײַ איר פֿעטער, בײַ נחמנען, און ממש מיט טרערן אין די אויגן:

— פֿאָרט מיט אונדז, דאָ טאָר מען ניט פֿאַרבלײַבן. דער סטעפּ איז אָפֿן פֿאַר אַלע בייזע ווינטן. מ'טאָר ניט פֿאַרלירן קיין צײַט. מיט יעדער רגע ווערן איבער אונדזערע לעבנס די כמאַרעס געדיכטער. כמאַרעס פֿון פֿײַער און טויט...

— און ווו, טעמערל, ווו זײַנען זיי, אָט די געדיכטע כמאַרעס פֿון פֿײַער און טויט, ניטאָ? און אויף יענער זײַט, טעמערל, אויף יענער זײַט פֿונעם סטעפּ, דאָרטן איז שוין אונדזער לעבן באַוואָרנט?

— דאָרטן, פֿעטער, פֿון יענער זײַט סטעפּ, דאָרטן קאָן אַ נס געשען. דאָרטן קאָן מען האָפֿן, אַז מיט די הינטערוועגן וועלן מיר אַריבערפֿאָרן די פֿראָנט־ליניע. דאָרטן, אויף יענע פֿאַרוואָרפֿענע פֿעלד און וואַלד וועגן, איז נאָך פֿאַראַן אַ האָפֿענונג. דאָרטן קאָן נאָך אַ נס געשען.

— נו, און דאָ טעמערל, דאָ קאָן קיין נס ניט געשען? דער אייבערשטער, ברוך הוא, איז אומעטום! ווער וועט אונדז דאָ, די פֿאַרבליבענע אַלטע לײַט, ווײַבער און קינדער, טשעפּען? די שכנים אונדזערע, די אוקראַינער? מיר האָבן געלעבט מיט זיי בשלום. אויך מיר, ווי זיי, געאַקערט און געזייט, אויך בײַ אונדז, ווי בײַ זיי, האָט די מלוכה צוגענומען דעם לעצטן ביסן פֿון מויל, אַפֿילו פֿאַר די קינדער ניט איבערגעלאָזט קיין ריפּטל ברויט... פֿאָרט און קומט געזונטערהייט צוריק. פֿאָרט, און זאָל דער־וואָס־לעבט־אייביק זײַן מיט אײַך אויף אַלע אײַערע וועגן, אויף אײַער יעדן שריט און טריט! יאָ, אַז איר וועט, מירצעשעם, אַרויספֿאָרן פֿונעם פֿײַער, שרײַב אָן, טעמערל, און שיק אַוועק אַ בריוו צו מײַנע קינדער קיין כאַבאַראָווסק.

און נחמן מיט דער ווײַב זײַנער, חיהן, מיט די דרײַ שניר און אַכט

איינִיקלעך, זײַנען טאַקע דאָרטן, אין דער קאָלאָניע, בײַ שטוב און גאָרטן פֿאַרבליבן, און ער, מנחם, וואָס האָט אויך קיין גרויסן ווילן ניט געהאַט פֿון דאַנען, פֿונעם סטעפּ אַוועקפֿאָרן, אויך געהאַלטן, ווי דער ברודער זײַנער, אַז גאָט איז אומעטום, אַז פֿונעם גורל, ווי פֿון דעם אייגענעם שאָטן, קאָן מען אין ערגעץ ניט אַנטלויפֿן, און אין ערגעץ זיך ניט אויסבאַהאַלטן... אָבער מורא געהאַט צו שטעלן און צו נעמען אויף זיך, אין אַזאַ נסיון־צײַט, די אחריות פֿאַר טעמערלס און די קינדערס לעבן, האָט ער, מנחם מאַקאָווער, אויף מאָרגן, אין אָוונט, פֿון קאָלווירטישן הויף אַרויסגעפֿירט דעם לאַנגן און שטאַרקן וואָגן מיט די הויכע דראַבינעס, ווי אויף צו פֿירן סנאָפּעס פֿון פֿעלד, די צוויי גוטע קאַשטאַנאָווע פֿערד אײַנגעשפּאַנט, מיטגענומען דאָס נויטיק־און באַדערפֿטיקטע, און נאָר אַזוינס, וואָס מ׳קאָן זיך אָן דעם ניט באַגיין, נאָר אַזעלכס, וואָס מ׳מוז עס צו דער האַנט אונטערוועגנס האָבן: די ווײַב, פֿייגען, און טעמערלען מיט די פֿיר קינדער אין וואָגן, אויף דער פֿריש טרוקענער קאָנישינע, צווישן די צוויי הויכע דראַבינעס אײַנגעמאָסטעט — אַלע שוין אין פֿויערשן אָנטאָן, אין אויסגענייטע לײַוונטענע העמדער, אין אַלטע קאַשקעטן מיט גלאַנציק־ביינערנע דאַשיקעס: אויף די ווײַבערשע קעפּ טערנאָווע אָפּגעבליאַקעוועט־געקווייטלטע שאַלכענס — — —

און דערנאָך, שוין פֿאָרן לאָזן זיך אין וועג אַרײַן, אין דער וועלט, וואָס איז מיט שׂינאה־פֿײַער אַרומגעכאַפּט, ווו אַלע הייליקייטן זײַנען שוין פֿאַרשוועכט געוואָרן, געשטעלט זיך מיטן ברודער, מיט נחמנען, מחדש זײַן די לבֿנה, וואָס איז אַ פּערל־שעמערירידיקע איבערן סטעפּ אין אויסגעשטערנטן הימל אויפֿגעגאַנגען. ביידע ברידער האָבן די יונגע, די זיבנטאָגיקע לבֿנה, פֿאַר אַ גוטן און מזלדיקן סימן אויפֿגענומען. ביידע האָבן מיטן גאַנצן האַרצן דרײַ מאָל אַנטקעגן איר געשפּרונגען און געזאָגט:

— אַזוי ווי איך שפּרינג קעגן דיר און קאָן צו דיר ניט דערלאַנגען, אַזוי זאָלן מײַנע שׂונאים ניט קאָנען דערלאַנגען צו מיר, און מיר שלעכטס טאָן — און נאָכן זאָגן: דוד מלך ישׂראל חי וקים, און די פּסוקים פֿון שיר השירים, און איינער דעם אַנדערן: שלום עליכם, עליכם שלום: און שוין נאָכן אויסטרייסלען די קעשענעס... ווידער אַ מאָל גענומען

מיט אַלעמען זיך געזעגענען, קושן און האַלדזן, ווי מ׳וואָלט אויף אייביק שוין געשיידט זיך, ווי מער וועט מען שוין זיך ניט זען... נאָך דעם האָט מנחם מאַקאָווער נאָך אַ מאָל אַ קוש געגעבן די מזוזה פֿון זײַן שטוב־טיר, ווידער מיטן ברודער, מיט נחמנען, זיך אַרומגענומען, אין וואָגן זיך אַרײַנגעזעצט, דעם טאַטנס ליולקע־ציביק פֿאַררייכערט, געהייסן דעם עלטערן אייניקל, דעם צוועלפֿיאָריקן עזריאלקען, אָנטרײַבן די פֿערד:

— פֿאָר מײַן קינד, אין אַ גוטער שעה! ניין, וואַרט אַ ווײַלינקע, דעם הונט דאַרפֿן מיר אין וועג ניט האָבן. נחמן, נעם „טיטוסן" אויף דער קייט. ער וועט בײַנאַכט בילן און אונדז מסרן... און איצטער, עזריאלקע, פֿאָר! ויחנו ויסעו.. ריבונו של עולם, זײַ אונדזער וועגווײַזער!

און דאָך לאָזט ער ניט, מנחם מאַקאָווער, דעם אייניקל צו יאָגן די פֿערד, קריכט אַלעמאָל פֿון וואָגן אַראָפּ, ווי מורא געהאַט צו פֿאַרלירן פֿון אונטער זײַנע פֿיס די ערד, קלאַפּט אַלע מאָל אָן דעם טאַטנס ליולקע־ציביק מיטן „סאַמאָסאַד", האַלט אין איין רויכערן, שפּאַנט מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, ווי פֿאַרט געוואָלט עפּעס־וואָס דאָרטן, אין דער פֿיאָליעט־שאָטנדיקער לבֿנה־ליכט, דערזען.

און זי, די ווײַב זײַנע, פֿייגע, וואָס קלאָגט זיך די לעצטע צײַט אויפֿן האַרצן, דער דופֿק שלאָגט איר שוין קוים אים צו הערן, מיט איבעררײַסן, ווי פֿון אַן אַנדער און ווײַטער וועלט, באַזונדערס נאָכן באַקומען דאָס בריוול, אַז איר מיזיניק, שאול, איז ערגעץ־ווו ווײַט אויף די אייביק פֿאַרפֿרוירענע ערדן, אויסגעגאַנגען, און מ׳וועט שוין קיינמאָל ניט וויסן, ווהין זײַן געביין איז אַהינגעקומען... זי, פֿייגע, וואָס שלאָפֿט ניט די נעכט, ס׳העלפֿן איר שוין ניט די שלאָף־מיטלען: מיט די עלטערע קינדער, פֿון די זין און טעכטער, וואָס האָבן שוין פֿון לאַנג דעם סטעפּ פֿאַרלאָזט און לעבן מיט זייערע מישפּחות אין ווײַטע שטעט, צעוואָרפֿן איבערן גאַנצן לאַנד, איינער אין ליסי, דער צווייטער אין סטריסי... אויך פֿון זיי, פֿון די עלטערע קינדער, קיין אָפּטע בריוו ניט געהאַט, שרײַבן איין מאָל אין חודש אַ „קורצע" בריוול, האָבן גאָר קיין רחמנות ניט אויף דער מאַמע, וואָס קוקט זיך די אויגן אויס, פֿון גאַנץ פֿרי ביז נאַכט, וואַרטנדיק אויף אַ בריוו.

זי, פֿייגע, וואָס האָט בײַם טראַכטן און איבערטראַכטן, בײַם קלײַבן זיך אין וועג אַרײַן, איר וואָרט אין אַלעמענס רייד און עצות ניט

אַרײַנגעשטעלט, געשוויגן מיט אַן אָפּענעם מויל, ווי פֿאַרן געבן דעם לעצטן געשריי אין לעבן; און אַז דער מאַן, מנחם, פֿרעגט זי:

— און דו, פֿייגעניו, דו האָסט שוין גאָר טאַקע ניט וואָס צו זאָגן?

— וואָס זאָל איך דאָ, מנחם, זאָגן? און וואָס קאָן איך דאָ, מנחם, אַן אַלטע קראַנקע ייִדענע, אין אַזאַ פֿינצטערער צײַט זאָגן און עצהנען? אַ בראָך איז צו אונדז! קאַרג וואָס אַזאַ פֿײַער, אַזאַ מילחמה האָט אויסגעבראָכן אויף דער וועלט, געקומען אַזאַ גרויסער אומגליק אויף מענטשן, דאַרפֿן מיר נאָך וואַרפֿן אונדזער שטוב, אונדזער בידנע ביסל האָב־און גוטס, אונדזער פּראַצע און לויפֿן וווּהין די אויגן טראָגן, וואַנדערן און וואָגלען, שנאָרען און בעטלען אַ ביסן ברויט...

— ווילסטו ניט, פֿייגע, אַז מיר זאָלן זיך רירן פֿון אָרט?

— גאָט באַהיט! דו האָסט מיך, מנחם, שלעכט פֿאַרשטאַנען, אַז מיר לויפֿן דאָך נאָר דערפֿאַר ווײַל מיר זײַנען ייִדן. די גויִים לויפֿן דאָך אין ערגעץ ניט. איך זאָג ניט, מנחם, גאָט באַהיט, אַז מיר זאָלן דאָ בלײַבן, אויב טעמערלס האַרץ זאָגט איר, אַז מ׳דאַרף פֿונדאַנעט, פֿון סטעפּ אַנטלויפֿן, דאַרף מען זיך צו איר האַרץ צוהערן. טעמערלס האַרץ איז אַ נבֿיא. איר טאַטע ז״ל האָט אויך געזען דעם מאָרגן...

— אין גאָלע פֿינצטערקייט, — שלאָגט איר איבער דער שוואָגער. — זאָל מיר טעמערל מוחל זײַן, נאָר דער טאַטע אירער, דער נבֿיא, האָט אַלץ געזען אין שוואַרצן.

— אין דעם, נחמן, איז ער שוין ניט שולדיק געווען, — זאָגט פֿייגע.

— קיינער קאָן זיך ניט אויסקלײַבן אויפֿן שלאָף גוטע און זיסע חלומות. פֿאַראַן נשמות וואָס פֿליִען הויך און זעען ווײַט.

און זי, פֿייגע, איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן: אַ נאַר גיט אין אַ שלעכטער צײַט עצות. אין אַ שלעכטער צײַט דאַרף מען קומען צוהילף, אונטערשטעלן אַן אַקסל... און זי האָט אין יסורימדיקן שווײַגן געזעגנט זיך מיטן שוואָגער און שוועגערין, מיט נחמנען און חיהן, מיט זייערע דרײַ טעכטער און קינדער, אַלע אַזעלכע הויכע און שיינע, ווי די טאָפּאָלן...

און דערנאָך, שוין שפּעטער, בײַם אַראָפּפֿאָרן פֿונעם סטעפּ־שליאַך אויפֿן זײַטיקן וועג, צווישן די ווייצנזאַנגען, וואָס רוישן פֿאַרן שניט אין דער פֿיאָליעט־שאָטנדקער לבֿנה־ליכט, ערשט דאָרטן, אויף יענעם

זײַטיקן וועג, ווי מיט אַ מאָל אין יענער פּיאַליעט־שאָטנדיקער ליכט, פלוצלינג פֿאַר די אויגן עפּעס שרעקלעכס דערזען, דעם קאָפּ אײַרן אויף דער שנורס, אויף טעמערלס, אַקסל אַוועקגעלייגט און אויף אַ קול זיך צעוויינט.

און דער געוויין, וואָס רײַסט זיך מיט אַזאַ טרויער פֿון איר נשמה אַרויס, הילכט אָפּ אין דעם נאַכטיקן סטעפּ ווײַט און ברייט, און ביז צו די הימלען, ווו די שטערן פֿינקלען, ווי פֿון טיפֿע וואַסערן אַרויס, און זי, די יונגע, די זיבנטאָגיקע לבֿנה, טרעט גאָר פֿונעם וואָגן ניט אָפּ און שלאָגט מיט איר גרינלעכער ליכט אין די אויגן אַרײַן. און פֿריידקע זאָגט דאָ צו דער מאַמען:

— שײַן און טרויער מישן זיך ניט אויס. זיי גייען זיך ניט צונויף.

— ניין, טאָכטער, זיי גיסן זיך ניט צונויף. ניטאָ קיין ליכטיקער טרויער אויף דער ערד, און ניטאָ קיין טרויעריקע ליכט פֿון הימל. — און צו דער שוויגער: — וויינט ניט, דער גורל הערט ניט אונדזער געוויין. דעם גורל רירט ניט אונדזער טרויער... וויינט ניט, שוויגער, וויינט ניט, פֿאַרבלײַבן דאָרטן, אויפֿן סטעפּ, האָבן מיר ניט געטאָרט. איך גלייב, שוויגער, אַז מיט די זײַטיקע, מיט די פֿאַרוואָרפֿענע וועגן, וועלן מיר פֿון פֿײַער אַרויספֿאָרן.

— הלוואי, טעמערל, הלוואי, — קלאַפּט אויס מנחם אין דער דראבינע דעם אַש פֿון ציביק. — הלוואי, טעמערל, הלוואי... טרײַב, עזריאלקע, די פֿערד! פֿאַר דער נאַכט דאַרפֿן מיר אַרויספֿאָרן פֿון סטעפּ און אַרײַנפֿאָרן אין די וועלדער. דאָרטן וועלן מיר דעם אָטעם איבערכאַפּן, זיך אַרומקוקן און זען אויף וואָסער וועלט מיר געפֿינען זיך.

## ב.

און אויף יענע ווײַטע פֿעלד־וועגן, גראָד דאָרטן, האָט מען שוין דעם אָטעם ניט געקאָנט איבערכאַפּן. אויף אַלע ברייט־און ווײַטקייטן, זײַנען זיי שוין געווען, די דײַטשן. אַפֿילו זי, טעמערל, האָט שוין אַלע אירע האָפֿענונגען אויף אַרויסצוקלײַבן זיך און אַרויספֿאָרן פֿון דעם

פֿײַער און ביטערן רויך, פֿאַרלאָרן. זי האָט שוין געזען: ניט נאָר שטעט און דערפֿער, וואַלד און תּבֿואה־פֿעלדער, נאָר די וועלט, אַרום און אַרום, איז מיט אַ פֿלאַקער־פֿײַער, בײַ טאָג און בײַ נאַכט, אַרומגעכאַפּט געוואָרן — אַ פֿײַערדיקע קללה איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ערד.

און מיט אַלע שליאַכן און וועגן טרײַבן זיי, די דײַטשן, געפֿאַנגענע רויטאַרמייער, אָפּגעריסענע און פֿאַרשטויבטע, פֿון די גרוי און גרינע פּנימער גלאַנצן אַרויס פֿײַכטע פֿאַרייִאושטע אויגן. זיי גייען אײַנגעבויגענע, מבֿולבלע, אין די טויזנטער, ניט איבערציילן און מיטן אויג ניט אַרומצוכאַפּן.

און בײַ אַלע שליאַכן און וועגן ליגן און קאָרטשען זיך אין ווייטיקדיקע יסורים שווער פֿאַרוווּנדיקטע און שרײַען און בעטן מ׳זאָל זיי דערשיסן... און אַרום זיי טויטע, באָרוועסע, האַלב נאַקעטע, מיט ערד־שוואַרצע פּנימער און פֿאַרגלאָצטע אויגן אויף דער זון, און אַרום זיי כמאַרעס פֿליגן און שאַרעס פּילדעריקע קראָען.

און מיט די אָפּגעברענטע תּבֿואה־פֿעלדער, איבערן אַש פֿון די ווייצן־און קאָרנזאַנגען, אָנשפּאַרנדיק זיך איינער אויפֿן אַנדערן, שלעפּן זיך פֿאַרוווּנדיקטע רויטאַרמייער, שטרענגען אָן זייערע לעצטע כּוחות, אַז זייער יונג לעבן זאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן. ערגעץ רופֿט איינער:

— מאַמאַ, גדיע טי, מאַמאַ? — ווּ ביסטו, מאַמע?

און צווישן די פֿאַרלאָזטע טאַנקען, האַרמאַטן, מינע־און קוילנוואַרפֿערס, צווישן די קאַסטנס סנאַריאַדן, לענטעס קוילן, האַנטגראַנאַטעס און איבערגעקערטע וועגענער, וואַלגערן זיך אין די שלייעס טויטע פֿערד מיט אויסגעשטשירעטע ציינער, ווי געלאַכט פֿון דער מענטשלעכער טיפּשות.

און פֿאָרן ווײַטער, און נאָך אַלץ זוכן וועגן אויף אַריבערצופֿאָרן די פֿראָנטליניע, צו אויסמײַדן אָט דעם פֿײַער־גיהנום, וואָלט שוין פּשוט געווען אַ משוגעת. און אויך פֿאָרן מיט די זײַטיקסטע, מיט די פֿאַרוואָרפֿנסטע פֿעלד־וועגן, איז דאָ אַ לעבנס־סכּנה. שוין איינמאָל אַרײַנגעפֿאַלן צווישן די דײַטשישע סאָלדאַטן, און קוים, טאַקע על־פּי נס, אַרויס מיטן לעבן, און ניט געשענדט און ניט פֿאַרשוועכט געוואָרן. גוט וואָס טעמערל האָט באַצײַטנס זיך און פֿריידקען די פּנימער מיט רעדער־שמירעכץ אויסגעשמירט...

און געמוזט האָט מען שוין נאָר אין די נעכט פֿאָרן, פֿון נאָך דער שקיעה ביז צום אויף טאָג־שאַריען. און וווהין שוין פֿאָרן? און מיט הונגעריקע קינדער, וואָס קומען אָפּ מיט אַ פּיסנער געגנבֿעטער קאַרטאָפֿליע פֿון פֿרעמדן פֿעלד, אָפּגעקאָכט איין מאָל אין טאָג ערגעץ־ווו אין טאָל: ס'איז שוין זיי, די קינדער, קוים צו דערקענען. זיי שווײַגן שוין אויך, ווי די באָבע זייערע, פֿייגע, און אין זייערע אויגן איז שוין אויך איר, דער באָבעס, טרויער.

און וואָס פֿאַר אַ זינען, און וואָס פֿאַר אַ תּכלית האָט שוין דאָס פֿאָרן איצטער, אײַנשטעלן דאָס אייגן, און דער עיקר, דאָס לעבן פֿון די קינדער? איר, טעמערלס עקשנות, איר וועלן אַרויספֿאָרן פֿון סטעפּ, איר גאַנצער מיין איז דאָך געווען צוליב זיי, צוליב די קינדער, ניט צו ריזיקירן דאָרטן מיט זייער לעבן. אַרויספֿירן זיי פֿון די מילחמה־פֿײַערן. פֿון די דײַטשן, וואָס קאָנען מאַכן „קרישטאָל־נעכט”... ראַטעווען די קינדער פֿון אָט די ווילדע חיות, וואָס הרגענען שוין צוויי יאָר ייִדן אין פּוילן, אַלט און יונג, קינד און קייט...

און דעמאָלטן, אַז אַלע אויסזיכטן און דערוואַרטונגען, אַלע ביטחון־שטראַלן האָבן זיך אויסגעלאָזן, נאָכן טאָג אין וואַלדיקן טאָל, ווו פֿון פֿרעמדן אויג זיך אויסבאַהאַלטן, דאָרטן, נאָך זונאונטערגיין, אַז טעמערל מיט די קינדער האָבן זיך אויסגעבאָדענע פֿון טײַכל אומגעקערט, און אויך ער, מנחם מאַקאָווער, דער גרײַזגרויער טשערנאָבילער חסיד, האָט, פֿאַרן שטעלן זיך אונטער די ווערבעס דאַוונען, אין טײַך זיך אָפּגעטובֿלט, דערנאָך, בײַם נעמען די פֿערד שפּאַנען געזאָגט:

— מ'דאַרף זיך אומקערן, טעמערל, קריק אַהיים, ניטאָ שוין, טעמערל, די מינדסטע האָפֿענונג צו אַריבערכאַפּן זיך אויף יענער זײַט פֿײַער. וויפֿל קאָנען מיר אַזאַ ציגײַנער־לעבן פֿירן, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ! די קינדער ווערן הויט און ביין, די שוויגער צאַנקט שווײַגנדיקערהייט, ווי אַ ליכט... און די סכּנה, טעמערל, פֿאַרן לעבן, ווערט דאָ אַ סך גרעסער. ווי דאָרטן, אויפֿן סטעפּ. דאָרטן זײַנען מיר פֿאָרט ניט אַליין, דאָרטן זײַנען מיר ייִדן מיט קאָסעס און העק! דאָרטן...

— שווער, איך ווייס שוין ניט וואָס אײַך צו זאָגן. פֿאָרט, שווער, וווּהין איר ווילט... נאָר ניט אויף צוריק, נאָר ניט אַהין!

— מחמת וואָס? וואָס קאָן שוין איצטער דאָרטן זײַן ערגער? אַלע קוימענס שמעקן מיט רויך...

— אַהינצו, שווער, אַהינצו, איז שוין ניטאָ צו וועמען פֿאָרן. דאָרטן, שווער, איז שוין קיין לעבעדיקע נשמה ניטאָ.

— גאָט איז מיט דיר, טעמערל, וואָס רעדסטו, פֿון וואַנען ווייסטו דאָס?

— איך האָב אײַנגעדרעמלט בײַנאַכט אויפֿן וואָגן און גלײַך דערזען דעם פֿעטער נחמנען ליגן אויף דער ערד אין אַ פֿאַרבלוטיקטן טלית...

— פֿון דײַנע חלומות, טעמערל, קאָן מען זיך רירן פֿון זינען. מירן פֿאָרן קריק אַהיים, און דו וועסט שוין דאָרטן זען, וואָס פֿאַר אַ ווערט ס'האָבן דײַנע חלומות.

נאָר בײַם אומקערן זיך אַהין, אין סטעפּ אַרײַן, צום אייגענעם דאַך, צו דער בעט מיט אַ קישן צוקאָפּנס, האָט גראָד ער, מנחם מאַקאָווער, וואָס איז שוין שווער אויפֿן אויער, אויפֿגעכאַפּט אין דער ווינטיקער זומער־נאַכט איבער דער ערד, וואָס איז שוין אויף דער צײַט מיט דער גערעטעניש אין פֿעלד, אין סאָד, און זי אָטעמט שווער, די געווינערן, מיט אַלע כוחות, פֿון אירע גראָזן און צוויטן... גראָד ער, דער אַלטער, האָט אויף אַ מהלך ווײַט דערהערט פֿערדישע קאָפּיטעס קלאַפּן, און באַלד דערזען אויפֿן פֿעלד־וועג אַ רײַטער אַנטקעגן פֿאָרן. און דער אַלטער שמיד טאַפּט אָן די אָנגעשאַרפֿטע האַק אין וואָגן, און פֿאַרהאַלט די פֿערד:

— טעמערל, נעם פֿריידקען און גייט ביידע אין קאָרן אַרײַן.

— און די קינדער, שווער?

— לויפֿט אין קאָרן!

און אַליין קריכט ער אויך פֿון וואָגן אויף דער ערד אַראָפּ, שפּאַרט זיך אָן מיט דער זײַט אויף דער דראַבינע, אין דער לינקער האַנט די ליידיקע ליולקע — שוין העכער אַ וואָך ניטאָ מיט וואָס אָנקלאַפּן, און אין דער רעכטער האַנט האַלט ער די האַק אין וואָגן: ווער ס'זאָל דאָרטן ניט פֿאָרן, וועט ער, דער אַלטער מנחם מאַקאָווער, מיט יענעם זיך יאַקאָשׁ ספּראַווען...

און צוגעריטן איז גאָר ניט קיין מאַנצביל, נאָר אַ פֿרוי, וועלכע מנחם האָט גלײַך דערקענט און ביז שרעק פֿאַרחידושט: פֿאַר אים איז

אויפֿן גניאַדן פֿערד געזעסן אַ באָרוועסע, מיט אונטערגעהויבענע נאַקעטע ליטקעס, די קאָלווירטישע פּאַסטוכעריןֹ, יודל זעלניקערס טאָכטער, בעטיע, וואָס איז אַמאָל, אין נײַנצענטן יאָר, אַ פּופּצניאַריקע, פֿון דער היים, פֿון שטעטל אַנטלאָפֿן מיט בודיאָניס אַ קאָמאַנדיר, מיטן סיבירער שייגעץ, אַלעקסיי אָרעשין; און שפּעטער, אין פֿינף יאָר אַרום, זיך אומגעקערט אַ היים, און מ׳האָט זי אָנגעהויבן אין שטעטל רופֿן:

— די בידנע עגונה.

און באַלד האָט מען אָנגעהויבן דעם טאַטן צו זאָגן אין בית־מדרש אָפֿן:

— ר׳ ייִדל, אײַער טאָכטער פֿירט אַראָפּ אונדזערע ייִנגלעך פֿון וועג...

דעמאָלטן אַז קיין שום רייד, ניט מיט גוטנס און ניט מיט שלעכטנס, האָבן ניט געהאָלפֿן, פֿאַרקערט, וואָס ווײַטער ווערט איר שטענדיקער שמייכל אויפֿן לענגלעכן שיינעם פּנים און דער אומרויִקער בליק פֿון אירע גרוי־גרינע אויגן נאָך חוצפּהדיקער... דעמאָלטן האָט יודל זײַן גראָשנדיקן צעלניק־קלייטל מיט ברעטער פֿאַרקלאַפּט, גענומען די ווײַב און טאָכטער, די „עגונה", און זיך געלאָזט מיט זיי, ווי אַלע „געוועזענע" אויף כערסאָנער סטעפּעס, אַ נײַ לעבן דאָרטן צו פֿאַרפּלאַנצן...

און די ערשטע פּאָר יאָר האָבן טאַקע טאַטע מאַמע די טאָכטער ניט געקאָנט דערקענען. געוואָרן ממש שטילער פֿון וואַסער. געהאָרעוועט פֿון קאַיאָר ביז צו נאַכט אויפֿן סטעפּ, און דערנאָך ביז צו האַלבער נאַכט אין שטוב... און דערנאָך, נאָכן פֿאַרטריבן ווערן אין קאָלווירט אַרײַן, ווי נאָר אויף דעם געוואַרט, אַ פּאַסטוכערין געוואָרן, אויפֿן פֿערד איבערן סטעפּ אַרומגעיאָגט, געטרײַ געהיט און געפּאַשעט די פֿיך און שאָף, נאָר אויף נאַכט אַהיים ניט געקומען. שוין גענעכטיקט דאָרטן, אין סטעפּ־ביידל, און אויפֿגענומען אַהינצו געסט...

און איצטער, אין מיטן דער נאַכט, אויפֿן פֿעלד־וועג, אַז זי איז צוגעריטן, די פּאַסטוכערין, די עגונה, און אים, מנחמען מאַקאָווער, וואָס האָט ניט איין מאָל פֿאַר אַלעמען, בפּרהסיא, און אָנגערופֿן דאָס קינד בײַם נאָמען: זי, יודלס טאָכטער, די פּרוצה, דאַרף מען פֿון דער קאָלאָניע פֿאַרטרײַבן... דערזען אים בײַם וואָגן, ווו ס׳ליגן צונויפֿגעקנוילט די קינדער, שווײַגט זי אַ היפּשע ווײַלע, דערשטיקט אין

זיך אַ שלעכטן געפֿיל, דערנאָך פֿרעגט זי:

— ווּהין פֿאָרט איר, דאָס לעבן איז אײַך נמאס געוואָרן? — און גענומען גלײַך דערציילן, וואָס די אַרײַנגעקומענע דײַטשן, און די אוקראַינישע פּאָליצײַ־לײַט, האָבן מיט די ייִדן אין קאָלאָניע אָפּגעטאָן:

— ווי נאָר זיי זײַנען אַרײַן, אַזוי האָבן זיי גענומען אָפּרייניקן די ערד פֿון ייִדן. אַזוי האָבן זיי טאַקע געזאָגט: די ערד מוז אָפּגערייניקט ווערן פֿון ייִדן... דאָס וואָס זיי האָבן געטאָן, און ווי אַזוי זיי האָבן דאָס געטאָן, גלייבט זיך מיר אַליין ניט. איר פֿאַרשטייט, איך קאָן זיך דאָס ניט גלייבן... און איך האָב דאָך דאָס געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן... זיי האָבן פֿאַר נחמנען דעם סטעלמאַך, פֿאַר דעם פֿרומען ייִדן, אויסגעשפּרייט דעם טלית אויף דער ערד, געהייסן זיך שטעלן פֿאַר זיי אויף די קני און זיך צלמן... מיר, דײַטשן, האָבן זיי געזאָגט צו נחמנען, זײַנען געטער!

— און מײַן ברודער האָט זיך געשטעלט פֿאַר זיי אויף די קני און זיך געצלמט? — רעדט מנחם קוים אַרויס.

— אַך, יאָ, גאָר פֿאַרגעסן! דער סטעלמאַך איז דאָך אײַער ברודער... ניין, ער האָט דאָס ניט געטאָן.

— אַ דאַנק דיר, ריבונו של עולם, וואָס דו האָסט בײַ אים ניט אָפּגענומען די גײַסטיקע כוחות... און וואָס איז דאָרטן מיט אים ווײַטער געשען?

— זיי האָבן אים געהרגעט...

— געשאָסן?

— איר דאַרפֿט נאָך וויסן ווי אַזוי, און מיט אַוועלכן טויט ער איז אומגעקומען? זיי האָבן אים פֿאַרן טויט אַרויסגעריסן מיטן פֿלייש די באָרד, אים אָפּגעשניטן די אויערן...

— גרויסער גאָט אין הימל! — שרײַט אויס מנחם מאַקאָווער.

— און מײַן טאַטן האָבן זיי אויסגעטאָן נאַקעט, לעבעדיקערהייט צעהאַקט אים אויף שטיקער, און די שטיקער לײַב זײַנע, געוואָרפֿן פֿאַר די הינט. און מײַן טאַטע איז דאָך אויך געווען אַ פֿרומער ייִד, אַ ליובאַוויטשער חסיד, געדאַוונט אין צוויי פּאָר תּפֿילין...

— איז נאָך עמעצער דאָרטן געבליבן לעבן?

— ניין! אַלעמען, אַלעמען האָבן זיי געשאָסן אין דער באַלקע... דאָס

זעלביקע האָבן זיי געטאָן מיט די ייִדן אין אַלע קאָלאָניעס. פֿאַרקערעוועט די פֿערד און לויפֿט וואָס גיכער אין אַ באַהעלטעניש.

— און ווי אַזוי האָסטו זיך געראַטעוועט?

— צווישן די פּאָליצייען איז געווען איינער פֿון מײַנע שטענדיקע געסט אין בײַדל... — און זי האָט דאָ אַ צי געטאָן מיט אַלע כּוחות די לייצעס און זיך אויפֿן גניאַדן אַוועקגעטראָגן ווײַטער אין דער נאַכט אַרײַן.

און נאָך איר אַוועקפֿאָרן בלײַבט ער שטיין, מנחם מאַקאָווער, אָנגעשפּאַרט אין וואָגן, אויף ניט אומצופֿאַלן. דער אויסגעשטערנטער הימל הייבט אָן צו לעשן זיך אין זײַנע אויגן. די ביז איצטיקע וועלט נעמט זיך אין אים ברעכן, וואַלגערן און אײַנפֿאַלן... ער וויל זאָגן: גאָט, איך שרײַ אין דער נאַכט צו דיר! — נאָר ער קאָן די ווערטער פֿון תהילים ניט אַרויסברענגען. לאָזט ער זיך לויפֿן איבערן וועג, ווי געוואָלט פֿון זיך אַנטלויפֿן.

— שוועסטער, — יאָגט אים אָן טעמערל. — מ׳טאָר דאָ אויפֿן וועג ניט שטיין. אויף דעם וועג גייט שוין אַרום דער טויט... מ׳דאַרף פֿאַרקערעווען דעם דישל און אַנטלויפֿן.

— האַ?.. דו ביסט גערעכט, טעמערל, ביסט גערעכט. אָבער וווּהין פֿאַרקערעווען, וווּהין אַנטלויפֿן?

— מיר דאַרפֿן זיך, שוועסטער, דערקלײַבן צו דער אַלטער היים, צו די פּאָלעסיער וועלדער. דאָרטן קאָנען מיר נאָך ראַטעווען די קינדער. דאָרטן, אין יענע וועלדער, קאָן זײַן אונדזער הילף! שוועסטער, איר הערט מיך?

נאָר מנחם מאַקאָווער שטעלט זיך דאָ אָפּ, נעמט פֿון קעשענע אַרויס דאָס מעסערל, שנײַדט מיט דעם אָן דעם לאַץ פֿון רעקל, רײַסט אויף זיך קריעה... און טוט אַ פֿאַל מיטן פּנים צו דער ערד. זי דערהערט זײַן געוויין.

— שוועסטער, שטייט אויף! ס׳איז שוין נאָך האַלבער נאַכט. ס׳וועט אינגיכן אָנהייבן שאַריען אויף טאָג, און מיר וועל זײַן אין אַן אָפֿענעם פֿעלד... שוועסטער, הייבט זיך אויף פֿון דער ערד, אונדזער טרויער איז שוין ניט פֿאַר איין מענטש. ס׳איז שוין אַ טרויער פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק און אויף דור־דורות ... קומט, קומט, לאָמיר גיין, פֿאַרקערעווען די פֿערד!

— לאָמיר גיין, טעמערל, — ווישט ער מיט די אַרבל די אויגן. — לאָמיר גיין.

— נאָר איך וויל, שוועך, אַז ביז מיר וועלן צוגיין צום וואָגן, זאָלט איר מיר דערקלערן: אַלע ייִדן פֿון דער קאָלאָניע האָט מען אומגעבראַכט. אויך די קינדער, די אומשולדיקע ריינע קינדער... דער פֿרומער פֿעטער נחמן, דער פֿרומער יודל צעלניקער, ביידע הייסע חסידים, איינער אַ טשערנאָבילער, דער צווייטער אַ ליבאַוויטשער, ביידע האָבן געגלייבט אין גאָט און אין זײַן תּורה. ביידע האָבן געטרײַ אָפּגעהיט אַלע מיצוות... זיי, די פֿרומע, זײַנען אומגעקומען מיט אַזאַ שוידערלעכן טויט, און זי, די זונה...

— שיט מיר ניט, — שרײַט דאָ אויס מנחם מאַקאָווער. — שיט מיר ניט קיין זאַלץ אויף די ווונדן... טרעט מיר ניט אָן אויף דער נשמה... קום גיכער און שווײַג. פֿייגע האָט שוין פֿון לאַנג פֿאַרשטאַנען, אַז מ׳דאַרף שווײַגן. און באַזונדערס איצטער, צווישן געלעכטער פֿון אַ צעהאַקטן בוים, אָפּגעריסענע בלעטער אויפֿן שוואַרצן ווינט, ווער ווייסט ווּהין אָט דער שוואַרצער ווינט קאָן אונדז פֿאַרטראָגן?

— שוועך, ביז מיר וועלן ערגעץ פֿאַרטראָגן ווערן, דאַרפֿן מיר אָנהאָדעווען די קינדער. פֿאַרנדיק אַהער האָב איך בײַם וועג געזען אַ קאַרטאָפֿליע־פֿעלד. זײַנען מיר דאָך אָבער געפֿאָרן אַהיים, צו אונדזער שטוב און גאָרטן... האָבן מיר דאָך שוין געגנבֿעטע קאַרטאָפֿליעס ניט באַדאַרפֿט האָבן.

— טעמערל, איך האָב דען געוואָלט ערגער?

— גאָט באַהיט! ס׳איז נאָך אַ גרויסער גליק, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף איר, אויף דער עגונה... ווען ניט זי, וואָלטן מיר אַרײַנגעפֿאָרן מיט די קינדער גלײַך אין פֿײַער אַרײַן.

— טעמערל, אפֿשר האָט זי דער אייבערשטער פֿון טויט געראַטעוועט, כּדי זי זאָל אונדז דאָ, אויפֿן וועג אַהין־צו, פֿאַרהאַלטן?

— אפֿשר, שוועך, אפֿשר... אין אַ שוואַרצן ווינט דאַרף מען אויך וואַרטן אויף ניסים. און גראָד שוואַרצע ווינטן, שוועך, טראָגן אין זיך ניסים...

און מנחם מאַקאָווער, מיט זײַן מיט אַ מאָל אײַנגעפֿאַלענער וועלט אין האַרצן, פֿאַרקערעוועט פֿערד און וואָגן, פֿאַרהאַלט זיך נאָר בײַם

פֿעלד, ווו טעמערל גראָבט אָן מיט די הענט אַ קוישל קאַרטאָפֿליעס און דערנאָך, בײַם טאָג ווערן, דערפֿאָרט ער צו יענעם לעבעדיקן טײַכל, וואָס פֿליסט ווײַט פֿון וועג, צו יענעם טאָל אין וואַלד, ווו די פֿויגלען, נאָך פֿון די נעסטן ניט אַרויס, הייבן אָן באַגעגענען דעם זונאויפֿגאַנג מיט פֿריידיקן געזאַנג.

דאָרטן, אין יענעם טאָל, זעענדיק פֿאַר די אויגן דעם ברודער, נחמנען, מיט די אָפּגעשניטענע אויערן אויפֿן פֿאַרבלוטיקטן טלית, און אים, יודלען צעלניקער, ווי מ׳שנײַדט פֿון אים שטיקער לעבעדיקן לײַב און מ׳וואַרפֿט זיי פֿאַר די הינט... דאָרטן, אין יענעם פֿאַרטאָגיקן טאָל, אַ פֿאַרלאָרן און אויפֿגעטרייסלטער, שפּאַנט ער אויס, דער אַלטער מאַקאָווער, די פֿערד, פֿירט זיי צום וואַסער אָנפּויען, פּענטעט זיי דאָרטן די פֿיס, און לאָזט זיי אין געדיכטן גראָז אַרײַן זיך פּאַשען.

און זיי, טעמערל מיט די קינדער, האָבן דערווײַל אין וואַלד, אונטער די בערעזעס, שוואָמען אָנגעקליבן, און אויך אויף אַ ווילדן עפּלבוים אָנגעטראָפֿן: און פֿייגע האָט דאָ, אין טאָל, אַ פֿײַער צעלייגט, דעם טשוהון מיט וואַסער אַרויפֿגעשטעלט, קאַרטאָפֿליעס אָנגעשיילט, דאָס לעצטע ביסל פּערל־גרויפּן פֿון טאָרבעלע אַרויסגעשאָטן און זיי, טעמערל מיט די קינדער, האָבן די שוואָמען אויסגעוואַשן, אָנגעשניטן און אַז דער מחיהדיקער געקעכץ איז פֿאַרטיק געוואָרן, האָט מען דעם הונגער געשטילט, און אויך מיט די קיסליצעס פֿאַרביסן, און תיכף געלייגט זיך אַרום וואָגן, אין שאָטן שלאָפֿן — אויסגלײַכן די ביינער, אויסציען די פֿיס און הענט, וואָס ווערן פֿאַר דער נאַכט ליגן אין וואָגן צונויפֿגעדרייט און פֿאַרחלשט.

נאָר ער אַליין, דער אַלטער מאַקאָווער, קאָן ניט אַנטשלאָפֿן ווערן, קאָן ניט אײַנליגן, ווי די ערד וואָלט אים געבריט. גייט ער אַלע מאָל אַ קוק געבן, ווו די פֿערד פּאַשען זיך, אויף זיי איז דאָך איצטער די גאַנצע האָפֿענונג. און אַז ער קערט זיך אום קריק צום וואָגן, פּאַמקעט ער דעם ליידיקן ליולקע־ציביק, וואָס האָט פֿאַרהיט דעם ריח פֿון טוטין, און קוקט ווידער מיט זאָרג און שרעק אויף דער ווײַב, אויף פֿייגען, וואָס ליגט אויף דער פּלייצע, דער פּנים איז איר נאָך געקנייטשטער און טונקל־געלער געוואָרן. די אויגן אירע האַלב אָפֿן, ווי זי וואָלט שוין אויף דער וועלט נאָר מיט די ווײַסלען געקוקט... פֿון איר מויל מיט די פֿון

ווייטיק פֿאַרקרימט־בלאָווע ליפּן, הערט מען קיין אָטעם ניט, נאָר אין רעכטן שלייף שלאָגט דער אויפֿגעלאָפֿענער בלאָווער אָדער.

און בײַם טאָג־פֿאַרגיין — די זון בריט שוין ניט, נאָר וואַרעמט — באָדט טעמערל די קינדער אין טײַך, און ס'הערן זיך פֿון דאָרטן זייערע געלעכטערס, און אויך זי אַליין, די דרײַ און דרײַסיק יאָריקע מאַמע, לאַכט אויף אַ קול, ווי אַמאָל, ווען ס'פֿלעגט זיך אין איר געלעכטער הערן די ברכה און תּפֿילה צום לעבן... טוט אויך דער אַלטער מאַקאָווער אין באָרד אַ שמייכל. שוין לאַנג ניט געהערט זי אַזוי לאַכן, שוין פֿון יענער שעה אָן, אַז מ'האָט אים, שאולן, פֿון איר און פֿון די קינדער צוגענומען, פֿון יונגן לעבן אַזוי הפֿקר־און אכזריותדיק, אָן אַ פֿאַרוואָס און אָן אַ פֿאַרוועז, אַרויסגעריסן.

— זי לאַכט, טעמערל, ווי זי וואָלט ווידער מיט איר געלעכטער געבענטשט די שטילקייט פֿון וואַלד, די ריחות פֿון דער ערד, דעם געזאַנג פֿון דעם זיאַבליק... און אויב זי, טעמערל — טראַכט דער אַלטער מאַקאָווער — אויב זי, וואָס איר נשמה איז ווי אַ סטרונע אויף אַ פֿידל, פֿילט יעדער צוריר און רופֿט זיך גלײַך אָפּ: אויב זי, טעמערל, קאָן איצטער, אין אָט דעם וואַנדער־און וואָגל, אָן אַ דאַך איבערן לעבן, זיך שפּילן אַזוי מיט די קינדער, און מיט אַזאַ הנאהדיקן, מיט אַזאַ זיך קוויקנדיקן געלעכטער, טאָר מען גאָר אין יאוש ניט אַרײַנפֿאַלן, דעם ביטחון ניט פֿאַרלירן... און מנחם מאַקאָווער וואַשט די הענט און שטעלט זיך צווישן די יאָדלעס, ווו איבער זײַן קאָפּ שפּרינגען אַרום וועוויריקעס, צו דאַוונען מיט גרויס כּוונה און ציטערניש מינחה, זאָגט אויך קדיש, און ניט נאָר נאָך זײַן ברודער נחמנען און יודל צעלניקער, נאָר אויך נאָך אַלע ייִדן, נאָך אַלע מאַמעס און קינדער, וואָס זייער אומשולדיק בלוט איז דאָרטן, אין דער סטעפּישער באַלקע פֿאַרגאָסן געוואָרן.

## ג.

און אונטערוועגנס אַהין, צו די פּאָלעסיער וועלדער, ווו מ'זאָל אַ

באַהעלטעניש, אַ ערד־שטיבל קאָנען אויפֿשטעלן און דעם לאַנגן אָסיען מיט די קאָסע־און קאַלטע רעגנס איבערקומען: אויך דאָ פֿילט זיך שוין די האַרבסטיקע קעלט אין די נעכט, און בײַ טאָג איז ניטאָ וווּהין זיך אַהינצוטאָן: שוין נאָכן שניט, אָפּגעשוירענע פֿעלדער, מיט בלאָנדער סטערניע אונטער דער נידעריקער זון. און ס׳קאָן דאָך זײַער זײַן, אַז מ׳זאָל נאָך מוזן דאָרטן, אין יענע וועלדער, דעם ווינטער איבערווינטערן, מיט שפּײַז און האָלץ זיך באַזאָרגן, און אויך האָדיווליע פֿאַר די פֿערד פֿאַרגרייטן: און דאָס וואַלד־שטיבל דאַרף מען דאָרט אויפֿשטעלן ניט ווײַט פֿון אַ טײַך, מ׳זאָל אין די פֿרעסט אַ פּאָלאָנקע קאָנען אויסהאַקן און אַן עמער וואַסער אָננעמען.

און מיט יעדער קילאָמעטער, אויך אויף די הינטער־און אומוועגן, ווערט די סכּנה פֿאַרן לעבן גרעסער. דערצו נאָך ווערט פֿייגעס מצבֿ פֿון שעה צו שעה ערגער. מ׳זעט ווי זי צאַנקט שוואַכנדיקערהייט... מ׳מוז זי פֿון וואָגן אַראָפּנעמען און כאָטשבי אויף אַ פּאָר מעת־לעת אין אַ בעט אַרײַנלייגן, אַ רופֿא רופֿן און זי אונטערפּילנעווען: זי קאָן זיך דאָך אויף די פֿיס ניט שטעלן.

און אויך פֿון זיי, פֿון די קינדער, הערט מען קיין קול ניט, פֿאָדערן און בעטן שוין גאָרניט. אַפֿילו דער קלײנינקער ירמהלע, דער פֿינעף יאָריקער, איז מיט אַ מאָל געעלטערט געוואָרן, ווייסט שוין אויף וואָסער וועלט ער געפֿינט זיך, אַז אַרום זײַנען דײַטשן־רוצחים... און פֿון זײַנע, פֿון ירמהלעס, אויגן, וואָס זײַנען אַזוי ענלעך אויף די אויגן פֿון זײַן זיידן, דעם נבֿיא, שלאָגט שוין אַרויס אַ פּײַנלעכער טרויער. אָט דעמאָלטן האָט שוין אַפֿילו זי, טעמערל, צום אַלטן מאַקאָווער געזאָגט:

— שווער, מײַדט ניט אויס דאָס שטעטל. לאָמיר אַהין פֿאַרפֿאָרן און זיך דאָרטן אויף עטלעכע טעג פֿאַרהאַלטן בײַ דער שוויגערס ברודער, בײַם שוחט.

האָט די שוויגער, פֿייגע, געהערט דער שנורס רייד, און אויך זיי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, זאָל מען זי אין איר שטעטל פֿאַרפֿירן, אין יענער אַלטער שטוב, ווו זי איז געבוירן און אויסגעוואַקסן געוואָרן בײַ איר טאַטן דעם דיין... — פֿון איר צושאָקלען מיטן קאָפּ, איז געווען צו פֿאַרשטיין: יאָ, יאָ, זאָל מען זי פֿאַרפֿירן אַהין־צו, אין יענער שטוב, ווו ס׳לעבט איר ברודער, זבֿולון דער שוחט.

נאָר ערבֿ זריִען אויף טאָג, בײַם װעלן פֿונעם װאַלדװעג אַראָפּפֿאָרן, און אויפֿן װעג צום שטעטל פֿאַרנעמען, דאָ דערזעען זײ פּלוצלינג אין דער אָראַנזשעװער ליכט פֿון דער סופֿחודשדיקער לבֿנה, װאָס זיפּט זיך אַדורך פֿון צװישן די ציטערנדיקע אָסיקע־בלעטער, עמעצן מיט צעשפּרײטע הענט אַנטקעגן שטײן... דערלאַנגט מנחם מיט דער בײַטש איבער בײדע פֿערדישע רוקנס, און װיל אויפֿגיך פֿאַרבײַפֿאָרן. יענער, דער לבֿנה־געפֿלעקטער געשפּענסט, רירט זיך אָבער ניט פֿון אָרט, נעמט נאָר שטאַרקער צו פֿאָכען מיט די צעשפּרײטע הענט. טאַפּט מנחם אָן די האַק אין װאָגן, און פֿאַרהאַלט די פֿערד. און דאָ דערהערט מען אויך אַ צעבראָכן קול פֿון אַ פֿרוי, און באַלד דערזעט מען אַז זי איז נאַקעט.

— אַנטלויפֿט ניט, — בעט זי, און לויפֿט אין די קוסטעס אַרײַן. — איך האָב דערהערט װי איר רעדט ייִדיש... מ׳האָט אונדז אַלעמען געצװוּנגען אויפֿן בית־עולם, פֿאַרן טויט, זיך אויסטאָן נאַקעט... קאָנט איר מיר געבן עפּעס־װאָס אָנטאָן אויפֿן לײַב?

— באַלד, — רעדט קוים טעמערל אַרויס. — באַלד, באַלד װעל איך אײַך געבן... באַלד... אָט נאַט אײַך, נעמט און טוט זיך אָן! נאַט אײַך אויך אַ פּאָר שטיװל...

און אַז זי טוט זיך אָן, גײט פֿון צװישן די קוסטעס אַרויס, פֿרעגט זי:

— װוּהין פֿאָרט איר? צו אונדז אין שטעטל אַרײַן? האָט איר אפֿשר אַ טרונק װאַסער?

און אַז זי טרינקט זיך להוט אָן פֿונעם טשײַניק: — ניטאָ װוּהין און צו װעמען צו פֿאָרן! ניטאָ װוּהין און צו װעמען פֿאָרן! ניטאָ שוין דאָרטן קיין שטעטל... ניטאָ שוין דאָרטן קיין ייִדן... דאָרטן שטײען, װי מצבֿות, די אויװנס מיט די שװאַרצע קוימענס, װאָס רויכערן זיך נאָך... און איך בין די אײנציקע װאָס איז אַ לעבעדיקע אַרויס פֿון בית־עולם, פֿונעם הײליקן פֿעלד, װוּ די דײַטשן מיט די אוקראַינישע פּאָליציאַנטן האָבן אויסגעהרגעט אַלע ייִדן... דער גאַנצער בית־עולם האָט געשריִען! מ׳קאָן זיך אַזעלכע יללה־געשרײען גאָר ניט פֿאָרשטעלן, באַזונדערס די געשרײען פֿון די מאַמעס... ס׳האָט געדאַכט, אַז ניט נאָר די לעבעדיקע און ניט נאָר דערהרגעטע ייִדן שרײען, נאָר אויך אַלע אונדזערע געשטאָרבענע דורות שרײַען פֿון זײערע קבֿרים אַרויס... שרײַען צו

גאָט, און צו דער טויבער וועלט! גיט מיר נאָך אַ טרונק וואַסער...

און זי בלײַבט שוין מיטן טשײַניק אין די הענט: — הוי, ווי ס'ברענען אין מיר אַלע אבֿרים, ברענען און ווערן ניט פֿאַרברענט. הוי, ווי ס'שרײַט אין מיר דאָס האַרץ און די נשמה, שרײַען און קאָנען זיך ניט אויסשרײַען. און ס'וועט שוין אַזוי אין מיר ברענען און שרײַען ביזן לעצטן אָטעם... מײַן צוויי יאָריק קינד האָבן זיי דאָך אַפֿילו ניט געשאָסן, זיי האָבן דאָס קינד פֿון מײַנע הענט אַרויסגעריסן, אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און מיט די שטיוול עם צעשפּאָלטן דאָס קעפּעלע... און די לבֿנה לייכט און ווערט גאָר ניט אויסגעלאָשן, און די הימלען ווערן גאָר ניט אײַנגעבראָכן! איך וואָלט עס אײַך גאָר ניט באַדאַרפֿט דערציילן, ניט לייגן אײַך, אָנגעברענטע שטיינער אויפֿן האַרצן, נאָר איך גלייב, אַז איך בין געבליבן לעבן צוליב דעם, אַז איך זאָל דערציילן וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען און וואָס איך ווייס. דער פֿײַער אין מיר וועט מיך דאָך סוף כל סוף פֿאַרברענען, און דער געשריי פֿון מײַן קינד: מ־אַ ־מ־ע! דאַרף דערגיין צו די קומענדיקע ייִדישע דורות... ניין, ניין, אַ דאַנק, עסן וויל איך ניט. דער ברויט שטעלט זיך מיר אין האַלדז. אויב איר קאָנט מיר געבן אַ פּאַפּיראָס, צי אַ ביסל מאַכאָרקע?..

— איך רייכער, — זאָגט מנחם. — אויסגעטרוקנטע דעמבענע בלעטער. אויב איר ווילט?

— פֿאַרדרייט מיר, זײַט אַזוי גוט, אַ ציגאַר פֿון דעמבענע בלעטער, פֿון קראָפּיווע פֿון שטעכעלקעס... אָנגעהויבן האָט זיך עס שוין פֿונעם ערשטן טאָג, ווי נאָר זיי, די חיות, זײַנען אין שטעטל אַרײַן. שוין אין יענעם טאָג האָבן זיי אויפֿן מאַרק־פּלאַץ אַרויסגעטריבן פֿון די הײַזער אַלטע ייִדן און יונגע מיידלעך, געבראַכט פֿון אַלטן בית־מדרש די ספֿר־תּורה און די ספֿרים, שוין פֿאַרגעלטע און צעשאָטענע, אונטערגעצונדן און באַפֿוילן אַלע צונויפֿגעטריבענע זיך אויסטאָן נאַקעט, זיך נעמען פֿאַר די הענט, טאַנצן און זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל"... האָבן די מיידלעך ניט געוואָלט זיך אויסטאָן. האָבן די דײַטשן אַליין אַראָפּגעריסן פֿון צוויי מיידלעך דעם אָנטאָן, בײַם דאָקטער נודעלמאַנס מיזינקע, און בײַ יאָסל דעם סטאָליערס טאָכטער, זיי ביידע געשלאָגן מיט גומענע־קישקעס ביז בלוט, און אויפֿן אָרט זיי ביידע געשאָסן.

— נו, — האָט אַ פּאָליציאַנט געפֿרעגט בײַ די איבעריקע מיידלעך,

— ווער נאָך וויל זיך ניט אויסטאָן?

און מ׳האָט אַזוי, האַלטנדיק זיך פֿאַר די הענט, אַ מיידל מיט אַ זקן, אַרום פֿײַער געטאַנצט, און דעם „אינטערנאַציאָנאַל״ געזונגען. און זיי, די דײַטשן, האָבן מיט די גומענע קישקעס איבער די נאַקעטע לײַבער געשמיסן: מ׳זאָל טאַנצן שטאַרקער, מיט מער ברען, און זינגען העכער... און מ׳האָט זיי געצווונגען אַזוי לאַנג ביז אַלע זײַנען צעבלוטיקטע אין חלשות אויף דער ערד געפֿאַלן. און אין דער צײַט האָבן צוויי דײַטשן בײַ זבֿולון דעם שוחט די שטוב געראַבעוועט, און געפֿונען דאָרטן דעם חלף. און אַז זיי, די צוויי דײַטשן, האָבן זיך דערוווּסט צוליב וואָס דער חלף האָט דעם ייִדן געדינט, האָט איינער אַרויסגענומען דעם חלף פֿון שיידל, און אים דערלאַנגט דעם אַלטן שוחט:

— נאַ, און שעכט אָט די צוויי קליינע! — ווײַזט ער אויף די צוויי דערשראָקענע קינדער, וואָס טוליען זיך צו דער מאַמע. נעם, שעכט זיי! ...און וויפֿל מנחם און טעמערל האָבן ניט געוווּנקען צום ווײַבל, זי זאָל אַנטשוויגן ווערן, ניט דערציילן ווײַטער וואָס דאָרטן, אין דעם שוחטס שטוב, איז פֿאָרגעקומען, ווײַל זי, פֿייגע, האָט זיך דאָ אויפֿן וואָגן אויפֿגעזעצט... דאָס ווײַבל האָט יאָ זייער ווונקען געזען, נאָר ניט געקאָנט אַנטשוויגן ווערן — פֿון איר נשמה האָט אַרויסגעשריִען:

— וואָס? — האָט דער אַלטער שוחט אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן אויפֿן דײַטש. — וואָס־אָס? דו ווילסט איך זאָל קוילען מײַנע אייניקלעך?...

— יאָ, יאָ, שעכט שנעל!

האָט זיך דאָ דער אַלטער זבֿולון אויסגעדרייט צום דײַטש, אונטערגעהויבן די קאַפּאָטע, און געזאָגט: — אַז דו, דײַטשוק, וועסט מיר אַ קוש טאָן אין הינטן... דער דײַטש איז פֿון כּעס אונטערגעשפּרונגען, מיט אַ זעץ פֿון דעם פּוס דעם זקן אומגעוואָרפֿן, אָנגעכאַפּט פֿאַר דער באָרד, אונטערגעהויבן זײַן קאָפּ, און דעם שוחט געקוילעט... און דער צווייטער דײַטש האָט ביידע קינדער געשאָסן. די מאַמע האָט זיך דאָ גלײַך פֿון זינען גערירט, גענומען ביידע פֿאַרבלוטיקטע קינדער אויף די הענט און אָנגעהויבן מיט זיי טאַנצן...

— גענוג איַך! — טוט דאָ מנחם אַ געשריי אויפֿן ווײַבל, אַז פֿייגע האָט אַ פֿײַפֿנדיקן קרעכץ געטאָן און געבליבן ליגן מיטן קאָפּ אויף דער

דראַבינע. — פֿייגע, פֿייגע, פֿייגע... טעמערל, וואָס זיצסטו, וואָס טוסטו גאָרניט, טעמערל?! האַ, ניטאָ, זאָגסטו, בײַ איר קיין דפֿק? וואָס הייסט ניטאָ, האַ? האָט זי שוין אויסגעשוויגן איר טויט? — און מנחם רײַסט אויף זיך קריעה און שרײַט אויפֿן גאַנצן קול: ריבונו של עולם, רײַס דאָרטן אויך קריעה, צערײַס דײַנע אַלע זיבן הימלען!

— ייִד איינער, — פֿאַרשטעלט אים דאָס ווײַבל מיט איר האַנט דעם מויל. — גאָט איז מיט אײַך! אײַער געשריי וועלן דערהערן די רוצחים און ניט דער ריבונו של עולם. זיי וועלן אונדז דאָ צעמזיקן און לעבעדיקערהייט אין דער ערד באַגראָבן. אײַער פֿייגע איז געווען אַ מזלדיקע, זי איז געשטאָרבן מיט איר טויט. זאָל זײַן אַז אויפֿן וואָגן, אָבער פֿאָרט צווישן אירע נאָענטע און טײַערע. ס'איז פֿאַראַן ווער ס'זאָל זי באַהאַלטן און באַוויינען!

— הוי, — זאָגט שטיל מנחם. — הוי, די לעבעדיקע זײַנען שוין מקנא די טויטע...

— יאָ, און ס'איז פֿאַראַן אויף וואָס צו מקנא זײַן. שטאַרבן מיטן אייגענעם טויט איז אַ גרויסער גליק! ווען מײַן זיידע, מײַן טאַטע, מײַן מאַמע, מײַן קליין קינד, מײַן עמעלע... ווען די דרײַ טויזנט אויסגעהרגעטע ייִדן אויפֿן בית־עולם...

— דרײַ טויזנט ייִדן, — רעדט קוים אַרויס מנחם מאַקאָווער. — דרײַ טויזנט ייִדן? דרײַ טויזנט...

— און אײַער גאָט, — ווערט דאָס ווײַבל אויפֿגעבראַכט. — אײַער גאָט רײַסט דאָרטן ניט קיין קריעה, שפּאַלט ניט די הימלען... יאָ, יאָ, דרײַ טויזנט ייִדן, אַלט און יונג, קינד און קייט...

— הוי, הוי, — קרעכצט מנחם. — כמעלניצקיס האַק האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזערע קעפּ.

— ס'איז ניט צו פֿאַרגלײַכן כמעלניצקין מיט היטלערן...

— וואָס זשע, האָט דען כמעלניצקי ניט אויסגעקוילעט גאַנצע שטעט מיט ייִדן? האָבן דען זײַנע קאָזאַקן ניט אויפֿגעשניטן די בײַכער בײַ טראָגעדיקע ווײַבער, אַרויסגעוואָרפֿן דעם וְלָד, אַרײַנגעלייגט אַ לעבעדיקע קאַץ און פֿאַרנייט דעם בויך? און די קאַץ האָט מיט די נעגל געדראַפּעט די געדערים און די אישה איז אויסגעגאַנגען אין שרעקלעכע יסורים. האָבן דען כמעלניצקיס הײַדאַמאַקעס...

— יאָ, — שלאָגט זי אים איבער די רייד. — יאָ, איך ווייס דאָס, איך בין געווען אַ לערערין פֿון געשיכטע אין די עלטערע קלאַסן. איך קען גרעצן און דובנאָוון... יאָ, כמעלניצקי האָט אויסגעהרגעט שטעט מיט ייִדן, פֿאַרגוואַלדיקט און פֿאַרמוטשעט ביזן טויט פֿרויען, געוואָרפֿן אויפֿן פֿייַער לעבעדיקע קינדער... יאָ, דאָס איז אַ אמת, נאָר אויב אַ ייִד האָט זיך איבערגעצלמט, האָט מען אים געלאָזט לעבן. היטלער וויל דאָך אָבער אויסראָטן, מיטן וואָרצל אַרויסרייַסן דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק. ער הרגעט דאָך אַפֿילו די משומדים, און ביזן זיבעטן דור... אויך די קינדער פֿון קריסטן, וואָס זייַנען געבוירן געוואָרן פֿון ייִדישע פֿרויען, הרגעט דאָ היטלער. מייַן מאַן איז דאָך אַ רוסישער...

— האַ, — טוט מנחם מאַקאָווער אַ ציטער, ווי דאָס ווייַבל, וואָס האָט זיך איינע פֿון אַ גאַנצער שטאָט ייִדן געראַטעוועט, האָט אים דאָ מיט אַ מאָל אַ מעסער ביזן קלינגל אין זייַן האַרצן אַרייַנגעשטאָכן. — ווי אַזוי זשע געפֿינט מען שוין אַ וועג צווישן די חורבֿות פֿון מייַן נשמה?

— שווער, — זאָגט דאָ טעמערל. — שווער, איך פֿאַרשטיי אייַך, אָבער איצטער איז ניט די צייַט פֿון גריבלען זיך אין דער נשמה... איצטער קערעוועט אַראָפּ טיפֿער אין וואַלד אַרייַן. ס׳הייבט שוין אָן צו טאָגן. מיר וועלן דאָ אין וואַלד באַהאַלטן די שוויגער. — און זי פֿרעגט בייַם ווייַבל. — ווייסט איר אפֿשר ווו מיר געפֿינען זיך?

— ניט ווייַט פֿונעם דאָרף בערעזניאַק, אַ קילאָמעטער אַכט פֿון דאַנען.

— מיר וועלן דאָ באַהאַלטן די שוויגער, מאַכן סימנים, און נאָך דער מילחמה וועלן מיר אָפּזוכן דעם קבֿר, און אירע ביינער אַריבערפֿירן צו זיך אויפֿן סטעפּ, אויף אונדזער הייליקן אָרט. דאָרטן איז דאָך די הייליקע באַלקע...

און דאָ, אַז מנחם וויל אין זייַט פֿון וועג אַראָפּקערעווען, טיפֿער אין וואַלד אַרייַן פֿאַרנעמען, אויסשפּאַנען דאָרטן די פֿערד, און אָפּלאָזן זיי, געפּענטעטערהייט, צו פּאַשען זיך, און דערנאָך נעמען גראָבן דעם קבֿר פֿאַר איר, פֿאַר פֿייגען, וואָס דאָס האַרץ האָט איר געפּלאַצט בייַם דערהערן, וואָס די דייַטשן האָבן געטאָן מיט איר ברודער מיט זבֿולונען דעם שוחט און מיט זייַנע אייניקלעך, און ווי די טאָכטער זייַנע, וואָס איז פֿון זינען אַראָפּ, האָט געכאַפּט די צוויי טויטע פֿאַרבלוטיקטע קינדער

אויף די הענט און געזומען מיט זיי טאַנצן... דאָ, אַז מנחם וויל אַראָפּפּאָרן אין אַ זײַט פֿון וועג, דאָ נעמט זיך דאָס ווײַבל גזעזגענען:

— זײַט געזונט, איך קאָן מיט אײַך ניט פֿאַרבלײַבן. איך מוז לויפֿן, און ביז ס'וועט טאָג ווערן זײַן אין בערעזניאַקי. דאָרטן לעבט מײַן שוואָגער, מײַן מאַנס ברודער. ער וועט מיר געבן זײַן ווײַבס פּאַספּאָרט... אַ גרויסן און אַ האַרציקן דאַנק אײַך פֿאַרן אָנטאָן מיך. נאַקעטערהייט וואָלט איך דאָך פֿון וואַלד ניט געקאָנט אַרויסגיין. אַ גרויסן און אַ האַרציקן דאַנק אײַך!

— ניטאָ פֿאַר וואָס צו דאַנקען. — זאָגט טעמערל.

— מלביש ערומים... — גיט צו מנחם. — גייט געזונט, און זאָל אײַך גאָט היטן!

— נו, אויף אים פֿאַרלאָז איך זיך שוין מער ניט. נאָך דעם ווי איך בין קוים אַ לעבעדיקע אַרויסגעקראָכן, אַ פֿאַרבלוטיקטע, פֿון אונטער דעם באַרג געהרגעטע... געהערט ווי אַ זקן האָט כאַרכלענדיק געבעטן בײַ גאָט דעם טויט... ניין, אויף גאָט פֿאַרלאָז איך זיך ניט. פֿון איצטער נעם איך דעם גורל אין מײַנע אייגענע הענט.

— אָבער אַ נס איז דאָך מיט אײַך פּאָרט געשען, — און אונדזער אָנפֿאָרן אַהער, גראָד אויף אָט דעם וועג, און אײַך צודעקן די נאַקעטקייט, דאָס איז דאָך אויך אַ נס!.. אָן גאָט, — רעדט שוין מנחם מאַקאָווער פֿאַר זיך אַליין. — אָן גאָט בלײַבט דאָך דער מענטש עלנט, ווי אַ שטיין. די אייגענע כּוחות זײַנען דאָך אַזעלכע מיזערנע... נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט? איז ווי לאַנג, און ווי ווײַט קאָן מען אים, דעם שווערן גורל, איינער אַליין טראָגן?.. אָן גאָט בלײַבט דאָך דער מענטש אָן יושר, אָן רחמנות, ווערט פֿאַרווילדעוועט... אויפֿן אָרט פֿון גאָט קומען דאָך אָפּגעטער, די סטאַלינס און היטלערס... דעמאָלטן קומט דער בלוטדאָרשטיקער מולך מיט זײַנע נבֿיאי השקר...

נאָר זי ענטפֿערט ניט אויף מנחם מאַקאָווערס רייד, טוט אַ מאַך מיט דער האַנט, קערעוועט אויך פֿון וועג אַראָפּ, און לויפֿט אַוועק נאַסקאָס צום דאָרף, צו איר מאַנס ברודער, דורכן נאָך לבֿנה־באַשײַנטן וואַלד.

און זי, טעמערל, נאָך דעם ווײַבלס פֿאַרשווונדן ווערן צווישן די בלאָלעכע בערעזעס, קריכט פֿון וואָגן אַראָפּ, קאָן לעבן דער טויטער

שוויגער ניט זיצן — דער טויט האָט זי פֿון קליינערהייט געשראָקן, פֿון קליינערהייט דעם שרעקלעכן געפֿיל געהאַט, אַז אָט פֿאַלן אויף איר אָן רוצחים! — און זי גייט, טעמערל מאַקאָווער, נאָכן וואָגן, וואָס סקריפּעט מיט איין ראָד אויפֿן אָן־וועג... און טראַכט פֿון וועגן איר שוועסטער, וואָס האָט אויך חתונה געהאַט מיט אַ קריסט, איר שיינעם ייִדישן נאָמען פֿאַרוואָרפֿן, און זיך אָנגעהויבן רופֿן: מאַרטאַ כווילי־אַ... ווּ און אויף וועלכע אייביק פֿאַרפֿרוירענע ערדן קומט זי דאָרטן אָפּ, און וווהין איז איר צען יאָריקער זון אַהינגעקומען: וועט זי, די שוועסטער אירע, מירל, אויך אַרויסקריכן אַ לעבעדיקע פֿון אונטער יענעם באַרג טרוקן־געלע שאַרבנס און ביינער, אויף וועלכן זי, טעמערל, האָט איר מאַן, שאולן, געזען גוססן... וועט זי, די שוועסטער אירע, מירל, ווען ס'איז ניט איז מיט איר קינד זיך באַגעגענען?

און אויך, גייענדיק נאָכן סקריפּענדיקן ראָד, טראַכט זי, טעמערל מאַקאָווער, פֿון וועגן איר מאַמעס ברודער, פֿון וועגן איר שווער, שאולס טאַטן, וואָס די וועלט זײַנע איז אים מיט אַ מאָל אײַנגעפֿאַלן געוואָרן, און ער איז צעטומלט דער אַלטער שמיד, דער למדן, מנחם מאַקאָווער, און זוכט אַ וועג צווישן די חורבֿות אין זײַן נשמה.

— שווער, שטעלט זיך דאָ אָפּ, אונטערן באַרג, אָן־אָ דאָרטן לויפֿט אַ ריטשקעלע. וואָס, איר זעט ניט?.. און בײַ אָט דעם שטיין, וועלן מיר גראָבן דעם קבֿר... פֿון וואַנען האָט זיך אַהערצו גענומען דער שטיין?

— זאָל זײַן דאָ, — שטעלט מנחם אָפּ די פֿערד, און טעמערל דערשרעקט זיך פֿאַרן שווערס קול, ווי פֿון אַ גרוב, פֿון וועלכער מ'קען שוין ניט אַרויס. — זאָל זײַן דאָ, וואָס איז שוין דער אונטערשייד, דאָ צי דאָרטן... בײַ יאַנקעוו אָבֿינו איז רחל געשטאָרבן אויפֿן וועג צום צוגעזאָגטן לאַנד, און בײַ מיר?.. מ'דאַרף זי אײַנוויקלען אין אַ לײַלעך און אָפּהייבן פֿון וואָגן. ווערסט אפֿשר אויפֿוועקן די קינדער און אַוועקגיין מיט זיי צום טײַכל, זאָג זיי, אַז די באָבע פֿייגע שלאָפֿט נאָך...

— שווער, די קינדער פֿאַרשטייען און ווייסן שוין גענוג. מ'קאָן שוין פֿון זיי גאָרניט אויסבאַהאַלטן און פֿאַרשטעלן. אַפֿילו ירמהלע רעדט שוין וועגן טויט. נעכטן טוט ער מיך פּלוצלינג אַ פֿרעג: מאַמע, דער טויט טוט שטאַרק וויי?

— און וואָס האָסטו אים געענטפֿערט?

— ניין, ירמהלע, האָב איך אים געזאָגט, ניין, מײַן לעבן, ניין, דער טויט טוט ניט שטאַרק ווײ...

— טעמערל, טעמערל, — דערהערט זי שוין קוים זײַן קול פֿון יענער גרוב אין וועלכער ער איז אַרײַנגעפֿאַלן און קאָן פֿון איר ניט אַרויס. — טעמערל, דו, דו גלייבסט שוין ניט אַז מיר וועלן זיך קאָנען ראַטעווען, אַז מיר וועלן...

— שווער, — שרײַט זי צו אים אין יענער גרוב אַרײַן, ער זאָל זי דערהערן. — שווער, מיר זײַנען פֿון סטעפּ, פֿונעם טויט אַנטלאָפֿן. וואָלטן מיר דאָרטן פֿאַרבליבן, וואָלטן שוין לאַנג אונדזערע ביינער געלעגן אין דער באַלקע... שווער, איר הערט מיך? מיט יעדן לעבעדיקן טאָג, מיט יעדער לעבעדיקער שעה, מיט יעדער לעבעדיקער רגע, מיט יעדן טראָפּן וואַרעמקייט פֿון דער זון, מיט יעדער נאַכט אונטער די אויסגעשטערנטע הימלען, מיט יעדער ברעקל שײַן פֿון דער לבֿנה, דאַרפֿן מיר זיך פֿרייען. שווער, יעדער לעבעדיקע ווײַלינקע איז אַ גרויסע מתּנה פֿון גאָט. יעדער לעבעדיקער טאָג קאָן ברענגען אַ נס. כּל זמן דאָס האַרץ קלאַפּט, דאַרף מען גלייבן. אָן האָפֿענונג קאָן מען ניט לעבן. שווער, איך וואַרט נאָך אויף אַ נס! איך וואַרט נאָך אויף פֿרייד...

— האַ, — טוט ער זיך אַ דריי אויס צו דער שנור, וואָס שטייט מיטן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ און מיט ברייט־צעעפֿנטע, מיט פֿײַכטע, ווי מיט ראָסע פֿאַרלאָפֿענע, מיט גלאַנציק־דאָרשטיקע אויגן צו דער שטאַרק ליכטיקער, צו דער קײַלעכדיק־רויטלעכער לבֿנה, וואָס צווישן די צוויי סאָסנעס. — האַ? דו וואַרטסט נאָך אויף פֿרייד... פֿון וואַנען, טעמערל, קאָן זי קומען די פֿרייד? קאָן דען געשען פֿרייד פֿון בלוט און טויט? און וואָס פֿאַר אַ ווערט קאָן זי האָבן אַזאַ פֿרייד, און צי קאָן מען הנאה האָבן און לעבן אין אַזאַ פֿרייד?

— דאָס לעבן, שווער, איז תּמיד הייליק...

און אַז ער דערוואַרט זיך פֿון איר מער קיין וואָרט ניט, לאָזט ער זי אַזוי שטיין מיטן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ און מיט די ברייט־צעעפֿנטע דאָרשטיקע אויגן צו דער לבֿנה, און נעמט זיך אויסשפּאַנען די פֿערד.

## ד.

און דערנאָך — די קינדער ניט אויפֿגעוועקט, דעם מת אויפֿן וואָגן געלאָזט ליגן — נאָכן אויסשפּאַנען די פֿערד, בײַם טײַך אָנפּויען, פּענטען און אָפּלאָזן זיי זיך פּאַשען: די פֿערד מוז מען, ווי דעם שוואַרצאַפּל היטן, זיי, די פֿערד, זײַנען דאָך די איינציקע האָפֿענונג אויף צו ראַטעווען זיך פֿונעם דײַטש, פֿונעם אַכזריותדיקן טויט... דערנאָך, און טאַקע אין יענעם וואַלד, ווו פֿון די קוסטעס איז די נאַקעטע פֿרוי פּלוצעם אַרויס, די זיך על־פּי נס געראַטעוועטע פֿון דעם אויסגעהרגעטן שטעטל, דרײַ טויזנט ייִדן, גרויס און קליין... דאָרטן, בײַ דער ערבֿ־האַרבסטיקער רויטער לבֿנה, וואָס איז צווישן די צוויי סאָסנעס אַ פֿאַרגליווערט־דערשראָקענע שטיין געבליבן; דאָרטן, ווו דער ווינט טראָגט ריחות פֿון טרוקענער ראָמאַשקע, מיאַטע, ליפּעצוויט אויסגעמישט מיט קינדער געשרייען, מיט משוגעת און טויט; דאָרטן, בײַ יענער פֿאַרבלוטיקטער לבֿנה־ליכט, האָט דער אַלטער מנחם מאַקאָווער גענומען פֿאַר זײַן ווײַב אַ קבֿר גראָבן, און זי, די שנור זײַנע, טעמערל, מיט אַ געוואַקלטן טראָט, אָבער נאָך אַלץ מיטן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ און ברייט־אויפֿגעריסענע אויגן, וואָס בליצן מיט פֿײַערדיקע פֿונקען, ווי זי וואָלט געוואָלט, אַז זיי, די פֿונקען אירע, זאָלן מיטן ווינט פֿאַרטראָגן ווערן און רופֿן עמעצן צו הילף; זי, טעמערל, גייט דאָרטן אַרום צווישן דיביימער און הערט זיך צו, ווי דער שווער אירער, גראָבנדיק דעם קבֿר, רעדט צו זיך אַליין:

— אַלע מײַנע געדאַנקען און געפֿילן ווערן איבערגעמישט און אויסגעמישט מיט ערד... איך גראָב אַ קבֿר אויף פֿאַר מײַן אײַנגעפֿאַלענער וועלט... — און ער גראָבט, מנחם מאַקאָווער, דעם קבֿר פֿאַר זײַן ווײַב, וואָס אַ לעבן מיט איר אָפּגעלעבט, אַכט קינדער געהאַט, פֿיר זין און פֿיר טעכטער, אַלע קינדער אויסגעגעבן, חתונות געשפּילט, און קינדס־קינדער פֿון זיי דערלעבט. פֿון סטעפּ זײַנען זיי, אַחוץ שאולן, אַלע אַוועקגעפֿאָרן, לעבן אין באַקו, אין סאַמאַרקאַנד,

אויף אוראל, נאָר זי, די עלטערע טאָכטער, העניע, מיטן מאַן און קינדער לעבן אין אָדעס... געווען מיט איר, מיט פֿייגען, גוטע און זיסע יאָרן, און אויך שווערע און זייערע ביטערע: יאָרן פֿון וואַנדער און וואָגל, פֿון דאַרפֿן אַלע מאָל אויפֿשטעלן אַ דאַך איבערן קאָפּ. געטריבן געוואָרן פֿון שחיטות און שׂרפֿות...

און אין דער שאָטן־רויטלעכער לבֿנהשײַן לויפֿן פֿאַרבײַ, ווי געשפּענסטער, ווײַטע און נאָענטע יאָרן, זיי מישן זיך צונויף, פֿלעכטן און פֿלאָנטערן זיך איבער, פֿאַרלויפֿן איינס דאָס צווייטע דעם וועג... אַנומלטן, קריק מיט פֿינעף און פֿופֿציק יאָר, דאַכט זיך, ערשט נעכטן, איז ער, מנחם, מיטן טאַטן, עזריאלן, ז״ל, געפֿאָרן די כּלה אָנקוקן, פֿייגען, וואָס איז יינגער פֿון אים געווען אויף צוויי יאָר מיט דרײַ חדשים... און הײַנט גראָבט ער, מנחם, פֿאַר איר אַ קבֿר. און זײַן זון, שאול...

און דער גראָבאײַזן שטויסט זיך אַלע מאָל אָן אויף אַ וואָרצל, וואָס מ׳דאַרף אים מיט דער האַק אויסהאַקן. גוט וואָס נחמן האָט אונטערגעגנייט דעם וואָגן מיט נאָך אַ דנאָ. מ׳האָט געקאָנט אַהין־צו אַרײַנלייגן געצײַג פֿאַרן וועג און אויך פֿאַרן אָרט, ווו מ׳וועט זיך קאָנען אָפּשטעלן. און אויך האָט מען געקאָנט אַהין־צו, אין דעם צווייטענדיקן דנאָ, ווינטער־אָנטאָן אַרײַנפּאַקן. נחמן האָט אַלץ באַזאָרגט און באַוואָרנט. הוי, נחמן, ברודער מײַנער, וויפֿל מאָל זײַנען מיר אין די נעכט, נאָכן טאָג שווערער האָרעוואַניע, דורכגעגאַנגען שַ״ס, זיך אַרײַנגעלאָזט אין זוהר... נחמן, ערלעכער און גאָטספֿאָרכטיקער ברודער מײַנער, פֿאַרוואָס איז דיר אַזאַ טויט געקומען? און פֿאַרוואָס, פֿאַר וועלכע זינד איז דײַן ווײַב, חיה, און דײַנע דרײַ שיינע טעכטער מיט זייערע אַכט קינדער... און פֿאַרוואָס, פֿאַר וועלכע זינד... שדי, — קלאַפּט ער מיטן גראָבאײַזן אין דער סאָסנע, וואָס קלינגט אָפּ אין פֿאַרטאָגיקן וואַלד. — שדי, פֿאַרוואָס הרגעסטו דײַנע קינדער? פֿאַרוואָס, טובֿ ומטיבֿ, כּל יכול, פֿאַרוואָס פֿאַרשנײַדסטו דײַן פֿאָלק ישׂראל?

— שוּוער, — לויפֿט צו אים צו טעמערל. — שווער, עמעצער פֿאָרט! איר הערט?

— ניין, איך הער ניט. מײַן אויער איז מיט ערד פֿאַרשאָטן געוואָרן.

— שווער, גיט מיר דעם זאַסטעפּ און איר נעמט די האַק, און לאָמיר גיין צו די קינדער.

— דו, טעמערל, גיי און וועק אויף די קינדער, נעם זיי און גיי מיט זיי אַוועק וואָס ווײַטער פֿונעם וואָגן, און איך וועל בלײַבן דאָ, בײַם וואָגן, לעם בר־מינן, און גראָבן די קרקע... דו הערסט נאָך די פֿור פֿאָרן?

— וואַרט אַ ווײַלינקע, וואַרט צו... — הערט זי זיך אײַן. — ניין, כ׳הער שוין ניט. דער וואַלד רוישט.

— האָט זיך דיר אַפּנים אויסגעדאַכט.

— ניין, שווער, ס׳האָט זיך מיר ניט אויסגעדאַכט. איך האָב געהערט ניט נאָר מיטן אויער, נאָר אויך מיט דער נשמה, וואָס נאַרט מיך קיינמאָל ניט אָפּ.

— איז מען שוין פֿאַרבײַגעפֿאָרן?

— ווען מ׳פֿאָרט פֿאַרבײַ, וואָלט זיך געלאָזט שטאַרקער הערן דער וואָגן.

— האָט מען זיך אָפּגעשטעלט ערגעץ דאָרטן אויפֿן וועג?

— געוויס. איר הערט, שווער? ס׳האָט אָנגעהויבן קוקאַוועןאַ זאָזוליע.

— גיי שוין גיי, אין דער צײַט קוקאַוועט שוין ניט די זאָזוליע.

— שווער, איך הער שוין אַ ניגון פֿון אַ ייִדישער ליד...

— דו ביסט אין דעם זיכער?

— אַוודאי, ס׳איז דאָך דער ניגון פֿונעם וויגליד אונטער יאַנקעלעס וויגעלע שטייט אַ קלאָר ווײַס ציגעלע.

— ענטפֿער, טעמערל, ענטפֿער! דאָס זוכט אונדז די ווײַבל, די געראַטעוועטע... ענטפֿער איר, טעמערל, ענטפֿער איר!

און טעמערל פֿאָלגט אים, און ענטפֿערט גלײַך אָפּ מיט איר ברוסטיקער שטים, נאָר באַלד, ווי דער ניגון וואָלט זיך איר פּלוצעם, ווי אַ ביין אין האַלדז געשטעלט, אַנטשוויגן געוואָרן. פֿרעגט זי מנחם:

— פֿאַרוואָס ביסטו אַנטשוויגן געוואָרן?

— איך ווייס ניט, שווער, איך ווייס ניט... איר קומען שרעקט מיך.

— גאָט איז מיט דיר, טעמערל, מיינסטו חלילה, אַז זי גייט צו אונדז מיט בייזע כוונות?

— ניין, איך מיין עס ניט. חס וחלילה, מיט איר גיין אַהער־צו,

שטעלט זי דאָך אײַן איר לעבן.

— איז וואָס האַלט דיך אָפּ? ענטפֿער איר, רוף זי!

— באַלד, שוועך, באַלד...

און זי שטאַרקט זיך, טוט בײַקומען דעם טרויער, וואָס איז זי מיט אַ מאָל באַפֿאַלן, און הייבט אָן ווידער צו זינגען, און נאָך העכער ווי פֿריִער, און אויך מיט ווערטער: אונטער יאַנקעלעס וויגעלע...

און יענע ענטפֿערט איר אָפּ פֿון ווײַטנס, און אויך מיט די ווערטער: שטייט אַ קלאָר ווײַס ציגעלע...

— טעמערל, און וואָס ביסטו ווידער אַנטשוויגן געוואָרן?

— איך הער ווידער פֿאָרן די פֿור. און איך הער שוין אויך די טריט. און ניט פֿון איין מענטשן, נאָר פֿון צוויי... און יעדער טראָט אַהערצו, שטעכט זיך אין מײַן לײַב אַרײַן, ווי אַן אָנגעגליטע נאָדל.

— טאָ שווײַג, טעמערל, רוף זיך מער ניט אָפּ. שווײַג!

— ניין, שוועך, שווײַגן קאָן איך ניט... פֿרעגט מיך ניט פֿאַרוואָס? איך ווייס אַליין ניט וואָס דאָ קומט מיט מיר איצטער פֿאָר. איך ווייס ניט. מײַן האַרץ פֿאַרטונקלט מיר דעם געדאַנק, אַ טרויער באַשלאָגט מײַן נשמה... ניין, שוועך, שווײַגן קאָן איך ניט. — און זי נעמט ווידער זינגען, און מיט טרערן אין קול: — אונטער יאַנקעלעס וויגעלע שטייט אַ קלאָר ווײַס ציגעלע.

און נאָכן געהיט־אומרויִקן און טרויעריקן איבעררופֿן זיך איבערן פֿאַרטאָגיקן וואַלד, האָבן זיך צווישן די בלאָוו־רויטלעכע לבֿנה־שאָטנס אויסגעשיילט צוויי אירע: טאַקע יענע פֿרוי, וואָס האָט פֿון אונטער דעם באַרג געהרגעטע, און אויך ניט דערהרגעטע, פֿון אונטער די נאָך צאַפּל־און גוססדיקע גופֿים זיך אַרויסגעקליבן, פֿונעם זיכערן טויט אַנטרונען און נאַקעטערהייט, אַ פֿאַרבלוטיקטע צום וואַלד זיך דערקליבן און דאָרטן, אויך על־פּי נס, אויף די מאַקאָווער זיך אָנגעטראָפֿן... און מיט איר אַ באָרדיקער פּויער, דער שוואָגער אירער, אַ הויכער און ברייטפּלייציקער, וואָס האָט נאָכן גריסן זיך מיט טעמערלען, זיך אומגעקערט אויף קריק, געבראַכט צופֿירן פֿאַרן ציימל אַ פֿערד, געשפּאַנט אין אַ וואָגן מיט צוויי האָלאָבליעס, און געזאָגט:

— איר, ווײַבער, שמועסט זיך דאָ דורך... — און פֿון זײַן וואָגן אַרויסגענומען אַ זאַסטעפּ און גלײַך אַוועק צו די צוויי סאָסנעס, ווו

מנחם האָט געגראָבן דעם קבֿר: — מיך רופֿט מען וואַסיל, — שטעלט ער זיך גראָבן. — וואַסיל באָיקאָ, אַ קאָוואַל פֿון בערעזניאַקי.

— איך בין אויך אַ קאָוואַל.

— מײַן שוועגערין האָט עס מיר געזאָגט. איין קאָוואַל דאַרף העלפֿן דעם צווייטן... נאַ, פֿאַררייכער! נעם דיר דאָס פּעקל מאַכאָרקע, נעם! און אַן אָנצינדערל האָסטו? טאָ נעם דאָס אָנצינדערל אויך. פֿאַררייכער און גיי צו די ווײַבער. גיי עסן אַביסל וואַרעם געקעכטס. גיי, גיי, מענטש איינער, קוק ניט אויף מיר אַזוי... ס'איז איצט ניט קיין צײַט צו טראַכטן לאַנג. ס'איז אַ צײַט צו טאָן...

— נאָר לאָמיר, וואַסיל, פֿרי:ער אַראָפּנעמען די טויטע פֿון וואָגן.

— גוט, — איז דער פּויער מסכּים. — די טויטע דאַרף מען ביז ס'וועט טאָג ווערן באַהאַלטן, און אַוועקפֿאָרן פֿון דאַנען.

— מיטן טאָג קאָנען מיר דאָך ניט פֿאָרן. די דײַטשן וועלן אונדז פֿאַרהאַלטן, אָדער...

— יאָ, אויך די אוקראַיִנישע פּאָליצײַ קאָן אײַך פֿאַרהאַלטן. אָבער דאָ איז ניט זיכערער. דער וואַלד איז דאָ ניט קיין גרויסער און אַ שיטערער. ווּהין פֿאָרט איר?

— ווּהין די אויגן וועלן טראָגן... מיר ווילן זיך דערקלײַבן, מיט גאָטס הילף, צו פּאָלעסיע. דאָרטן, אין יענע געדיכטע וועלדער, וועלן מיר קאָנען אַ באַהעלטעניש געפֿינען.

— יאָ, אין יענע וועלדער קאָן מען זיך באַהאַלטן, נאָר דער וועג אַהין־צו איז אַ ווײַטער און אַ געפֿערלעכער, אין אַלע דערפֿער און שטעטלעך פּאַנעווען שוין זיי, די שוואַרצע דײַטשן, די עסעסאָווצעס. ס'פֿלאַקערן שׂריפֿות און די טײַכן ווערן רויט פֿון בלוט... דער מענטש גייט אונטער!

— קאָנט איר דאָ אונדז העלפֿן?

— גייט אַהין, צו די ווײַבער. דאָרטן וועט מײַן שוועגערין, נאַטאַלקאַ, אײַך עפּעס זאָגן... דאָס וואָס זי וועט אײַך דאָרטן זאָגן, דאָס זאָג איך אײַך אויך. גייט און הערט וואָס נאַטאַלקאַ וועט אײַך דאָרטן זאָגן, און איך וועל דאָ דערווײַל גראָבן דעם קבֿר. די טויטע וועלן מיר ברענגען שפּעטער.

און דאָרטן, בײַם וואָגן, ווּ די קינדער זײַנען שוין אויפֿגעוועקט

געוואָרן און ווייסן שוין, אַז די באָבע זייערע איז געשטאָרבן און אַז זיי זײַנען געשלאָפֿן אין וואָגן מיט דער טויטער, און אַז באַלד וועט מען זי, די טויטע באָבע, דאָ אין וואַלד באַגראָבן... די עלטערע צוויי יִינגלעך, עזריאל מיט תנחומען, זײַנען שטאַרק איבערגעשראָקן, און דער קליינער ירמהלע וויל פֿון וואָגן ניט אַראָפּגיין, וועקט די טויטע באָבע, זי זאָל אויפֿשטיין... און זי, די פּופּצניאָריקע פֿריידקע, זי וויינט שטיל: פֿאַר וועמען וועט זי שוין איצטער אירע סודות קאָנען דערציילן, מיט דאָס פֿאַרבאָגנסטע זיך קאָנען טיילן? די באָבע פֿייגע איז דאָך געווען איר, פֿריידקעס, סודות־קעסטעלע... דאָרטן, אָן אַ זײַט, שטייט יענע פֿרוי, וואָס דער פּויער רופֿט זי: נאַטאַלקאַ, און טענהט עפּעס אײַן מיט טעמערלען. גייט ער צו מנחם, צו די צוויי ווײַבער, און דערהערט ווי נאַטאַלקאַ זאָגט:

— אײַך אַלעמען קאָנען מיר ניט נעמען... אָבער די צוויי עלטערע יִינגלעך...

און מנחם זעט ווי טעמערל שפּאַרט זיך אָן מיט דער פּלייצע אין דער בערעזע, אויף ניט אומצופֿאַלן, און איר פּנים ווערט ווײַס, ווי דער בערעסט אויפֿן בוים.

— אָפּגעבן די צוויי קינדער? — רעדט זי צו זיך אַליין און די אויגן אירע, ווידער ברייט־אויפֿגעריסענע, קוקן מיט צער צו דער רויטלעכער לבֿנה, וואָס שטייט נאָך אַלץ צווישן די צוויי סאָסנעס, ווי מ׳גראָבט דעם קבֿר. — גרויסער גאָט אין הימל, פֿאַרוואָס שטעלסטו מיך פֿאָר אַזאַ מין שרעקלעכן נסיון? ס׳איז דאָך ניט פֿאַר מײַנע כּוחות... יעדער קינד האָב איך געטראָגן שווער, אָבער מיט ליבשאַפֿט און פֿרייד... אַפֿילו די גרויסע ווייטיקן בײַם גיין צוקינד האָב איך אויפֿגענומען מיט פֿרייד. אַלץ וואָס ווערט געבוירן אין גרויסע יסורים איז טײַער. יעדער קינד איז דאָך די ברכה, די פֿרייד פֿון מײַנע יסורים... שווער, — פֿרעגט זי בײַ מנחמען. — ווי אַזוי זאָל איך זיך שיידן מיט די צוויי קינדער?

און אַז דער אַלטער מנחם מאַקאָווער ענטפֿערט ניט, ווײַל דאָס האַרץ איז אים צום גאָרגל אונטערגעגאַנגען און גענומען קלאַפּן ווי דער האַמער בײַם האָרנע־פֿײַער, און אַזוי, אַז פֿונקען שפּריצן אים פֿון די אויגן... אָפּגעבן די צוויי קינדער נאַטאַלקען און וואַסילן? און ווי אַזוי

קאָן מען זיך גאָר צעשיידן מיט זיי, מיט עזריאלקען און תנחומקען? און ווי אַזוי וועלן זיי, די צוויי קינדער, זיך קאָנען צעשיידן מיט דער מאַמען, מיט אים, מיטן זיידן, און אויך מיט דער שוועסטער, מיט פֿריידקען, און מיטן ברודערל ירמהלען? דאָ זײַנען דאָך אַלעמענס נשמות צונויפֿגעבונדן און צונויפֿגעקניפּט... סײַדן מיט אַ שאַרפֿן מעסער שנײַדן! און יענע צוויי קינדער, פֿריידקע מיט ירמהלען, פֿאַר זיי איז דען די סכּנה קלענער?... — און אַז דער שווער אירער, דער בן־תּורה, דער געניט־און געפּרווטער, וואָס האָט מיטן שווערן האַמער אויף דער קאָוואַדלע זײַן לעבנס־חכמה אין פֿײַער אויסגעשמידט; אַז ער, דער שווער אירער, דער חריף, מיט זײַן ברייטן שׂכל און טיף האַרץ שווײַגט, פֿון זײַנע אויגן שלאָגן אויף איר פֿונקען... זאָגט זי:

— וועל איך אויף זיך אַליין נעמען און שטעלן... אַז מ׳נעמט אַראָפּ די גערעטעניש פֿון פֿעלד, לייגט מען ניט צונויף אַלע תּבֿואה־סנאָפּעס אין איין סקירדע. מ׳צעטיילט זיי אויף עטלעכע סקירדעס, און מ׳שטעלט זיי אָפּגעזונדערט און ווײַט איינע פֿון דער אַנדערער. טאָמער, חלילה, אַ שׂריפֿה, זאָל די גאַנצע גערעטעניש ניט אַוועק מיטן פֿײַער... אַרום און אַרום אונדז ברענט! איך גיי רעדן מיט די קינדער. זיי זײַנען שוין גרויסע, זיי פֿאַרשטייען און ווייסן שוין, וואָס אַרום אונדז קומט פֿאָר! נאַטאַלקאַ, איך גיב דיר אָפּ מײַנע צוויי זין, אויב חס וחלילה... טאָ זײַ דו פֿאַר זיי אַ מאַמע...

— אויב, חלילה, וועל איך זײַן פֿאַר זיי אַ מאַמע, איך שווער אײַך בײַם בלוט פֿון מײַן דערמאָרדעט קינד, בײַם בלוט פֿון מײַן צווייאָריק עמעלען... בײַם בלוט פֿון מײַן מאַמען, בײַם בלוט פֿון מײַן טאַטן... בײַם בלוט פֿון די דרײַ טויזנט ייִדן... און געשרייען פֿון די מאַמעס און קינדער...

און לאַנג, און שווער, הגם די קינדער האָבן אירע רייד באַנומען און פֿאַרשטאַנען, שוין אַליין אויך גוט געוווּסט וואָס די דײַטשן טוען מיט די ייִדן, הרגענען גרויס און קליין... דאָך איז איר אָנגעקומען, טעמערלען, שווער אײַנצורײדן אירע צוויי עלטערע זין, דעם צוועלעף יאָריקן עזריאלן, און דעם צען יאָריקן תנחומען, צו לאָזן זיך פֿירן און פֿאָרן מיט נאַטאַלקען און וואַסילען אין דאָרף אַרײַן, און זײַן בײַ זיי דאָרטן אַ פּאָר חדשים, ביז די רויטע אַרמיי וועט די שוואַרצע דײַטשן, די מערדער,

פֿון לאַנד פֿאַרטריַיבן... און דעמאָלטן, ווי נאָר זיי, די גזלנים, די ווילדע חיות, וועלן פֿאַרטריבן ווערן, אַזוי וועט זי, די מאַמע, צו אירע צוויי קינדער קומען, צוריק אַהיים זיי נעמען, אויפֿן סטעפּ, צו די וויַינגערטענער, צו זייער שטוב, סאָד און גאָרטן ברענגען... און זי, נאַטאַלקאַ, מיט איר גוטן שמייכל, האָט אַ טישטעך אויפֿן גראָז אויסגעשפּרייט, אַ גרויסן טאָפּ, איַינגעוויקלט אין אַ שאָפֿן־פּעלצל, פֿון איר וואָגן געבראַכט צוטראָגן, און אויך אַ לאַבן ברויט פֿון דאָרטן גענומען, און אַלעמען מיט הייסן געדיכטן באָרשטש, און מיט שטיקער פֿלייש, און מיט פֿריש־געבאַקן קאָרנברויט, צו זעט געגעבן עסן, און דערנאָך מיט קובליקעס מילך געגעבן צו פֿאַרטרינקען... שוין לאַנג אַזאַ געקעכטס, און אַזאַ געשמאַקן ברויט אין מויל ניט געהאַט, אַחוץ איין מאָל אין טאָג אַ פּיסנע קאַרטאָפֿליע... און דאָך, נאָכן אויסהערן דער מאַמעס אַלע רייד, און נאָכן זאַט אָנעסן זיך, האָבןביידע ייִנגעלעך, ווי צונויפֿגערעדט זיך פֿון פֿריער, געזאָגט:

— ניין, מאַמע, אָן דיר וועלן מיר אין ערגעץ ניט פֿאָרן, אָן דיר, מאַמע...

— אָבער קינדער מיַינע, טיַיערע, עזריאלקע, תּנחומקע, פֿאַר אונדז אַלעמען איז ביַי דער מומע נאַטאַלקע קיין אָרט ניטאָ.

— און וווּ, מאַמע, — פֿרעגט דער עלטערער און האַלט קוים איַין דעם געוויין. — ווּוּ, מאַמע, וועסטו, דער זיידע, פֿריידקע, און ירמהלע, וווּ וועט איר זיַין?

— מיר וועלן זיך אויך אויסבאַהאַלטן ערגעץ דאָ, ניט וויַיט פֿון איַיך, ביַי גוטע מענטשן אין אַ דאָרף, און אפֿשר אַ ביסעלע וויַיטער... ביז אָט די שרעקלעכע ציַיט וועט אַריבערגיין.

— און פֿאַרוואָס, מאַמע, ווילן די דיַיטשן אונדז הרגענען?... טוט מיט אַ מאָל אַ פֿרעג דער ייִנגערער.

— וויַיל מיר זיַינען ייִדן...

— וואָס פֿאַר אַ שלעכטס האָבן מיר, ייִדן, זיי געטאָן?

— תּנחומקע, מיר האָבן קיין שום שלעכטס זיי ניט געטאָן... מיר האָבן קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן... דאָס, וואָס די דיַיטשן זאָגן וועגן ייִדן איז ליגן, פֿינצטערע רכילות...

און דאָ איז דער פּויער, וואַסיל באָיקאָ, צוגעגאַנגען און געזאָגט: —

ניטאָ איצטער קיין צײַט אויף צו פֿירן לאַנגע שמועסן. דער אמת ליגט אין טיפֿן אָפּגרונט, און וועסט אים מיט הוילע הענט פֿון דאָרט ניט אַרויסנעמען... — און ער ווענדט זיך צו טעמערלען: — די זאַכן וואָס איר האָט מיטגענומען פֿון דער היים פֿאַר די יִינגלעך, גיט אָפּ נאַטאַלקען, און פֿאַר די יִינגלעך דאַרפֿט איר קיין זאָרג ניט האָבן. זיי וועלן זײַן אין גוטע הענט, און אין אַ זיכערן אָרט. נאָך דער מילחמה וועט איר זיי צונעמען גאַנצע און געזונטע. — און בײַ די יִינגלעך פֿרעגט ער: — כלאָפּצי, ווילט איר בײַזײַן בײַם אַרײַנלייגן די באָבע אײַערע אין גרוב און זען, ווי מ׳פֿאַרשיט זי מיט ערד? ניין, איר ווילט ניט? טאָ נעם, נאַטאַלקאַ, די קינדער, פֿיר זיי צום וואָגן און מאָסטע זיי דאָרטן אײַן! און מיר, — זאָגט ער צו מנחמען, וואָס שטייט, ווי אין אַ פֿרעמדער וועלט. — קום, מיר וועלן נעמען די געשטאָרבענע אויף אַ דראַבינע און זי אַוועקטראָגן צום קבֿר. — דער קבֿר איז בײַ איר אַ גוטער. זי וועט ליגן אויף סאָסנאָווע וואָרצלען, דורכגעזאַפּט ווערן מיט סמאָלע, און זיך קאָנען פֿאַרהיטן אויף דורות... קום, אַלטער קאָוואַל, קום, איך וועל דיר העלפֿן צוטראָגן די געשטאָרבענע צום קבֿר, נאָר באַגראָבן וועט איר זי שוין אַליין... איך דאַרף פֿאָרן. די זון גייט אויף און שלאָגט דורך דעם טומאַן. גלײַכער זיך ניט וואַרפֿן מיט די קינדער אין די אויגן.

און אַז מ׳האָט די געשטאָרבענע, בײַם זונאויפֿגיין פֿון די קאַלט־געדיכטע נעפּלען, אויף דער דראַבינע צום קבֿר געבראַכט צוטראָגן, האָט דער אַלטער מאַקאָווער געבעטן דעם פּויער: — וואַסיל, העלף מיר אויך אַרײַנלייגן דעם מת אין קבֿר. פֿאַרשיטן וועל איך שוין אַליין... אַ דאַנק דיר! דו ביסט מיר ווי פֿון הימל געשיקט געוואָרן. וואַסיל, נעם בײַ מיר איין פֿערד, נעם וועלכן דו ווילסט.ביידע פֿערד זײַנען גוטע, יונגע. ווילסטו, נעם דעם אָגער, ווילסטו, נעם די שקאַפּע.

— ניין, אַלטער, מיט איין פֿערד וועסטו ווײַט ניט פֿאַרפֿאָרן. דער אָסיען איז שוין אויפֿן שוועל. ס׳וועלן באַלד אָנהייבן פֿאַלן שווערע רעגנס, פֿון די וועגן וועט ווערן אַ בלאָטע. מיט איין פֿערד וועסטו ווײַט ניט פֿאַרפֿאָרן. און אויף וואָס דאַרף איך דעם פֿערד? די ערד מײַנע איז דאָך אין קאָלכאָז, מלוכהשע... קום אַלטער קאָוואַל, גיי געזעגן זיך מיט די אייניקלעך...

— שוין? איר פֿאָרט שוין אַוועק? שוין?.. זיך גיין מיט זיי געזעגענען?

שוין? סאַראַ שוואַרצע זון ס׳גייט אויף... שוין? זיי פֿאָרן שוין אַוועק?

— יאָ, מ׳דאַרף וואָס גיכער פֿונדאַנען אַוועקפֿאָרן. אויך איך און נאַטאַלקאַ שטעלן דאָ אײַן דאָס לעבן. איך פֿאַרשטיי דיך, דעם זיידן... קום, דו ביסט אַ קאָוואַל, טאָ נעם דעם שווערן האַמער און שמיד ווײַטער אויף דער קאָוואַדלע דאָס אָנגעגליטע לעבן.

— וואַסיל, — נעמט דאָ מנחם אַרויס פֿון פּאַזוכע אַ לעדערן זעקעלע, ווי אויף צו האַלטן מאַכאָרקע, וואָס ער האָט פֿריִער פֿון דער באַהעלטעניש אין וואָגן אַרויסגענומען. — נאַ, וואַסיל, נעם!

— וואָס ליגט דאָ?

— ווײַבערשער צירונג. גאָלדענע אוירינגלעך, פֿינגערלעך, פּערל... דאָס האָבן מיר אָפּגעגעבן מײַן ברודערס דרײַ טעכטער פֿאַרן אַרויספֿאָרן פֿון קאָלכאָז.

— מענטש איינער, ווערסטו דאָך דאַרפֿן אָפּגעבן אויף צוריק?

— ניטאָ שוין, וואַסיל, וועמען אָפּגעבן... ניטאָ! מײַן ברודער, זײַן ווײַב, זײַנע דרײַ טעכטער מיט די דרײַ אייניקלעך, און אַלע ייִדן, די קאָלכאָזניקעס מיט זייערע ווײַבער, קינדער און אייניקלעך, האָבן די דײַטשן אין דער באַלקע אויסגעהרגעט... נעם, נעם, וואַסיל, ס׳איז פֿאַר די קינדער... אויף אויסצוהאַלטן די קינדער דאַרף מען האָבן געלט. קיין רײַכער מאַן ביסטו ניט. אַ קאָוואַל אין קאָלכאָז האָט אויך אויפֿן לעבן ניט פֿאַרדינט.

— ניין, — זאָגט וואַסיל. — אויפֿן לעבן אין קאָלכאָז האָט מען ניט געקאָנט פֿאַרדינען. אויב דו גיסט מיר דאָס בײַטעלע פֿאַר די קינדער...

— פֿאַר די קינדער, וואַסיל, פֿאַר די קינדער. — און דער אַלטער מנחם מאַקאָווער לאָזט איבער די טויטע ווײַב אין אָפֿענעם קבֿר, וואָס די ווינטן פֿאַרווייען מיט ריחות פֿון מאַלווע און ווינטערעפּל: מיט געל־אַראָפּגעפֿאַלענע בערעזע, אָלכע, און קליאָנען־בלעטער; און לאָזט זיך לויפֿן אין דעם געדיכטן ווײַס־באַזילבערטן נעפּל, צווישן די קוסטעס, וואָס בליצן מיט גרויסע ראָזאָווע טראָפּנס ראָסע אַנטקעגן דער אויפֿגייענדיקער זון, דער גרויסער, דער קײַלעכדיקער, דער רויטער, ווי מיט ווישניאַק אָפּגעגאָסן.

און ער לויפֿט, דער אַלטער מאַקאָווער, צו געזעגענען זיך מיט די אייניקלעך, מיט די קינדער פֿון זײַן אומגעבראַכטן זון אין די סטאַלין־

לאַגערן אויפֿן וויַטן צפֿון, מיט שאולס צוויי קינדער, מיט עזריאלקען, וואָס איז אַ נאָמען נאָכן עלטערזיידן, דעם קדוש, וואָס די פּויערים, די שכנים זײַנע, האָבן אים, זײַנע זין, זײַן טראָגעדיקע טאָכטער, און זײַנע אייניקלעך, קריק אין דאָרף אַרײַן, צו זײַן שטוב, צו זײַן פֿויערשער באַלעבאַטישקייט, צו דער ערד, ווו מ׳איז געבוירן און אויסגעוואַקסן געוואָרן, געאַקערט און געזייט, ניט געוואָלט זיי, די מאַקאָוועט, קריק אין דאָרף אַרײַנלאָזן נאָכן אומקערן זיך פֿון שטעטל, וווהין מ׳איז אויף ימים נוראים געפֿאָרן. און אַז ער, עזריאל מאַקאָווער, האָט אין יענער נאַכט זײַן שטוב אונטערגעצונדן, האָבן די גויִים אים מיט שטעקנס ביז צום בלוט, און צום טויט געשלאָגן.

און אויך לויפֿט ער, מנחם מאַקאָווער, מיט זײַן איַינגעפֿאַלענער וועלט אין האַרצן, צו געזעגענען זיך מיט תּנחומקען, אַ נאָמען נאָך זײַן ברודער, דעם קדוש, וואָס די רוצחישע שוואַרצמאַהאַניקעס האָבן אים אַ שווערד אין האַרצן אַרײַנגעשטאָכן פֿאַרן ניט לאָזן זיי אַרויסוואַרפֿן דאָס קינד, טעמערלען, דורכן אויפֿגעבראָכענעם פֿענצטער אין פּראָסטיקן דרויסן, אין די הורבעס שניי אַרײַן. ער לויפֿט זיך געזעגענען...

## ה.

און אין יענעם באַזונטן האַרבסט־נעפּלדיקן פֿרימאָרגן, ווו די ווינטן רוישן אין די קאַלט־פֿײַערדיקע ראַבינע־קרוינען, ווו די שוואַרץ־גראָע קראָען קלײַבן זיך מיט אַ פֿריידיקן קראַקערײַ אויף די אַרומיקע בערעזעס, גרייט שוין צו וואַרפֿן זיך אויפֿן מת אין אָפֿענעם קבֿר אַרײַן, דעמאָלטן, אין יענער שרעקלעך־גורלדיקער שעה, געזעגנט זיך די מאַמע, טעמערל, מיט אירע קינדער, דער זיידע מנחם, מיט זײַנע אייניקלעך, די שוועסטער, פֿריידקע, מיט אירע ברידער, און אויך דער קליינינקער, ירמהלע, קושט זיך מיט זיי, און אַלע דווקא שטיל, אָן אַ וואָרט צו זאָגן, און אָן טרערן אַפֿילו... נאָר אַז דער וואָגן האָט פֿון אָרט זיך גערירט, האָבן ביידע ייִנגלעך מיט אַ מאָל אָנגעהויבן צו שרײַען:

— מאַמע, מאַמע, מיר ווילן בלײַבן מיט דיר! מאַ־מע... — און

געוואָלט פֿון וואָגן אַראָפּשפּרינגען. האָט דאָ דער פּויער, וואַסיל באָיקאָ, מיט די טרערן אין די אויגן, דערלאַנגט דעם דערעש מיט דער בײַטש, און זייער, די קינדערס, יאָושדיקער געשריי: מאַ־אַ־מע, מאַ־מע... האָט געגומען אַוועקגיין וויַיטער און אַרײַנפּאַלן אַלץ טיפֿער אין וואַלד אַרײַן. איר אויער, דער מאַמעס, טעמערלס, כאַפּט שוין ניט אויף קיין מינדסטן אָפּקלאַנג פֿון דער פֿור, קיין שום אָפּהילך פֿון די פֿערדישע קאָפּיטעס. זי שטייט, די מאַקאָווערן, אין אַ פֿאַרגליווערטן טרויער. דאָרטן האָט דער סטעפּ זי געשראָקן, אָפֿן געווען פֿאַר יעדן ניט־גוטן אויג, ניט געקאָנט זיך פֿאַרשטעלן און באַהאַלטן. אין לבֿנה־נעכט איז דאָרטן דײַן שאָטן אויף מײַלן וויַיט לאַנג, און בײַ טאָג קאָן מען דיך זען אַרומגיין אויפֿן האָריזאָנט... די ערד אין דער אָ צײַט, איז דאָרטן, אויפֿן סטעפּ נאַקעט, דער מענטש אַליין־און עלנט. אין די נעכט האָט זי אַפֿילו געהערט, באַזונדערס אין די שטאַרק לבֿנה־ליכטיקע, ווי די ערד אין סטעפּ וויינט...

אָבער איצטער, דאָ, אין וואַלד, ביַים זײַן צווישן טויט און לעבן, בײַ אָט דעם קלעם־נסיון פֿון צעשיידן זיך מיט די קינדער, און אפֿשר שוין אויף קיינמאָל ניט זען זיך מיט זיי מער, ווײַל גראָד אין אָט דער רגע, ווען די קינדער האָבן מיטן געשריי: מאַ־מע! געוואָלט פֿון וואָגן אַראָפּשפּרינגען, גראָד אין אָט דער רגע האָט זי פּלוצעם ווידער זיך דערזען לעם שאולן, ווי דעמאָלטן, אין באַן־וואַגאָן, בײַ דער גרינער שײַן פֿונעם אַבאַזשור, אויף אַ באַרג געלע שאַרבנס און ביינער ליגן... איצטער, אין אָט דער שוואַרצער גזרה־שעה, האָט זי געוואָלט אין סטעפּ זײַן, וווּ די וויַיטן זײַנען אָפֿענע, מ'קאָן דאָרטן זען ווּהין די פֿור מיט די קינדער פֿאָרן... און דאָ איז אַרום און אַרום פֿאַרשטעלט, פֿאַרהוילן, יעדער בוים — אַ דאָרן אין אויג. דער וואַלד שלינגט דאָ איַין איר ווייטיקדיקן געשריי:

— פֿאַרוואָס דאַרף איך זיך צעשיידן מיט מײַנע קינדער? פֿאַרוואָס דאַרף מײַן לעבן, מײַן נשמה צעשפּאָלטן ווערן?

און דאָ דערהערט זי ווי דער מיזיניקל, ירמהלע, בעט זיך בײַ איר:

— מאַמע, מיך גיב קיינעם ניט אָפּ. אַ יאָ, מאַמע, מיך וועסטו קיינעם ניט אָפּגעבן, אַ יאָ ניין?

— האַ?... ניין, מײַן קינד, דיך וועל איך שוין קיינעם ניט אָפּגעבן. און

וועמען קאָן איך דיך אָפּגעבן? אויפֿן ווײַבל וואָס האָט זיך אַרויסגעקקאַראַבקעט מיטן לעבן פֿון אונטערן טויטן באַרג ייִדן... איר האָב איך געקאָנט מײַנע קינדער פֿאַרגלייבן. ניין, מײַן קינד, ניין, ירמהלע, מיט דיר וועל איך זיך ניט צעשיידן... פֿריידקע, — פֿרעגט זי פּלוצעם בײַ דער טאָכטער — האָסטו גוט פֿאַרגעדענקט דעם נאָמען וואַסיל באַיקאַ, האָסטו גוט פֿאַרגעדענקט דעם נאָמען פֿונעם דאָרף, פֿון דער געגנט?

— איך פֿאַרשטיי ניט, — ווערט די טאָכטער דערשראָקן. — און דו מאַמע, דו וועסט דען פֿאַרגעסן?

זי ענטפֿערט ניט, טעמערל, דער טאָכטער און זאָגט צום אַלטן מאַקאָווער, וואָס נאָכן פֿאַרשווונדן ווערן פֿון דער פֿור מיט די אייניקלעך, האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד:

— שווער, קומט פֿאַרשיטן דעם קבֿר, די וואָראָנעס פֿלי‌ִען שוין אַרײַן אין קבֿר.

— יאָ, טעמערל, יאָ, די וואָראָנעס פֿלי‌ִען שוין אַרײַן אין איר קבֿר...

— און ער הייבט זיך שווער אויף פֿון דער ערד, קוקט נאָך אַלץ אַהין־צו, וווּהין די פֿור מיט די אייניקלעך איז אַרײַנגעפֿאַלן:

— גאָט וועט זײַן מיט זיי דאָרטן, און מיט אונדז דאָ... קומט צו דער לוויה, קומט זי באַערדיקן.

און פֿאַרבײַגייענדיק דעם וואָגן, נעמט ער פֿון דאָרטן דעם טלית זײַנעם, און בײַם צוגיין צום קבֿר שטעלט ער אַהין די דראַבינע אַרײַן, און ווי אויף אַ לייטער לאָזט ער זיך אין קבֿר אַראָפּ, צעשפּרייט און דעקט צו זײַן טויטע ווײַב מיטן טלית, בלײַבט דאָרטן לאַנג איבער איר שטיל שטיין. ענדלעך נעמט ער בײַ איר מחילה־בעטן:

— פֿייגע, — רעדט ער צו איר אָנגעבויגענערהייט, פֿון דער דראַבינע אַראָפּ. — איך האָב דאָך אין אַ הייסער מינוט געקאָנט מיט אַ שלעכט וואָרט דיך באַליידיקן, דײַן כּבֿוד אָנרירן... טאָ זײַ מיר מוחל, זײַ מיר מוחל! דו ביסט געווען אין מײַן לעבן, אין משך פֿון אַריבער פֿופֿציק יאָר, מײַן רעכטע האַנט, מיר האָבןביידע געטיילט אונדזער פֿרייד און צער... דו האָסט מיך אָפֿט פֿון פּחד און פֿון ווייטיק אַרויסגעפֿירט... און אָט דאָ, זײַענדיק מיט דיר אין איין קבֿר, זאָג איך דיר צו, און מײַן וואָרט ווייסטו, ברעך איך קיין מאָל ניט, זאָג איך דיר צו, אַז ווי נאָר די מלחמה

ענדיקט זיך, װעל איך דיך פֿון אָט דעם קבֿר אַריבערטראָגן אַהין, אויף אונדזער בית־עלמין, װוּ ס׳ליגן אונדזערע עלטערן, די דורות מאַקאָװער...

און אַז פֿון קבֿר אַרויסגעקראָכן, די דראַבינע פֿון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט, און בײַם װילדן געפּילדער פֿון די קראָען אויף די אַרומיקע ביימער, גענומען דעם קבֿר פֿאַרשיטן, און יעדער לאָפּאָטע ערד, װאָס פֿאַלט דאָרטן אויפֿן בר־מינן, הילכט אָפּ אין דעם מאַקאָװערס נשמה מיט אַ אומדערטרעגלעך־בר?ענדיקן װייטיק, דאָ לויפֿט צו ירמהלע מיט אַ פֿאַרצװייפֿלטן געװיין:

— זיידע, זיידע, שיט ניט אויף דער באָבע קיין ערד, שיט ניט...
װעק זי אויף, די באָבע, זאָל זי אויפֿשטיין און פֿון גרוב אַרויסגיין.

— מאַמע, — כליפּעט דאָס קינד. — מאַמע, דאָס איז טויט?

— יאָ, מײַן קינד, דאָס איז טויט.

— מאַמע, איך װיל ניט װערן טויט. איך װיל ניט אַז דו זאָלסט זײַן טויט, אַז דער זיידע...

— ניין, ירמהלע, ניין, מײַן קינד, ניין, מיר װעלן ניט שטאַרבן...

— מאַמע, — נעמט ער זיך פּלוצעם בעטן. — מאַמע, לאָמיר פֿאָרן אַהיים. לאָמיר פֿאָרן צונעמען תּנחומען מיט עזריאלקען און פֿאָרן אַהיים. דאָרטן איז דער פֿעטער נחמן, די מומע חיה, יאָסקע, חיימל...

— ירמהלע, ניטאָ שוין בײַ אונדז קיין היים. ניטאָ שוין דאָרטן דער פֿעטער נחמן, די מומע חיהן, יאָסקען און חיימלען... פֿרעג מיך ניט, מײַן קינד, װוּ זיי זײַנען? איך קאָן דיר אויף דעם ניט ענטפֿערן. ניין, אויך דער זיידע װעט דיר ניט קאָנען ענטפֿערן. איין גאָט אין הימל װייסט עס... פֿרעג מיך ניט, ירמהלע, פֿאַרװאָס? קיינער אויף דער װעלט װעט אויף דעם ניט קאָנען ענטפֿערן... זע בעסער, מײַן קינד, װוי די װעװוריקלעך שפּרינגען אויף די סאָסנעס פֿון איין צװײַג אויף דער אַנדערער... און איך מיט פֿריידקען װעלן העלפֿן דעם זיידן...

און זיי האָבן דעם קבֿר פֿאַרשאָטן, מיט כװאָראַסט אים באַדעקט, און מנחם מאַקאָװער האָט דערנאָך אונטערן אויסגעבלאָװטן הימל, אונטער דער זון, װאָס שטייט נידעריק איבערן װאַלד, קדיש געזאָגט, און אויך אַ מלא געמאַכט... ויצרור בצרור החיים את נשמתה, ד׳ הוא נחלתה... און זײַן קול האָט זיך אים דערבײַ אין האַלדז געװאָרגן. און

פֿריידקע שטייט אויף די קני בײַם צוקאָפּנס פֿון דער באָבעס קבֿר, דער פּנים מיט די הענט פֿאַרשטעלט, און וויינט שטיל. אַזוי־אָ, שטילערהייט, האָט זי, די פּופּצניאָריקע, געוויינט אין פֿאַרנאַכטיקן ווײַנגאָרטן אויפֿן סטעפּ, נאָכן געזעגענען זיך מיט אים, מיט פּיניען, וואָס איז אַוועק אויף דער מילחמה. ער האָט זי אַ קוש געטאָן. אויך זי אים. דער ערשטער קוש אין איר לעבן. ער האָט זי געבעטן ענטפֿערן אויף זײַנע בריוו... און ירמהלע איז אויף דער ערד, זיצנדיק אָנגעשפּאַרט אָן בוים, אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

און זי, די מאַמע, טעמערל, שפּאַנט אַרום און אַרום זיי, ווי געוואָלט מיט זיך פֿאַרשטעלן און פֿון דער גרויסער סכּנה פֿאַרהיטן. און וואָס ווײַטער אַלץ גיכער און אומרויִקער, ווי פֿון עפּעס נאָך אַ געפֿיל, שוין פֿון אַ גאָר ניט פֿאַרשטענדלעכן, געטריבן געוואָרן... און מיט אַ מאָל בלײַבט זי שטיין, קוקט ערגעץ זייער אָנגעשטרענגט אַהין־צו, וווּ ס'ליגט דער וועג, ווי פֿון דאָרטן, פֿון יענעם פֿאַרוואָרפֿענעם וואַלדוועג, וואָלט זי אויף עמעצן געוואַרט.

— אויף וועמען קאָן איך דאָ וואַרטן? — פֿרעגט זי בײַ זיך אַליין. — אויף מײַנע צוויי קינדער, וואָס איך האָב אָפּגעגעבן נאַטאַלקען און וואַסילן... אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס דו האָסט מיר געגעבן כּוח אויף דעם! וועל איך זיך אַ מאָל נאָך זען מיט זיי, מיט מײַנע צוויי זין? גרויסער גאָט, פֿאַרהיט כאָטשבי דאָס לעבן פֿון מײַנע קינדער... אויף וועמען וואַרט איך דאָ פֿון יענעם וועג? די וועלט איז דאָך פֿאַר מיר, פֿאַר מײַנע קינדער, פֿאַר מײַן פֿעטער מנחמען, פֿאַר מײַן מאַמעס ברודער, וואָס איך רוף אים נאָך אַלץ „שווער", ווײַל ער איז מײַנע קינדערס זיידע, שאולס טאַטע... פֿאַר אונדז איז די וועלט פֿאַרשלאָסן געוואָרן אויף זיבן פֿײַערדיקע טויטן. פֿון אַלע זײַטן לאָקערט אויף אונדז אין אָט דער וועלט אַן אַכזריותדיקער, אַן אוממענטשלעכער טויט. אויף וועמען און אויף וואָס קאָן איך שוין אין אָט דער וועלט וואַרטן? און דאָך וואַרט איך... איך וועל באַלד בעטן דעם שווער מײַנעם, ער זאָל שפּאַנען די פֿערד און פֿאָרן ווײַטער. ווּהין ווײַטער? איך ווייס דאָך, אַז מיטן טאָג טאָרן מיר פֿון וואַלד ניט אַרויספֿאָרן, זיי וועלן אונדז גלײַך כאַפּן... מ'דאַרף וואַרטן ביז די נאַכט וועט צופֿאַלן. און דער טאָג איז אַזאַ שיינער, אַ שטיק האַרציקער ווונדער. ס'אַרא זוניקע פֿאַרביקייט אין

װאַלד, ס׳פֿאַרכאַפּט בײַם האַרצן... און איבער מײַן קאָפּ פֿליען און שאַלן פֿייגלען. זיי פֿליען צו די װאַרעמע לענדער. גאָט, גיב זיי כּוח צו דערפֿליען אַהין־צו.

און דאָך, הגם אַזוי גוט עס פֿאַרשטאַנען, און אויף אַזױפֿיל װײַט און קלאָר עס געװוּסט: מיטן טאָג טאָר מען פֿון װאַלד ניט אַרויספֿאָרן. אויך דאָ, אין אָט דעם װאַלד, איז די סכּנה פֿאָרן לעבן געװוּג גרויס... פֿון דעסטוועגן בעט זי דעם שווער אירן, מנחמען, וואָס שטייט נאָך אַלץ איבער דעם ווײַבס פֿרישן קבֿר מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, שפּאַנען די פֿערד, און פֿאָרן ווײַטער. דערהערט אירע רייד, וואָס צוויי מאָל פֿאַר זײַן אויער איבערגעחזרט, בלײַבט יענער מיט אַן אָפֿן מויל שטיין: איר, טעמערלען, זאָל גאָר אַזעלכעס אײַנפֿאַלן, אויפֿן שׂכל אַרויפֿקומען? אַפּנים, אַז דאָס צעשיידן זיך מיט די קינדער, און דערנאָך די קבֿורה, האָבן זי פֿריטשמעליעט.

— טעמערל, — זאָגט ער צו איר. — טעמערל, וואָס איז די אײַלעניש? ס׳איז שוין נאָך האַלבן טאָג, אינגיכן וועט די זון אָנהייבן אַראָפּנידערן, וועל איך דעמאָלט שפּאַנען די פֿערד.

און זי, די טאָכטער, פֿריידקע, פֿרעגט אויך דערשטוינט: — מאַמע, פֿאַרוואָס האָט זיך דיר מיט אַ מאָל פֿאַרוואָלט, אין מיטן העלן טאָג, אַרויספֿאָרן פֿון וואַלד? דו ווילסט מיר זאָלן אַרײַנפֿאָרן קיין בערעזניאַק, און צונעמען בײַ נאַטאַלקען תּנחומקען מיט עזריאלן?

— ניין, ניין, גאָט באַהיט, דאָס וויל איך ניט...

— וואָס־זשע דען, מאַמע, ווילסטו, וווהין ציט דיך?

— איך ווייס ניט, קינד מײַנס, איך ווייס ניט. מיטן געדאַנק קאָן מען דאָס ניט דערקלערן...

— קום, מאַמע, צום טײַך. ביז די זון וועט אונטערגיין, וועלן מיר זיך אויסבאָדן. מיר זײַנען בײדע אין קבֿר־ערד. מיר דאַרפֿן זיך ביידע איבערטאָן. מיר׳ן אָנטאָן די אויסגעניײטע העמדער, וואָס נאַטאַלקאַ האָט אונדז געבראַכט.

— האַ, מיר זײַנען ביידע אין קבֿר־ערד? קום, טאָכטער, זיך אויסבאָדן און איבערטאָן. כאָטש די וואַסער אין טײַך דאַרף שוין זײַן קאַלט. און דערנאָך וועלן מיר זיך לאָזן אויף אַ גאַנצער נאַכט פֿאָרן.

— וווהין, מאַמע?

— צו אונדזער גורל... און מיין פֿרעג מיך ניט. אַלץ וואָס איך קאָן זאָגן וועט אויסזען ווי משוגעת!

— מאַמע, דו גלייבסט אַז דער זיידע, דײַן טאַטע, איז געווען אַ נבֿיא?

— די לעצטע יאָרן גלייב איך אין דעם מיטן גאַנצן האַרצן.

— און דײַן ברודער, מיכל, אויך ער האָט פֿאַרמאָגט אין זיך...

— מײַן ברודער, מיכל, האָט געהאַט ניט קיין איין נשמה... נאָר צוויי. צוויי גרויסע פֿײַערדיקע נשמות. איינע פֿאַר ליבע, די צווייטע פֿאַר שׂינאה.

— ער איז געווען פֿאַרליבט?

— יאָ. און מיט אַ פֿאַרבאָרגענער ליבע, מיט אַזאַ, וואָס טרוקנט אויס דאָס בלוט אין האַרצן..

וואַרפֿט די טאָכטער אַ בליק אויף דער מאַמע, וואָס אין איר קול האָט זי, פֿריידקע, דערהערט אי בענקשאַפֿט אי שרעק... און פֿרעגט באַלד ווײַטער:

— און יענע, זײַן ליבע, לעבט?

— ניין, זיי זײַנען ביידע אומגעקומען אין די סטאַלינישע קעלערן פֿון דער ענקאַוועדע. פֿריידקע, דו נעם דעם בידאָן אויף וואַסער, אויך די זאַכן אויף זיך איבערטאָן, און קום!

און נאָכן אויסבאָדן זיך אין דעם שוין קאַלטן וואַלד־טײַך, ווו די הויכע סאָסנעס שטעכן אַדורך די נידעריקע הימלען מיט זייערע נאָדל־צווײַגן און ס׳רינט פֿון זיי, פֿון די האַרבסטיקע הימלען, אַ געדיכטע בלאָווקייט אין די פֿאַרבײַ־יאָגנדיקע וואַסערן צווישן די בערג: זיך אויסגעבאָדן אין יענער געבענטשטער שטילקייט, ווו ס׳הערט זיך נאָר פֿון ערגעץ ווײַט, פֿון יענער זײַט טײַך, אַ קלינגענדיקער קלאַפּ פֿון אַ פּיקהאָלץ איבערן שטאַם פֿון אַ טרוקענעם בוים, ווו פֿון דער וואַסער שמעקט נאָך מיט ליליע־קריגעלעך און פֿון דער ערד מיט וואַלעריאַן־וואָרצלען... איבערגעטאָן זיך אין די אָנגעקראָכמאַליעט־אויסגענייטע, מיטן רובעל־און קאַטשעלקע אויסגעפּרעסטע לײַוונטענע העמדער, וואָס נאַטאַלקאַ האָט פֿאַר זיי פֿון דאָרף געבראַכט צופֿירן: אָנגענומען אין קאָן וואַסער אויפֿן וועג, און אויף אָפּצוקאָכן דאָ אַ פֿיש־קאַרטאָפֿליע און אויפֿזידן אַ טשײַניק טיי, צוגעקעמט איינע דער אַנדערער די האָר

— די מאַמע האָט אירע רײַכע האָר אין אַ שטײַפֿן קובליק צונויפֿגענומען, מיט אַ טיכל אונטערגעבונדן, ווי ס'טראָגן די דאָרף־פּויערטעס, און אויך דער טאָכטערס צווײ געדיכטע לאַנגע צעפּ אַרום קאָפּ אויסגעלייגט, אונטער אַ שאַלכען גענומען, און זיך באַלד געלאָזט צוריק צום וואָגן גײן, און דאָרטן, נאָכן אונטערלענען דאָס האַרץ — וואָסיל האָט זײ אויף אַ פּאָר וואָכן מיטן אויסקומעניש באַזאָרגט, אַפֿילו אַ קריגעלע האָניק געבראַכט... — האָט מנחם מאַקאָווער בײַ יענע צוויי סאָסנעס מינחה געדאַווענט און קדיש נאָך דער ווײַב און נאָכן זון, נאָך שאולן, געזאָגט, און זײ, טעמערל מיט די קינדער, האָבן די לעצטע האַרבסטיקע וואַלד־קווייטן אויפֿן קבֿר אַרויפֿגעלייגט, געשטאַנען דאָרטן ביז מנחם האָט די פֿערד אײַנגעשפּאַנט, און בײַם טאָג פֿאַרגײן, געלאָזט זיך אין וועג אַרײַן, פֿון וואַלד אַרויספֿאָרן.

און דאָרטן, ווי נאָר אויפֿן וואַלדוועג אַרויפֿגעפֿאָרן, טרעפֿן זײ זיך אָן אויף פֿורן מיט פּויערים און פּויערטעס, און אויך אויף פֿוסגייער. און אויף די וועגענער פֿולע טאָרבעס, און בײַ די צופֿוס־גייענדיקע קלומקעס אויף די אַקסלען און קוישלעך אין די הענט: ברויט, געקאָכטע בולבעס און קיעכעס, און אויך ציבעלע, קנאָבל, מייערן, און עפּל.

און פֿרעגן בײַ עמעצן ווּהין און צו וועמען מ'פֿאָרט און מ'גייט, קאָן מען דאָך ניט. מיטן פֿרעגן וועט מען זיך אויסגעבן, אַז מ'איז דאָ ווײַטע און פֿרעמדע... דאַרף מען פֿאָרן ווײַטער, און מיט אָפֿענעם אויג און אויער, און אויפֿכאַפּן אַ וואָרט דאָ, אַ וואָרט דאָרטן, און די צעשאָטענע רייד צונויפֿנעמען, צונויפֿבינדן, און פֿאַר זיך אַ קלאָרן בילד אויפֿשטעלן.

און טאַקע אינגיכן ווערט פֿאַר די מאַקאָווער קלאָר ווּהין מ'פֿאָרט און צו וועמען מ'גייט: אַ קילאָמעטער פֿינעף פֿונעם וואַלד האָבן די דײַטשן אַ לאַגער פֿאַר געפֿאַנגענע רויטאַרמייער אויפֿגעשטעלט — אָט פֿאַרוואָס ער, וואָסיל, האָט געזאָגט, אַז דאָ, אין וואַלד, איז געפֿערלעך צו פֿאַרהאַלטן זיך — גייט מען און מ'פֿאָרט אַהין, צום לאַגער, אַן אייגענעם, אַ נאָענטן, אַ לײַבלעכן צו געפֿינען. אַ מאָל טרעפֿט זיך, אַז איינער פֿון די פּאָליצײ־לײַט, לאָזט אַ געפֿאַנגענעם אַרויס.

קומט מען פֿון אַלע ווײַטן צום הויכן שטעכלדראָט־פּלויט, מ'רופֿט בײַם נאָמען און פֿאָטערס נאָמען, מ'רופֿט בײַ דער פֿאַמיליע דעם מאַן,

דעם טאַטן, דעם ברודער, דעם פּעטער און שוועסטערקינד... און ס׳קומען אויך אַהער־צו, מיט די טאָרבעס אויף די אײַנגעבויגענע רוקנס, פּרויען און גאָטספֿאָרכטיקע, אַריבערוואַרפֿן איבערן פּלויט פֿאַר די אויסגעדאַרטע און אויסגעהונגערטע אַ ביסל שפּײַז, דערקוויקן דאָס האַרץ, אָטכאַיען די נשמה בײַ די, וואָס די אויגן זײַנען זיי שוין מוטנע, שוין פֿאַר משוגע צו ווערן... און די דײַטשן אין די שוואַרצע לאַנגע שינעלן שרײַען און שיסן. שוין בײַם לאַגער־פּלויט געבליבן ליגן טויטע ווײַבער, זקנים.

און מנחם מאַקאָווער וויל, און קאָן אָבער פֿון צווישן די פֿורן און פֿוסגייער ניט אַרויספֿאָרן און מיטן פֿעלד פֿאַרנעמען, ווײַל דאָס קאָן אַ חשד אַרויסרופֿן. און דערצו נאָך אַנטקעגן, אויף דער דריטער פֿור, זיצט איינער מיט אַ בענדל אויפֿן אַרבל, אַפּנים אַ פּאָליציי... און דאָך, אַז די ליכט פֿון די לאַגער־פּראָזשעקטאָרן שלאָגן שוין אויך אַהער־צו, פֿאָרט ער פֿון צווישן די פֿורן און דורכגייער אויף אַ זײַטיקן וועג אַראָפּ. נאָר דאָ, שוין גאָר ניט צו פֿאַרשטיין און צו גלייבן, שפּרינגט זי, טעמערל, פֿון וואָגן, פֿאַלט שיר ניט אונטערן ראָד אַרונטער, און טוט אַ זאָג:

— שווער, וואַרט אויף מיר דאָ! — און ניט זי גייט, נאָר לויפֿט אַוועק, און יאָגט אַריבער אַלעמען, זי אײַלט צום לאַגער. ניט מנחמס, ניט פֿריידקעס, ניט ירמהלעס רופֿן האָבן זי געקאָנט אָפּשטעלן.

— נאָך וואָס יאָגט זי אַהין, — פֿרעגט דער אַלטער מאַקאָווער פֿאַרצווייפֿלט. — נאָך וואָס, אפֿשר ווייסטו, פֿריידקע?

— ניין, זיידע, איך ווייס ניט.

— זי איז דאָך אַוועקגעלאָפֿן אין פֿײַער אַרײַן. צוליב וואָס איז זי געלאָפֿן ריזיקירן מיט איר לעבן, און אויך שטעלן אין סכנה אונדזערע לעבנס? צוליב וואָס? זי דער בר־דעת, די באַדאַכטע און געהיטע...

און זי, טעמערל, בלײַבט דאָרטן בײַ די שטעכלדראָטן שטיין, ווו אין דער שטאַרקער פּראָזשעקטאָר־ליכט זעט מען דעם גרויסן פּלאַץ מיט טויזנטער געפּאַנגענע רויטאַרמייער, אויף דער קעלט האַלב נאַקעטע, באָרוועסע, און אַ סך וואַלגערן זיך אויף דער ערד, שרײַען און רופֿן... און צווישן זיי ליגן שוין שטיל, אויף אייביק אַנטשוויגן געוואָרענע, און מ׳וואַרפֿט זיי אויף אַ וואָגן, ווי קלעצער.

און דאָרטן, אין אָט דעם המון געפֿאַנגענע, און ניט אַזוי מיט דער שײַן פֿונעם פּראָזשעקטאָר, ווי מיטן אויג פֿון איר גרויסער נשמה, דערזעט זי איינעם, אויך אַ האַלב נאַקעטן, הויט און ביין, מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד... נאָר ווי דעמאָלטן, אין יענעם איבערגעפֿולטן וואַגאָן, בשעת איר לאָזן זיך פֿאָרן קיין מאָסקווע, בײַ דער ליכט פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון אין פֿענצטער, דעם ווײַסן קאָפּ און די אויגן זײַנע דערזען... און אויך ער, רפֿאל וואַלאַך, האָט זי דאָ, בײַם שטעכלדראָט, אין איר פֿויערשן אָנטאָן, און מיט דער פֿאַטשיילע דעם פּנים ביז צו די אויגן אונטערגעבונדן, גלײַך דערקענט, און מיט די לעצטע כּוחות געגומען צו איר דורך דעם געדרענג און קנויל־לײַבער זיך דורכרײַסן.

ווײַזט זי אים מיט דער האַנט אויף לינקס: אַהין זאָל ער גיין, ווײַל לויפֿנדיק אַהער, לענגאויס דעם שטעכלדראָט, אַ טויער און אַ וואַך־בודקע געזען, און אַ דײַטש דאָרטן באַמערקט אין אַ קאַסקע אויף אַ בענקל זיצן און רייכערן אַ ליולקע. דאָרטן, בײַ יענער רויט־געפֿאַרבטער בודקע, גלייבט זי מיטן גאַנצן האַרצן קאָן אַ נס געשען... אין יענעם דײַטש, וואָס אין גרינעם שינעל — אויך דעם פּשוטן סאָלדאַטישן שינעל באַמערקט — אין יענעם דײַטש קאָן דאָך פֿון מענטשלעכע יסורים, פֿון רחמנות דאָס האַרץ אויך אַ צאַפּל טאָן, ער האָט דאָך ערגעץ, אין דער היים, אַ מאַמע, אַ ווײַב, קינדער, אַ געליבטע, אַן אַלטן טאַטן... אָבער דאָ, בײַ די טויערן, אין אָט דעם געטומל, שטויס־ שפּאַרעניש, ווו אַרום שטייען דײַטשן אין לאַנגע שוואַרצע שינעלן, שרײַען בייז, און שיסן, לאָזן ניט אַריבערוואַרפֿן אַ ביסל שפּײַז פֿאַר די קריגס־געפֿאַנגענע, וואָס פֿאַלן צו דער אויסגעטראָטענער ערד צו, ראַנגלען און שלאָגן זיך פֿאַר יעדן ברעקל ברויט, ציבעלע, זויערע אוגערקע, קאַרטאָפֿליע און עפּעלע: און צוויי דײַטשן, אין גלאַנציקע שטיוול, שטייען אונטערן פּראָזשעקטאָר, קוועלן אָן, קײַכן פֿון געלעכטער... ניין, בײַ אָט די טויערן, וועט זי זיך דאָ גאָרניט דערשלאָגן, און קאָן דאָ אַליין אַרײַנפֿאַלן.

און ער פֿאַרשטייט זי, און גייט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויפֿן דרענגל מיט דער אָפּגעשיילטער קאָרע, וואָס פֿון הונגער אויפֿגעגעסן, אַהין־צו, וווּהין זי האָט פֿריער מיט דער האַנט אָנגעוויזן, און וווּהין זי אַליין גייט אויך. און דאָרטן, בײַם וואַך־שטיבל, ווו דער דײַטש זיצט אויפֿן בענקל,

די ביקס צווישן די קני, צלמט זי אים דרײַ מאָל איבער, און ווײַזט אים דערנאָך דעם האַלב נאַקעטן, אויסגעדאַרטן מיט דער לאַנגער גרויער באָרד און ווײַסער קאָפּ, און בעט בײַ אים מיט די אויגן, ברייט־אויפֿגעריסענע, פֿולע מיט ווײ און טרויער, טרוקענע, פֿײַערדיקע, און אויך מיט אויסגעצויגענע צו אים הענט, וואָס ציטערן אין דער שײַן פֿונעם פּראָזשעקטאָר... קוקט דער דײַטש אויפֿן קריגס־געפֿאַנגענעם, וואָס האַלט זיך שוין קוים אויף די פֿיס, אויף דער פֿרוי, וואָס שטייט פֿאַר אים אויף די קני מיט די אויסגעצויגענע זיך־טרייסלענדיקע הענט... און עפֿנט דאָס טירל פֿון דער רויטער בודקע:

— שנעל!

און ווי נאָר דעם שוועל פֿונעם וואַך־שטיבל אַריבערגעטראָטן, פֿון די שטעכלדראָטן אָפּגעגאַנגען, און פֿון דעם לאַגער־ליכט אין דער נאַכט אַרײַן, אַזוי טוט זי פֿון זיך איר סוויטקע אויס, וואַרפֿט אויף זײַן נאַקעטן לײַב אַרויף, און פֿירט אים — די לינקע האַנט אויף אירע אַקסלען, די רעכטע אָנגעשפּאַרט אויפֿן דרענגל:ביידע אויפֿגערעגט־און באַגײַסטערט, באַנעמען ניט, ווי אַזוי איז עס מיט זיי דאָ, אין אָט דעם גיהנום, אַזאַ נס געשען? — זי פֿירט אים צו דער פֿור, וואָס וואַרט דאָרטן אויפֿן זײַטיקן פֿעלד־וועג.

— טאַמאַראַ, תּמר, טעמערל... — דריקט ער זי שטאַרק צו זיך, ווי מורא געהאַט זי זאָל ווידער פֿון זײַן לעבן ניט פֿאַרשווינדן. — תּמר, טעמערל, — פֿון וואַנען קומסטו אַהער־צו?

— פֿונעם וואַנדער און וואָגל, פֿונעם לויפֿן זוכן אַ דאַך איבערן לעבן...

— און ווי אַזוי איז דאָס געשען, — פֿרעגט ער זי ווײַטער. — וואָס דער דײַטש, רידלע, דער גרעסטער אכזר דאָ אין לאַגער, וואָס גראָד ער, אָט דער רידלע, אָט דער קאַט, האָט דײַן שטיין פֿאַר אים אויף די קני, דײַנע אויגן, דײַנע אויסגעצויגענע הענט, ניט אויסגעהאַלטן, און מיך אַרויסגעלאָזט?

— אין אונדזער ייִדישן גורל, ראַפֿי, — פֿונעם זאָג אירן „ראַפֿי" טוט ער מיטן גאַנצן גוף אַ ציטער. — אין אונדזער ייִדישן גורל גייט די גזרה מיטן נס איניינעם. זיי האַלטן זיך ממש פֿאַר די הענט, ניט צו צעשיידן זיי... טרויער און פֿרייד... הײַנט האָב איך אָפּגעגעבן אויף פֿרעמדע

הענט מײַנע צוויי עלטערע קינדער... געבראַכט צו קבֿורה אין וואַלד די שוויגער, און איצטער איז געקומען דער גרויסער נס, געפֿונען דיך! אין אונדזער גורל, ראַפֿי, גייט גזרה מיט נס, טרויער מיט פֿרייד האַנט בײַ האַנט, אַקסל צו אַקסל, אַט אַזוי ווי מיר גייען איצטער אין אַט דער אָנאַכט ביידע, איך מיט דיר, און דו מיט מיר... טרויער מיט פֿרייד...

## ו.

און דאָרטן, אויפֿן לײדיקן סטערניע־פֿעלד, בײַם זײַטיקן וועג, נאָך איר, טעמערלס, פּלוצעמדיקן, ניט געדאַכטן און ניט געטראַכטן, אַראָפּשפּרינגען פֿונעם וואָגן מיטן זאָג: וואַרט אויף מיר דאָ! און זיך געלאָזט לויפֿן... בלײַבט ער דאָרטן, מנחם מאַקאָוװער, אין גרויסער פֿאַרלעגנהײַט: זאָל ער טאַקע שטיין דאָ מיט די אייניקלעך אויפֿן וועג, מיט פֿריידקען און ירמהלען, וואָס וויל בײַ אים, בײַם זיידן, וויסן, נאָכוואָס איז זי, די מאַמע, אַהין־צו געלאָפֿן? — הייבט ער שווײַגנדיקערהייט מיט אַקסלען: וואָס קאָן ער זיי אויף דעם ענטפֿערן. ווער ווייסט נאָכוואָס האָט זי אינמיטן דרינען, טעמערל, זיך געלאָזט יאָגן אַהין־צו, אין פֿײַער, אין גיהנום אַרײַן? מ׳דאַרף אָבער שטיין דאָ, אין געהאַקטע ווונדן, און וואַרטן אויף איר, הגם די סכּנה פֿונעם שטיין דאָ, ווערט מיט יעדער רגע גרעסער און גרעסער... ס׳זײַנען שוין דורכגעפֿאָרן צוויי אויטאָמאָבילן מיט שוואַרצע שינעלן, און זיך אַרומגעקוקט אויף דער פֿור, וואָס שטייט ניט ווײַט פֿונעם לאַגער אין די ליכטיקע שאָטנס פֿון די פּראָזשעקטאָרס... דער עיקר האָבן זיי זייערע טריפֿענע בליקן אויף איר, אויף פֿריידקען געוואָרפֿן. ער, מנחם, האָט שוין ניט איין מאָל איר געזאָגט: פֿריידקע, דעם פּנים דײַנעם שמיר אויס מיט אַ ביסל סאַזשע!

און מיט יעדער רגע ווערט די סכּנה פֿון שטיין דאָ פֿײַערדיקער, אָבער אָפּפֿאָרן פֿון דאַנען ווײַטער, כאָטשבי צו די יאַסענע־ביימער, ווו מ׳קאָן אין דער נאַכט אַרײַן, האָט ער, מנחם, מורא: טעמערל, ניט געפֿינענדיק די פֿור אויפֿן אָרט, קאָן דאָך דערשראָקן און מבולבל

ווערן. זי וועט דאָך מיינען אַז ער, מנחם, און די קינדער, זײַנען אין די רוצחישע הענט אַרײַנגעפֿאַלן... שפּאַנט ער שוין דאָס דריטע מאָל איבער די פֿערד, פֿאַרריכט כּלומרשט די נאַשילניקעס, די שלייעס. און די צײַט גייט. יעדער רגע קילט דאָס בלוט אין די אָדערן. דער מקום סכּנה ווערט ברייטער, די פּאַסטקע נעענטער... און זי, טעמערלען, זעט מען נאָך אַלץ ניט. און פֿון זינט זי איז אַהין אַוועקגעלאָפֿן איז שוין אַריבער אַ שעה. מ׳שטייט שוין דאָ אַריבער אַ שעה אויף צעגליטע קוילן.

און מנחם מאַקאָווער האַלט אין איין באַרויִקן און אײַנשטילן די קינדער, באַזונדערס ירמהלען: די מאַמע וועט זיך באַלד אומקערן... אַליין אָבער איז ער זיכער, אַז זי, טעמערל, איז דאָרטן אין די רוצחישע הענט אַרײַנגעפֿאַלן. זי וואָלט אַזוי לאַנג זיך דאָרטן ניט געהאַיעט. זי ווייסט דאָך גוט, טעמערל, אַוווּ און אויף וועלכן אָרט זי האָט אים מיט די קינדער איבערגעלאָזט. די ערד ברענט דאָך דאָ אונטער די פֿיס. אַלע אַראָפּגעפֿאַלענע הימלען רויכערן זיך. אָט באַלד וועלן אויך זיי, די הימלען, זיך צעפֿלאַקערן... די וועלט וועט קריק אַרײַן אין איר תּהו ובֿהו.

און ער, דער אַלטער מנחם מאַקאָווער, מיט זײַן מיט אַ מאָל אײַנגעפֿאַלענער וועלט אין האַרצן, בײַ זײַן גאַנצער אינערלעכער האָרעוואַניע, קאָן ער זי, יענע חרובֿע וועלט זײַנע, קריק ניט אויפֿשטעלן... ער, מנחם מאַקאָווער, וואָס האָט אַלע שווערע נסיונות, אַלע בראָכן און אומגליקן אין לעבן געקאָנט אויסשטיין און בײַקומען, קיין מאָל דעם ביטחון ניט אָנגעווווירן... ער, מנחם מאַקאָווער, פֿאַלט איצטער אין יִאוש אַרײַן. וויל פֿון דאַנען עוקר־זײַן, ראַטעווען דאָס לעבן פֿון די צוויי קינדער. ווי אַזוי אָבער פֿאָרט מען פֿון דאַנען אַוועק, ניט וויסנדיק, וואָס מיט איר, מיט טעמערלען, איז דאָרט געשען?

און גיין אַהין־צו, אין גיהנום אַרײַן, זי זוכן, קאָן ער דאָך זיי, די קינדער, אַליין דאָ ניט איבערלאָזן. און מ׳וועט אים דאָך, מנחמען תּיכּף דאָרטן פֿאַרהאַלטן: דער ייִד, דער ישׂראל סבֿא, ליגט דאָך אים אויבן אויף, אויפֿן פּנים, אונטער קיין שום גויִשער סוויטע קאָן ער פֿאָרט דעם צלם אלהים ניט אויסבאַהאַלטן.

און דאָ, אַז ער שטייט שוין, מנחם מאַקאָווער, ווי אַ פֿאַרמישפּטער,

ווי אונטער דער תּליה, און וואַרט אַז אָט באַלד וועט דער תּלין דעם שטריק אויפֿן האַלדז אים פֿאַרוואַרפֿן... דאָ דערזעט ער זי, טעמערלען, אין דעם ראָד שײַן, וואָס פֿאַלט אַהער־צו פֿונעם פּראָזשעקטאָר, אין דער אויסגענייטער העמד, אָן אַ פֿאַטשיילע אויפֿן קאָפּ, די האָר אירע צעשאָטן און קנוילן זיך, ווי שוואַרצע רויכן אויפֿן ווינט... און זי פֿירט איינעם, וואָס האַלט זי אַרומגענומען, העגנט ממש אויף אירע אַקסלען, און אויך שפּאַרט ער זיך אָן אויף אַ הויכן שטעקן.

און דער אַלטער מנחם מאַקאָוּוער ווערט דאָ פּשוט דערציטערט: איבערן ראָד פּראָזשעקטאָר־שײַן פֿירט זי דאָך, טעמערל, דעם אַלטן מורה־הוראה פֿון זייער שטעטל, ר׳ העשילען, וואָס איז שוין לאַנג, אויפֿן עולם־האמת... און בײַ מנחם מאַקאָוּוער כאַפּט זיך אַפֿילו פֿון מויל אַרויס די ברכה „ברוך מחיה מתים!" ער קאָן שוין, מנחם, אויף קיין רגע ניט צווייפֿלען, אַז דאָס איז ער, דער אַלטער רבֿ, ר׳ העשילע, וואָס ער, מנחם, האָט דעמאָלטן צום טאַטן גערופֿן, צו עזריאלן מאַקאָוּוער, וואָס די גויִים, די שכנים, האָבן אים אין יענער שׂרפֿה־נאַכט די לונגען אָפּגעשלאָגן. די זין האָבן געוואָלט, אַז דער רבֿ, זייער טאַטנס חבֿר פֿון דאַמירער ישיבֿה, זאָל זיי דערקלערן, וואָס מיינט דער טאַטע זייערער, שוין אין דער גסיסה, מיט זײַנע רייד:

— אור לגוים... אור לגוים!

זאָל ער זיי, דער מורה־הוראה, דערקלערן, וואָס וויל ער, דער טאַטע זייערער, וואָס האָט געהאַט סמיכה אויף רבנות, נאָר אַ גאַנץ לעבן, ווי זײַנע עלטערן, אויך ייִדן למדנים, געאַקערט די ערד, געזייט און געקאָסעט, געדראָשן און געווייעט... און דערנאָך ביז האַלבער נאַכט, מיט די פֿינעף זין זײַנע, אַ בלאַט גמרא געלערנט; וואָס וויל ער זיי דאָ, דער טאַטע, פֿאַרן אַוועקגיין פֿון דער וועלט אָנזאָגן, און וואָסער צוואה וויל ער פֿאַר די קומענדיקע דורות איבערלאָזן?

האָט אָבער אויך ער, דעם טאַטנס חבֿר, דער מורה־הוראה, ר׳ העשילע, ניט געקאָנט מסביר זײַן, און אַ שײַן אויף עזריאלס רייד וואַרפֿן.

דערצו נאָך האָט דער גוסס אָנגעהויבן צו איבערחזרן:

— אתה בחרתנו... בדמיך חיי!

און דאָ איז שוין דער אַלטער רבֿ גאָר צעטומלט און דערשראָקן

געוואָרן. ער האָט מיט צענומענע הענט און אײַנגעבויגענע פֿינגער, ווי פֿון דער לופֿט עפּעס־וואָס געוואָלט אַרויסכאַפּן, צוגעקוקט זיך ווי בײַ זײַן חבֿר עזריאלן מאַקאָווער, שלאָגט אַרויס פֿון די אָפֿענע אויגן, שוין אָן שוואַרצאַפּלען, אַ פֿײַערדיקער צאָרן, און פֿון זײַן פֿאַרבלוטיקטן פּנים גייט אַ בלענדנדיקע שײַן... און דער אַלטער מורה־הוראה איז פֿון פּחד פֿון שטוב אַרויסגעלאָפֿן.

און אויך לעבט דאָ מיט אַ מאָל אויף אין זײַן זיכּרון, דערזעענדיק דעם הויכן געשפּענסט מיט דער לאַנגער ווײַסער באָרד אויפֿן ווינט, וואָס זי, טעמערל, פֿירט דורך דעם ראָד ציטערדיקע ליכט אויף דער בלאָווער ערד, יענע שנײ־וויכערדיקע שקיעה אויפֿן בית־עלמין, ווו זי, מילקע, בײַם ברענגען צו קבֿורה די צוויי פֿאַרפֿרוירענע, דעם מאַן און קינד, האָט דאָרטן געשטורעמט קעגן גאָט און זײַן וועלט... ער דערמאָנט זיך דאָ, מנחם מאַקאָווער, וואָרט אין וואָרט, אין מילקעס ביטערן און ייִאושדיקן געשריי: „דו, אַלמעכטיקער, דו ביסט דאָך ניט בכּוח צו ראַטעווען אַ קליין קינד פֿון אַ זאַווערוכע; דו ביסט דאָך ניט בכּוח אַרויסשלאָגן די ביקס פֿון אַ רשעס האַנט. דו קאָנסט ניט, אַלמעכטיקער, ברעכן די דיני גוים, צו ענדערן דעם גאַנג פֿון די ווינטן, אָפּשטעלן אַ וויוגע... דו, דו, אין מיזרח דו, אין מערבֿ דו... דו האָסט אָבער, אַלמעכטיקער, קיין קראַפֿט ניט! דו... דו... דו ביסט אומבאַהאָלפֿן!

און מנחם מאַקאָווער פֿילט, ווי אָט די געשטאַלט, וואָס טעמערל פֿירט איבערן ראָד זיך־כוואַליענדיקע ליכט אויף דער בײַנאַכט־האַרבסטיקער בלאָווער ערד, רודערט אויף זײַן זיכּרון און מאַכט נאָך אַ גרעסערן חורבן אין זײַן האַרצן, אין זײַן אײַנגעוואַלגערטער וועלט. מילקעס געשריי דאָרטן, אויפֿן בית־עלמין, אין דער וויכערדיקער שקיעה, הערט ער איצטער אין זײַן נשמה. זײַן ברודערס, נחמנס, טויט, דער טויט פֿון זײַן ווײַב און די דרײַ טעכטער מיט זייערע אַכט קינדער; דער טויט פֿון אַלע ייִדן־פּויערים אין דער באַלקע, דער טויט פֿון די דרײַ טויזנט ייִדן, קינד און קייט, אויפֿן שטעטלדיקן הייליקן אָרט... שרײַט אין אים, אין מנחם מאַקאָווער, מיט יענע, מיט מילקעס ווערטער... און אָט דער העשילע־ געשפּענסט...

און דאָ, פּלוצלונג, פֿאַרלירט ער זיי בײדן פֿון אויג. זיי ווערן מיט אַ

מאָל ביידע, די העשילע־געשטאַלט און זי, טעמערל, אַרײַנגעפאַלן אין רויטן פײַער פון אויטאָמאָבילן־פאָרערס, וואָס יאָגן דורך מיט שוואַרצע שינעלן צום לאַגער.

און ער בלײַבט שטיין, מנחם מאַקאָווער, בײַ די פערד, אַ פאַרלוירענער: האָבן זיי ביידע זיך אים אויסגעדאַכט? קיין שום העשילע־געשטאַלט און אויך קיין שום טעמערל איז איבערן ראָד שײַן גאָר ניט געגאַנגען, און זײַנען גאָר אין קיין שום רויטן פײַער ניט אַרײַנגעפאַלן... און דאָ, אין אָט דעם מצבֿ זײַנעם, אין אָט די שרעקלעך־אויפגעלעבטע ווײַטע שׂרפֿה און זאָווייע־נעכט, רײַסן זיך מיט אַ מאָל פון דער נאַכט אַרײַן, פון דאָרטן, פון די יאַסינע־ביימער, אומדערבאַרעמדיקע קראָ־געשרייען, ווי בשעת ברענגען צו קבֿורה די ווײַב אין וואַלד, צווישן די צוויי סאָסנעס, ווּהין ס׳זײַנען, ווי פון דער גאָרער וועלט, אָנגעפלויגן גראָ־שוואַרצע קראָען מיט דעם שוידער־חוצפּהדיקן קראַקערײַ. און מ׳האָט געמוזט דעם מת אין אָפענעם קבֿר איבערלאָזן, ווײַל זיי, נאַטאַלקע מיט וואַסילן, האָבן געאײַלט, געוואָלט וואָס גיכער פון וואַלד מיט די צוויי קינדער אַרויספאָרן... פונוואַנען האָט זי, טעמערל, אַזעלכע ניט־מענטשלעכע כּוחות גענומען אויף אָפּצוגעבן זיי, די צוויי קינדער, תּנחומקען און עזריאלקען? זי, טעמערל, פון היַינטיקן קאַיאָר אָן, איז פאַר אים, פאַר מנחמען, געוואָרן אַ פאַרשלאָסענער סוד, וואָס פאַרבלענדט און פאַרשאָטנט... אָפּגעגעבן די צוויי קינדער אויף פרעמדע הענט... און דערנאָך, ווי נאָר דעם קבֿר פאַרשאָטן, געוואָלט אין מיטן טאָג פון וואַלד אַרויספאָרן... און שפּעטער, איר שפּרינגען פונעם וואָגן, שיער אונטערן ראָד ניט אַרונטערגעפאַלן, און איר לאָזן זיך לויפן צום לאַגער... ניין, ער האָט זי דאָך פאָרט געזען אין דער אויסגענייטער גוייִשער העמד מיט די צעשאָטענע האָר אויפן ווינט, פירן אים דעם העשילע־געשטאַלט, איבערן ראָד שײַן... ווּהין־זשע זײַנען זיי ביידע פאַרפאַלן געוואָרן? — און ער וואַרט לאַנג, מנחם מאַקאָווער, ווידער אַן אייביקייט, ביז ער דערזעט זיי ביידן פון דער משונה־בלאָווער פינצטערניש אַרויסגיין.

— זיידע, — טוט אים פריידעלע מיט אַ זייער אומרויִקן און פאַרחידושטן קול אַ פרעג: — וועמען פירט זי דאָס אַהער, די מאַמע?

— אָט וועלן מיר באַלד וויסן, כ׳גיי איר העלפן.

און ער לאָזט זיך צו טעמערלען אַנטקעגן גיין, העלפֿן איר פֿירן און צום וואָגן ברענגען דעם ניט־געדאַכטן און ניט־דערוואַרטן געשפּענסט, וואָס דערנענטערט זיך און וועט באַלד אין זײַן, אין מנחם מאַקאָווערס, אײַנגעפֿאַלענער וועלט אַרײַנגיין. וועט ער, אָט דער העשילע־געשפּענסט, אים העלפֿן אַ וועג צווישן די חורבֿות געפֿינען... די חורבֿות, פֿון יענער, פֿון דער מיט אַ מאָל אײַנגעוואַלגערטער וועלט זײַנער, זײַנען נאָך ניט אָפּגעקילט געוואָרן. דאָרטן איז נאָך אַ סך זשאַר פֿאַראַנען. פֿון יעדער פֿונק קאָן מען נאָך אַ פֿײַער צעבלאָזן... וועט ער, אָט דער העשילע־געשפּענסט, אים העלפֿן, מנחמען מאַקאָווער, די חורבֿות זײַנע אויפֿשטעלן און קריק אין זײַן אַלטער, שיינער און זיכערער וועלט אַרײַנגיין, צי ער וועט שוין בײַ זײַן אייגענער כּותל־המערבֿי ביז צום סוף פֿון זײַן לעבן אין טרויער פֿאַרבלײַבן?

און ער שפּאַנט, מנחם מאַקאָווער, צום געשפּענסט פּאַמעלעכן, געהיט, הייבט הויך די פֿיס ווי אין אַ וואַסער אָנגעהויבן אַרײַנצוגיין און ווייסט ניט די טיפֿקייט, און צי וועט ער אין אַ גרוב, אָדער אין אַ קאָלווראָט אַרײַנפֿאַלן... און אַז פּנים אל פּנים מיטן געשפּענסט, פֿאַר זײַנע גרויסע פֿיבערדיקע אויגן שטיין געבליבן, אויגן זייער נאָענטע און ווײַט־פֿרעמדע, ווי פֿון ערגעץ, פֿון אַן אַנדער וועלט אַהער־צו מגולגל געוואָרן: אויגן, וועלכע נעמען אָפּ דעם לשון, ווײַל אַלע פֿרעגענישן פֿאַרלירן לעם זיי די ווערט: אויגן, וואָס ברענען אין אַ וועלט פֿון יסורים און וועלן, דאַכט זיך, קיין מאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן.

און מנחם מאַקאָווער פֿרעגט טאַקע גאָרניט. הערט זיך נאָר צו ווי טעמערל דערציילט אים — אויך איר קול איז שוין גאָרניט צו דערקענען — אַז דעם וואָס זי פֿירט, וועמען זי האָט על־פּי נס, פֿון דעם לאַגער אַרויסגענומען, דער איז דעם רבֿס, ר׳ העשילעס אייניקל, רפֿאל...

— דער דאָקטער, וואָס האָט זיך אַמאָל... אויך ער, דעם רבֿס אייניקל, ווי אונדזער מיכעלע, האָט אויך אַוועקגעוואָרפֿן די ישיבֿה... נאָר ער איז ניט אַוועק צו לענינען מיט טראָצקין איבערסטרויען די וועלט אויף יושר און ליבשאַפֿט... ניין, דעם רבֿס אייניקל איז אַוועקגעפֿאָרן קיין שווייצאַריע לערנען דאָקטערײַ... נאָר זאָג מיר בעסער, טעמערל, פֿונוואַנען האָסטו געוווּסט, געלאָפֿן ריזיקירן מיטן לעבן, אַז רפֿאל איז דאָרטן, אינעם לאַגער פֿאַר מילחמה־פּלעניע?

— שוועך, — בעט זי זיך ביַי אים. — שוועך, פֿרעגט מיך ניט. איך קאָן איַיך אויף דעם ניט ענטפֿערן... אויך פֿריידעלע פֿרעגט מיך... פֿרעגט מיך ניט! און אַז איך וועל איַיך נעמען דערקלערן, וועט איר קוקן אויף מיר ווי אויף אַ משוגענער.

און נאָכן דערשלעפּן און צושלאַיכן זיך צום וואָגן, ווו פֿריידקע האָט גליַיך פֿאַרן אומגעריכט־און פּלוצעמדיקן, פֿאַרן קוים לעבעדיקן, איר אָרט אָפּגעטראָטן, נאָר דערביַי מיט אַ ביטערער קעלט אין די ביינער דערפֿילט, ווי די האָפֿענונג, וואָס האָט ביז אַהער־צו אין איר האַרצן געטליִעט: דער טאַטע אירער לעבט און וועט זיך גיך אומקערן... יענע ליכטיק־זיסע האָפֿענונג האָט דער, ווען דאָס אָרט אָפּגעטראָטן, מיט אַ מאָל אין איר האַרצן אויסגעלאָשן. ביַי דער מאַמען פֿרעגט זי גאָרניט, וואַרפֿט נאָר פֿון דער זיַיט אויף איר ניַיגעריקע און באַליידיקטע בליקן: פֿאַרן טאַטן, וואָס איז אומגעקומען אין די סטאַלינישע לאַגערן, ערגעץ דאָרטן, אויפֿן וויַיטן צפֿון, אין די גרין־פֿראָסטיקע וויַיסע נעכט... זי, פֿריידקע, דאַרף שוין ביַי דער מאַמען גאָרניט פֿרעגן, לויט דער מאַמעס קול, און דער עיקר לויט אירע הענט איז שוין קלאָר, אַז די מאַמע האָט געבראַכט יענעם פּראָפֿעסאָר וואַלאַך, מיט וועלכן זי האָט זיך אין מאָסקווע געטראָפֿן. דאָס איז יענער, וואָס איז אַמאָל געווען אין איר פֿאַרליבט, און זי אין אים... זי וועט אָבער, פֿריידקע, ביַי איר מאַמע שפּעטער פֿרעגן:

— אויב דו האָסט דעמאָלטן ליב געהאַט אָט דעם וואַלאַכן, טאָ פֿאַרוואָס האָסטו, די אויסגעשפּילטע, און ביַי דער רײַכער מומע אין קיעוו דערצויגענע, פֿאַרוואָס האָסטו ניט חתונה געהאַט מיט אים, מיטן דאָקטער, נאָר חתונה געהאַט מיט דיַין פֿעטערס זון, מיט שאולן, מיטן קאָוואַל־יונג? קיינער האָט דאָך דיך ניט גענייט? קיינער האָט דאָך דיך צו דעם ניט געצוווּנגען?

און דערוויַיל, ביז זי וועט עס שפּעטער ביַי דער מאַמען פֿרעגן, העלפֿט זי אים, דעם האַלב לעבעדיקן פּראָפֿעסאָר וואַלאַכן, אין וואָגן באַלייגן, וואָס בעסער אים צודעקן און איַינמאָסטען, העלפֿט דער מאַמען צו אָטכאַיען אים, גיט אים אָנטרינקען זיך און אויך, ווי די מאַמע, הייסט איר, אַ ניט גרויסן ריפּטל ברויט מיט האָניק. און מ׳לאָזט זיך וויַיטער, אויף אַ גאַנצער נאַכט, מיטן געפּערלעכן און וואָגל־וועג אַ

מקום מיקלט צו געפֿינען.

און דאָ, שוין דורכגעפֿאָרן יענע הויכע און ברייט־צעוואַקסענע יאַסינע־ביימער, ווו אין די האַלב־נאַקעטע בלאָווע צווײַגן־בלעטער פּלאָנטערן זיך נאָך אַרײַן, ווי מיטן ווינט אַהער פֿאַרטראָגענע, רויטע שאָטנס: דאָ דערהערט זיך מיט אַ מאָל פֿון דאָרטן, פֿונעם לאַגער, אַ שיסערײַ, וואָס באַשלאָגט מיט אַ קאַלטן טויטשווייס... און דערצו נאָך, טוט יענער, וואַלאַך, וואָס ליגט אויפֿן וואָגן אײַנגעדעקט, אַ געשריי, וואָס הילכט אָפּ טיף אין דער נאַכט אַרײַן. אַ געשריי, ווי פֿאַרן טויט. וויל מנחם מאַקאָווער אַ טרײַב טאָן די פֿערד און וואָס גיכער פֿון אָט דעם מלאך־המוות אָרט אַרויספֿאָרן, נאָר זי, טעמערל, מיט טרערן אין קול, בעט זיך:

— שווער, איך ווייס, איך ווייס, אַז מ׳דאַרף פֿאָרן גיכער, דאָ פּאַדעט אַרום אונדז דער טויט... מ׳קאָן אָבער גיכער ניט פֿאָרן, מ׳טאָר אים ניט טרייסלען. די נשמה האַלט זיך אַזוי אויך אין אים אויף אַ האָר... דאָס שרײַט ער פֿון היץ! ער זעט אַוודאי שרעקלעכע קאָשמאַר־חלומות.

און לייגט אַרויף איר האַנט אויף זײַן הייסן שטערן. בלײַבט ער ווידער ליגן שטיל, נאָר מיט אָפֿענע, מיט גלאַנציק־פֿיבערדיקע אויגן, ווי געוואָלט אין דער קאַלט־ווינטיקער נאַכט, וואָס פֿאַלט פֿון די אויסגעשטערנטע הימלען, עפּעס־וואָס אין דער שוואַרצקייט דערזען... און די רעדער קײַקלען זיך מיט זייער ניגון איבערן פֿעלדוועג, וואָס ווייעט מיט ריח פֿון ערד פֿאַר אַ רעגן, און קײַקלען זיך פֿאָרט, און סוף כל סוף, אַרויס פֿון יענע הריגה־שיסערײַען, און אויך פֿון די רויט־בלוטיקע שאָטנס אונטער די יאַסינעס.

און די מענטשן אויפֿן זיך־לײַכט טרייסלענדיקן וואָגן זיצן פֿאַרזונקען אין דעם איין־און־איינציקן געדאַנק: וווהין פֿירט זיי דער וועג, וווהין וועט זיי די נאַכט מיט די ווינטן פֿאַרטראָגן, וועלן די דײַטשן, אָט די שוואַרצע מגפֿה־לײַט, ניט פֿאַרהאַלטן און אויף אַן אַכזריותדיק אופֿן זיי ניט אומברענגען... אַפֿילו דער פֿינעפֿיאָריקער ירמהלע שלאָפֿט ניט, זיצט צוגעטוליעט צו דער מאַמע, זי זאָל שוין מער פֿון אים אין ערגעץ ניט לויפֿן, און מיט פֿאַרביסענע ליפּן, ווי אײַנגעהאַלטן אין זיך דעם קינדיש־צאָרנדיקן געשריי: פֿאַרוואָס דאַרף מען זיך אַרומשלעפּן אין די נעכט איבער די וועגן? פֿאַרוואָס דאַרף מען זיך בײַטאָג

אויסבאַהאַלטן פֿון די דײַטשן? און וויפֿל וועט דאָס נאָך געדויערן?

— מאַמע, — טוט פֿלוצלינג דאָס קינד אַ פֿרעג, הגם ער ווייסט, אַז מ׳טאָר בײַ נאַכט אין וועג ניט רעדן. מ׳דאַרף זיצן שטיל. און אויך די שטילקייט, ווייסט ער, איז אַ טויט־געפֿערלעכע. דאָך האַלט ער ניט אויס: — מאַמע, ווער איז דער פֿאַרוואַקסענער אויפֿן וואָגן, ער איז מײַן טאַטע?

— ניין, ירמהלע, ניין, ניט דײַן טאַטע.

— ווער דען איז ער?

— רעד ניט, מײַן קינד, בײַ נאַכט אין וועג דאַרף מען שווײַגן.

— טאָ זאָג מיר כאָטש, מאַמע, ווו זײַנען מײַנע ברידער, תּנחומקע מיט עזריאלקען? פֿאַרוואָס...

— שווײַג, מײַן קינד, שווײַג! פֿרעגט מיך ניט, פֿרעגט מיך ניט... איך קאָן אײַך קיינעם ניט ענטפֿערן! איך קאָן ניט... פֿאַר מײַנע אויגן זע איך אַ גרויסן באַרג מיט געלע מענטשלעכע שאַרבנס און ביינער...

— שווײַג, טעמערל, שווײַג, — דערהערט זיך דאָ מנחמס אויפֿגעציטערט קול. — שווײַג! בײַנאַכט אין וועג דאַרף מען שווײַגן. אל תּפֿתּח פּה לשׂטן!

און די רעדער קײַקלען זיך ווײַטער מיט יענעם ניגון, וואָס זייער באַשעפֿער, נחמן מאַקאָווער, האָט פֿאַר זײַן אַכזריותדיקן טויט אין זיי אויף יאָרן אַרײַנגעניגונט, זיי זינגען, די רעדער, נחמנס טרויעריקן גמרא־ניגון אויפֿן פֿאַרוואָרפֿענעם פֿעלדוועג, אין אָט דער פֿינצטער־ווינטיקער נאַכט, ווו בײַ דעם פֿינקל פֿון די ערבֿ־ווינטערדיקע שטערן שטאַרבט דער זומער אין דעם לעצטן בלי פֿון די ראָמאַשקעס און לילאַ־גלעקלעך. און אויך דער צוויט פֿוןווילדגראָזן ראַנגלען זיך שוין מיטן טויט... און די ווינטן טראָגן פֿאַרבײַ דעם ריח פֿון טרוקן־ביטערע קרײַטעכצער, און פֿון די ווײַטע כוואָיע־וועלדער ברענגען זיי, די ווינטן, דעם געוויין פֿונעם פֿילין, וואָס פֿאַלט, ווי אַ אָנגעגליטער שטיין, אין דער נשמה אַרײַן.

# א.

און מיט יענעם ביטחון־יִיאושדיקן און דורות־גלותדיקן ניגון, וואָס דער קדוש, נחמן מאַקאָווער, האָט ערבֿ זײַן אַכזריותדיקן טויט אַרײַנגעטעסעט און אַרײַנגעהובלט אינעם וואָגן, פֿאָרט מען אין די נעכט ווײַטער מיט זײַטיקע און פֿאַרוואָפֿענע וועגן, וואָס האָבן אויך זייער האַרבסטיקע מעלאָדיע: אונטער די רעדער שפּילן די פֿון זומער־אַראָפּגעפֿאַלענע, מיטן ריח פֿון זון־צוגעדעמפּטע בלעטער... מ׳אײַלט צו די פּאָלעסיער וועלדער, זוכן און געפֿינען דאָרטן, צווישן די יאָדלע־און בערעזעס, צווישן קליאָן־און דעמבעס, בײַ די תּהום־זומפּן, אַ באַהעלטעניש פֿון זיי, פֿון קאָנטס און געטעס אייניקלעך, וואָס האָבן אָנגעוווירן אַל־דאָס מענטשלעכע, און מגולגל געוואָרן אין ווילדע, אין בלוטדאָרשטיקע חיות.

און פֿון די אַרומיקע ווײַטנס, אין אָט די פֿינצטערע און קאַלטע נעכט, פֿלאַמען אויף די הימלען און וואַרפֿן פֿײַערדיקע שאָטנס אויף דער פֿור, וואָס גייט צווישן די בלאָווע קאָליעס, ווו די מאַקאָווער, אַפֿילו דער קלייניקער ירמהלע, מאַכן מיט קיין אויג ניט צו: זיי, אָן אַ היים געבליבענע, וואָס זיצן שבֿעה אויפֿן וואָגן נאָך פּייגען, וועלכע מ׳האָט אין וואַלד, צווישן די צוויי סאָסנעס, באַהאַלטן און זי, טעמערל, האָט דאָרטן אירע צוויי זין אָפּגעגעבן נאַטאַלקען און וואַסילן... זיי, די מאַקאָווער, מיטן קריעה־ריס אין דער נשמה, די וואָגלער און בלאָנקער, וואָס זוכן אַ שטיקל סטריכע איבערן קאָפּ און איבערן לעבן, זיי ווייסן, אַז די הימלען פֿלאַמען פֿון שׂריפֿות אין די שטעטלעך, ווו די דײַטשן און אוקראַינער הרגענען אויס די ייִדן — אנשים, נשים, וטף... גרויס און קליין... בלוט און פֿײַער... אומבאַהאָלפֿענע וויי־און צאָרן געשרייען צו גאָט, און צו דער וועלט... און ערגעץ דאָ, אין טאָל, בײַם טײַך, פֿון די קאַמישן אַרויס, רופֿט ביטער אַ קראָנשנעפּ, וואָס קאָן פֿון דאַנען ניט אַוועקפֿליען אין די וואַרעמע לענדער. און די פֿערד בלײַבן אַלע מאָל מיט אָנגעשפּיצטע אויערן שטיין, שרעקן זיך פֿאַר די פֿײַערדיקע

הימלען, וואָס פֿאַלן צו דער ערד. און ירמהלע פֿרעגט:

— מאַמע, פֿאַרוואָס פֿאָרן מיר אין פֿײַער אַרײַן?

און ער, רפֿאל וואַלאַך, וואָס טעמערל מאַקאָווער האָט אים, דעם קריגסגעפֿאַנגענעם, אַ קוים לעבעדיקן, ממש על־פּי נס פֿונעם טויטלאַגער, כּמעט אויף די הענט אַרויסגעטראָגן: ער, וואָס ליגט שוין דעם דריטן טאָג אַ פֿאַרטראָגענער אין היץ, ער הייבט זיך דאָ פּלוצעם אונטער אויף די עלנבויגנס, פֿירט מיט די אויגן איבערן פֿלאַמיקן האָריזאָנט און זאָגט:

— ס׳טאָגט. ס׳גייט אויף די זון!

און זי, טעמערל מאַקאָווער, וואָס הערט זיך צו מיט דער נשמה, ווי דער פֿויגל דאָרטן, בײַם טײַך, קלאַפּט ביטער, מיט די לעצטע כּוחות, מיט די פֿליגלען און קאָן זיך פֿון דער ערד ניט אויפֿהייבן, אויף די פֿליגלען זיך שטעלן, און נאָכפֿליען דער שאַרע, וואָס פֿליט איצטער, אין דער נאַכט, אונטער די פֿאַרפֿלאַמטע הימלען אַהין, צו די וואַרעמע לענדער... אָט־די בײַנאַכטיקע פֿײַער־הימלען לייגן זיך איר שווער אויפֿן האַרצן, ווי די פֿלאַמען וואָלטן געשלאָגן ניט נאָר פֿון דער נידערניש, פֿונעם שוואַרצן תּהום אַרויס, נאָר דער עיקר פֿון דאָרטן, פֿון די הייכן... ס׳טרעטן נאָך ביז הײַנט פֿון איר ניט אָפּ יענע פֿלאַם־כמאַרעס איבערן וואַלד בעתן גיין צו־קינד מיטן געשריי:

— פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער, פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער!

און אויך די מאַמע אירע איז אונטער שׂרפֿענדיקע הימלען געגאַנגען צו־קינד מיטן געשריי: פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער!... — און מיט אָט דעם געשריי אָפּגעגעבן דעם־וואָס־לעבט־אייביק איר נשמה, און די באָבע אירע, דעם וועלידניקער רבֿס אייניקל, איז דאָך אינם טאָג פֿון איר טאָכטערס חתונה אין אַ פֿלאַם־פֿײַער פֿאַרברענט געוואָרן... די פֿײַערדיקע הימלען אין די דאָזיקע נעכט בריען איר ממש דאָס האַרץ. און דאָ, דערהערנדיק ירמהלעס פֿרעג:

— מאַמע, פֿאַרוואָס פֿאָרן מיר אין פֿײַער אַרײַן?

נעמט איר פּשוט אָפּ דעם לשון: בײַם קינד אין מויל ליגט דאָך די נבֿואה! אפֿשר פֿאָרט מען טאַקע אין פֿײַער אַרײַן? אָבער ווּהין קאָן מען פֿון אָט דעם רויט־בלאָוון פֿעלדוועג אַראָפּקערעווען, אַז אַרום און אַרום

זײַנען די הימלען אַרומגעגאַרטלט מיט פֿײַער? זי פֿילט אַפֿילו דעם רויך פֿון טליִענדיקן בעטגעוואַנט... און דאָך, דערזעענדיק ווי רפֿאל וואַלאַך הייבט זיך מיט אַמאָל אונטער אויף די עלנבויגנס און זאָגט:

— ס'טאָגט, ס'גייט אויף די זון!

נעמט זי אַרום אַ פֿרייד, שוין יאָרן אַזאַ פֿרייד ניט געפֿילט. און ניט אַזוי פֿון זײַן זאָג, ווי פֿון זײַן קול, וואָס איז פֿאַר איר אַ בשׂורה: ער, רפֿאל, הייבט אָן פֿונעם הינערפֿלעט אַרויסצוגיין, און וועט נעמען קומען צו־זיך.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ער האָט אָנגעהויבן צו שטעלן זיך אויף די פֿיס. מיט יעדער טאָג צו בעסערן זיך, ווערן שטאַרקער אין האַנט און קאָנען צו הילף קומען. און דערעיקרשט, אָנגעהויבן צו נעמען אויף זיך די אחריות פֿאַרן ווײַטערדיקן גורל פֿונעם וואַנדער־וועג: געעצהט ניט אָפּשטעלן זיך מיין אויפֿן טאָג ערגעץ־ווו אין פֿעלד הינטער אַ סקירדע שטרוי, אָדער בײַ אַ סטירטע היי; מ'איז דאָך שוין כּמעט אינעם פּאָלעסיער קאַנט, אין זײַנע וועלדער אַרײַנגעפֿאָרן. אַהער־צו, אין אָט דעם וואַלד־לאַנד, וועלן זיי, די דײַטשן, ניט קריכן. און אויך די דערפֿער זײַנען דאָ צעוואָרפֿן, אויף מײַלן ווײַט איינס פֿון אַנדערן.

און זי, טעמערל, דערפֿילט דאָ מיט אַ מאָל אין אים יענעם אָנלען און אָנשפּאַר, וואָס זי האָט אָנגעווירן נאָכן צונעמען פֿון איר די קינדער, נאָכן באַקומען דאָס בריוול פֿונעם ווײַטן צפֿון אַז ער, שאול, איז געשטאָרבן, הגם זי האָט עס אָן דעם בריוול, נאָך פֿריִער, פֿאָרנדיק קיין מאָסקווע, שוין געוווּסט: געזען אים, שאולן, אויפֿן באַרג געלע ביינער און שאַרבנס ליגן מיט דער אַראָפּהענגענדיקער האַנט... און גלײַך קומט אָן די מילחמה, און זי דאַרף דעם גאַנצן אחריות פֿאַרן לעבן פֿון די קינדער אויף זיך נעמען, און אין אָט דער שרעקלעכסטער שעה, אַז יענער שוידערלעכער געפֿיל, וואָס גייט איר נאָך פֿון קליינערהייט: אָט פֿאַלן אויף איר אָן רוצחים... און יענער געפֿיל, ווייסט זי שוין, איז ניט געווען קיין בייזער חלום, אַן אײַנרעד־ און אײַנבילדעניש, נאָר אַ קלאָרער אָנזאָג און וואָרעניש! די רוצחים זײַנען דאָך וואָרהאַפֿטיקע, זיי לאָקערן נאָך אירע טריט, באַלד וועלן זיי אָנפֿאַלן אויף איר און אויף אירע קינדער.

און דאָ, אין איר אַליינקייט, אין איר קוים קאָנען אײַנשטיין אויף די

וויגע־ווינטן, דאָ איז אין איר פֿײַערדיקן גורל פּלוצלינג, ווי פֿון גאָט געשיקט געוואָרן, אַרײַן ער, רפֿאל וואַלאַך, וואָס ווערט פֿאַר איר אַ שטאַרקער אָנלען און אָנשפּאַר. און זי, טעמערל מאַקאָווער, נעמט תּיכּף אָן זײַן עצה:

— יאָ, — זאָגט זי. — מ׳דאַרף זיך מער אויפֿן טאָג ניט אָפּשטעלן. מ׳דאַרף וואָס גיכער און טיפֿער אין די וועלדער, צו די זומפּן, זיך דערקלײַבן, און דאָרטן נעמען אויף ווינטער אַ דאַך איבערן קאָפּ אויפֿשטעלן, און אויך פּרווון אומקערן קריק די קינדער.

און אויך ער, מנחם, דער זקן, מיט דער מיט אַ מאָל אײַנגעוואָלגערטער וועלט אין האָרצן, וואָס קאָן זי, יענע וועלט, קריק ניט אויפֿשטעלן און קאָן אָבער אויך פֿון אירע חורבֿות ניט אַרויסגיין — זעט פֿאַר זיך קיין אַנדער וועג ניט... און אין זײַנע יאָרן, אין זײַן טיפֿן עלטער, ווו נעמט מען כּוח אויף צו גיין, און וווהין, אין אַוועלכער זײַט, און אין וואָסער ריכטונג דאַרף מען דעם וועג גיין זוכן? און פֿון וועמען, פֿון וועלכן קוואַל און ברינעמער, שעפּט מען איצטער אויף דעם גבֿורה, חיות און כּוחות־הנפֿש, אַז אַלע הימלען ברענען ניט אויף דער ערד, נאָר בײַ אים אין האַרצן.

אויך ער, דער גרײַז־גרויער מאַקאָווער, וואָס זיצט אויפֿן וואָגן שבֿעה נאָך זײַן ווײַב, וואָס איז שווײַגנדיקערהייט אויסגעגאַנגען... ער, מנחם, האָט פֿאַר איר אַליין די קרקע געגראָבן, זי מקבר געווען צווישן די צוויי סאָסנעס: וועט ער קאָנען איר קבֿר געפֿינען און די ביינער אירע אַריבערטראָגן אויפֿן בית־עלמין, אין שטעטל אַרײַן, ווו ס׳ליגן דורות מאַקאָווער?

אויך ער, מנחם, וואָס טרינקט זיך אין ייִאוש, אין טיפֿער אַבֿלות נאָכן אומגעבראַכטן ברודער, נאָך נחמנען, און נאָך זײַן ווײַב, חיהן, און נאָך זייערע דרײַ טעכטער און אַכט אייניקלעך, און נאָך אַלע ייִדן פֿונעם ייִשובֿ, וואָס זײַנען אויסגעהרגעט געוואָרן אויפֿן סטעפּ, אין דער באַלקע... אויך ער, מנחם, נאָך אַ געוויסער וואַקלעניש, ווערט מסכּים:

— יאָ, דאָס בלײַבן שטיין אויפֿן טאָג אין פֿעלד, צי אין וועלדל, הייסט שפּילן מיטן מזל. דער טאָג אין אָפֿענעם פֿעלד איז אַ פּעטליע אויפֿן האַלדז... יאָ, די דערפֿער ווערן דאָ שוין שיטערער, צעוואָרפֿענער, אויף מײַלן ווײַט איינער פֿון אַנדער, אָבער זיי, די

ייִדישע שטעטלעך, זיי ליגן דאָ ווי שאָף אין אַ קושאַרע, איינס צום צווייטן געטוליעט... און דער דײַטש, דער מלאך־המוות, גייט דאָ אַרום מיט דער קאָסע און קוילעט.

— קאָנט איר דען, שווער, פֿון דעם מלאך־המוותעס האַנט די קאָסע אַרויסרײַסן?

— ניין, טעמערל, דאָס קאָן איך ניט... ווען איך זאָל דאָס קאָנען? ווען איך זאָל קאָנען אַרויסרײַסן די קאָסע... איך וואָלט פֿאַר דעם מיט מײַן לעבן, מיט עינוים קשים באַצאָלט. און מיט פֿרייד. יאָ, טעמערל, יאָ, אַוודאי דאַרף מען וואָס גיכער אין די וואַלד־געדיכטענישן אַרײַן, נאָר פֿאַרבײַפֿאָרן אונדזער שטעטל, ווו ס׳ווינט אונדזער גאַנצע מישפּחה, פֿאַרבײַפֿאָרן און זיך ניט אַראָפּכאַפּן אַהין־צו, דאָס קאָן איך ניט. ווי אַזוי פֿאָרט מען עס פֿאַרבײַ און מ׳זעט זיך ניט? און אין אַזאַ צײַט, אַז איין גאָט ווייסט... און דערצו נאָך...

— אָבער, שווער, דאָס הייסט דאָך גיין אויפֿן טויט, און אויך שטעלן אונדזערע לעבנס...

— יאָ, מײַן קינד, אַזוי הייסט דאָס, יאָ! און דו, פֿרעג איך דיך, און דו, טעמערל, דו ביסט ניט געלאָפֿן אויפֿן שאַרף פֿון חלף, אויף מסירת נפֿש, צום לאַגער פֿון די קריגסגעפֿאַנגענע? האָסטו ניט אײַנגעשטעלט דײַן לעבן און דעם לעבן פֿון די קינדער?

— שווער, איר וואַרפֿט עס מיר פֿאָר?

— חס וחלילה, גאָט זאָל אָפּהיטן! איך האַלט דײַן לויפֿן צום לאַגער פֿאַר גרויסער און טיפֿער מענטשלעכקייט, פֿאַר גרויסער גבֿורהשאַפֿט. הגם ס׳איז למעלה מן השׂכל... פּדיון שבֿויים איז איינע פֿון די גרעסטע מצוות בײַם ייִדישן פֿאָלק. אין דער גמרא ווערט דערציילט ווי דער תּנא רבי פּנחס בן יאיר גייענדיק אויסלייזן געפֿאַנגענע, איז צוגעקומען צו אַ טײַך און האָט אים ניט געקאָנט אַריבערגיין, האָט דער טײַך זיך געשפּאָלטן פֿאַר אים... אויך פֿאַר דיר, טעמערל, פֿאַר דײַן גרויסער נשמה, האָט זיך דער טײַך געשפּאָלטן. און ניט קיין פּשוטער טײַך, נאָר אַ פֿײַערדיקער, אַ גיהנומדיקער טײַך... און דיך, טעמערל, האָט דאָך געטראָגן אַהין, צום לאַגער, אַ פֿאַרבאָרגענער געפֿיל, אַ הייסער דמיון, אַ נבֿיאישער חלום... דו האָסט דאָך ניט געוווּסט אַז דאָרטן, אינעם לאַגער, געפֿינט זיך דעם רבֿס אייניקל, רפֿאל... און איך, טעמערל, ווייס

אויף זיכער, אַז דאָרטן, אין אונדזער שטעטל, געפֿינט זיך מײַן ברודערס, נחמנס, אַן אייניקל, עזריאלקע, אויך אַ נאָמען נאָך מײַן טאַטן דעם קדוש, ז״ל, וועל איך אײַך איבערלאָזן אויף אַ פּאָר שעה אין וואַלד, און אַליין גיין אַהינצו, אין שטעטל אַרײַן. און אויב איך וועל זיך צו האַלבער נאַכט ניט אומערן, טאָ וואַרט ניט אויף מיר, און פֿאָרט ווײַטער... נײן, פֿריידעלע, דאָ קאָן קיין שום רייד ניט העלפֿן, איך וועל גיין ראַטעווען דאָס קינד, און אפֿשר נאָך עמעצן... אַז היטלער, ימח שמו, וויל אויסהרגענען, פֿאַרטיליקן און פֿאַרלענדן דאָס ייִדישע פֿאָלק, איז ראַטעווען פֿון טויט אַ קינד, כאָטש איין קינד, אַ גרויסער, אַ הייליקע חובֿ! און ווער ס׳קאָן ראַטעווען פֿון היטלערס בלוטיקע הענט כאָטש איין קינד, און טוט דאָס ניט, איז אַ רשע מרושע, היטלערס אַ שותּף... און דאַרף פֿאַרשאָלטן ווערן אויף דור־דורות!

און מנחם מאַקאָווער האָט זײַן וואָרט, ווי אין זײַן גאַנצן לעבן, ניט געבראָכן און ניט געביטן, געהאַלטן, אַז דער מענטש מיט זײַן וואָרט דאַרף זײַן איינס, געקניפּט און געבונדן, הא בהא תליא, אַז אַ מענטש וואָס וואַרפֿט זײַן וואָרט אויפֿן ווינט, מיט אַזאַ איינעם דאַרף מען זיך האַלטן פֿון דער ווײַטנס, אַזאַ איינער קאָן דיך פֿאַרקויפֿן, און אַפֿילו זיך אַ קרום ניט טאָן — אַ וואָרט וואָס גייט ניט פֿון האַרצן, וואָס מ׳טראָגט פֿאַר דעם קיין אחריות ניט, פֿון אַזאַ מיסט־וואָרט לײַדט מען ניט...

און מיטן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט, בײַם אַרײַנפֿאָרן אין וואַלד אַרײַן, ווײַט פֿונעם פֿאַרוואָרפֿענעם וועג, די פֿערד אָפּגעשטעלט, די ציימלעך אַראָפּגענומען, אויפֿן דישל אַרויפֿגעהאַנגען אַ זאַק היי, וואָס בײַטאָג פֿון אַ סטירטע אין פֿעלד אָנגענומען: דערנאָך אַ בערעם צווײַגן אָנגעקליבן, מיט אַ שטריקל צונויפֿגעבונדן און אַהין די האַק זײַנע, דעם „קאָלון״ פֿאַררוקט: די צעריסענע ברוינע סוויטע, וואָס גיסט זיך צונויף מיט דער פֿינצטערניש, און דעם אַלטן קאַשקעט, אָן דעם דאַשיק, אָנגעטאָן, דעם טאַטנס ליולקע־ציביק פֿאַררייכערט, און דעם בינטל האָלץ אויף דער פּלייצע פֿאַרוואָרפֿן:

— גיי איך, און גאָט זאָל זײַן מיט מיר אין וועג, און מיט אײַך דאָ, אין וואַלד. אויף רעכטס פֿון דאַנעט, אַ ווערסט צוועלף, ליגט אונדזער דאָרף, קאַלינאָווקע, ווו איך בין געבוירן געוואָרן, אויסגעוואַקסן, ווו איך האָב מיטן טאַטן, ז״ל, געאַקערט, געזייט, געקאָסעט, און אין אָוונט אַ

בלאָט גמרא געלערנט... ווּ איך בין אַנומלטן, קריק מיט אַ יאָר זעכציק, מיט פֿייגען, ע״ה, אונטער דער חופּה געשטאַנען. זי איז אַלט געווען זיבעצן און איך צוואַנציק יאָר.ביידע געזונטע, שיינע, געבענטשטע פֿון גאָט און פֿון לײַט... יאָ, אויף רעכטס ליגט יענער דאָרף פֿונוואַנעט מ׳האָט אונדז אַרויסגעטריבן, און דער טאַטע האָט אין יענער אָסיענדיקער נאַכט דעם הויף, די שטוב, די שטאַלן, אונטערגעצונדן: אור לגוים!... און זיי האָבן אים די לונגען אָפּגעשלאָגן! און אויף לינקס ליגט אונדזער שטעטל, ווּ ס׳געפֿינט זיך נחמנס אייניקל... אויב איך וועל זיך חלילה, ביז האַלבער נאַכט ניט אומקערן, טאָ פֿאַרצוימט די פֿערד און פֿאָרט ווײַטער, טיפֿער אין וואַלד אַרײַן. ערגעץ דאָרטן דאַרפֿן זײַן כוטערס, וואָס סטאַלין, אָט־אָ דער רוצח, האָט זייערע באַלעבאַטים, די „קולאַקעס״, מיט ווײַב און קינדער קיין סיביר פֿאַרשיקט... דאָרטן, אויף יענע כוטערס, דאַרפֿן פּוסטעוועז שטאַלן, קעלערס, ווּ מ׳קאָן אַ פּריטולעק האָבן. — און ער איז אַוועק דער זקן מיט די צווײַגן אויף דער אויסגעקײַלעכדיקטער פּלייצע — אַ פֿויער טראָגט פֿון וואַלד אַ בינטל האָלץ.

און אַז פֿון אויג, אין דער שוין שאַרלאַך־פֿינצטערניש, אין אויפֿגלי, וואָס הייבט זיך פֿון דער ערד אין די הימלען אַרײַן, פֿאַרלוירן אים, און אויך זײַן שורשענדיקן גאַנג אין די טרוקענע בלעטער שוין מער ניט געהערט; שוין זיכער געווען, אַז דעם זקן קאָן גאָרניט ניט אָפּשטעלן, זײַן שליחות וועט ער גיין דורך אַלע פֿײַערן אויספֿילן: און מיט אַ מאָל, ניט צו גלייבן זיך, קערט ער זיך אום קריק, ווי עפּעס־וואָס זייער נויטיק־און וויכטיקס דאָ באַדאַרפֿט אָפּטאָן, וואַרפֿט דעם בינטל צווײַגן פֿון דער פּלייצע אויף דער ערד אַראָפּ — זײַן פּנים, אין דער שײַן פֿון דער ווײַטער שׂרפֿה אין דער נאַכט, ניט צו דערקענען, גייט אָבער מיט אַ פֿעסטן טראָט צום וואָגן, נעמט פֿון אונטער דער דראַבינע עפּעס אַרויס, שטעלט זיך פֿאַר טעמערלען אַוועק, נעמט בײַ איר די האַנט און זאָגט:

— גיב מיר דײַן קדושין־רינג, וואָס פֿוּ שאולן...

קוקט זי, אַן אויפֿגעציטערטע, אין זײַנע יסורימדיקע אויגן, וואָס אין דער שׂרפֿה־ליכט בײַטן זיי זיך פֿון גרין אויף געדיכט בלאָווע, און רעדט קוים אויס: — שווער...

— טעמערל, איך בין ניט נאָר דײַן שווער, נאָר אויך דײַן פֿעטער. דו ביסט מײַן שוועסטערס אַ טאָכטער. דו טראָגסט איר נאָמען...

— איך טראָג ניט נאָר איר, מײַן מאַמעס נאָמען, נאָר איך טראָג אויך איר שׂריפֿה־נאַכט אין מײַן נשמה. יענע שׂריפֿה־נאַכט פֿון מײַן געבוירן ווערן באַגלייט מיך...

— טעמערל, דו ביסט מיר נאָנט, דו ביסט מיר ליב און טײַער. דו ביסט בלוט פֿון מײַן בלוט, און ביין פֿון מײַן ביין. דו ביסט די מאַמע פֿון מײַנע אייניקלעך. צוועלף יאָר האָסטו אָפּגעלעבט מיט מײַן זון, מיט שאולן, געלעבט צו גאָט און צו לײַט. געווען אַ נחת און אַ תּענוג צו קוקן אויף אײַך... און אָט איז געקומען דער היגער רוצח, סטאַלין, ימח שמו, און אויסגעריסן שאולן פֿון לעבן. פֿון יענער שרעקלעכער נאַכט זײַנען שוין אַוועק קנאַפּע פֿינעף יאָר, שוין אַ האַלב יאָר ווי שאול איז דאָרטן געשטאָרבן...

— שווער...

— טעמערל, הער מיך ביזן סוף. דו קאָנסט ניט, טעמערל, און דו טאָרסט ניט בײַ דרײַ און דרײַסיק יאָר פֿאַרבלײַבן אַן אלמנה אויף דײַן גאַנצן לעבן. דעם רבּס אייניקל, ר׳ העשילעס, ז״ל, ער, רפֿאל, איז אויך דײַן גורל! — און ער וויקלט דאָ פֿונעם פּאַפּירל אַרויס עפּעס אַ גלאַנציקס: — נאַ, רפֿאל, נעם דעם רינג און זײַ זי מקדש, טעמערלען. אויך זי איז דײַן גורל! די חופּה אײַערע וועט זײַן דער פֿײַערדיקער הימל, און די עדות: גאָט אין הימל און איך דאָ, אויף דער ערד.

און ער גיט אים, רפֿאל וואַלאַך, דעם רינג, וואָס איז אים פֿון דער ווײַב געבליבן. מיט אָט דעם רינג האָט ער, מנחם מאַקאָווער, קריק מיט זעכציק יאָר, מקדש געווען זי, פֿייגען, די זיבעצניאָריקע, דעם דײַנס שיינע מיזינקע... און אָט ערשט ניט לאַנג האָבן זיי ביידע, מנחם און פֿייגע, געפֿירט דעם זון שאולן, צו דער חופּה, און נחמן מיט חיהן האָבן געפֿירט צו דער חופּה טעמערלען, און די חופּה האָט מען נאָך דעמאָלטן צווישן די פֿיר בתי־מדרשים, אויפֿן גרויסן הויף געקאָנט שטעלן, אין אַ שטאָט מיט ייִדן, גרויס און קליין, זײַנען דערבײַ בײַגעווען, און ער, דער לעצטער טשערנאָבילער רבי, ר׳ שלמקע, וואָס האָט גראָד אין שטעטל, צווישן זײַנע חסידים פֿאַרבראַכט, ער, דער רבי, האָט איינע פֿון די פֿיר חופּה־שטאַנגען מיט זײַנע ביידע הענט

געהאַלטן... און די שׂימחה איז געװען גרױס, און אַלע קלעזמער פֿון שטעטל האָבן געשפּילט... און איצטער איז ער, מנחם מאַקאָװער, אײנער פֿון אַלע ברידער געבליבן. און זי, פֿײגע, איז ניטאָ, און נחמן מיט חיהן, און שאול... מײַן זון... און טעמערל שטײט מיטן רבֿס אײניקל אונטערן פֿײַערדיקן הימל... מיר שלינגען שױן קײן ניט קײן טרערן, נאָר טרוקענעם זאַמד. די שׂונאים ברענגען אונדז אום מיט די ארבע מיתות... אונדזערע זײגקינדער, ריבונו של עולם, די זײגקינדער פֿאַלן לעבעדיקערהײט פֿון די מוטערס הענט אַרױס. און װערן אין זײער מאַמעס בלוט דערטרונקען... אונדזערע נאָך לעבעדיקע גופֿים װערן רױב פֿאַר פֿײגלען און חיות... ריבונו של עולם!

— רפֿאל, נעם דעם רינג, נעם, רפֿאל, דעם אַלטן גאָלדענעם קדושין־רינג, װאָס איז אַריבער פֿון דור צו דור, נעם אים אָט דעם קדושין־רינג און זאָג מיר נאָך: הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישׂראל. מזל טובֿ! אין אַ גוטער שעה! אױף לאַנגע און גליקלעכע יאָרן!

— און דער זקן פֿאַרװאַרפֿט דאָ װידער דעם בינטל צװײַגן מיט דער האַק אױף דער פּלײצע און הײבט אָן אַװעקגײן. פֿאַרלױפֿט אים טעמערל דעם װעג:

— פֿעטער... איך האָב אײַך ביז אָט דער גרױסער מינוט, אפֿשר גאָר ניט געקענט. פֿעטער...

— װײן ניט, טעמערל, דו דאַרפֿסט מיר ניט דאַנקען. האַ, איך זאָל ניט גײן, זאָגסטו, אין פֿײַער אַרײַן? דאָרטן, זאָגסטו, ברענט אונדזער שטעטל? האַ, דאַרף איך דאָך אַװדאי און אַװדאי גײן.

— פֿעטער מײַנער, האַרציקער, געטרײַער, דאָרטן ברענט אונדזער שטעטל. דאָרטן איז פֿײַער און בלוט! איר טאָרט אַהין־צו ניט גײן. אײַער גײן אַהין, הײסט גײן זיך נעמען דאָס לעבן! און דאָס הײסט אױך מיטהעלפֿן אים, דעם רוצח...

— האַ? מאבד עצמו לדעת? האַ?

— יאָ, פֿעטער, יאָ! — און זי נעמט דעם בינטל צװײַגן פֿון זײַן אױסגעקײַלעכדיקטער פּלײצע אַראָפּ.

# ב.

און מ׳פֿאָרט ווײַטער מיט יענעם טרויער־און ביטחון־ניגון, וואָס נחמן מאַקאָווער האָט אַרײַנגעטעסעט און אַרײַנגעהובלט אין דעם וואַנדער־און וואָגל־וואָגן: מ׳פֿאָרט אין די נעכט אונטער די פֿאַרפֿאַליעטע הימלען פֿון די שׂרפֿות אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווו ייִדן ווערן געטריבן פֿון זייערע הײַזער אין דער קאַלטער פֿינצטערניש אַרײַן, נאָך פֿאַרשלאָפֿענע, האַלב נאַקעטע, באָרוועסע — ניט געלאָזט זיך אָנטאָן:

— שנעל, יודע, שנעל!

— שווידשע, זשידי, שווידשע!

און ווער ס׳גייט אַזוי גיך פֿון זײַן שטוב ניט אַרויס, ווערט אויפֿן שוועל געהרגעט. קראַנקע און אַלטע, וואָס קאָנען פֿון געלעגער ניט אויפֿהייבן זיך, ווערן אין זייערע בעטן געשאָסן. אין דרויסן ליגן אויף דער ערד און שרײַען צו די הימלען האַלב־נאַקעטע מאַמעס און קינדער, און זקנים, אונטער אומברחמנותדיקע קלעפּ, צווינגט מען צו טאַנצן באָרוועסערהייט אויף ברעטער מיט אָנגעקלאַפּטע צוועכעס, אויף צעבראָכענעם גלאָז... און בלוט רינט איבער גאַס־און געסל.

און מ׳טרײַבט זיי, די האַלב־נאַקעטע, באָרוועסע, צעבלוטיקטע און אומבאַהאָלפֿענע מענטשן צו די גריבער... אונטערוועגנס ווערן זיי, די צעמזיקטע און מבולבלע, נאָך אַכזריותדיקער געשלאָגן, און די וואָס שטייען אָפּ, פֿאַלן אויפֿן וועג, ווערן אויפֿן אָרט געשאָסן; און פֿויערשע פֿורן פֿאָרן נאָך, פֿאַרנעמען זיי, און וואַרפֿן די נאָך האַלב־לעבעדיקע און טויטע, ווי קלעצער אין די וועגענער אַרײַן, און פֿירן זיי צו די גריבער.

און די מאַקאָווער אויף יענעם וואַנדער־ און וואָגל־וואָגן, וואָס גייט אין די טיפֿע זאַמדן מיט טרויער און ביטחון־ניגון, פֿאָרן ווײַטער אונטער די פֿאַרשׂרפֿעט און פֿאַרקוילטע הימלען צו זוכן אין די געדיכטענישן פֿון די פּאָלעסיער וועלדער, צווישן די פֿאַרמאָכיקטע זומפּן, אַ באַהעלטעניש אַ מקום מיקלט, אַ ברעקל דאַך איבערן לעבן.

און צו האַלבן טאָג שטעלט מען זיך אויף אַ פּאָר שעה אָפּ אין אַ טאָל, הינטער אַ באַוואַלדיקטן הויכן ברעג, ביי אַ טייַך, ווו די וואַסערן אין האַרבסט מערן און גרעסערן זיך, ווערן לויטערער און קעלטער, די פּיש ווערן אומבאַוועגלעכער, לאָזן זיך אין די טיפֿעניש אַראָפּ, באַהאַלטן זיך פֿון דער קעלט: דאָרטן, אין אַזאַ טאָל, פּיטערט מען און מ׳פּויעט די פֿערד, און אויך פֿאַר זיך, צו שטילן דעם הונגער, קאָכט מען קאַרטאָפֿליעס, וואָס פֿון אַ פֿאַרוואָרפֿן פֿעלד אויסגעגראָבן, און אַ מאָל, אַז ס׳גיט זיך איַין צו כאַפּן אַן אָקון, אַ העכטל, אַ קאָרעש, צי אַ שלייַען, דעמאָלטן קאָכט מען שוין אַ געפּעפּערטע פּישקאַרטאָפֿליע — פּייגע האָט ניט פֿאַרגעסן מיטנעמען זאַלץ און פּעפּער אין וועג אַרייַן און מ׳פֿאַרבייַסט מיט וואַלד־ און זומפּיאַגעדעס, מיט ברוסניצע, זשוראַווינעס, מיט קאַלינעס און קליוקווע.

און דערנאָך, נאָכן פֿאַרפּאַרען מיט אָקרעפּ די ברוינע יאַגעדעס פֿון די קוסטעס ווילדרויזן, וואָס וואַקסן אויפֿן הויכן ברעג־טייַך, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען; און נאָכן אויסטרינקען צו צוויי קווערטלעך שיפּאָוניק, וואָס שטילט ניט נאָר דעם דאָרשט, נאָר איז אויך אַ רפֿואה־געטראַנק; נאָך דעם פֿאָרט מען ווייַטער אונטער די טונקל־קאַלטע האַרבסטיקע הימלען, וואָס זאָגן אָן אויף שווערע רעגנס, שוין אָן בליצן און דונערן, הגם ס׳פֿאַלט נאָך אויס אַ געבענטשטער טאָג מיט אַ גאָלד־לילאָוון נעפּל איבערן שוין כמעט אָפּגעבלעטערטן וואַלד, ווו ס׳גרינען העלער די סאָסנע־קרוינען, ווו ס׳דערברענען ליכטיקער די קאַלטע שייַטערס אויף די ראַבינע־ביימער, ווו ס׳פֿלאַמען נאָך אויף אונטער דער ווייַסער זון די אָראַנזש־קאָלירן אויף די בערזעס און קליאָנען; און די ווינטן טראָגן נאָך אָן פֿון ערגעץ ריחות פֿון אַנטאָנאָווער עפּל און פֿלוימען, און פֿון די ווייַטע גערטנער ברענגען זיי, די ווינטן, ריחות פֿון קרויט און בורעקעס, פֿון רעטעך און מייערן, פֿון בוזינא און מאַלווע, פֿון וועלקנדיקע געאָרגינעס און נאַסטורציע, פֿון אַרבוזעס און טיקוועס, וואָס אונטער די כאַטע־סטריכעס.

און אָט די ריחות, וואָס די ווינטן טראָגן פֿאַרביי, דערמאָנען איַינגעזעסנקייט, געמיטלעכקייט און רחבֿות, נחת־שמייכל פֿון זקנים און פֿאַרשייַט געלעכטער פֿון קינדער, און אַ ווייטיקדיקע בענקשאַפֿט קלעמט אין האַרצן נאָך דער היים, נאָך דער שטוב מיטן גאָרטן, ווו

אַחוץ גרינוואַרג זײַנען אויך געוואַקסן טולפּאַנען און רויזן, זשאַסמין און אַסטרע, וואָס האָבן אין די נעכט פֿאַרווייעט די שטוב; ס׳נעמט אַרום אַ שרעקלעכע בענקשאַפֿט נאָך דער קאָלאָניע מיט די ווײַנגערטענער און שווער־זוניקע הענגלען טרויבן, נאָך די באַשטאַן־פֿעלדער מיט די געשטרײַפֿטע קאַווענעס און גאָלד־קאָלירטע דיניעס מיט זייערע זיסע ריחות, באַזונדערס נאָך זונפֿאַרגאַנג, אין די אויפֿדערנאַכטן, אונטער דער יונגער לבֿנה איבערן סטעפּ, וואָס אָטעמט אויס די היץ פֿון טאָג.

און איר, טעמערלען מאַקאָווער, באַפֿאַלט דאָ אַ בענקשאַפֿט נאָכן סטעפּ, וואָס האָט זי דאָרטן מיט זײַן אומענדלעכקײַט און אָפֿנקײַט געשראָקן, געפֿילט זיך דאָרטן, אין סטעפּ, פֿאַרלוירן, און ווי אויף הפֿקרות אַהין אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן... און צײַטנווײַז האָבן אַפֿילו זיי, די קינדער אירע, און אויך ניט ער, שאול, איר אָנלען און אָנשפּאַר, פֿון יענעם מצבֿ אירן, ניט געקאָנט זי אַזוי גיך אַרויספֿירן. און איצטער רופֿן זיי בײַ איר, אָט די סאָד־ און גאָרטן־ריחות, וואָס די ווינטן טראָגן אַדורך פֿאַרבײַ, אַזאַ גליענדיקע בענקשאַפֿט נאָכן סטעפּ, אַז טרערן שלאָגן איר ניט פֿון די אויגן, נאָר פֿונעם האַרצן אַרויס, און אילע בלוטן קאָכן אין איר אויף פֿון פֿאַרדראָס און גרימצאָרן:

— פֿאַר וואָס, — שרײַען אַלע בלוטן אין איר. — פֿאַר וואָס? פֿאַר וועלכע זינד, אָדער, חלילה, פֿאַרברעכנס קעגן גאָט און לײַט, דאַרף מען דאָס אַזוי ביטער אָפּקומען? זײַן נע־ונד, פֿאַרוואָגלט און פֿאַרוואָרפֿן, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, און אָן אַ שטיקל ערד אונטער די פֿיס... פֿאַר וואָס האָט מען דאָרטן, אין מיטן העלן טאָג, נאָך די רענעסאַנסן, נאָך כּלערליי רעוואָליוציעס, נאָך די שיינע רייד וועגן פֿרײַהײַט, גלײַכהײַט און ברודערלעכקייט, פֿאַר וואָס האָט מען דאָרטן, אויפֿן סטעפּ, דעם וווּנדערלעכן מענטשן, איר פֿעטער נחמנען און זײַן גאַנץ הויזגעזינד אויסגעהרגעט, און אַלע ייִדן, גרויס און קליין, פֿון דער ייִדישער קאָלאָניע, אין דער באַלקע אומגעבראַכט... און ייִדן ווערן מיט ווײַב און קינד, פֿון שטאָט און שטעטל, און ווו נאָר מ׳געפֿינט זיי, אומברחמנותדיק, און מיט אַזאַ אַכזריותדיקייט פֿאַרלענדט און פֿאַרטיליקט... פֿאַר וואָס?

— און פֿאַר וואָס, — שרײַט זי שוין מיט די לעצטע כּוחות פֿון איר נשמה. — פֿאַר וועלכע זינד האָב איך באַדאַרפֿט זיך צעשיידן מיט מײַנע

צוויי קינדער, אָפּגעבן זיי אויף פרעמדע הענט? האַ?

און זי דערשרעקט זיך דאָ, טעמערל מאַקאָווער פֿאַר איר ניט חרטה האָבן, וואָס זי האָט די צוויי קינדער אָפּגעגעבן... און דערעיקרשט, וואָס אויך איצטער, אין אָט דער רגע, באַם אַרײַנפֿאָרן אין די פּאָלעסיער וועלדער, אויך איצטער, און דאָ, וואָלט זי אים, אויך ירמהלען, אָפּגעגעבן, הגם דעם קינד האָט זי איר וואָרט געגעבן, אַז זי וועט אים, ירמהלען, קיינמאָל און קיינעם ניט אָפּגעבן. אויך די טאָכטער, פֿריידקען, וואָלט זי אָפּגעגעבן, נאָר יענע וועט פֿון איר, פֿון דער מאַמע, ניט אַוועקגיין, זיך ניט צעשיידן. זי וועט איר גלײַך זאָגן:

— מאַמע, איך בין שוין ווײַט פֿון זײַן אַ קינד, שוין זייער ווײַט... איך בין אויך, מאַמע, אַ מאַקאָווערין! איך וועל אויך קאָנען אַלץ אויסשטיין און בײַקומען, און ניט פֿאַלן אויף די קני פֿאַר מײַן גורל! איך וועל, מאַמע, דורכגיין דורך אַלע יסורים, וואָס זײַנען מיר באַשערט געוואָרן באַם געבאָרן ווערן, ווי דו, אין וואַלד, אויפֿן מיטן וועג, אונטער די שריפֿהדיקע הימלען.

און פֿון פֿאַרלאָרנקייט פֿרעגט זי, טעמערל, בײַ זיך אַליין: — בין איך גרייט אָפּגעבן אויך ירמהלען, און אויך זי, פֿריידקען? גלייב איך ניט, הייסט עס, אַז מיטן וואַנדער־ און וואָגל־וואָגן וועלן מיר זיך קאָנען ראַטעווען, אַז מירן זיך אויך דאָ, שוין אין די וועלדער, פֿון די דײַטשן, פֿון אָט די רוצחים, ניט קאָנען אויסבאַהאַלטן? איז אָט דער געדריי־ און געפּלאָנטערטער וואָגל־וועג ניט מער ווי אַ לאַנגע שטריק מיט אַ פּעטליע אויף אונדזער האַלדז, וואָס קאָן אין יעדער רגע...

און פֿון שרעק און יאוש כאַפּט זי זיך אָן מיט ביידע הענט פֿאַר דער דראַבינע, ווי דער וואָגן וואָלט פּלוצעם אָנגעהויבן פֿאַלן אין אַ שוואַרצן אָפּגרונט אַרײַן... און אַ הייסער טרויער נעמט איר שלאָגן אין האַרצן, און אַ קאָשמאַר־אומדערטרעגלעכע עלנטקייט באַפֿאַלט זי: אַ עלנטקייט אַזאַ, וואָס מ׳קאָן זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלן, וואָס מ׳קאָן אַליין ניט גלייבן זיך, אַז אַזאַ מין עלנטקייט קאָן גאָר אויף דער וועלט זײַן. אַ עלנטקייט צו וועלכער אַ לעבעדיקער מענטש וועט גאָר קיין מאָל ניט קאָנען צו איר געוווינט ווערן.

און אויך דער אויסגעבענקטער פּאָלעסיער וואַלד, וווהין מ׳הייבט אָן אַרײַנצופֿאָרן, נעמט זי, טעמערלען מאַקאָווער, ביז קעלט אין די

ביינער צו שרעקן מיט זײַן פֿאַרשטעלט־ און פֿאַרבאַרגנקייט, מיטן רויטן מולד פֿאַר די אויגן, — מ׳קאָן אים גאָרניט אויסמײַדן און אַריבעריאָגן... און אויך דאָ, שוין אין דעם אויסגעקרענקט־ און אויסגעבענקטן וואַלד, ברענען פֿון אַלע פֿיר זײַטן די הימלען אין דער נאַכט.

און ווי תּמיד, באַזונדערס נאָכן זען אים, שאולן, אויפֿן באַרג געלע שאַרבנס און ביינער ליגן, און דער עיקר, נאָכן דערזען אויך זיך ליגן אויף אַ קופּע נאַקעט־טויטע גופֿים, און אַרײַנפֿאַלנדיק פֿון דעם אין בהלה און אין יאוש, ווערן איר גראָד דעמאָלטן מיט אַ מאָל די ליפּן איבערגעטרוקנט פֿון דאָרשט נאָך שפּרודלדיקן לעבן, נאָך גרויסער ערדישער פֿרייד... און הגם זי ווייסט, טעמערל, אַז אונטער אָט דעם רויטן מולד און בלוטיק־פֿאַרפֿלאַמטע הימלען איבערן וואָיענדיקן וואַלד, שלאָפֿט אויפֿן סקריפּענדיקן וואָגן אין די זאַמדן, קיינער ניט, דאָך נעמט זי אים אַרום, צום ערשטן מאָל, רפֿאלן, וואָס איז שוין לויטן ייִדישן דין איר מאַן, און טוליעט זיך צו אים צו מיט אַלע אירע כּוחות, ווי צו דעם איינציקן אָנשפּאַר, ווי צו דעם לעצטן קוואַל, וואָס דאַרף שטילן די אומדערטרעגלעכע עלנטקייט, און אויך די אָנגעוויטיקטע בענקשאַפֿט אירע.

אין יענער נאַכט, שוין אין דער שפּעטער, אין דער פֿאַר־טאָגיקער, אין דער ווינט־קאַלטער און פֿינצטערער שעה, דער רויטער מולד איז שוין פֿונלאַנג אויסגעלאָשן געוואָרן און אויך זיי, די שׂרפֿה־הימלען, זײַנען ערגעץ ווײַט אויף דרום, הינטער די וועלדער פֿאַרבליבן... די פֿערד, אויסגעמאָגערטע, מיט אײַנגעפֿאַלענע זײַטן, די ריפּן אויף איבערצוציילן, ס׳שלאָגט פֿון זיי אַ פּאַרע, פּריכען הייזעריק, שטייען אַלע מאָל צו, האָבן שוין קיין כּוחות ניט דעם שווערן וואָגן צו שלעפּן, און די רעדער זינקען וואָס ווײַטער אַלץ טיפֿער אין די זאַמדן אַרײַן.

און מנחם מאַקאָווער טרײַבט זיי ניט, די פֿערד, האַלט די ווישקעס אין די הענט און זיצט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן בײַ די חורבֿות פֿון זײַן אייגענער וועלט, ווייסט ניט ווו מ׳געפֿינט זיך, און קיין וועג איז שוין דאָ ניטאָ, און צי ס׳וועט זײַן אַ וועג, אַז די פֿערד וועלן דעם וואָגן פֿון די טיפֿע זאַמדן אַרויסשלעפּן און אויף דער האַרטער ערד אַרויפֿגיין?

און ער, דער אַלטער מאַקאָווער, פֿילט, אַז דער געדרייט־ און געפּלאָנטערטער וועג ביז אַהער־צו, איז ניט מער ווי אַ לאַנגע שטריק

מיט אַ שלייף אויפֿן האַלדז, און ס׳קאָן אין יעדער רגע... און ווו זאָל מען זיך דאָ, אין אָט דעם וואַלד, אָפּשטעלן? און ווו געפֿינען זײ זיך, יענע פֿאַרוואָרפֿענע און פֿאַרלאָזטע כותערס, אַז מ׳זאָל אין זײ קאָנען אַ דאַך איבערן קאָפּ האָבן, און פֿון וואָס וועט מען דאָרטן, אונטער יענעם דאַך, לעבן? אָט באַלד וועט זיך דער ווינטער שטעלן, די לעבעדיקע וועלט וועט פֿאַרשנייט און פֿאַרווייעט ווערן... זאָל זי זיך פֿרייען, טעמערל, זאָל די אין אים, אינעם רבֿס אייניקל, אינעם פּראָפֿעסאָר וואַלאַך, פֿאַר וועלכן זי האָט מיט איר, און מיט אירע קינדערס לעבן, אַזוי בלינד ריזיקירט... זאָל זי, טעמערל, אין אים, אין רפֿאלן אַ טרייסט געפֿינען, זאָל איר יונג לעבן אין טרויער ניט פֿאַרגײן...

און דאָ, אין זײַן פֿאַרטראַכטקייט־ און פֿאַרקלערטקייט אויף די חורבֿות פֿון זײַן אײַנגעוואַלגערטער וועלט, דאָ טוט אים דאָס אייניקל, פֿריידקע, וואָס האַלט איר קאָפּ אויף זײַן אַקסל און קוקט אין דער פֿינצטערניש, אין דעם וואָיענדיקן וואַלד אַרײַן:

— זיידע, — טוט זי אים פּלוצלינג דאָ אַ פֿרעג. — זיידע, אַז מ׳שטייט אויפֿן ברעג, אויפֿן סאַמע ברעג פֿון אָפּגרונט... אויף אַזאַ ברעג, זיידע, אויף אַזאַ ברעג קאָן מען נאָך פֿירן חשבונות, האָבן פֿאַרדראָסן, קינאה?

— ניין מײַן קינד, ניין! דו ביסט שוין אַ גרויסע...

— יאָ, זיידע, אַ גרויסע. אפֿשר שוין צו גרויס פֿאַר מײַנע יאָרן.

און ביידע ווערן ווידער אַנטשוויגן. ביידע האָבן זיך גוט פֿאַרשטאַנען. און אין יענער שווײַגנדיקער שפּעטער שעה פֿון דער ווינט־קאַלטער און פֿינצטערער נאַכט, צו פֿאַרטאָג צו, אַז די פֿערד זײַנען פֿון די זאַמדן אַרויס און אויף דער האַרטער ערד אַרויף, מנחם קלײַבט זיך פֿונעם וואָגן אַראָפּקריכן און גיין אַ וועג זוכן, דאָ שפּרינגען פֿון די שוואַרצע ביימער דרײַ סילועטן אַרויס, מיט ביקסן אין די הענט, איינער נעמט אָן די פֿערד פֿאַר די ציימלעך, און צוויי שטעלן זיך באַלד פֿון ביידע זײַטן דראַבינעס.

דער אַלטער מאַקאָווער טאַפּט אָן די האַק אין וואָגן, שלעפּט זי אָבער פֿון דאָרטן ניט אַרויס: וואָס וועט ער דאָ מיט דער האַק קעגן דרײַ באַוואָפֿנטע נאַכט־לײַט קאָנען טאָן? שפּילן פֿאַרן טויט אין העלדישקייט?.. און די האַק קאָן דאָך נאָך ערגער מאַכן, נאָך שטאַרקער צעבלאָזן די רציחה אין זיי. אַוודאי, וואָלט ער דאָ, מנחם מאַקאָווער,

געווען איינער אַליין, וואָלט ער זיך דאָ אַפּילו ניט פֿאַרקלערט, ער וואָלט איינעם פֿון זיי דעם קאָפּ געשפּאָלטן: תּמות נפֿשי עם פּלשתּים... ער איז דאָך אָבער דאָ ניט אַליין, אויפֿן וואָגן געפֿינען זיך די קינדער, ירמהלע און פֿריידקע, און אויך טעמערל מיט רפֿאלן...

און דער הויכער, וואָס שטייט פֿון דער רעכטער זײַט וואָגן, מיטן פּיסטויל אין דער האַנט, טוט מיט רוגזה אַ פֿרעג:

— געווער פֿאַראַן?

— ניין, — ענטפֿערט רפֿאל וואַלאַך... צום באַדויערן האָבן מיר ניט קיין געווער.

— הממממ... ווער זײַנט איר?

— עוואַקוירטע...

— פֿונוואַנען און ווּהין פֿאָרט איר?

— פֿון די כערסאָנער סטעפּעס. — ענטפֿערט שוין זי, טעמערל.

— טאַק, טאַק... און מיט וואָס האָט איר זיך דאָרטן פֿאַרנומען?

— געאַקערט און געזייט, געקאָסעט און געדראָשן.

— טאָ פֿאַרוואָס האָט איר באַדאַרפֿט פֿון דאָרטן אַנטלויפֿן.

— אין אַ צײַט פֿון מילחמה קאָן מען אַזעלכע פֿראַגן ניט שטעלן. — זאָגט רפֿאל. — אַז ס׳ברענען שטעט און דערפֿער.

— און דו ביסט אויך געווען אַ קאָלכאָזניק?

— ניין, איך בין אַ דאָקטאָר...

און מער לאָזט מען אים ניט רעדן. זיי ווערן אַביסל צעטומלט, ווי אויף אַזאַ באַגעגעניש דאָ, אין די זאַמדן, זיך גאָר ניט געריכט, וואַרפֿן זיך איבער מיט עטלעכע אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער, און באַלד לייגט דער הויכער זײַן רעוואָלווער אין קאַבורע אַרײַן, טוט אַ שטילן פֿײַף און פֿון וואַלד רײַט גלײַך אַרויס, ווי ערגעץ דאָ נאָענט אויפֿן רוף געוואַרט, אַ פֿערטער, וואָס פֿירט פֿאַר די ציימלעך דרײַ אָנגעזאָטלטע פֿערד. און דער הויכער, און נאָך אַלץ מיט יענעם רוגזה־קול, טוט אַ זאָג:

— דאָקטאָר, קריך פֿון וואָגן אַראָפּ! ניין, ניין, דו דאַרפֿסט זיך מיט דײַן ווײַב און קינדער, מיט דײַן אַלטן טאַטן, ניט געזעגענען... זעץ זיך, דאָקטאָר, אין זאָטל אַרײַן, איך וועל דיר העלפֿן. געווען אַ דאָקטאָר אין קאָלכאָז, און קאָן זיך אויף אַ פֿערד ניט זעצן. נו, שטעל אַרײַן דעם פֿוס

אין סטרעמענע, אָט אַזוי... און דו, אַבדולאַ, דו בלײַבסט מיט זיי. ברענג זיי אַהיין!

און דער הויכער כאַפּט זיך אויפֿן פֿערד אַרויף, הינטער דעם דאָקטערס פּלייצע, נעמט די לייצעס, און רפֿאל וואַלאַך געפֿינט זיך שוין צווישן יענעמס צוויי אויסגעצויגענע הענט, און די דרײַ פֿאָרן מיט אים אַוועק — פֿאַרשווינדן מיט אים אין דער סופּנאַכטיקער וואָיענדיקער וואַלד־שוואַרצקייט.

פּרוּווט זי זיך דאָ, טעמערל, מיט קוים אײַנגעהאַלטענע טרערן אין קול, צו דערוויסן זיך בײַ אים, בײַם פֿערטן, וואָס איז מיט זיי געבליבן:

— ווער, און ווּהין האָט מען מײַן מאַן אַוועקגעפֿירט?

נאָר יענער, דער אַבדולאַ, לאָזט זיך אין די רייד ניט אַרײַן, דערלאַנגט פֿונעם פֿערד אַראָפּ מנחמען זײַן ניט דעררייכערטן ציגאַר מאַכאָרקע, הייסט אים מיט זײַן אַזיאַטישן אַקצענט־לשון, פֿאָרן נאָך זיך, אין ערגעץ ניט אַראָפּקערעווען, און פֿון וואָגן זאָל קיינער ניט אַראָפּגיין.

און ס'נעמט שוין צו שאַריען, און זיי פֿאָרן נאָך אַלץ, פֿון זאַמד אַרויס און זאַמד אַרײַן, נאָך דעם רײַטער, ניט וויסנדיק ווּהין און צו וועמען: די אויסגעמאַטערטע פֿערד שטייען צו, און גייען ווײַטער נאָכן וועגווײַזער, וואָס זיצט אין זאָטל אַזוי, אַז אָט באַלד וועט ער אויף דער ערד פֿון זײַן בולאַנעם פֿערד אַראָפּפֿאַלן, דער קאָפּ איז אים צווישן די אויפֿגעהויבענע אַקסלען, ווי זיך שטאַרק געוווּנדערט, וואָס אויך דאָ, אין די וועלדער, הויבט אָן צו טאָגן, און ער ציט אָן אויפֿהער, שוין אַ שעה דרײַ, זײַן מיזרח־ניגון, וואָס איז פֿול מיט ווייטיקדיקן אומעט און בענקשאַפֿט נאָך זײַן ליימענער כאַטע, נאָך זײַן טאַטע מאַמע, נאָך די שוועסטער און ברידער, נאָך זײַן הייס־זוניקן לאַנד, נאָך די בערג און טאָלן, ווו ער האָט די שאָף און אייזלען געפֿאַשעט...

און זײַן טרויער־געזאַנג וואַרפֿט אָן אויף איר, אויף טעמערלען, וואָס ווײַטער אַלץ מיין און שטאַרקער עפּעס אַ ניט קלאָרן, עפּעס אַן אומפֿאַרשטענדלעכן פּחד, ווי אָט דער אַבדול וואָלט מיט זײַן אומענדלעכן מידבר־ניגון איר זייער שרעקלעכס אָנגעזאָגט... און ווען ער גיט, ציענדיק זײַן ניגון, שוין צום דריטן מאָל אַ ניט דעררייכערטן ציגאַר מנחמען, האַלט זי דאָ ניט אויס, טעמערל, און בעט בײַ יענעם:

— קאָנט איר מיר צוליב טאָן, איך בעט אײַך, כאָטש אויף איין האַלבער שעה, אויפֿהערן צו זינגען?

— אויך דו, — טוט ער זיך אַ בייזער אויף זײַן צעבראָכן רוסיש־לשון. — אויך דיר געפֿעלט ניט מײַן געזאַנג? אָט דער געזאַנג איז דאָ מײַן גאַנצע היים, און פֿון מײַן היים קאָן איך ניט אַוועקגיין... — און ער פֿאָרט ווידער פֿאָרויס, מיט אַ זײַט אויפֿן זאָטל, שיער ניט אויף אַראָפּצופֿאַלן, דעם קאָפּ צווישן די אונטערגעהויבענע אַקסלען, און ציט ווײַטער און העכער זײַן פֿאַרבענקטן היים־ניגון.

## ג.

און אויף יענעם וואַנדער־ און וואָגל־וואָגן,מיטן ייִאוש און ביטחון־ניגון, וואָס ווערט מיט די וואַלד־זאַמדן פֿאַרשאָטן, און אויך בײַ זיי, בײַ די מאַקאָווער, ווערן די הערצער מיט שווערן אומרו און יסורמדיקע זאָרגן ביז אַריבער די ברעגן פֿאַרווייעט... האַלט זי דאָ, טעמערל, מיין ניט אויס:

— ווּהין, — שרײַט זי אין דער נאַכט אַרײַן, — ווּהין האָבן זיי אים, רפֿאלן, אויפֿן פֿערד אַוועקגעפֿירט? ווּהין, ווּהין?.. און ווּהין פֿירט אונדז אָט־אָ דער אַבדול, דער מידבר־מענטש, מיט זײַן שרעקלעך פֿאַרבענקטן ניגון נאָכן ליימענעם שטיבל אין די בערג... ווּהין, ווּהין, ווּהין?

און מנחם הערט איר ביטערן געשריי און ווייסט, אַז טעמערל שרײַט צו אים, וויל פֿון אים אַ טרייסט־וואָרט הערן, נאָר ער, דער זקן, וואָס זיצט אין אַבֿלות פֿון זײַן אײַנגעוואַלגעטער וועלט, ער דרייט נאָר אויס דעם קאָפּ צו איר און שווײַגט... וואָס קאָן ער איר דאָ, אין אָט דער וואָיענדיקער פֿינצטערניש, אין די טיפֿע זאַמדן זאָגן? קאָן ער דען וויסן ווּהין מ׳האָט אים, דעם רבֿס אייניקל, אויפֿן פֿערד אַוועקגעפֿירט, און ווּהין אָט דער אַבדול פֿירט זיי? — און דער זקן נעמט טרײַבן פֿון זיך דעם שרעקלעכסטן געדאַנק...

און אַזוי, מיט די אומרו פֿאַרווייעטע הערצער, שווײַגנדיקערהייט,

שוין מיטן פּרימאָרגן, אין דעם שטילן, — די ווינטן האָבן זיך פֿאַרט פֿון וואַלד אַרויסגעפּלאָנטערט און אַהין־צו, אויף דיליידיקע פֿעלד־רחבֿותן אַרויסגעיאָגט הוליען... אין יענעם שטילן פּרימאָרגן זײַנען זיי, די מאַקאָווער, אין אַ וואַלד־טאָל שטיין געבליבן. קיין לעבעדיקן בן־אדם, אַרום און אַרום, זעט מען דאָ ניט. אויך ער, דער מידבר־מענטש, איז פֿון זיי אַנטרינען געוואָרן. ערגעץ פּײַקלט אַ פּיקהאָלץ, און פֿון דער ווײַטנס בליצן אונטער דער נאָרוואָס אויפֿגייענדיקער זון די טײַך־וואַסערן.

און באַלד, זוכנדיק מיט די אויגן אַ סימן פֿון לעבן, דערזעט זי, טעמערל, ווי צווישן די פּיכטע־קרוינען, אונטער אַ דעכל, שטייט אַ באַוואָפֿנטער מענטש און קוקט אין אַ בינאָקל. פֿאַרשטייט זי, און זאָגט עס איר פֿעטער מנחמען, און דער טאָכטער אירער, פֿריידקען, וואָסביידנס פּנימער זײַנען געוואָרן ניט צו דערקענען, ניט אַזוי דערשראָקן, ווי פֿאַרצווייפֿלט... אַז ערגעץ דאָ ניט ווײַט, זאָגט זי זיי, דאַרפֿן זיך געפֿינען יענע לײַט, וואָס האָבן בײַנאַכט צוגענומען אים, ראפֿין... רפֿאלן... און מ׳דאַרף דאָ וואַרטן און זען, וואָס ווײַטער וועט זײַן, און וואָס ווײַטער וועט מיט זיי געשען? פֿאַרן טאָל דאַרף מען זיך ניט שרעקן. דאָ זעט מען ניט קיין איין קבֿר...

— מיר דאַרפֿן וואַרטן, אונדזערע הערצער מוזן דאָס אויסהאַלטן. מיר קאָנען זיך דאָ אַליין מיט גאָרניט ניט העלפֿן. אונדזער עלנטקייט און אומבאַהאָלפֿנקייט זעט נאָר איין גאָט אין הימל... מיר זײַנען ניט בײַ זיך אין די הענט. מיר זײַנען אונטער זײַן, דעם אייבערשטנס, השגחה. ביז אַהערצו, ביזן טאָל, האָט ער אונדז געהיט, ניט געלאָזט אונדז שטאַרבן פֿון הונגער. אונדזער עלנטקייט און אונדזערע יסורים זײַנען הייליקע. פֿון אַזאַ עלנטקייט, פֿון אַזוינע יסורים האָט נאָך ניט געוווּסט און ווייסט ניט קיין איין פֿאָלק אין דער גאָרער וועלט. און אויך אײַער, פֿעטער מנחם, אויך די חורבֿות פֿון אײַער אײַנגעוואָלגערטער וועלט, זײַנען הייליקע... איך גלייב, אַז גאָטס חסד וועט זיך פֿון אונדז אויך אויף ווײַטער ניט אָפּטאָן. גראָד ווען ס׳שטעלט זיך חושך מיצרים, גראָד דעמאָלטן קומט דער גרויסער נס פֿון דער גאולה... — און דאָ, בײַ אָט די רייד אירע, באַווײַזט זיך אויפֿן פֿערד דער מידבר־מענטש, אַבדול, און ווײַזט זיי מיט דער האַנט וווהין צו פֿאָרן ווײַטער.

און פֿאָרט ווידער פֿאָרויס, אַבדול, אויף דעם בולאַנעם פֿערד, זיצט ווידער אויף אַ זײַט אָנגעבויגן אַזוי, אַז אָט באַלד וועט ער פֿונעם פֿערד אויף דער ערד אַראָפּפֿאַלן, און ציט ווידער, שוין אונטער דער אויפֿגעגאַנגענער זון, זײַן נאָגדיקן בענקשאַפֿט־ניגון נאָך זײַן היים, נאָך דער ליימענער שטוב אין די בערג... און זי, טעמערל, ווייסט ניט פֿאַרוואָס, נאָר פֿון זײַן געזאַנג פֿאַלט אויף איר אָן אַ פּחד.

און אין אַ שעה אַרום, אַ קילאָמעטער זעקס די ווײַט, שוין אויף אַ האַרטערן וועג, נאָך ניט קיין אײַנגעפֿאָרענער, צווישן אַלטע און טיף־געקאַרבטע דעמבעס, פֿאָרן זיי אַרויף אויף אַ ברייטער לאָנקע, וווּ ס׳שטייען גרינע מיליטערישע וועגענער מיט קוילנוואַרפֿערס... און בײַ לייטערס מיט היי אָנגעזאָטלטע פֿערד, ניט פֿאַרצוימטע, און בײַ דער קרעניצע מיט פֿריש־געטעסעטע ציברינעס, ליגן פֿיר בהמות. און מעלה־גרהן... און פֿון אַ וועג־קיך אויף צוויי רעדער, שלאָגט אַרויס אַ שמעקנדיקע פּאַרע פֿון אַ פֿלייש־געקעכטס; און אַרויפֿצו, שוין טיפֿער אין וואַלד, הערט מען האַקן און זעגן, מ׳זעט דאָרטן מענטשן גראָבן זעמליאַנקעס, מ׳שטעלט אויף שטיבער און שטאַלן... באַרוּקט עס זיי, די מאַקאָווער. נאָר זי, טעמערל, דאַרף דאָך בײַ עמעצן פֿרעגן, זיך דערוויסן, ווו איז ער דאָ, דער דאָקטאָר וואַלאַך, ווו קאָן זי אים זען? נאָר מיט וועמען דאָ רעדן, און בײַ וועמען דאָ פֿרעגן, איז ניטאָ. אויך ער, דער מידבער־מענטש איז ווידער נעלם געוואָרן.

גייט זי אַהין, טעמערל, צו די מענטשן, וואָס אַרבעטן פֿון יענער זײַט לאָנקע, טיפֿער אין וואַלד אַרײַן, ווו מ׳שטעלט אויף די געטעסעטע קלעצער באַראַקן און שטאַלן; דאָרטן דערוויסט זי זיך פֿון איינעם, וואָס מיט צוויי שפּאַלן אויף די רויטע פּעטליצעס פֿון שינעל, וועלכער באַלעבאַטעוועט, באַפֿעלט און שאַפֿט זיך, — אַ פּנים דער עלטסטער דאָ; אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, אַ פֿאַרשלאָסענער פּנים, אָפֿענע אויגן, וואָס פֿינטלען ניט, אַ ברייט מויל מיט דינע ליפּן, צוויי קליינינקע אויערן, וואָס הערן. דאַכט זיך, נאָר זיך אַליין... אָבער לויטן קול דערקענט זי, טעמערל, יענעם בײַנאַכטיקן מאַנספּאַרשוין מיטן רעוואָלווער אין האַנט, וואָס האָט צוגענומען, און אויפֿן פֿערד אַוועקגעפֿירט אים, ראַפֿין... דווקא פֿון אים דערוויסט זי זיך, אַז זיי געפֿינען זיך צווישן רויטאַרמייער, וועלכע האָבן זיך פֿון דער דײַטשער

אַרומרינגלונג אַרויסגעריסן און אַהער־צו, אין די פּאָלעסיער וועלדער, זיך פֿאַרקליבן. און די אָפּענע, ניט פֿינטלדיקע אויגן זײַנע, קײַלעכדיקע, מיט גרינע רײַפֿעלעך, ווי בײַ אַ בײַנאַכטיקער סאָווע, קוקן אויף איר אַזוי, אַז ס׳גייט איר אַ קעלט איבערן רוקן.

— קאָנט איר מיר זאָגן, חבֿר קאָמאַנדיר, ווו איז מײַן מאַן?

— ער פֿאַרענדיקט די דריטע אָפּעראַציע... אין אַ פּאָר שעה אַרום וועט ער זײַן אין אײַער רשות. דערווײַל וועט איר אַלע באַקומען אַן אָנבײַסן. דערנאָך וועט אײַך אַבדול ווײַזן די שטוב, אויף פֿינעף מענטשן, ווו איר וועט וווינען, אויב איר ווילט קאָן איך הייסן פֿאַר אײַך און אײַער טאָכטער הייצן די באָד.

— אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק אײַך.

— איר זײַנט אַ העלדישע פֿרוי. דער פּראָפֿעסאָר האָט אונדז דערציילט, ווי אַזוי איר האָט אים פֿונעם לאַגער פֿאַר קריגסגעפֿאַנגענע אַרויסגענומען. פֿאַר אַזאַ העלדישקייט קומט אײַך אַן אָרדען... איר האָט געראַטעוועט פֿון טויט אַ פּאָלקאָווניק פֿון מעדיצינישער דינסט. דרײַ טעג האָט איר אויף רוען און אײַנאָרדענען זיך, און דערנאָך צו דער אַרבעט. מיט וואָס האָט איר זיך אין דער היים פֿאַרנומען?

— געווען אַ מוזיק־לערערן אין שול.

— פֿון קלאַוויר?... מ׳זעט עס אויף אײַערע שיינע הענט. אײַער טאָכטער שפּילט אויך?

— יאָ, אויף אַ פֿידל.

— אײַער טאָכטער איז אויך אַ קראַסאַוויצע... אויב איר וועט עפּעס דאַרפֿן, אויב ס׳וועט אײַך עפּעס פֿעלן, ווענדט זיך גלײַך צו מיר!.. — און ער לייגט צו די האַנט צום דאַשיק: — אויף ווידערזען!

און פֿון אָט דער באַגעגעניש מיט אים, מיטן הויך־ און ברייטן קאָמאַנדיר, וואָס איז פֿון הײַנט אָן דער ממונה איבער זייער לעבן — ווּהין קאָנען זיי שוין, די מאַקאָווער, פֿונדאַנען פֿאָרן ווײַטער? ווּהין קאָנען זיי שוין זיך ווײַטער אַהינטאָן? זיי זײַנען שוין, דאַכט זיך, אויפֿן דנאָ פֿון דער לעבעדיקער וועלט... און הגם פֿון זײַנע רייד זיך דערוווּסט וועגן רפֿאלן, אַז ווי נאָר ער וועט ערגעץ דאָרטן פֿאַרענדיקן די דריטע אָפּעראַציע, וועט ער גלײַך צו איר קומען, דאָך ווערט איר פֿון אָט דער באַגעגעניש שווערער אויפֿן האַרצן: זײַן אָפּהענגיק פֿון אָט

דעם מאַנספּאַרשוין, פֿון זײַן גוטהאַרציקייט, פֿון זײַנע כּוונות און מחשבֿות, פֿון זײַן לאַסקע־ברויט און חסד... און ער האָט דאָך שוין באַוויזן צו וואַרפֿן זײַנע ניט־פֿינטלדיקע קײַלעכדיקע אויגן — אויגן פֿון איינעם, וואָס האָבן שוין פֿאַרלאָרן די בושה, און שעמען זיך שוין אַפֿילו ניט פֿאַר דער אייגענער נשמה, — ער האָט דאָך שוין באַוויזן צו וואַרפֿן זײַנע אויגן אויך אויף איר, אויף פֿריידקען... ווי אַזוי וועט זי קאָנען דאָ פֿאַרהיטן איר טאָכטער? פֿון אָט דעם פֿרימאָרגן, וואָס אויפֿן דנאָ פֿון דער ליכטיקער וועלט, ווו די זון לײַכט פֿון צווישן די דעמבן־קרוינען, נאָך געדיכטע־בלעטערדיקע און זאַפֿטיק־גרינע, נאָר די זון־בליקן פֿון צווישן די צווײַגן, לויכטן פֿאַר איר, פֿאַר טעמערלען, ווי רויטע ליכט־פֿלעמלעך פֿאַרן אויסגעלאָשן ווערן... נאָך אָט דער באַגעגעניש מיט יענעם, איז איר גאַנצע האָפֿענונג אויף גאָט, און אויף אים, אויף רפֿאלן! אָבער ערשט צו פֿאַרנאַכט, שוין בײַם זונזעצן, דערנענטערט זיך איינער צו דער שטוב, וואָס פֿון דעמבן־קלעצער צונויפֿגעלייגט, און צווישן איין בערוועגע און דער צווייטער מאָך אָנגעלייגט, ווינטן זאָלן ניט אַרײַנבלאָזן, און אונטערן דאַך אַ קליין פֿענצטערל, מיט צעלאַפֿאַן פֿונעם רעגן פֿאַרשטעלט, אַהין־צו, אין יענער כאַטע, — פֿון וואָגן דאָס ביסל אייגנס אַראָפּגעטראָגן און אויף דער ערד אַוועקגעלייגט: מנחם האָט פֿאַרן טאָג אַן אייוועלע פֿון שטיינער אויפֿגעשטעלט, מיט ליים פֿאַרטינקעוועט, און פֿאַרן רויך אַן אַרויסגאַנג געמאַכט.

דערזען איינעם צו דער שטוב גיין, אין אַ לאַנגן שינעל, מיט אַ שוואַרצן פֿוטערנעם יאָלעם אויפֿן קאָפּ, אָן דער באָרד, דערקענט אים דאָ קיינער ניט, רפֿאלן. ערשט אַז ער איז שוין אויף עטלעכע שפּאַן די ווײַט, דעמאָלטן דערקענט זי אים, רפֿאלן, טוט זיך אים אַ וואָרף אַנטקעגן, הגם דער געוועזענער שווער אירער, מנחם, און די טאָכטער, פֿריידקע, און אויך ירמהלע, שטייען אין דרויסן פֿאַר דער טיר, נאָר פֿאַרגעסן דאָ אין אַלץ און אַלעמען, אַפֿילו פֿון די צוויי אָפּגעגעבענע קינדער, וואָס טרעטן אויף אַ רגע פֿון איר ניט אָפּ, ניט בײַטאָג און ניט בײַנאַכט: נאָר איצטער, ווי נאָר דערקענט אים, אַזוי טוט זי זיך אַ וואָרף אים אַנטקעגן, נעמט אים אַרום, און פֿאַלט צו מיטן פּנים צו זײַן האַרצן.

און ער, דער מאָסקווער פּראָפֿעסאָר, דער דאָקטאָר פֿון מעדיצינישע וויסנשאַפֿטן, רפֿאל וואַלאַך, נאָך די זעקס שווערע, אויף

ניט פֿאָרשטעלן זיך, אָפּעראַציעס, וואָס האָט כמעט אַ מעת־לעת געדויערט, — אָפּעראַציעס מיט האַק און מעסער, אָן שום באַרויִק־ און פֿאַרשלעפֿערונג־מיטלען, די קראַנקע האָבן ניט מיט מענטשלעכע קולות געשריִען... נאָר דער גענעראַל, בײַם אַראָפּנעמען אים ביידע פֿיס — די גאַנגרענע איז אים שוין ביז צום גוף דערגאַנגען, ער, אָט דער עלטערער שוין גרויער מאַן, האָט בשעת דער אָפּעראַציע, מיט ביז בלוט פֿאַרביסענע ליפּן, געליטן און געשוויגן, נאָר די אויגן זײַנע, ברייט אויפֿגעריסענע, מיט רויטע טראָפּנס טרערן אין די ווינקלען, האָבן זיך געבעטן: באַפֿרײַט מיך פֿון די יסורים!..

— ראַפֿי, דו האַלטסט זיך דאָך קוים אויף די פֿיס.

— וואָס איז דאָ, ליבע מײַנע, דער חידוש?

— קום, טײַערער, קום אין שטוב אַרײַן. מיר האָבן שוין אַ דאַך אונטערן הימל. מיר וועלן שוין הײַנטיקע נאַכט ניט טרייסלען זיך אויפֿן וואָגן אונטערן רויטן מולד...

— ניין, טעמערל, ניין. דעם וועג מיטן וואָגן האָבן מיר שוין דאָ אין וואַלד פֿאַרענדיקט.

— ראַפֿי, — פֿרעגט זי אים מיט שרעק. — ראַפֿי, — און וואָסער וועג שטייט אונדז נאָך פֿאָר?

— מיר זײַנען פֿון הײַנט אָן אין אַ פּאַרטיזאַנער אָטריאַד. אויך דו, און פֿריידקע, און אויך דײַן אַלטער פֿעטער מנחם, אַלע זײַנען מיר פֿון הײַנט אָן פּאַרטיזאַנער... קום, טײַערע, קום אונטערן דאַך.

נאָר דאָרטן, בײַם שוועל פֿון דער שטוב־טיר, שטעלט אים אָפּ מנחם: — ס'איז אײַך שוין גאָרניט צו דערקענען אינעם שינעל מיט די שפּאַלן, כאָטש שטעל זיך פֿאַר אײַך אין פֿראָנט... דעם זיידנס באָרד האָט איר פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן, הגם יענער, גאַמאַרניק, אינעם שינעל, און ווי מ'זאָגט, חיים נחמן ביאַליקס אַ שוואָגער, יענער האָט יאָ געטראָגן אַ רבנישע באָרד.

ענטפֿערט ער אים אויף דעם ניט, ווייסט אַז אין דעם אַלטן מאַקאָווער רעדן, ניט ווילנדיק, די בלוטן פֿאַרן אומגעקומענעם זון, שאולן, וואָס ער, רפֿאל וואַלאַך, האָט זײַן אָרט פֿאַרנומען... און וויל דעם שוועל אַריבערטרעטן. נאָר דער זקן, שוין מיט אַ מילדערן קול, ווי געכאַפּט זיך, אַז דעם רבֿס אייניקל, דער פּראָפֿעסאָר, וואָס טעמערל

האָט פֿונעם מלאך־המוות העגט אַרויסגעריסן, ריזיקירנדיק ניט נאָר מיט איר, נאָר אויך מיט אירע קינדערס לעבן, און אַז ער אַליין, מנחם, האָט דאָך דאָרטן, אינעם פֿאַרנאַכטיקן וואַלד, אונטער די פֿאַרפֿלאַמטע הימלען, מסדר־קדושין געווען. ביידע זײַנען זיי מאַן און ווײַב, און אפֿשר גאָר ביידע אַ גורל־זיווג... פֿרעגט ער שוין ווייכהאַרציק בײַ אים:

— רפֿאל, האָט איר געהערט דאָרטן, בײַ די וואָיענע, ווי האַלט עס מיט דער מלחמה, האָט מען דעם דײַטש אָפּגעשטעלט און מ׳טרײַבט שוין די בייזע חיה קריק אין איר בערלאָגע?

— ניין, ר׳ מנחם, דעם דײַטש האָט מען נאָך ניט פֿאַרהאַלטן, דער דײַטש גייט דערוויַל ווײַטער, די חיה איז שוין הינטער מאָסקווע...

— איר זאָגט: „נאָך ניט״, „דערווײַל״, גלויבט איר אַז דײַטשלאַנד וועט פֿאַרשפּילן די מילחמה ווי זי האָט פֿאַרשפּילט יענע מילחמה, פֿונעם פֿערצנטן יאָר?

— ר׳ מנחם, איך ספֿק ניט אין דעם.

— נאָר אין יענער מילחמה, רפֿאל, האָבן זיך קעגן דײַטשלאַנד געשלאָגן פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד און די גרויסע רײַכע אַמעריקע!

— אויך איצטער, ר׳ מנחם, אויך איצטער שלאָגט זיך צוזאַמען מיט רוסלאַנד ענגלאַנד, אַמעריקע, קאַנאַדע... די נאַציסטישע דײַטשלאַנד וועט האָבן די מפּלה. ס׳וועט אָבער פֿאַרגאָסן ווערן אַ סך מענטשלעך בלוט.

— און מיר, רפֿאל, מיר, ייִדן?

— מיר, ר׳ מנחם, מיר, ייִדן? דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט שטאַרק לײַדן, שווער לײַדן... אונדזער חורבן וועט זײַן אַ בכיה לדורות.

— רפֿאל, זאָגט מיר, שאַנעוועט מיך ניט, האָט איר דאָרטן, צווישן די קאָמאַנדירן, געהערט פֿון די פּאָגראָמען?

— אין קיעוו האָבן די דײַטשן, ווי נאָר זיי זײַנען אַרײַן, אין איין טאָג, אום יום כיפּור, אויסגעהאַרגעט בײַם ייִדישן בית־עלמין, אין דעם טאָל, וואָס הייסט באַבי יאַר, אין יענעם טאָג, אין דעם יום־כּיפּורדיקן, אויסגעהאַרגעט אַריבער דרײַסיק טויזנט ייִדן. גרויס און קליין, זקנים און עופֿעלעך בײַ די בריסטן פֿון זייערע מאַמעס...

— האַ, אַריבער דרײַסיק טויזנט ייִדן? — טוט מנחם מאַקאָווער אַ שווערן קרעכץ, ווי עפּעס אַ ביז גאָר שאַרפֿס און לאַנגס האָט אים מיט

אַ מאָל אין האַרצן געטראָפֿן. — ריבונו של עולם, אום יום־כּיפּור? — און ער לאָזט זיך לויפֿן מיט אַ געשריי טיפֿער אין וואַלד אַרײַן, לויפֿט צו דער פֿאַרגייענדיקער זון: — האַ ריבונו של עולם?.. — און מיין קיין רייד און געשריי הערט מען ניט, נאָר ערגעץ פֿון ווײַטנס, פֿון צווישן די דעמבעס, דערטראָגט זיך זײַן געוויין. אַ געוויין פֿון אַ מענטשן, אַ פֿאַרוואָגלט־ און פֿאַרבלאָנקעטן, פֿון אַ פֿאַראָבלטן, וואָס האָט שוין אילע האָפֿענונגען און אויסזיכטן אויף הילף פֿון עמעצן אָנגעווירן.

און דאָך, אַז טעמערל ברענגט אים קריק אונטערן נידעריקן דאָך, ווו פֿריידקע האָט אין אייוועלע פֿון דעמבענע צווײַגלעך צעלייגט אַ פֿײַער, וואָס וואַרפֿט צווישן די פֿיר שוואַרצע ווענט אַ בלוטיקע שײַן, דאָרטן נעמט ער, מנחם מאַקאָווער, וועקן אים, רפֿאל וואַלאַך, וואָס האָט זיך פֿון מיד־ און אויסגעמאַטערטקייט, פֿון שטיין דעם מעת־לעת אויף די פֿיס און אָפּערירן שווער פֿאַרוווּנדיקטע, שוין נוטה־למותדיקע, אָן אינסטרומענט און רפֿואות, אָן פֿאַרטויב און שלאָפֿמיטלען, געהאַט אונטער דער האַנט בלויז אַ בוטל יאַד און מאַרליע־וויקעלעך... ער, רפֿאל וואַלאַך, ווי נאָר אין שטוב אַרײַן, אַזוי זיך אינעם שינעל, און מיטן יאָלעם אויפֿן קאָפּ, בײַ דער וואַנט, ניט אַוועקגעלייגט זיך, נײַערט אַ פֿאַל געטאָן, און גלײַך אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

און אים, רפֿאלן וואַלאַך, וואָס שלאָפֿט אויף קיינמאָל ניט אויפֿצוּוועקן, אים וועקט ער דאָך אויף, און שטייענדיק פֿאַרן פֿלאַקערנדיקן אייוועלע־פֿײַער, אין די בלוטיקע שײַן־שאָטנס, פֿרעגט ער שוין, דער אַלטער מאַקאָווער, מיט כּעס און צאָרן:

— אַ גאַנץ פֿאָלק זאָל אַראָפּגיין פֿון זינען, משוגע ווערן? ניט קיין יחיד, נאָר אַ גאַנץ פֿאָלק זאָל צעווילדעוועט ווערן, דאַרפֿן בלוט, בלוט, טײַכן בלוט... און ווען, אינעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט? און אַ פֿאָלק וואָס פֿאַרמאָגט געלערנטע, פּאָעטן, מוזיקער... און דאָס געשעט ניט ערגעץ אין אַפֿריקע, נאָר דאָ, אין מיטן פֿון אייראָפּע... האַ, וואָס שווײַגט איר? זאָל זײַן אַז גאָטס וועגן, זײַן מאָס און וואָג, ווייסן מיר ניט. און מיר וועלן זײַנע וועגן און מאָסן קיין מאָל ניט פֿאַרשטיין און באַנעמען. גאָט ווייסט אויף אייביק פֿאַרבלײַבן פֿאַרן מענטשן אַ שרעקלעכער סוד... ניט אומזיסט האָט מײַן טאַטע ז״ל געזאָגט: גריבלט זיך ניט, קינדער, אין די סודות הבורא, לאָזט זיך ניט אַראָפּ אין תּהום

אַרײַן, דאָרטן, קינדער, דאָרטן, אויפֿן דנאָ, איז משוגעת און טויט...

און ער ווערט דאָ, דער אַלטער מאַקאָווער, אַנטשוויגן, קוקט לאַנג אין פֿײַער אַרײַן, וואָס פֿלאַקערט אין אײַוועלע, און רעדט שוין דערנאָך מיט יענעם יִיאוש־געוויין אין קול:

— איך וואַלגער זיך שוין אַפֿילו ניט אויף די חורבֿות פֿון מײַן אײַנגעפֿאַלענער וועלט, איך וואַלגער זיך שוין אויפֿן דנאָ פֿון משוגעת... איך וועל שוין באַלד רײַסן אויף זיך די העמד... איך ווייס דאָך שוין ניט אויף וועלכער וועלט איך געפֿין זיך! איך הייב שוין אָן צו פֿאַרלירן דעם לשון, איך וועל שוין באַלד אָנהייבן וואָיען... ייִדן פֿון סטעפּ, קאָלאָניסטן, ייִדן, וואָס האָבן געאַקערט און געזייט, אויפֿגעהויבן ערדן, וואָס קיין פֿוס האָט אויף זיי ניט געטראָטן, געפֿלאַנצט סעדער און ווײַנגערטענער, זיי, אָט די ערד־ייִדן... און ייִדן פֿון די שטעטלעך, אין די טויזנטער, אנשים, נשים, וטף... וואָלט ער איצטער געלעבט, ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער, וואָלט ער ניט געזאָגט יתגדל ויתקדש...

און ער פֿאַרשטעלט זיך פּלוצעם מיט ביידע הענט די אויגן, ווי פֿאַר עפּעס־וואָס דערשראָקן, און הייבט אָן צו דרייען זיך אין די רויטע שאָטנס, וואָס יאָגן פֿון פֿלאַקערדיקן אײַוועלע, ווי געוואָלט פֿון זיי, פֿון אָט די בלוטיקע שאָטנס, ערגעץ־וווּהין אַנטרינען ווערן.

— רפֿאל, — בלײַבט ער מיט אַ מאָל ווידער שטיין פֿאַר יענעם, פֿאַרן פּראָפֿעסאָר, וואָס זיצט אויף דער ערד, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אין וואַנט. — רפֿאל, וואָס שווײַגט איר? — און ציט אויס צו אים ביידע הענט, ווי איינער וואָס טרינקט זיך און וויל אין עפּעס זיך אָנכאַפּן. — רפֿאל, דערקלערט מיר כאָטשבי, אין געציילטע ווערטער, די וועגן פֿון דער וועלט, ניט דעם גאַנג פֿון דער זון, פֿון דער לבֿנה, פֿון די שטערן, נאָר דעם גאַנג פֿון דער היסטאָריע... איך הייב ניט אָן פֿון ווײַטע רדיפֿות און גזרות, נאָר פֿון אָקאָרשט, פֿון פֿאַר מײַנע יאָרן... אין צוויי און אַכציקסטן יאָר, פֿאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן, פּאָגראָמען, וואָס ניכטערן אויס די משׂכּילים... אין עלעף יאָר אַרום, קעשעניעוו... און באַלד קומט דאָס פֿינפֿטע יאָר, פּאָגראָמען און שחיטות... און דערנאָך די ערשטע וועלט־מילחמה, קאָזאַקן שענדן בתי־מדרשים, פֿאַרשוועכן הייליקײַטן, פֿאַרגוואַלטיקן ווײַבער, און מיידלעך פֿאַר די אויגן פֿון זייערע מאַמעס, צינדן די הײַזער און לאָזן דאָס פֿײַער ניט לעשן.

צענדליקער טויזנטער משפחות ווערן אַרויסגעטריבן פֿון זייערע איינגעזעסענע ערטער, אויף אַלע וועגן הענגען אויף דיביימער ייִדן, באָרוועסע אין די טלית־קטנס... און אָט, נאָך ניט באַוויזן קומען צו זיך, פֿאַלט דער בלוטיקער ניקאָליי דער צווייטער, און ס׳קומט די פעוורואַלער רעוואָלוציע, גאולה, ששון ושימחה, ייִדן טאַנצן אין די גאַסן... און באַלד קומען די באָלשעוויקעס, ס׳ברעכט אויס דער בירגערקריג, און ס׳גיסט זיך שוין ייִדיש בלוט פֿון דריי מאָל הונדערט טויזנט ייִדן. דריי מאָל הונדערט טויזנט!

— רפֿאל, — נעמט ער דאָ קלאַפּן מיט די קולעקעס אין דער וואַנט פֿון די דעמבענע קלעצער... — רפֿאל, וואָס שווייגט איר? איך אַליין פֿאַרשטיי שוין גאָרניט. איך וואַלגער זיך אויפֿן דנאָ פֿון משוגעת און טויט... דערקלערט מיר כאָטשבי די וועגן פֿון דער ייִדישער היסטאָריע... ערשט קריק מיט צוויי און צוואַנציק יאָר, דאָס בלוט פֿון דריי מאָל הונדערט טויזנט ייִדן, אויסגעהאַרגעטע פֿון פּעטליורען, דעניקינען, מאַכנאָ, זעלעני, גריגאָריעוו, און פֿון כּלערליי באַטקאָס און אַטאַמאַנעס, און אויך זיי, די פּאָליאַקן און די באָלשעוויקעס האָבן אויך צוגעלייגט אַ האַנט... דאָס בלוט פֿון דריי מאָל הונדערט טויזנט ייִדן שרייט נאָך פֿון דער ערד אַרויס, דאָס בלוט פֿון די קדושים איז נאָך ניט געשטילט געוואָרן... און איצטער, האַ, רפֿאל, האַ, איצטער? איר גלייבט אין גאָט?

— יאָ, איך גלייב אין גאָט און אין ליבע... און בין גרייט צו גיין על קידוש השם, ועל קידוש אהבֿה.

פֿון זיין ענטפֿער שטעלן זיך איר, טעמערלען, טרערן אין די אויגן. זי זעצט זיך אַוועק לעם אים אויף דער ערד:

— ראַפֿי, איך גלייב אויך אין גאָט און אין ליבע! אויך איך בין גרייט צו גיין...

— האַ, — שרייט אויס דער זקן. — איר גלויבט נאָך אין גאָט און אין ליבע? איצטער, אַז מ׳הרגעט שוין אויס גאַנצע שטעטלעך, עדות ייִדן, ווייבער און קינדער... אין קיעוו הרגעט מען אין איין טאָג, און אום יום־כּיפּור, העכער דרייסיק טויזנט ייִדן! ניין, איך מנחם מאַקאָווער, וועל שוין ניט זאָגן, איך קאָן שוין ניט זאָגן: יתגדל ויתקדש שמה רבא... ווען דער באַרדיטשעווער צדיק, ר׳ לוי יצחק ז״ל, וואָלט איצטער געלעבט,

וואָלט ער אויך ניט געזאָגט יתגדל ויתקדש... ניין, מ׳קאָן שוין מער ניט זאָגן יתגדל ויתקדש... ניין! איך וואַלגער זיך שוין אויפֿן דנאָ פֿון משוגעת און טויט.

און ער נעמט ווידער צו דרייען זיך, אין האַסטיקער, און אימפּעטיקער ווי פֿריער, אין די רויטע שאָטנס, וואָס יאָגן פֿון פֿלאַקערדיקן אייוועלע, רײַסט אויף זיך די העמד פֿון לײַב, און וויינט ביטער:

— טאַטע, פֿיר מיך אַרויס פֿון דעם משוגעת־דנאָ... גייט אָפּ פֿון מיר בלוטיקע טויטע שאָטנס... נחמן, חיה, פֿייגע... בלוטיקע שאָטנס פֿון געקוילעטע ייִדן... שאָטנס, שאָטנס, בלוטיקע טויטע שאָטנס... — און ער טוט דאָ, מנחם מאַקאָווער, אַ פֿאַל, אויף דער ערד, אויף די רויטע שאָטנס, וואָס יאָגן פֿון פֿלאַקערדיקן אייוועלע.

## ד.

און נאָך יענעם אויפֿדערנאַכט, נאָך זײַן פֿאַלן אויף דער ערד, אַ צעקריגטער מיט גאָט און מיט זײַן וועלט, איז דער זקן, מנחם מאַקאָווער, דרײַ טעג און דרײַ נעכט מיט אָפֿענע אויגן, אין ווײַטן שטוב־ווינקל, אויף זײַן שטרוי־געלעגער אָפּגעלעגן, זייער אָנגעשטרענגט אין די וויכער־פֿײַערדיקע שאָטנס, וואָס קנוילן זיך פֿונעם ברענענדיקן אייוועלע אַרויס, ווי פֿון דאָרטן, פֿון יענע פֿײַערדיקע שאָטנס, וואָלט אויף דער דעמבענער וואַלד־שטוב פֿון עפּעס גאָר אימה־ און מאוימדיקס געגאַנגען... אָבער אויף קיינעמס וואָרט ניט אָפּגערופֿן זיך, עקשנותדיק געשוויגן, ווי דעם צונג אַראָפּגעשלונגען.

נאָר אויפֿן פֿערטן טאָג, צו פֿאַרנאַכט צו, אין לאַגער איז שטאַרק טומלדיק, די פּופּצן פּאַרטיזאַנער, וואָס זײַנען מיט עטלעכע טעג קריק צו דער ווײַטער באַן־סטאַנציע געגאַנגען, די געווער־עשאַלאָנען און אויך די רעלסן אויפֿרײַסן, האָבן זייער זאַך געטריי און פּינקטלעך אָפּגעטאָן, דעם באַפֿעל פֿונעם גענעראַל מיט די אַמפּוטירטע פֿיס אויסגעפֿילט, בשלום אין וואַלד אַרײַן זיך אומגעקערט; נאָר ער איינער,

דער מידבר־מענטש, מיט זײַן בענקענדיקן ניגון, ער, אַבדול, איז ערגעץ־ווו פֿאַרפֿאַלן געוואָרן... אין יענעם טאָג, פֿאַרן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט, איז פֿריידקע, וואָס איז גערופֿן געוואָרן צו קומען שפּילן אויפֿן פֿידל פֿאַר די קראַנקע, איז טאַקע אַהין אַוועקגעגאַנגען, און דערנאָך גייט אויך זי, טעמערל, נאָך דער טאָכטערס טריט אַוועק, לאָזט איבער דאָס קינד, ירמהלען, אויף דעם אין פֿײַער־אַרײַנקוקנדיקן זיידן, ווײַל ער, וואַלאַך, האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט, — באַטראַכט נאָך דאָרטן די אומגעקערטע פֿאַרטיזאַנער: דעמאָלטן, נאָך טעמערלס אַוועקגיין — פֿאַר איר אַרויסגיין פֿון שטוב האָט דער פֿאַרטראָגענער זקן דאָך איר פּנים אין די פֿײַערדיקע שאָטנס דערזען, אַ ווײַס־דערשראָקענער, מיט ציטערדיקע ליפּן... האָט ער זיך מיט אַ מאָל אויפֿגעהויבן, זיך אַ טרייסל געגעבן, ווי עפּעס אַן אָנוואַלגער פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן, פֿאַררייכערט זײַן טאַטנס ליולקע־ציביק, פֿאַרשטעקט אונטערן גאַרטל דעם „קאָלין", די האַק מיטן לאַנגן הענטל, און אויך פֿון שטוב אַרויס.

און ניט וויסנדיק וווּהין, און ווו ער זאָל זי, טעמערלען, גיין זוכן, שפּאַנט ער אויסגעשטעלט, אויף גאָטס באַראָט, מיטן אָפּגעבלעטערטן וואַלד, צווישן די שוואַרצע, נאַקעטע און נאַסעביימער, ווו נאָר זיי, די ראַבינע־ און קאַלינע יאַגעדעס רייטלען זיך נאָך בײַם סוף טאָג. און פֿון דער וואַלד־טיפֿעניש לאָזט זיך הערן דער הויך־קלינגעווודיקער קול פֿון דעם שוואַרצן פּיקהאָלץ מיטן רויטן היטעלע:

— פּר־פּר־פּר... — און פֿאַרענדיקט פּלוצעם מיט אַ געשריי: — קי־אי־אי־אי.

און אויך ער, דער אַלטער מאַקאָווער, נעמט אים דאָ, דעם פּיקהאָלץ נאָכשרײַען:

— קי־קי־אײַ־אײַ־אײַ! — ער רופֿט זי, טעמערלען, נאָר זײַן אומרויִק־ווייטיקדיקער רוף הילכט אָפּ ערגעץ דאָרטן טויב, ווי פֿון יענער זײַט וועלט, און אויך דעם פֿויגלס געשריי ווערט אונטער די נידעריקע הימלען מיט די ווינטן אַהין־צו פֿאַרטראָגן.

און הגם מורא געהאַט, אַז מיטן נאַכט שטעלן זיך, און מיט זײַנע אויגן, וואָס ווערן מיט הײַטלעך פֿאַרצויגן, וועט ער אויף קריק דעם וועג צו דער שטוב ניט געפֿינען, און אויב ער וועט אַפֿילו רופֿן און הילף בעטן, וועט אים דאָ, אין ווילדן וואַלד, אין די רוישיקע קאַלטע ווינטן פֿון

דער סופֿיאָריק־פֿינצטערסטער נאַכט, וואָס שמעקט שוין מיט שניי, קיינער ניט דערהערן, דאָך שפּאַנט ער אָן אָפּשטעל וויַטער, וואָרן איר, טעמערלס פּנים, דער וויַס־דערשראָקענער, מיט די ציטערנדיקע ליפּן, טרעטן פֿון אים ניט אָפּ אויף קיין איין רגע.

און וואָס גיכער די לעצטע שיַנען פֿונעם ערבֿ־ווינטערדיקן קורצן טאָג צאַנקען אין זיַנע אויגן, אַלץ ברייטער און איַלנדיקער ווערן זיַנע טריט, און אַלץ העכער שריַט ער אין די ווינטן אַריַן, ווי יענער עלנטער פֿויגל:

— קי־קי אי־אי־אי!

און פּלוצלינג, דורך אַלע רוישן פֿון די ווינטן, דערגייט צו זיַן שאַרפֿן אויער, וואָס הערט אַראָפּפֿאַלן פֿונעם עמער וואַסער אַ טראָפּן אין ברונעם אַריַן, ער דערהערט דאָ אַ פֿאַרצווייפֿלטן געשריי, און דערקענט תּיכף זיַן אייניקלס קול... שריַט ער צו איר מיט אַלע זיַנע כּוחות:

— פֿריידעלע!.. פֿריידעלע!

און זי קומט צולויפֿן אויף זיַן קול, און פֿאַלט צו אים צו מיט איר גאַנצן זיך טרייסלענדיקן גוף:

— זיידעניו...

— פֿריידעלע, וואָס איז מיט דיר געשען? ווו איז דיַן פּאַלטעלע, ווער האָט עס אויף דיר צעריסן די מלבושים?

— זיידעניו, — וואַרגט זי זיך מיט די טרערן. — זיידעניו, זיידע... פֿרעג מיך ניט... קום ראַטעווען די מאַמע...

— ווו איז זי, ווו?

— דאָרטן... דאָרטן... גיכער, קום גיכער... די מאַמע האָט מיך פֿון זיַנע הענט אַרויסגעריסן... מיר געהייסן אַנטלויפֿן... און געבליבן מיט אים... זיידעניו, גיכער, גיכער, האַלט מיך פֿאַר דער האַנט... גיכער!

ס׳איז אָבער שוין געווען צו שפּעט. אונטערן ברייטצעצוויַגטן דעמב, ווו צווישן די ברוין־פֿאַרדאַרטע בלעטער גייט אויף אַ ריפּטל מאַלינאָווע לבֿנה, דאָרטן האַלט שוין יענער, דער הויכער און ברייט־פּלייציקער, צו אָנטאָן דעם שינעל און זי, טעמערל, ליגט אויף דער ערד, אַ האַלב נאַקעטע, די הענט אויסגעצויגן, און שריַט דורך אַלע ווינטן און וואַלד־רוישן צום נידעריקן הימל... דאָ איז דער אַלטער

מנחם מאַקאָווער צוגעלאָפֿן, אויפֿן וועג פֿון אונטערן גאַרטל זײַן „קאָלון" אַרויסגעשלעפּט, און מיטן אָבוך דערלאַנגט יענעם איבערן קאָפּ. יענער האָט זיך אײַנגעבויגן, געמאַכט דרײַ קרומע שפּאַן, צעשפּרייט די הענט, און אַ פֿאַל געטאָן מיטן פּנים צו דער ערד. ער איז געווען טויט.

און דער אַלטער מאַקאָווער, וואָס האָט זײַן גאַנץ לעבן זיך געהיט אַרויפֿצוטרעטן מיט דער פֿוס אויף אַ מורעשקע, ער, אַן אויפֿגעטרייסלט און אויפֿגעשוידערטער פֿון דעם, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהרגעט אַ מענטשן... לויפֿט מיט דעם „קאָלון" אין דער האַנט צום טײַך, ווו די וואַסערן זײַנען שוין ביז ווײַט פֿון די ברעגן מיט דינעם אײַז באַדעקט, און שפּריצן מיט בלאָוו־ראָזלעכע לבֿנה־פֿונקען: דאָרטן, בײַם טײַך, זיצנדיק אויף די שפּיץ פֿינגער, אויפֿגעבראָכן דעם אײַז, שווענקט ער די האַק אין די שווערע גייענדיקע וואַסערן און רעדט צו גאָט:

— ריבונו של עולם, פֿאַרגיב און זײַ מוחל! איך קאָן ניט לעבן אָן דיר, איך קאָן ניט! אַכציק יאָר ביסטו געווען מײַן אָנשפּאַר, מײַן האָפֿענונג, מײַן פֿרייד... אין אַלע מײַנע שווערע צײַטן האָב איך זיך געטוליעט צו דיר! דו איינער ווייסט דאָך מײַן האַרץ, דו איינער ווייסט דאָך מײַן נשמה... אליך השם נפֿשי אשא! איך האָב נאָרוואָס געהרגעט אַ מענטשן... איך בין אַ רוצח! אָבער, גאָט אין הימל, פֿאַרבײַגיין און אויסמײַדן אַזעלכס, אַזאַ מעשׂה סדום, וואָלט דאָך געווען אַ פֿאַרברעכן, אַ פּחדנות, און דער עיקר, און דאָס שרעקלעכסטע, ריבונו של עולם, דאָס וואָלט דאָך געווען אונטערטעניקייט, קנעכטשאַפֿט, שרעקלעכע מענטשלעכע געפֿאַלנקייט... אַנדערש האָב איך דאָך, מנחם מאַקאָווער, דער כהן, דער אוראייניקל פֿון שמעון מיט לוי, ניט געקאָנט זיך דאָ פֿירן און האַנדלען. ניט געקאָנט און ניט געטאָרט! ניט געטאָרט! און געטאָן האָב איך דאָס ניט נאָר צוליב מײַן און טעמערלס כּבֿוד, נאָר אויך צוליב דײַן כּבֿוד וועגן. ניט געטאָרט דערלאָזן צו חילול השם... יעדער מענטש וואָס ווערט דערנידעריקט איז חילול השם!

און ער נעמט דאָ די אָפּגעוואַשענע און אָפּגעשווענקטע האַק פֿון די קאַלטע וואַסערן אַרויס, פֿאַררוקט זי קריק אונטערן שטריק־גאַרטל, הייבט זיך פֿון דער ערד אויף, און שוין שטיל, ווי בײַ שמונה עשׂרה שטיין:

— ריבונו של עולם, אויך איר האַרץ, טעמערלס, איז פֿאַר דיר אָפֿן,

ווי ס'זײַנען אָפּן אַלע וועלטן פֿון דער יצירה. ניטאָ דאָך פֿאַר דיר קיין פֿאַרשטעלטס און פֿאַרבאָרגנס, קיין שאָטנס און פֿינצטערנישן, דו, גרויסער גאָט אין הימל, דו ווייסט דאָך איר האַרץ, דאָס האַרץ פֿון דער מאַמע, וואָס האָט ניט געלאָזט צו מטמא זײַן איר טאָכטער, און געלאָזט צו מטמא זײַן זיך... משפּט אונדז דו, שדי, אונדז ביידן, מיך און טעמערלען... משפּט!

און שוין בײַ דער ווײַסער שיין פֿון דער ריפּטל לבֿנה, וואָס שווימט אַרײַן און שווימט אַרויס פֿון אונטער די כמאַרעס, שפּאַנט ער אַנטקעגן די ווינטן, וואָס וואַרפֿן אים אין פּנים אַרײַן האַרטע בלעטער מיטן ריח פֿון סטעפּ־ווײַנטרויבן, וואָס פֿאַרקלעמען אים בײַם האַרצן... און מיט אַ מאָל דערזעט ער, אין דער שאַרפֿער ליכט פֿון דער זיך־טרינקענדיקער לבֿנה אין דער הימל־סאַזשלקע, אַ פֿאַרקוילט־שוואַרצן מענטשלעכן שאַרבן מיט לעבעדיקע צאָרנדיקע אויגן... ווייסט ער, דער זקן, מנחם מאַקאָווער, ווי ס'האָט געוווּסט זײַן טאַטע, דער קדוש, אַז דאָס איז דער פֿאַרקוילטער שאַרבן פֿון זײַן עלטער־זיידן, וואָס גאָנטעס קאָזאַקן האָבן לעבעדיקערהייט אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן שײַטער־פֿײַער אַרום וועלכן זיי האָבן געשיכּורט.

און די ווינטן, ווי געוואָלט אים דעם וועג פֿאַרשטעלן און פֿאַרהאַלטן, מערן און שטאַרקן זיך, פֿײַפֿן ווילדער אין די נאַקעטע צווײַגן, און אויך זיי, די טרוקענע בלעטער מיט די ווײַנטרויבן־ריחות פֿון ווײַטן סטעפּ, שלאָגן אומברחמנותדיקער אין פּנים אַרײַן: אָט די ווײַנטרויבן־ריחות נעמען אים וואָס ווײַטער אַלץ ערגער און ווייטיקדיקער בײַם האַרצן: געהאַט דאָרטן, אויפֿן סטעפּ, אין די שווערסטע יאָרן, אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ סאָד און אַ גאָרטן בײַ דער שטוב, נאָכן טאָג האָרעוואַניע אין קוזניע געזעסן מיטן ברודער, מיט נחמנען, און געלערנט אַ בלאַט גמרא... ווו איז נחמן, זײַן ווײַב, זײַנע טעכטער און אייניקלעך? זיי ליגן אַלע, מיט די איבערגעבליבענע ייִדן, אין דער באַלקע... צענדליקער טויזנטער ליגן אין גריבער... פֿאַר וואָס, פֿאַר וועלכע זינד?

און ער, מנחם מאַקאָווער, דער רוצח, בלאָנקעט אין די ווינטן איבערן וואַלד, און בלײַבט אַלע מאָל דערשראָקן שטיין: ווי נאָר דאָס ריפּטל לבֿנה שווימט פֿון אונטער די כמאַרעס אַרויס, אַזוי באַווײַזט זיך

פֿון דאָרטן אויך יענער פֿאַרקוילט־שוואַרצער שאַרבן מיט די צאָרנדיקע אויגן... פֿון וועלכע נײַע אומגליקן און גזירות וואָרנט עס אים דער לעבעדיק־פֿאַרברענטער עלטער־זיידע?

— גאָט, איך פֿאַל פֿאַר דיר כּורעים און בעט דיך, גענוג בלוט און פֿײַער! גענוג! האָט נאָך דײַן פֿאָלק ישׂראל פֿאַר די צוויי טויזנט יאָר אַכזריותדיקן גלות, ניט אויסגעקויפֿט זײַנע זינד? גרויסער גאָט אין הימל, איך ליג פֿאַר דיר מיטן פּנים צו דער פֿרעמדער ערד, און בעט בײַ דיר רחמים...

און אַז, סוף כּל סוף, נאָכן אַרומבלאָנדזשען אַ באַשלאָגענער מיט נויטשוויס, צום ברייטצעצווײַגטן דעמב זיך דערקליבן, ווו ער האָט זיי, טעמערלען מיט פֿריידקען, איבערגעלאָזט, טרעפֿט ער זיי שוין דאָרטן ביידע ניט, שטויסט זיך נאָר אָן אויף עפּעס אונטער די פֿיס, און אַ סקרוך לויפֿט אים אַדורך איבערן רוקנביין: שטייט ער בײַם טויטן קערפּער פֿון יענעם, פֿון דעם געהרגעטן? טרעט ער גיך אויף קריק און שטויסט זיך ווידער מיט דער פֿוס אויף עפּעס אָן... דאָס איז דאָך דער פֿוטליאַר מיט פֿריידקעס פֿידל! כאַפּט ער עס אונטער דער פּאַכווע און לאָזט זיך גיין ווײַטער, זוכן אין דעם בײַנאַכטיקן ערבֿ־ווינטערדיקן וואַלד יענע שטאַל מיטן ברענענדיקן אייוועלע, דעם מקום מיקלט... נאָר דאָ שטעלט אים אָפּ רפֿאל וואַלאַך, וועלכער ווייסט שוין וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען און זיך פֿאַרלאָפֿן. ער שלעפּט בײַם מאַקאָוועך פֿון אונטערן גאַרטל די האַק אַרויס, טוט זי אַ קוש, און נעמט באַלד אַרום אים, דעם זקן, דריקט אים צו זײַן האַרצן צו און זאָגט אים:

— איר זײַט ביידע הייליקע, ביידע, טעמערל און איר! ביידע זײַנט איר הייליקע! דאָס וואָס איר האָט ביידע געטאָן גייט דאָך פֿון מענטשלעכקייט און ליבשאַפֿט, פֿון די טיפֿסטע קוואַלן פֿון מענטשלעכקייט און ליבע... פֿון די ריינסטע, און פֿון די הייליקסטע קוואַלן! קומט, ווי נאָר ס׳וועט טאָג ווערן, וועל איך גיין צום קאָמדיוו*, צום גענעראַל, און אים אַלץ דערציילן. ער איז אַ מאַן מיט שׂכל און מיט האַרץ.

---

*) קאָמאַנדיר פֿון דער דעוויזיע.

נאָר ביז צום פֿאַרטאָג איז דאָרטן, אין יענער נאַכט, אָט וואָס געשען: בײַ זייער, מנחמס און רפֿאלס אומקערן זיך צו דער שטוב, ווו אַ קײַלעכדיקן מעת־לעת ברענט פֿײַער אין אייוועלע, ווײַל אויסער צו פֿאַרטרײַבן די קעלט, האָט מען אויך באַדאַרפֿט די פֿינצטערניש פֿאַרטרײַבן — דורכן צעלאָפֿאַן־פֿאַרגעלטן פֿענצטערל אונטער דער סטעליע, פֿון די ניט געטעסעטע קלעצער, גייט קיין ליכט ניט אַרײַן, באַזונדערס נאָך אין אָט דעם חודש, ווו דער ווינטער שטייט שוין אויפֿן שוועל.

אויף דער בערוועגע, פֿאַרן ברענענדיקן אויוועלע, זיצט טעמערל, אויף די אַקסלען דאָס לײַבפּוטערל, די ליפּן צונויפֿגעקלעמט, ווי אײַנגעהאַלטן אין זיך אַ ווייגעשריי, און אַ קללה דער וועלט, וואָס רײַסט זיך פֿון דער טיפֿעניש פֿון איר נשמה, און דערבײַ לויכטן דאָך אירע ברייט־צעעפֿנטע אויגן מיט עפּעס אַ ניט־ערדישע פֿרייד, אַ פֿרייד פֿון אַ מאַמע, וואָס האָט איר לעבן, דער עיקר איר כּבֿוד, מפֿקיר געווען... זי האַלט ירמהלען אויף די קני און קאָן אים ניט באַרויִקן פֿונעם בלײַבן אַליין אין שטוב, אין דער אַרומיקער פֿינצטערניש, אָן דער מאַמע, אָן דער שוועסטער, אָן דעם זיידן, און אַפֿילו אויך אָן אים, אָן דעם פֿעטער רפֿאלן... ער הערט ניט אויף צו כליפּען און צו פֿרעגן:

— מאַ־מע, מאַ־מע, פֿאַרוואָס האָסטו מיך דאָ איבערגעלאָזט איינעם אַליין? ווו ביסטו געווען? מאַ־מע?

— ירמהלע, — רופֿט זיך אָפּ פֿריידקע, וואָס ליגט אינעם אָנטאָן אויף איר מאָך־געלעגער, און פֿון אינווייניקסטער קעלט טרעפֿט זי ניט אַ צאָן אויף אַ צאָן. — ירמה־לע, קום־צו־מיר, קום! קום! איך־וועל־דיר...

— ניין, איך וועל ניט גיין, איך וויל זײַן מיט דער מאַמע! — און ער נעמט זי מיט בײדע הענט פֿאַרן האַלדז אַרום. — מאַמע, איך וויל ניט זײַן אַליין, איך וויל שלאָפֿן מיט דיר.

— יאָ, מײַן קינד, יאָ, וועסט שלאָפֿן מיט מיר.

דער אַלטער מאַקאָווער טוט פֿון אירע רייד אַ שווערן קרעכץ, ווי ס'וואָלט זיך מיט אַ מאָל נאָך עפּעס שטאַרק טײַערס פֿון זײַן וועלט אָפּגעריסן. טעמערל, ווייסט ער, האָט זיך נאָרוואָס פֿון איר אייגן לעבן אָפּגעזאָגט... ער שטעלט אַוועק זײַן „קאָלון" בײַם געלעגער, אין ווינקל, לייגט זיך דאָרטן אויף דער ערד, און ווערט ווידער פֿאַרטראָגן אין די

בלוטיקע שאָטנס, וואָס יאָגן פֿונעם אײוועלע אויף די שוואַרצע ווענט.

און דאָך, אין אָט דעם שאָטן־געפּלאָנטער, כאַפּט זײַן שוואַכע ראיה, ווי רפֿאל וואַלאַך זעצט זיך לעם טעמערלען אויף דער בערוועגע. דעם פּנים זײַנעם זעט ער ניט, מנחם מאַקאָווער, אָבער צו זײַן אויסערגעוויינלעך־שאַרפֿן אויער דערגייט יענעמס רייד:

— אונדזערע גורלות, טעמערל, זײַנען געקניפּט און געבונדן! ניטאָ שוין בײַ אונדז ביידן קיין באַזונדערע גורלות.

— איך ווייס עס, ראַפֿי, איך ווייס עס פֿון דײַן קול... כאָטש דײַן ווײַב בין איך נאָך ניט געוואָרן, און וועל שוין קיינמאָל ניט ווערן... נאָך דעם, וואָס ס'איז מיט מיר געשען... ניין, ראַפֿי, ניין, דײַן גורל טאָר ניט זײַן געבונדן מיט מײַנעם. מײַן גורל איז געבוירן געוואָרן מיט מיר אויפֿן וואָגן, אינעם שפּעט־האַרבסטיקן וואַלד, אונטער די פֿײַערדיקע הימלען... איך בין געבוירן געוואָרן מיט אַ פֿאַרמישפּטן גורל... ראַפֿי, איך זע זיך שוין פֿונלאַנג ליגן אויף אַ באַרג טויטע קערפּערס... מײַן האַרץ שלאָגט זיך אין אַ בלוטיקן טרויער פֿון פּחד פֿאַר מײַנע יענע קינדער, פֿאַר עזריאלקען און תּנחומקען, וואָס כ'האָב זיי אָפּגעגעבן אויף די הענט פֿון וואַסיל באַיקאַ... דו זאָלסט זיי זוכן, ראַפֿי, מײַנע קינדער, אין בערעזניאַקי... און דאָס האַרץ פֿאַלט מיר דאָ אַרויס פֿאַר די צוויי קינדער, פֿאַר ירמהלען און פֿריידקען... דאָס קינד איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן אויף מײַנע הענט. זאָל עס שלאָפֿן, ס'האָט זיך גוט אָנגעוויינט... דו, ראַפֿי, דאַרפֿסט בלײַבן לעבן. אין דײַן לעבן נויטיקן זיך מענטשן. דו ראַטעוועסט מענטשן פֿון טויט, דו שטילסט זייערע לײַדן, דו ביסט אַ פּראָפֿעסאָר, אַ דאָקטאָר פֿון מעדיצינישע וויסנשאַפֿטן, אַ מענטש מיט גרויסער קולטור. דו האָסט עס דערגרייכט מיט אוממענטשלעכע שוועריקייטן, דורך יאָרן סאָלאָווקי, דורך יאָרן עלנטקייט, דורך יאָרן בענקשאַפֿט... פֿון דיר, ראַפֿי, וויל איך איצטער נאָר איינס: פֿיר אַרויס אונדזערע פֿערד און וואָגן, און העלף אונדז פֿונדאַנען אַרויספֿאָרן. מיר טאָרן דאָ מיין ניט פֿאַרבלײַבן, ווײַל אויב מיר פֿאַרהאַלטן זיך דאָ ביז טאָג, וועט מען מײַן פֿעטער מנחמען, פֿאַרן הרגענען אַ רויטן קאָמאַנדיר, מאָרגן אינדערפֿרי אויפֿהענגען, און מײַן טאָכטער, און מיך...

און ווײַטער הערט שוין ניט דער זקן, מחמת די ווענט פֿון דער

שטאָל, דער גאַנצער וואַלד ווערט פּלוצעם אויפֿגעטרייסלט אַזוי, ווי די ערד וואָלט זיך צעשפּאָלטן און צעשאָטן געוואָרן. פֿון דאָרטן הערן זיך שיסערײַען, קולות, אַ בילערײַ פֿון הינט, און אַפֿילו דורכן פֿאַרגעלטן צעלאַפּאַן פֿענצטערל אונטער דער סטעליע, שלאָגט אַ שרעקלעכע ליכטיקײַט אין שטוב אַרײַן — ס׳בושעווען שוין אַרום און אַרום פֿײַערן, און די אויפֿרײַסן פֿון סנאַריאַדן מערן זיך, און ווערן אַלץ אָפֿטער און נאָענטער.

— דײַטשן, — זאָגט רפֿאל משונה שטיל, ווי מיט אָט דעם קול זײַנעם, געוואָלט פֿאַרהאַלטן אַהער־צו, אין שטוב אַרײַן, די בהלה, דערעיקרשט די טויט־סכּנה. — טעמערל, לעש אויס דעם פֿײַער אין אויוועלע, לייג זיך אויך מיט ירמהלען אויף דער ערד, אויב די דײַטשן וועלן עפֿענען די טיר און הייסן אַרויסגיין, אָנהויבן אַפֿילו שיסן, ליגט שטיל, רירט זיך ניט פֿון אָרט. זיי וועלן אין דער פֿינצטערניש ניט אַרײַנגיין... נאָר אויב ס׳וועט אָנהייבן ברענען די שטוב, דעמאָלטן לויפֿט צום טײַך אַראָפּ, און וואַרט דאָרטן אויף מיר אין די קאמישן. בײַם ברעג איז שוין דער טײַך פֿאַרפֿרוירן.

— רפֿאל, ראַפֿי, — רעדט זי קוים אַרויס. גיי ניט, שטעל ניט אײַן דײַן לעבן!

— איך מוז, טעמערל, איך מוז גיין. איך בין דער שעף פֿונעם סאַניטאַר־אָפּטייל, ס׳איז מײַן הייליקער חובֿ!

— ראַפֿי, רפֿאל...

— טעמערל, דאָרטן ליגן שווער קראַנקע, דער קאָמדיוו... און מ׳וועט געוויס באַלד ברענגען אַהין פֿאַרוווּנדעטע, איך קאָן זיי ניט לאָזן אָן מעדיצינישער הילף. איך קאָן עס ניט טאָן! — און ער טוט אָן אויפֿן שינעל דעם רימען מיטן רעוואָלווער, און לאָזט זיך פֿון שטאָל אין דעם ווילד־קולותדיקן, אין דעם אויפֿרײַס־פֿײַערדיקן דרויסן אַרויס.

און זי, טעמערל, וואָס האָט שוין מיט אַלע אירע חושים דערפֿילט די טויט־סכּנה, ווי דער שלייף פֿון דער תּליה ווערט אַרום האַלדז פֿאַרצויגן, אַז יענע גורלדיקע שעה האָט געשלאָגן... זי, טעמערל מאַקאָווער, פֿאַרשטייט אים, רפֿאל וואַלאַך, גייט צו אים ניט אַרײַן מיט טענות און תּרעומות פֿאַרן איבערלאָזן זי איצט, אין אָט דער פֿײַערדיקער פֿינצטערניש, מיט די קינדער, מיטן זקן, איינע אַליין, און

נעמט צונויף די לעצטע כּוחות אירע, וועקט אויף דאָס אַנטשלאָפֿן געוואָרענע קינד, טוט עס וואַרעם אָן, הייסט פֿריידקען צונויפֿנעמען דאָס סאַמע נויטיקסטע צום אָנטאָן: חלילה ניט פֿאַרגעסן אַרײַנלייגן די צוויי אַלטגעבאַקענע־ברויטלעך, די דרײַ פּושקעס פֿלייש־קאָנסערוון, און ביכלל, וואָס ס'איז נאָר פֿון עסנוואַרג, אין שטוב פֿאַראַן: טוט זיך אַליין אויך אָן, דערנאָך כאַפּט זי דעם עמער וואַסער בײַ דער טיר פֿאַרגיסט דעם פֿײַער אין אויוועלע און זאָגט צום אַלטן מאַקאָווער, וואָס האָט זיך פֿון זײַן געלעגער אויפֿגעהויבן, דעם קאָלון פֿון ווינקל גענומען, און פֿאַרשטעקט אים צו זיך אונטערן שטריק־גאַרטל.

— פּעטער, אײַער האַק וועט שוין אונדז מיין ניט קאָנען ראַטעווען, ניין, איר זײַנט שוין מיט איר געגאַנגען אַריבער אײַערע כּוחות... נאָר איין גאָט אין הימל, דער גרויסער גאָט פֿון אונדזערע אָבֿות, נאָר ער קאָן אונדז דאָ קומען צו הילף... נאָר ער איינער! קומט, נעמט די זאַכן און קומט! מיר'ן גיין צום טײַך און וואַרטן דאָרטן אויף רפֿאלן אין די קאָמישן. פֿרעגט מיך ניט, קומט, פֿרעגט מיך גאָרניט ניט... קומט, ס'קאָן ווערן צו שפּעט, די שטוב קאָן דאָ באַלד אַרומגעכאַפּט ווערן מיט אַ פֿלאַם־פֿײַער!

ה.

און אַז פֿון דער שטאַל־שטוב אַרויס, און פֿון די רויט־שוואַרצע וואַרגנדיקע רויכן טיפֿער אין וואַלד אַנטלאָפֿן, געהערט ווי אַ פֿאַרווונדיקטער פֿערד קלאַפּט מיט די קאָפּעטעס אין דער דעמבענער וואַנט און שרײַט פֿון ווייטיק מיט אַ מענטשלעכן קול... ווי נאָר טיפֿער אין וואַלד אַרײַן, אַזוי האָט אַ מינע אין זייער מקום־מיקלט געטראָפֿן, און מיט אַ פֿלאַם־פֿײַער אַרומגעכאַפּט געוואָרן. דער אַלטער מאַקאָווער האָט געבענטשט גומל, און ווען צום טײַך זיך דערקליבן, מיט „קאָלון" ווערבע־צווײַגן אָנגעהאַקט, אין די קאָמישן זיי אָנגעוואָרפֿן — מ'זאָל מיט די פֿיס אויפֿן אײַז ניט שטיין.

און זיי שטייען דאָרטן, אין די פֿאַרדאַרטע קאַמישן, וואָס קרעכצן

און ברעכן זיך אויף די ווינטן, אונטער די נידעריקע סופּיאָריקע הימלען, שוין אָן דעם ריפּטל לבֿנה, שוין אונטער די שווערע כמאַרעס, וואָס הייבן שוין אָן צו שיטן מיט שנייען.

און ס׳הייבט זיך אָן צו שטעלן דער ווינטער אויף די טײַכן פֿון בבֿל... אין די שווערע וואַסערן, פֿאַרן פֿאַרפֿרוירן ווערן, ליגן די פֿיש, האַלב־שלעפֿעריקע, אין די טיפֿע ערטער. יעדער מין באַזונדער, אָפּגעטיילט פֿון די אַנדערע, נאָר זיי, די העכטן, שווימען אַרום, און שלינגען די קאָרעשלעך.

און ס׳טאָגט שוין, אויך די דעמבעס נעמען אַרויסקריכן פֿון דער פֿינצטערניש. אויף די פֿאַרשנייטע סאָסנע־צווײַגן, וויגן זיך שוין, הענגען, און קריכן מיט די פֿיס אַרויף די ניט גרויסע, די רויטלעך־גרינלעכע קליעסטן, וואָס שיילן מיט זייערע שטאַרקע שנאָבלען פֿון די געלע יאָדלע־שישקעס די זוימען אַרויס. די ווינטן פֿאַרווייען די קאַמישן מיט שניי.

— מאַמע, — האַלט שוין ירמהלע מיין ניט אויס. — מאַמע, מ׳מעג שוין רעדן?

— רעד, מײַן קינד, רעד, וואָס ווילסטו? רעד, מײַן קינד, זאָג?

— ס׳איז מיר קאַלט, מאַמע... ס׳טוען מיר שוין וויי די פֿיס; וויפֿל ווערן מיר דאָ נאָך דאַרפֿן שטיין?

— שוין ניט קיין סך, מײַן קינד, שוין אינגיכן... פֿריידקע, דו הערסט ווי סע בילן די הינט?

— מאַמע, זיי בילן דאָך שוין לאַנג, די גאַנצע נאַכט.

— און אַז סע בילן די הינט, איז וואָס? — פֿרעגט שוין מנחם. — אויף שׂריפֿות בילן תּמיד די הינט. און דאָ איז שוין אַפֿילו ניט קיין שׂריפֿה, נאָר אַ ים מיט פֿײַער. איז וואָס איז דער חידוש?

— אויף שׂריפֿות, פֿעטער, בילן זיי ניט, נאָר סקוליען, וואָיען... און די בילן.

— און וואָס פֿאַר אַ סימן, טעמערל, — פֿרעגט שוין דער אַלטער מאַקאָווער מיט שרעק. — וואָס פֿאַר אַ סימן, צי אַ צייכן, זעסטו דאָ אין דעם ווײַטן בילן פֿון די הינט? פֿאַרקערט, מיר דאַכט, אַז די היצליעס האָבן שוין דאָ זייער בלוטיקע זאַך אָפּגעטאָן. זיי גייען שוין פֿונדאַנען אַוועק. מ׳הערט שוין ניט קיין שיסערײַען, זייערע הינט בילן אין אַ

פֿאַרשאָלטענער שטילקייט.

— יאָ, פֿעטער, זיי האָבן שוין זייער בלוטיקע אַרבעט אָפּגעטאָן און קלײַבן זיך אַוועקגיין...

— דאַרפֿן מיר דאָך דאַנקען און לויבן דעם אייבערשטן! מיר וועלן דאָ אויפֿשטעלן אַ זעמליאַנקע...

— ניין, פֿעטער, מיר וועלן שוין דאָ גאָרניט ניט אויפֿשטעלן, די דײַטשן גייען אַהער־צו... זיי גייען אַהער מיט די הינט... פֿרעגט מיך ניט, פֿרעגט מיך מיין גאָרניט. — און אין אַ רגע אַרום, אָנבויגנדיק דעם קאָפּ אויף אַ זײַט, ווי צוגעלייגט דעם אויער צום ערשטן ווײַס־ווינטערדיקן פֿרימאָרגן, צוגעגעבן: — ראַפֿי לעבט, רפֿאל לעבט... נאָר ער גייט אַהער מיט זיי... ניין, וואַרט, וואַרט!..

און איר פּנים ווערט מיט אַ מאָל אויסגעלײַטערט, די אויגן ווערן איר ברייטער און פֿון די שוואַרצאַפּל־טיפֿענישן שלאָגט אַרויס אַ קוואַל ליכטיקע פֿרייד, וואָס אין די לעצטע יאָרן שוין אַזאַ פֿרייד אין אירע אויגן ניט געזען.

— וואַרט, וואַרט... מורמלט זי. — ער גייט אויך אַהער־צו, ער גייט, ראַפֿי... ער גייט!

און הגם ס'איז נאָך אין ערגעץ אויף שניי קיין מענטשלעכער שאָטן ניטאָ, מ'הערט נאָר פֿון דער ווײַטנס הינט בילן, דאָך לויפֿט זי פֿון די קאָמישן אַרויס, און לאָזט זיך גיין אויף רעכטס, באַרג אַרויף... און אַפֿילו דעמאָלט, אַז דאָס קינד, ירמהלע, הייבט אָן איר נאָכלויפֿן מיטן פֿאַרצווייפֿלטן געשריי:

— מאַ־מע־לע! מאַמע!

אויך דעמאָלטן שטעלט זי זיך ניט אָפּ, און פֿאַרפֿאַמעלעכט ניט איר גאַנג. פֿרעגט דאָ פֿלוצעם פֿריידקע, אַ צעטומלט־פֿאַרלוירענע, בײַם אַלטן מאַקאָווער, וואָס האָט אויפֿגעהערט צו קלאַפּן אַ פֿוס אין אַ פֿוס, ווי פֿון איר טעמערלס, לאָזן זיך אַנטקעגן די דײַטשן גיין, וואָלט אים דאָ אַ היץ באַשלאָגן.

— זיידע — פֿרעגט אים דאָ פֿלוצלינג פֿריידקע. — זיידע, טײַערער, האַרציקער מײַנער, זאָג מיר, האָט די מאַמע ליב דעם פּראָפֿעסאָר מערער און שטאַרקער פֿון מיך?

— ניין, — פֿאַרטראַכט זיך אַפֿילו ניט דער זקן. — ניין, ס'איז ניט צום

פֿאַרגלײַכן. אַז זי האָט אים ליב, דעם פּראָפֿעסאָר, מיט איר גאַנצער גרויסער נשמה, אין דעם קאָן קיין ספֿק ניט זײַן. זי איז גרייט פֿאַר אים אָפּגעבן איר לעבן, אָבער איר כּבֿוד פֿאַר אים, וועט זי ניט אָפּגעבן... דאָס ניט! און פֿאַר דיר, פֿריידעלע, און פֿאַר דיר האָט זי זיך געלאָזט פֿאַלן... פֿאַר דיר האָט זי אָפּגעגעבן איר ריינקייט דער טומאה. איר טהרה, איר קדושה... איר ליבשאַפֿט צו דיר, פֿריידעלע, איז אַ העכערע, דאָס איז ליבשאַפֿט פֿונעם מיזבח הקודש, פֿונעם קדשי־קדשים! פֿאַר אָט דער ליבשאַפֿט, פֿריידעלע, איז נאָך גאָר קיין מענטשלעכער לשון ניטאָ! אָן־אָ, זעסט, גייען זיי, די דײַטשן... קום, ניטאָ שוין וואָס צו שטיין... קום, ניטאָ שוין וואָס צו שטיין דאָ בײַם טײַך, ווו די קעלט איז נאָך גרעסער, קום, קום, פֿריידעלע, מ׳דאַרף אויך צום טויט גיין מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, מיט גרויסער מענטשלעכער ווירדע, דער שונא זאָל דערפֿילן דײַן העכערקייט, דײַן גײַסטיקע גבֿורה, און ער זײַן נידעריקייט און געמיינקייט, זײַן פֿאַרדאָרבנקייט, מיאוסקייט און גײַסטיקע צעפֿוילטקייט... קום!

און זיי, פֿריידקע מיטן זיידן, און שפּעטער אויך ער, ירמהלע, וואָס האָט די מאַמע ניט געקאָנט דעריאָגן און איז אין מיטן וועג צו איר פֿאַרלוירן געבליבן שטיין, און מנחם האָט דאָס אייניקל אויף די הענט גענומען, און אַלע דרײַ האָבן זיך אויך אַהין־צו, אויף רעכטס, אויפֿן באַרג אויפֿגעהויבן, ווו פֿון דער נידער, ווי פֿון אונטער דער ערד, גייט אויף אַ רויטע, אַ גרויסע, אַ קײַלעכדיקע זון, און די שנייען נעמען שפּריצן מיט פֿײַערדיקע פֿונקען אין די אויגן אַרײַן. צווישן די גרין־פֿאַרשנייטע יאָדלעס פֿין־פֿינקעט שוין זייער אויפֿגעלייגט אַ בלויערל.

— סאַראַ שיינקייט, — זאָגט מיט התפּעלות דער אַלטער מאַקאָווער, וואָס אין אַזאַ פֿרימאָרגן פֿלעג ער, דער טשערנאָביליער חסיד, שטיין בײַ זיך אין שטוב, בײַם פֿענצטער אין אַלקערל, מיטן פּנים צו דער אויפֿגייענדיקער יונג־ווינטערדיקער זון איבערן אָנגעשנייטן סטעפּ, קלאַפּן מיט די פֿינגער אין טאַפּליע און זינגען: ממזרח שמש עד מבֿואו מהלל שם ד׳... — סאַראַ שיינקייט, זעט נאָר קינדער, זעט נאָר סאַראַ שיינקייט! ירמהלע, איך מוז דיך אַראָפּלאָזן פֿון די הענט, ניטאָ שוין מײַנע כּוחות... אַ פּנים אַז זייערע הינט האָבן אונדז דערזען און זיך נאָך שטאַרקער צעבילט. די דײַטשן זאָלן זיי כאָטש ניט אָנרייצן אויף אונדז.

קום, פֿרײדעלע, קום, װאָס ביסטו אַזױ שטײן געבליבן, װאָס האָסטו דאָרטן פּלוצלינג אַזױנס דערזען?

און זי, פֿרײדקע, איז טאַקע פֿאַרשטאַרט און פֿאַרשטײנערט געװאָרן: די מאַמע איז שױן גאָר ניט צו פֿאַרשטײן. ערשט ניט לאַנג, נאָכן אומקערן זיך פֿונעם װאַלד, נאָכן ראַטעװען זי, פֿרײדקען פֿון יענעם בורמילע, נאָכן אַרױסרײַסן זי פֿון יענעמס הענט און פֿאַרבלײַבן מיט אים דאָרטן, אונטערן דעמב... נאָכן אומקערן זיך אין שטאַל אַרײַן, זיצנדיק מיט אים, מיט „ראַפֿין" בײַם פֿלאַקערנדיקן אױװעלע, האָט זי דאָך אים געזאָגט: „דײַן װײַב װעל איך שױן קײן מאָל ניט װערן"... און פּלוצעם דערזעט זי דאָ, פֿרײדקע, װי די מאַמע אירע איז צו אים, צום פּראָפֿעסאָר, װאָס שטײט צװישן צװײ דײַטשן און האַלטן קױם אײַן די בילנדיקע הינט אױף די קײטן; זי, די מאַמע אירע, איז צוגעלאָפֿן צו אים, צו רפֿאלן װאַלאַך, מיט בײדע הענט אַרומגענומען און צוגעפֿאַלן צו אים... האָט דאָ װידער זי אַרומגעכאַפּט, פֿרײדקען, יענער פֿאַרדראָס און באַלײדיקונג פֿאַר איר טאַטן, װאָס װעט קײן מאָל פֿון איר לעבן ניט אַרױסגײן, תּמיד הערן זײַן קרעכצטיק־מילדן קול, פֿילן איר האַנט אין זײַנער, װי בשעתן פֿירן זי קלײנערהײט, אַלע פֿרימאָרגנס, אין שול אַרײַן... ער, איר טאַטע, מיטן שײנעם נאָמען שאול, ער ליגט ערגעץ דאָרטן, אױפֿן װײַטסטן צפֿון, אין דער אײביק פֿאַרפֿרױרענער ערד.

און אױך ער, דער אַלטער מאַקאָװער, װאָס זוכט און געפֿינט כּסדר אַ זכות אױף איר, אױף טעמערלען, אױך ער בלײַבט דאָ שטײן, קוקט אױף אַהין־צו, װוּהין אירע, פֿרײדקעס אױגן, זײַנען געװענדט, און הגם די זון, און די שניי־בליצן, שלאָגן אים אין די אױגן אַרײַן, דאָך דערזעט ער מיט זײַן שװאַכער, דערצו נאָך פֿאַרבלענדטער ראיה, װי זײַן געװעזענע שנור, די מאַמע פֿון זײַן זונס, פֿון שאולס קינדער, װי זי, טעמערל, הענגט ממש אױף יענעמס האַלדז... פֿאַרקלעמט אים אױך, דעם זקן, דאָס האַרץ ביז װײטיק.

— זײדע, פֿרײדקע, קומט, — בעט זיך בײַ זײ ירמהלע. — װאָס זײַנט איר דאָ געבליבן שטײן? קומט.

— באַלד, ירמהלע, — זאָגט מנחם. — באַלד װעלן מיר גײן.

און צו איר, צו פֿרײדקען:

— איך פֿאַרשטיי דיך, הוי, ווי איך פֿאַרשטיי דיך, פֿריידעלע, אויך מײַן האַרץ גייט אָפּ ניט מיט בלוט, נאָר מיט טרויער... דײַן טאַטן, מײַן זון, שאולן, האָט דער שוואַרצער שׂטן המשחית, דער רוח הטמאה, דער קאַווקאַזער שפּאַרבער, געהרגעט... פֿאַר וואָס? אַוודאי איז אונדזער ווייטיק גרויס, אין לשער, ביז צו די הימלען שרײַען... אָבער וואָס איז זי דאָ, די מאַמע דײַנע, שולדיק? האָט זי זיך דען קאַרג פֿון דעם אָנגעליטן און אָנגעווייטיקט? פֿינעף יאָר געהאָפּט און געוואַרט... געלאָפֿן אין מאָסקווע זיך עפּעס־וואָס פֿון אים, פֿון שאולן, דערוויסן, ווײַל אין איינער אַ נאַכט דערזען אים, שאולן, ליגן אויף אַ באַרג מתים, אויף געלע שאַרבנס אוןביינער... און גראָד דעמאָלטן, אויף איר וועג קיין מאָסקווע, געטראָפֿן זיך מיט אים, מיטן רבֿס איניקל... איז דאָס גורל! אַ באַשערטע זאַך!

— זיידע, קום, איך וויל צו דער מאַמען.

— מיר גייען שוין, ירמהלע, מיר גייען שוין! האַ, דו זאָגסט עפּעס, פֿריידעלע?

— זיידע מײַנער, ליבער און האַרציקער, מיטן געדאַנק קאָן איך דאָס אויפֿנעמען, אָבער מיטן האַרצן...

— קום, פֿריידעלע, קום, די דײַטשן קאָנען אָפּלאָזן און אָנרייצן אויף אונדז זייערע הינט, די וועלף! דײַן מאַמע טאָר מען ניט מישפּטן. זי האָט שוין אויך זיך געזען ליגן אויף אַ באַרג מתים... פֿאַר דײַן מאַמע איז שוין קיין פּחד פֿאַרן טויט ניטאָ. זי האָט שוין אַריבערגעשפּאַנט דעם פּחד! איר, וואָס אַ גאַנץ לעבן האָט זיך געדאַכט, אַז אָט פֿאַלן אויף איר אָן די רוצחים, זי, וואָס האָט געטראָגן אַלע אירע יאָרן, פֿון קליינערהייט, דעם פּחד פֿון טויט אין אירע ביינער... און אַז די רוצחים זײַנען שוין אָנגעפֿאַלן, איז זי אָן שום שרעק געלאָפֿן צום לאַגער, צו די דײַטשן, געפֿינען דאָרטן רפֿאלן... פֿאַר איר איז שוין קיין פּחד פֿאַרן טויט ניטאָ! פֿאַר איר איז פֿאַראַן אין דער וועלט נאָר ליבע, ליבשאַפֿט, מסירת נפֿש. דו זעסט, פֿריידעלע, אַפֿילו אָ די אויסוואָרפֿן, די דײַטשן, זײַנען צעטומלט געוואָרן, געבליבן שטיין פֿאַר אַזאַ איבערגעגעבנקייט, פֿאַר אַזאַ ליבע... גוט, ירמהלע, כ׳וועל דיך נעמען אויף די הענט. דו האָסט מורא פֿאַר די הינט?

— ניין, זיידע, ניט פֿאַר די הינט האָב איך מורא, נאָר פֿאַר די

דײַטשן... זיי הרגענען דאָך, זאָגן אַלע, אויך קינדער, די מאַמעס מיט די קינדער... פֿאַרוואָס, זיידע, הרגענען זיי אונדז? איך וויל לעבן... איך וויל אַז מײַן מאַמע זאָל לעבן, אַז דו זאָלסט לעבן, אַז פֿריידקע זאָל לעבן. פֿאַרוואָס זיידע, הרגענען זיי אונדז? און ווו זײַנען מײַנע ברידערלעך, תּנחומקע און עזריאלקע, ווו זײַנען זיי?

און דער זיידע ענטפֿערט ניט, נעמט אים מיט אַ שווערן קרעכץ אויף די הענט, און לאָזט זיך מיט אים גיין. און דאָ טוט ער פּלוצעם אַ פֿרעג, ירמהלע, בײַ פֿריידקען:

— און דו ביסט מקנא דער מאַמען?

— איך? — פֿרעגט זי דערשראָקן. — איך בין מקנא דער מאַמען?

נאָר אין איר דערשראָקענעם קול דערפֿילט אָבער דער זקן, אַז דאָס קינד האָט דאָ נאָרוואָס נאָך איין גרויסן אמת געזאָגט. פֿון איר, פֿון פֿריידקען, רעדט אויך אַרויס אַ ווײַטע, אַ טיפֿע קינאה, אין וועלכע זי אַליין, פֿריידקע, וועט ניט קאָנען אין דעם זיך מודה זײַן. פֿון דער טאָכטערס נשמה שלאָגט אַרויס די גרויסע ליבשאַפֿט, אָבער אויך אַ טיף־פֿאַרבאָרגענע קינאה צו דער מאַמען... ליבשאַפֿט און קינאה גייען אָפֿט צוזאַמען, אויף ניט צעשיידן זיי.

— זיידע, קום גיכער, — און נעמט שרײַען: — מאַמע! מאַמע!

און טעמערל, ווי נאָר ירמהלעס קול דערהערט, אַזוי ווערט זי דאָרטן מיט אַ מאָל אויסגעניכטערט, און דערצו נאָך האָט רפֿאל זי פּלוצעם פֿון זיך אָפּגעשטויסן, ווײַל דערזען ווי די צוויי באַגלייטערס זײַנע, די צוויי דײַטשן, וואָס זײַנען אַזוי ענלעך איינער אויפֿן צווייטן, ווי אַ צווילינג, בײַביידן נידעריקע שטערנס מיט גרוי־וואַסערדיקע אויגן,ביידע מיט וואָנצעלעך, אין לאַנגע שינעלן מיט שוואַרצע פּאַגאָנעס, מיט גרויסע טויט־שאַרבנס אויף די היטלען, זיי, די ס.ס.־לײַט, האָבן די אויטאָמאַטן־ביקסן אָנגעשטעלט אויף פֿריידקען, אויפֿן אַלטן, וואָס מיט דעם זאַק אויף די פּלייצעס און מיטן קינד אויף די הענט, שוין גרייט געוועזן צו שיסן... נאָר דער פּראָפֿעסאָר וואַלאַך האָט זיך דאָ פֿאַר זייערע ביקסן געשטעלט און זייער רויִק, די צוויי פֿאַרשוינען, די ראַסן־זכרים, דערמאָנט, אַז זייער אויבערלויטענאַנט האָט דאָך זיי באַפֿוילן צו ברענגען אים, דעם פּראָפֿעסאָר, און אויך די פֿרוי זײַנע מיט די צוויי קינדער, און אויך דעם אַלטן פֿאָטער, צום געביטס־קאָמיסאַר, צום

מאַיאָר, לעבעדיקע און ניט געשעדיקטע.

— יאַ וואָל, הער פּראָפעסאָר... באַפעל איזט באַפעל!

— יאַ וואָל... זאָגט אויך דער צווייטער, נאָר מיט אַ קרומען שמייכל.

— יאַ וואָל, הער אָבערסט דער ראָטער אַרמיי... באַפעל איזט באַפעל! און שוין שטיל, און פאַרשטעלט, נאָר דער פּראָפעסאָר וואַלאַך כאַפּט אויף דעם מיין: די ייִדן וועלן זייער טויט האָבן דאָרטן... — און ווידער אויף אַ קול: יאַ, הער אָבערסט, דער אומבאַזיגטער ראָטער אַרמיי...

— נו, — זאָגט שוין דער פּראָפעסאָר, און אויך מיט אַ קרומען שמייכל. — ווער אין אָט דער קריג וועט דער זיגער זײַן, דאָס איז נאָך ווײַט ניט קלאָר.

— וואַרום? וואַרום ניכט?

— די שלאַכטפעלדער פון דער רויטער אַ״מיי ליגן נאָך ניט בײַ היטלערס פיס...

— שווײַגן! — און כאַפּט פון דער אָפענער קאַבורע אַרויס דעם פּאַראַבעלום.

— לאָז מאַל, פריץ, באַפעל איזט באַפעל! — און הייסט זיי גיין פאָרויס.

און זיי גייען, די פינעף אירע, איבערן אָנגעשנייטן, פון די ווינטן אײַנגעשטילטן, בלענד־ווײַסן וואַלד, ווייסן ניט וווּהין און ווי ווײַט וועט דער גאַנג זייערער זײַן. ירמהלע שפּאַנט שוין לעם דער מאַמען, האַלט זי שטאַרק, מיט אַלע זײַנע כּוחות, פאַר דער האַנט, זי זאָל פון אים שוין אין ערגעץ ניט אַוועקגיין... און זי, טעמערל מאַקאָווער, וואָס האָט זיך מיט אַ מאָל ווידער דאָ דערזען אויף אַ באַרג מתים ליגן... די רוצחים, וואָס פון קליינערהייט הינטער אירע פּלייצעס געפילט, זיי, יענע רוצחים, גייען דאָך שוין טאַקע, און מיט די אָנגעצילטע ביקסן אין די הענט, ניט נאָר הינטער אירע, נאָר אויך הינטער די קינדערס, און אויך הינטער די פּלייצעס פון איר גרויסן פעטער מנחמען, און אויך הינטער זײַנע, ראַפּיס, פּלייצע... זייערע אַלעמענס לעבן הענגט שוין אויף אַ האָר, צאַפּלט אין די הענט פון די מערדער.

און וואָס קלאָרער און ממשותדיקער זי זעט זיך אויף דעם באַרג מתים ליגן, אַלץ אַ גרעסערע שיינקייט און פּראַכט, ווונדער און כּישוף, רייץ און חן פאַרכאַפּט איר נשמה, אַלץ שטאַרקער נעמט שלאָגן אין

איר דער דאָרשט נאָך פֿרייד, נאָך לעבן... לעבן... לעבן... זי קאָן גאָר איר אויג ניט אָפּרײַסן פֿון דער זון, וואָס הייבט זיך אַלץ העכער אַרויף, אין די לויטער־אויסגעבלויטע הימלען, ממש פֿרילינגדיקע, און אונטער זיי, אונטער אָט די גאָטס הימלען, פֿינקלען און שפּילן די יונגע שנייען מיט אַלע קאָלירן, פֿון די אייביק־גרינע יאָדלעס ווייעט נאָך מיט זשיוויצע, און אין די פֿאַרשנייטע קוסטעס פּיפּן די שטשעגליקעס, און אויך דער גאַנצער וואַלד זינגט שוין זײַן ווינטער־ליד...

און דאָ, אַ פֿאַרשיכורטע פֿון אָט דער אַרומיקער שיינקייט, דאָ באַפֿאַלט זי, ניט ווילנדיק, יענער שרעקלעכער געדאַנק: און באַלד, און אין איין סעקונדע, אין אַ פּינטל פֿון אַן אויג, וועט אָט די שיינקייט מיט אַ מאָל אויסגעלאָשן ווערן, די שניי־בליצן וועלן פֿאַרשווינדן, און אָט די קײַלעכדיקע גרויסע זון, ווי מיט קליוקוועזאַפּט אָפּגעגאָסן, וועט אַרײַנפֿאַלן אין אַ שוואַרצקייט, אין אַ תּהום, ווו ס'איז גאָר קיין דנאָ ניטאָ.

— מאַמע, וווּהין טרײַבן זיי אונדז?

— איך ווייס ניט מײַן קינד, איך ווייס ניט, ירמהלע, איך ווייס ניט.

— מאַמע, איך האָב מורא...

— קום, ירמהלע, — נעמט אים רפֿאל וואַלאַך צו זיך אויף די הענט.

— איך וועל דיר פֿאַרענדיקן דאָס מעשׂהלע וועגן דעם ייִדן מיט דער לאַנגער ווײַסער באָרד און די צוועלף גזלנים...

נאָר זי הערט ניט וואָס ער דערציילט דאָרטן ירמהלען אויפֿן אויער וועגן דעם ייִדן מיט דער לאַנגער ווײַסער באָרד און די צוועלעף גזלנים, און טוט אים דאָ פּלוצעם, קוים צו הערן זי, אַ פֿרעג:

— ראַפֿי, די רוצחים האָט אַהער־צו געבראַכט יענער, דער אַבדול, וואָס האָט דאָ געלעבט מיט זײַן ווײַטן מידבר־ניגון?

— יאָ, טעמערל, ער, אַבדול! פֿון וואַנען ווייסטו דאָס?

— ווי נאָר מ'האָט דיך אין יענער נאַכט פֿון וואָגן אַראָפּגענומען, דיך אויפֿן פֿערד אַוועקגעפֿירט, און אונדז איבערגעלאָזט מיטן מידבר־מענטש, וואָס האָט געהאַלטן אין איין ציִען זײַן פֿאַרבענקטן ניגון, אַזוי האָב איך שוין דעמאָלטן גלײַך דערפֿילט, אַז אָט דער מענטש מיט דער גרויסער בענקשאַפֿט נאָך זײַן ווײַטער היים, וועט אויף אונדז ברענגען דעם גרויסן אומגליק.

— יאָ, טעמערל, אָט דער אַבדול האָט זיי אַהער געבראַכט. ער האָט אָבער דערפֿאַר באַצאָלט מיט זײַן לעבן. איך האָב אים געזען זיך וואַלגערן אַ טויטן.

— אַפֿנים, — זאָגט שוין טעמערל, ווי פֿאַר זיך אַליין. — אַפֿנים, אַז ווער ס׳וויל אויף אומשולדיק בלוט בויען זײַן גליק, יענער איז פֿאַרמשפּט צו אומקומען... דאָס איז די גערעכטע שטראָף פֿון גאָט! ראַפֿי, און דעם גענעראַל, אָן די פֿיס, האָט מען אַרויסגעפֿירט?

— ניין, טעמערל, ניט אַרויסגעפֿירט. מ׳האָט אים מיט די צעווונדיקטע פֿיס ניט געקאָנט פֿונדאַנען אַרויספֿירן. ער האָט...

— און דו, ראַפֿי, — שלאָגט זי אים איבער. — דו האָסט דאָך געקאָנט אַוועקגיין מיט זיי, מיט די פּאַרטיזאַנער!

— דער קאָמאַנדיר האָט באַפֿוילן אָפּטרעטן, — רעדט רפֿאל וואַלאַך ווײַטער, ווי טעמערלס רייד ניט געהערט... — באַפֿוילן אַוועקגיין טיפֿער אין די וועלדער אַרײַן... און זיך אַליין גענומען דאָס לעבן. ניט געוואָלט אַרײַנפֿאַלן אַ לעבעדיקער אין זייערע הענט.

— ראַפֿי, דו ביסט דאָך צוליב מיר געבליבן? דאָס הייסט אויך נעמען זיך אַליין דאָס לעבן... ראַפֿי, מ׳טאָר זיך אַליין דאָס לעבן ניט נעמען. יעדער רגע לעבן איז הייליק... מ׳דאַרף מיטן גאַנצן האַרצן דאַנקען דעם וואָס לעבט אייביק פֿאַר יעדער רגע לעבן, פֿאַר יעדער שטראַל פֿון דער זון, וואָס שײַנט אָפּ פֿונעם שניי אין די אויגן, מ׳דאַרף בענטשן יעדער פֿייגעלע פֿאַרן פֿײַף אין די פֿאַרשנייטע קוסטעס... מ׳טאָר זיך אַליין דאָס לעבן ניט נעמען, מ׳טאָר זיי ניט מיטהעלפֿן... מ׳טאָר ניט!

— שווײַגען! שנעל, שנעל, שטינקענדע יודען! שטילשווײַגען!

— אַן עבֿירה, — זאָגט דער אַלטער מנחם מאַקאָווער אויף אַ קול — אַן עבֿירה, וואָס איך האָב דאָ ניט מײַן קאָלון... איבערגעלאָזט אין די קאַמישן.

## ו.

און דערנאָך פֿירט מען זיי שוין ווײַטער מיטן וואַלד אויף אַן

אָפּענער לאַסטמאַשין, ווו ס'ליגן אין ווײַסנס אײַנגעוויקלט די פּיר טויטע עסעסאָווצעס, די פּיר דערהרגעטע אין דעם פאַרביטערט־קורצן שלאַכט מיט די פּאַרטיזאַנער. יענע, די פאַרווונדיקטע ס.ס.־לײַט, צווישן זיי דער אויבערלייטענאַנט, ווען דער פּראָפעסאָר וואַלאַך האָט זיי דאָרטן די ערשטע הילף געגעבן, יענע האָט מען אין אַ פאַר־מאַכטער סאַניטאַר־מאַשין, מיטן צייכן פון רויטן קרייץ, אָפּגעפירט.

און טעמערל מאַקאָווער, מיט ברייט־צעעפנטע אויגן, קוקט אין דער ווײַסער זון אַרײַן, ווי זיך געזעגנט מיט איר, ווי צום לעצטן מאָל זי, די זון, געזען... פילט ניט ווי די לאַסטמאַשין שטייט אָפּ צו, די רעדער דרייען זיך אין די שנייען, פון אָרט אָבער רירן זיי זיך ניט. זי קוקט, טעמערל, צו איר, צו דער איבערן וואַלד נידעריק־שטייענדיקער ווײַסער זון, וואָס ס'גייט פון איר ניט קיין וואַרעמקייט, און אויך ניט קיין גרויסע ליכט, אָפּט ווערט זי, אָט די זון, גאָר פאַרפּאַלן, און שנייען נעמען פאַרשיטן די לעצטע קאָלירן פון די קאַלטע ראַבינע־שײַטערס. פון דער ווײַסער ערד ביז צו די בלאָווע, פּראָסטיקע הימלען, שטייט אַ גרויסע שווערע שטילקייט, ווי זי וואָלט געגאַנגען, אָט די אימהדיקע, ניט ערדישע שטילקייט, פון זיי, פון די פּיר טויטע, וואָס וויגן אין דער מאַשין זייערע קעפּ, ווי געזאָגט זיי, די מאַקאָווער: „איר וועט שוין פאַר אונדזער טויט באַצאָלן".

— מאַמע, — טוליעט זיך צו איר שטאַרקער דאָס קינד. — מאַמע, וווּהין פירט מען אונדז מיט די טויטע?

— פרעג מיך ניט, ירמהלע, פרעג מיך ניט, שווײַג!

— זיידע, — טוט דאָ פריידקע פלוצים אַ פרעג. — זיידע, צוליב וואָס האָסטו נאָך פאַררוקט אין זאַק אַרײַן מײַן פידל, ווו און ווען וועל איך שוין אויף איר קאָנען שפּילן? דעם פידל, זיידע, דאַרף מען אַרויסוואַרפן... נאָך אַן אויסוואָרף קאָן מיך רופן שפּילן...

— קיין שום אויסוואָרף וועט דיך ניט רופן, — זאָגט דאָ טעמערל. — און אויפן פידל, טאָכטער, וועסטו שפּילן. דעם פידל האָב איך געבעטן דעם זיידן מיטנעמען.

— מאַמע!

— שווײַג, פריידקע, דער „שוואַרצער שאַרבן" האָט געעפנט דאָס טירל פון דער קאַבינע און שטעלט זיך אויפן טרעפל... שווײַג, טאָכטער

מײַנע, שווײַג! אַז דער גורל שרײַט, דאַרף מען שווײַגן!

און צו פֿאַרנאַכט צו, שוין מיט די שטאַרקע בלאָו־פּראָסטיקע ווינטן, שוין נאָכן טאָג אין דער אָפֿענער לאַסטמאַשין, ווו די פּיר טויטע, אינעם ווײַסן אײַנגעוויקלט, וויגן און טרייסלען זיך אויף די געגריבלט־און געבערגלטע וואַלד־ און פֿעלדוועגן, רוקן זיך אַלע מאָל פֿון זייערע ערטער אַראָפּ און וואַלגערן זיך ממש אויף די מאַקאָווערס אַרויף, דעם פּראָפֿעסאָר וואַלאַך קומט אויס מיט זײַנע פֿיס די טויטע קערפּערס צו פֿאַרהאַלטן, און קריק אויף זייערע ערטער זיי אָפּשטופּן... נאָך יענעם טאָג, מיט קעלט און טרויער דורכגענומענע, אויפֿגערעגט און פֿאַרמאַטערטע, ביז צו די טיפֿענישן פֿון דער נשמה אויפֿגעצאָרנטע, דאָס קינד, ירמהלע, האַלט ניט אויס דעם שווײַגן און טוט ווידער אַ פֿרעג:

— מאַמע, זאָג מיר, וווהין פֿירן זיי אונדז מיט די טויטע? מאַמע, נאָכדעם, אַז מ׳שיסט דיך שוין, טוט שוין ניט וויי?

— ניין, ירמהלע, ניין, מײַן קינד, ס׳טוט שוין ניט וויי...

און צו פֿאַרנאַכט צו, גאָר אומגעריכט, בײַם אַרויספֿאָרן פֿון בערעזעוון וואַלד, בלײַבט די לאַסטמאַשין פֿאַר יענער סטאַנציע שטיין, ווו צוריק מיט אַ פּאָר טעג האָבן די פּאַרטיזאַנער אויפֿגעריסן די צוויי דײַטשישע עשאַלאָנען מיט סאָלדאַטן, טאַנקען, האַרמאַטן: אײַזנבאַן רעלסן זײַנען נאָך אין דער לופֿטן געווען אויפֿגעהויבן און אַרום האָבן זיך געוואַלגערט צעבראָכענע קאַסטנס מיט ווײַסע פּוטערנע הענטשיקעס און דער עיקר, זיי האָבן געזען, די מאַקאָווערס, ווי אַ הונט איז פֿאַרבײַגעלאָפֿן מיט אַ האַנט אין די ציינער, און אויפֿן אַרבל איז דער האַקנקרײַץ פֿאַרבלוטיקט געווען.

און באַלד האָבן דרײַ פּאָליציאַנטן, אָנגעפּעלצטע און אָנגעזויפּטע, געהייסן זיי, די מאַקאָווערס, פֿון דער מאַשין שפּרינגען, און דעם אַלטן מנחמען, וואָס האָט זיך אויף די פֿאַרזעסן־פֿאַרקליאַקנעטע פֿיס ניט געקאָנט שטעלן, האָבן זיי, אָט די אוקראַינישע היטלער־משרתים, מיט די שטעקנס גענומען שלאָגן... דערנאָך דורכן וואָקזאַלעכל געטריבן, געחוזקט און געוואָרנט: אויב מ׳וועט זיי נאָך אַ מאָל זען אָן דעם זעקסעקיקן שטערן אויפֿן אַרבל און רוקן, וועט מען אויפֿן אָרט געשאָסן ווערן... און זיי אַרײַנגעפּירט אין אַ קליין צימערל, ווו דאָס פֿענצטערל

איז הינטער אײַזערנע גראַטעס, אַ צעמענטענער דיל, אָן אַ טיש, אָן אַ בענקל, אָן אַ באַנק און בעטל, פֿײַכטע זיך־שײלנדיקע װענט... און אַז זי, טעמערל, בעט בײַ די דרײַ אַ ביסל װאַסער ברענגען, צעלאַכן זײ זיך:

— װאַסער װילסטו, זשידאָװקאַ, זאָג אַ דאַנק, װאָס מ׳לאָזט אײַך דאָ כאַפּן פֿרישע לופֿט! — און אײנער זעצט אױס מיטן שטעקן דאָס טאַפּליעלע פֿון פֿענצטערל, און גײען אַלע דרײַ גלײַך אַרױס. מ׳הערט נאָר װי זײ הענגען אױף און פֿאַרשליסן אַ שלאָס אױף דער טיר.

און דאָ, אַז שױן פֿאַרשפּאַרטע, אַרױסגעריסענע און פֿון דער װעלט אָפּגעזונדערטע, הינטער אײַזערנע קראַטעס פֿאַרבליבן, נעמען זוכן מיט װאָס צו פֿאַרשטעלן פֿון די פּראָסטיקע װיכער־װינטן דאָס צעבראָכן פֿענצטערל, דאָ ברענגען זײ, אָט די װינטן, װײַטע װײגעשרײען פֿון װײַבער און קינדער, װאָס שטעלן אָפּ די בלוטן אין די אָדערן.

בלײַבן זײ פֿאַרגליװערט שטײן, קוקן זיך נאָר איבער, און ירמהלע בעט נאָך אַלץ: — מאַמע, גיב מיר אַ קאַפּעלע װאַסער, מאַמע! — און מיט יעדער רגע דערנעענטערן זײ זיך, יענע װײגעקלאָגן און געיאָמערן, און װערן אַלץ העכער און שטאַרקער... זײ װערן װאָס װײַטער, אָט די געװײנען, אָט די יללה־קולות, ניט איבערצוטראָגן, מ׳װעט זיך פֿון זײ באַלד רירן פֿון זינען.

און די ערשטע טוט זיך צום פֿענצטערל אַ װאָרף זי, טעמערל, און בלײַבט דאָרטן גלײַך פֿאַרשטאַרט, װי פֿון די אַנטקעגנשלאָגנדיקע װיכער־װינטן פֿאַרקילט געװאָרן: פֿאַרבײַ דעם בערעזעװון װעלדל, איבער די טיפֿע פֿעלד־שנײען, טרײַבן זײ, די דײַטשן און פּאָליצײען און בילנדיקע הינט אױף די קײטן, צום זיך־שװאַרצנדיקן װאַלד, ניט איבערצוצײלן, מיטן אױג ניט אַרומצוכאַפּן, זקנים און זקנות, מאַמעס מיט עופֿעלעך אױף די הענט און עלטערע קינדער קלעמען זיך אין זײערע קלײדלעך. אַ סך גײען באָרװעס, האַלב נאַקעט, פֿאַלן אין די שנײען אַרײַן... און ס׳דערהערט זיך תּיכף אַ שאָס: דער געפֿאַלענער װערט געהרגעט. און פֿון די שױן ניט־ערדישע יללה־קולות, הערן זיך פֿאָרט אַרױס:

— ייִדן, זײ טרײַבן דאָך אונדז צו די גריבער!

— ייִדן, זײ טרײַבן אונדז מיט די קינדער צום טױט!

און אַ זקן שרײַט מיט זײַנע לעצטע כּוחות:

— גאָט, גרויסער גאָט, אונדזער איינציקער, גיס אויס אויף זיי דײַן צאָרן... לעש אויס פֿאַר זיי די זון... — און ער פֿאַלט דער זקן, און ס׳דערהערט זיך נאָך אַ שאָס... און נאָך אַ שאָס... און נאָך אַ שאָס... — ס׳פֿאַלן אין די שנייען מאַמעס מיט די עופֿעלעך אויף די הענט, און דער שניי ווערט רויט, ווי די זון, וואָס לאָזט זיך פֿון הימל צו יענע גריבער אַראָפּ.

און מ׳יאָגט זיי, די ייִדן, מיט געפֿײַף און הינט־געביל, קינד און קייט, איבערן טיף אָנגעשנייטן פֿעלד, וואָס ווערט פֿון די געפֿאַלענע און אויפֿן אָרט געשאָסענע, אַלץ בלוטיק־רויטער, און קעגן דער שקיעה־זון — פּורפּל־פֿלאַמיקער... זיי גייען, די ייִדן, ווײַל מ׳קאָן ניט און מ׳וויל זיך נאָך אַלץ ניט גלייבן, אַז די דײַטשן און די שכנים זייערע, די אוקראַינער, יאָגן זיי, די אומשולדיקע און אומבאַהאָלפֿענע, צום טויט... מיט די ווײַבער און קינדער... מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס, מיט זייערע זיידעס און באָבעס, און מיט זייער הונדערטיאָריקן רבין, דעם צדיק און גאון, וואָס די צוויי זין און פֿיר אייניקלעך טראָגן אים אויף אַ קישן... נאָר אַז פֿון דאָרטן, פֿון די גריבער, דערטראָגן צו זיי די ווינטן דאָס געדיכטע שיסערײַ פֿון קוילנוואַרפֿערס, דעמאָלטן ברעכט שוין דאָ אויס, אין פֿעלד, אַזאַ גוואַלדגעשריי, ווי ניט נאָר די מענטשן, נאָר אויך די פֿאַרבלוטיקטע ערד וואָלט שוין געשריען.

און פֿאַרבײַ דעם פֿענצטערל, ווו זיי שטייען צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן, און זי, טעמערל, שוין מיטן קינד אויף די הענט, לענגאויס דעם בערעזעוון וועלדל, ציען זיך לאַנגע דרינזשעלע־שליטנס מיט הויכע דראַבינעס, אָנגעפּולטע מיט קראַנקע מאַמעס און קינדער און איינע דאָרטן, שטייענדיק אין שליטן, האַלט אויף די אויסגעצויגענע נאַקעטע הענט אירע צום הימל אַ וויקלקינד, און לאַכט מיט אַ ווילדן געלעכטער... דער פויער, וואָס טרײַבט אָן די פֿערד, צלמט זיך און שמײַסט די פֿערד איבער די רוקנס:

— נ־נאָ־אָ ־אָ. וויאָ־אָ, וועלף זאָלן אײַך אויפֿעסן!

און ער, ירמהלע, נעמט זיך דאָ מיט אַן איינגעהאַלטענעם געוויין בעטן:

— מאַמע, באַהאַלט מיך, מאַמע, איך האָב מורא... מאַמע, איך וויל לעבן... איך וועל שוין בײַ דיר, מאַמע, מיין ניט בעטן קיין טרונק. איך

װעל שױן מײן ניט װעלן, מאַמע, אַפֿילו קײן טראָפּנדל, קײן קאַפּעלע װאַסער. כ׳װעל ניט װעלן...

בײגט זי זיך אָן און װיל דורך די קראַטעס אָננעמען אין דער האַנט אַביסעלע שנײ פֿאַרן קינד, אים כאָטשבי די ליפּן באַנעצן, נאָר זי קאָן צום שנײ ניט דערלאַנגען. גײט זי אױפֿגיך אָפּ פֿונעם צעבראָכן פֿענצטערל, װוּ דער פֿראָסטיקער װינט שלאָגט אין פּנים אַרײַן, און נעמט אַרומשפּאַנען מיט ירמהלען אױף די הענט צװישן די פֿיר נאַקעטע־שװאַרצע װענט, פֿון אײן װינקל צום אַנדערן, בלײַבט דאָרטן אַלע מאָל שטײן, װײסט אָבער ניט צוליב װאָס און צוליב װעמען, װאָס קאָן זי דאָרטן געפֿינען און באַגעגענען אין דעם װינקל, װוּ ס׳ראַנגלען זיך מיט דער קאַלט־פֿײַכטער פֿינצטערניש די לעצטע שטראַלן פֿון דער פֿאַרגײענדיקער זון.

— און אױך נעכטן — טראַכט זי — אױך נעכטן איז דאָך אין יענעם װאַלד די זון אַזױ פֿאַרגאַנגען. ערשט נעכטן איז זי דאָך געלאָפֿן צו דער טאָכטער, װאָס מ׳האָט גערופֿן שפּילן פֿאַר די קראַנקע. זי האָט אָבער גלײַך געװוּסט, טעמערל, אַז איר קינד געפֿינט זיך אין אַ גרױסער סכנה... און טאַקע, לױפֿנדיק מיטן װאַלד, באַלד דערהערט, איר פֿרײדעלעס, צוגעשטיקט־פֿאַרײַאושט קול. אַ קול פֿון אַ פֿאַרלאָרן און אומבאַהאָלפֿן קינד, אַ קול װאָס בלײַבט שױן אָן כּוחות... די טאָכטער האָט זי פֿון יענעמס הענט אַרױסגעריסן, געהײסן איר אין שטוב אַרײַן לױפֿן, און אַלײן דאָרטן מיטן מנוול פֿאַרבליבן... זיך געלאָזט מטמא זײַן... אונטערן דעמב... און דערנאָך האָט דער פֿעטער מנחם אים, דעם פֿאַרגװאַלדיקער, דעם קאָפּ מיטן „קאָלון״ געשפּאָלטן... און דאָס איז דאָך געװען נעכטן. סאַראַ שרעקלעכער מעת־לעת! אַזױנס איז גאָר ניט צו פֿאָרשטעלן זיך און צו גלײבן. און דער מעת־לעת ענדיקט זיך דאָך דאָ, אינעם װינקל מיט די לעצטע גוססדיקע שקיעה־שטראַלן, הינטער דער פֿאַרשלאָסענער טיר, בײַם צעבראָכן און פֿאַרקראַטעט פֿענצטערל, װוּ מ׳טרײַבט פֿאַרבײַ דעם בערעזעװון װעלדל, צו די טיפֿע גריבער בײַם שװאַרצן װאַלד, ייִדן, אַלט און יונג, באָרװעסע איבער שנײ, האַלב נאַקעטע אױפֿן פֿראָסט... מ׳הערט װי קױלנװאַרפֿערס האַלטן דאָרטן אין אײן שיסן... שיסן... שיסן... גאָט, דערהער די האַרצרײַסנדיקע געשרײען פֿון די זקנים, דעם גרױסן נשמה־געװײן פֿון

מאַמעס און קינדער. גאָט, דו האָסט דאָך אויך געזען ווי די דײַטשן האָבן אויפֿן שניי אַראָפּגעוואָרפֿן דעם זקן, וואָס מ׳האָט געטראָגן אויף דעם קישן, צעשניטן דעם אײַנשיט און אַרויסגעלאָזט די פֿעדערן אויפֿן ווינט... און דעם זקן געשאָסן! גאָט! גאָט! און דער מעת־לעת פֿאַרענדיקט זיך דאָ, הינטער דער פֿאַרשלאָסענער טיר, און די וויכערדיקע שנייִיקע ווינטן, וואָס יאָגן דורכן צעבראָכן פֿענצטערל אַהער, צווישן די פֿיר שוואַרצע ווענט. איז דאָס שוין דער אָנהייב פֿונעם סוף? גוססן די לעצטע שקיעה־שטראַלן ניט נאָר אין ווינקל, נאָר אויך אין מײַן נשמה?...

— ירמהלע, גיי צום זיידן, גיי צו פֿריידקען, מיר איז שווער צו טראָגן דיך די גאַנצע צײַט אויף די הענט.

— וועל איך גיין אַליין, כ׳וועל גיין, מאַמע, אַליין, גיב מיר נאָר דײַן האַנט, איך וויל זײַן מיט דיר, מיט דיר, מאַמע, איז מיר ניט אַזוי קאַלט און איך האָב אויך ניט קיין מורא...

— גוט, מײַן קינד, נאַ דיר מײַן האַנט און לאָמיר ביידע גיין פֿון ווינקל צו ווינקל, פֿון ווינקל צו ווינקל.

— מאַמע, און וויפֿל וועלן מיר דאַרפֿן אַזוי גיין? וועלן מיר דאַרפֿן דאָ זײַן די גאַנצע נאַכט, ווי בײַם טײַך, אין די קאָמישן?

— איך ווייס ניט, ירמהלע, איך ווייס ניט. רפֿאל, — פֿרעגט זי בײַ דעם, וואָס האָט איר בײַ דער רויטער וואַלדיקער לבֿנה אָנגעטאָן דער שוויגערס רינג און זי מקדש געווען לויטן ייִדישן דין, הגם נאָר פֿאַר איין עדות, פֿאַר איר שווער־פֿעטער... אָבער ער איז נאָך, רפֿאל וואַלאַך, איר מאַן ניט געוואָרן, און וועט שוין ניט ווערן. און ניט נאָר דערפֿאַר וואָס יענער אויסוואָרף האָט זי מטמא געווען, נאָר דער עיקר דערפֿאַר, וואָס אַרום גיסט זיך, ווי וואַסער, אַזויפֿיל ריין און אומשולדיק בלוט, אַזויפֿיל הייליק בלוט פֿון קינדער... קאָן זי דען, טעמערל, פֿאַרגינען זיך צו האָבן פֿרייד? אַוודאי, איין גאָט אין הימל ווייסט, ווי איר נשמה וויל פֿרייד, ווי זי האָט אים ליב, ראַפֿין, ווי ער איז איר נאָענט און טײַער...

— רפֿאל, — ווענדט זי זיך צו אים, וואָס שטייט בײַ דער טיר, ווי געוואָלט באַהיטן און באַשירמען זי, טעמערלען, פֿון אַלדאָס בייז, און אויך אירע צוויי קינדער, און דעם אַלטן מאַקאָווער. — ראַפֿי, זאָג מיר, איז שוין טאַקע פֿונדאַנענט, פֿון אָט דעם צעמענטענעם קבֿר, פֿון אָט די

שטיינערנע פֿיר ווענט, קיין אַרויסגאַנג און אויסגאַנג ניטאָ? ראַפֿי, האָבן זיי, די דײַטשן, שילערס אייניקלעך, אָפּגעלייגט אונדזער סוף אויף שפּעטער, ווײַל דער אייבערמענטש, דער עסעסאָוועץ, וועמען דו האָסט דאָרטן די ערשטע הילף געגעבן, האָט דאָ פֿאַר דיר אַ גוט וואָרט פֿאַרוואָרפֿן?

נאָר קיין ענטפֿער האָט זי שוין פֿון ראַפֿין ניט באַקומען. ס׳האָט זיך דאָ דערהערט ווי מ׳שליסט אָפּ דעם שלאָס. די טיר האָט זיך באַלד אויפֿגעעפֿנט, און צוויי פּאָליציאַנטן מיט אַ ברענענדיקן לאַמטערן זײַנען אַרײַן, און געהייסן דעם פּראָפֿעסאָר גיין מיט זיי... און די טיר ווערט ווידער פֿאַרהאַקט, אויפֿן שלאָס פֿאַרשלאָסן, און ס׳שטעלט זיך צווישן די פֿיר ווענט אַ טויטע פֿינצטערע שטילקייט. נאָר אין דעם צעבראָכן פֿענצטערל וואָיען די וויכער־ווינטן, און ברענגען אַהער פֿון דאָרטן, פֿונעם שוואַרצן וואַלד, דעם פֿלאַקער־אָפּשײַן פֿון שײַטערס בײַ די גריבער, ווו מ׳שיסט זיי נאָך די ייִדן.

און זי, טעמערל, נאָכן צונעמען אים, רפֿאל וואַלאַך, קאָן זיך גאָר קיין אָרט ניט געפֿינען: די שרעק פֿאַר זײַן לעבן, דערצו נאָך דער פֿלאַקער־אָפּשײַן און דער עיקר, דער ריח פֿון וואַרעם בלוט, וואָס דערגייט צו איר פֿון דאָרטן... ברעכן איר די פֿיס אונטער, לאָזט זי אָפּ ירמהלעס האַנט, טוט זיך אַ וואַקל און פֿאַלט אויפֿן זאַק, ווו ס׳זיצט דער פֿעטער אירער, דער אַלטער מנחם מאַקאָווער, אַן אײַנגעבויגענער אין דרײַ פּאָהיבעליעס, דעם קאָפּ צווישן די אונטערגעהייבענע קני, פֿילט אויך דעם ריח פֿון וואַרעמען בלוט, און ס׳ציטערט אויף אים פֿון צאָרן און צער די הויט אויפֿן לײַב. און דאָך וויל ער, אין אָט דעם מצבֿ זײַנעם, פֿאָרט דערקלײַבן זיך מיטן אייגענעם שׂכל צום תּכלית פֿון גאָטס וועלט... ער קאָן זיך נאָך אַלץ ניט פֿאָרשטעלן, ניט גלייבן, דער זקן, אַז זײַן גאַנץ לעבן, זײַנע נעכט מיטן טאַטן, שפּעטער מיטן ברודער, מיט נחמנען, איבערן תּלמוד בבֿלי און ירושלמי, איבער די משניותן, איבערן זוהר, זײַן פֿאָרן מיט נחמנען צום רבין, צום טשערנאָבילער, אַרײַנגיין דאָרטן אין התלהבֿות בײַם זינגען דעם „אַלטנס״ ניגון...

— איז דאָס אַלץ געווען אומזיסט, אויפֿן ווינט? — פֿרעגט ער זיך אַליין. — אויפֿן ווינט? — און ענטפֿערט זיך אַליין. — יאָ, יאָ, אומזיסט, אויפֿן ווינט... נחמן, מײַן פֿרומער און ערלעכער ברודער, דער הייסער

ייִד, דער למדן, וואָס האָט מיט דער האַק און הובל געהאָרעוועט אַ לעבן אויפֿן שטיקל ברויט פֿאַר זיך, פֿאַר ווײַב און קינדער, בזעת אפּיך תאכל לחם... ער, נחמן, זײַן ווײַב, חיה, און די דרײַ שיינע טעכטער, און די אַכט אייניקלעך זײַנע — די טאַטעס זייערע זײַנען אויפֿן פֿראָנט — ליגן שוין אין דער סטעפּישער באַלקע, פֿאַרשניטן געוואָרן פֿון לעבן אויף אַזאַ אַכזריותדיקן און מוראדיקן אופֿן... און פֿון ייִדיש בלוט ווערן רויט די טײַך־וואַסערן! און גיט אָפּ כּבֿוד אײַער גאָט איידער ס׳וועט פֿינצטער ווערן... אָבער אַז ס׳איז שוין פֿינצטער געוואָרן, שטאָק פֿינצטער, שטאָק פֿינצטער, אַ פֿינצטערניש פֿון תּוהו ובֿוהו... אונדזערע פֿיס האָבן זיך שוין אָנגעשטויסן אויף בלוטיקע בערג פֿון קדושים? לא המתים יהללו יה... און איך, ווי קאָן איך דיך, באַשעפֿער פֿון דער וועלט, לויבן און אָפּגעבן כּבֿוד, אַז פֿון די גריבער, ווו מ׳הרגעט ייִדן, אנשים, נשים וטף, ברענגען די קאַלטע ווינטן דעם ריח פֿון זייער וואַרעם בלוט... איז ווי קאָן איך דיך, ריבונו של עולם, לויבן און אָפּגעבן כּבֿוד? איך געפֿין זיך שוין אַפֿילו ניט אויף די חורבֿות פֿון מײַן אַלטער וועלט, איך האָב שוין דאָרטן אַפֿילו ניט קיין ברעקל וואַנט, ווו איך זאָל קאָנען זיך אויסוויינען, אויסגיסן מײַן האַרץ, זאָגן קינות אויפֿן גרויסן בראָך, אויף אָט דעם שוידערלעכן חורבן... ניט קיין שטיינערנער בית המיקדש ווערט דאָך דאָ חרובֿ, אַ בית המיקדש וועט מען קאָנען אויפֿשטעלן, דאָ ווערט פֿאַרשניטן אַ פֿאָלק, און אַן אויסגעהרגעט פֿאָלק קאָן מען שוין ניט לעבעדיק מאַכן... גאָט, אין מײַן ייִאוש און עלנטקייט, שטייענדיק אויפֿן ברעג, אויפֿן סאַמע ברעג פֿון די אימהדיקע גריבער פֿון טויט, פֿרעג איך בײַ דיר, איז דער גאַנצער וועג אין מײַן לעבן, דער וועג פֿון מײַן טאַטן, פֿון מײַנע ברידער, פֿון מײַנע זיידעס און עלטער זיידעס, דער וועג פֿון דורי־דורות געווען אַ פֿאַלשער? איז אָט דער לאַנגער און יסורימדיקער וועג פֿון קידוש השם, דער וועג צו די גריבער...

— זיידע, — שלעפּט אים דאָס קינד פֿאַרן אַרבל. — זיידע, די מאַמע... די מאַמע...

— האַ, ירמהלע, האַ, וואָס די מאַמע?

# ז.

און זי, טעמערל מאַקאָווער, וואָס האָט שוין פֿון לאַנג געזען זיך אויף אַ באַרג מתים ליגן, און דאָך, און פֿאָרט געגלייבט, אַז אַ נס קאָן נאָך געשען... זי איז איצטער ניט אַזוי אין חלשות געפֿאַלן, ווי מיט אַ מאָל פֿון לעבן אַרויסגעפֿאַלן. יענער ביטחון־קוואַל פֿון אירע זיידעס איז מיט יִיאוש פֿאַרשלאָגן געוואָרן, שוין מער מיט זיך אַליין אין בלענדעניש ניט געקאָנט שפּילן, שוין ניט ביכולת און מסוגל געווען, שוין קיין חיות און כּוח ניט געהאַט צו באַהערשן זיך און אויך ווײַטער זיך צוימען און בינדן, אײַנגעהאַלטן און קאַלטבלוטיק זײַן. נאָך מער: ניט דערלאָזן, אַז אויך אין איר פֿעטער, אינעם אַלטן מנחמען, וואָס זײַן שיינע וועלט איז אין אים אײַנגעוואַלגערט געוואָרן, זאָל די האָפֿענונג אויסגעלאָשן ווערן. און אויך אין איר טאָכטער, אין פֿריידעלען, מיט אַלע כּוחות אונטערגעהאַלטן דעם פֿײַער אין איר יונגער נשמה, אין דער לעבנסדאָרשטיקער, וואָס בענקט אַזוי נאָך יענעם בחור פֿונעם סטעפּ.

זי, טעמערל מאַקאָווער, נאָך די חדשים לויפֿן אין די נעכט, מיט פֿערד און וואָגן, דורך אַלע פֿאַרוואָרפֿענע ווײַטקייטן, דורך בלאָטיקע פֿעלד און וואַלד־וועגן, ניט נאָר אונטער זומערדיקע, וואַרעמע, געבענטשטע, נאָר אויך אין די אָסיענדיקע, דורכויסיקע, קאַלט־קאָסע רעגנס, געפֿאָרן זוכן און געפֿינען ערגעץ דאָרטן, אין די פּאָלעסיער וועלדער, אַ באַהעלטעניש פֿונעם טויט, פֿונעם דײַטש... געשטאַרקט אויפֿן וועג די שוויגער, באַהאַלטן זי אין וואַלד, צווישן די צוויי סאָסנעס, דער מאַן האָט זי אײַנגעוויקלט אין זײַן טלית; און אין יענער שעה האָט, זי טעמערל, די מאַמע, אָפּגעגעבן נאַטאַלקען און אים, וואָסילי באַיקאַ, אירע צוויי קינדער... געוואָרפֿן אויף פֿרעמדע הענט צוויי פֿון אירע פֿיר קינדער, ווי אַזוי לעבן זיי דאָרטן אָן איר, אָן דער מאַמע, פֿאַרוואָרפֿענע צווישן פֿרעמדע, ניט קענענדיק זייער לשון, עלנטע און שטומע קינדער, וואָס ליגן ערגעץ אויף אַ בוידעם, צי אין אַ קעלער, פֿאַרשטעלט־ און באַהאַלטענע פֿון אַ שלעכט אויג.

— גאָט, — פֿרעגט זי מיט דער איבערגעברענטער נשמה. — פֿאַרוואָס האָסטו מיך צעשיידט מיט מײַנע קינדער, פֿאַר וועלכע זינד? וועל איך זיי נאָך אַ מאָל זען?.. און פֿאַרוואָס האָסטו מיך, גרויסער גאָט, נעכטן פֿאַרנאַכט פֿאַר אַזאַ שרעקלעכן נסיון געשטעלט?

און שוין דאָרטן, נאָכן לאָזן זיך מטמא ווערן, אונטערן דעמב, שוין דאָרטן האָט דער אָדער פֿון לעבן אין איר געפּלאַצט. אָבער דאָך זיך נאָך געשטאַרקט, ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן... נאָך אַלץ געציטערט איבער יעדער לעבעדיקער שעה פֿון דער נאַכט מיטן לבֿנה־האָרן בײַם טײַך, ווו זיי זײַנען אין די קאָמישן אונטערן שיטנדיקן יונגן שניי געשטאַנען, און אויף אים, אויף רפֿאלן געוואַרט. נאָר איצטער, נאָכן ברענגען זיי פֿונעם פּאַרטיזאַנער לאַגער אויף דעם לאַסטאויטאָ, ווו ס׳זײַנען געלעגן די פֿיר געהרגעטע ס.ס.־לײַט, און נאָכן צונעמען פֿון איר אויך אים, רפֿאלן... פֿאַרבליבן שוין אַליין מיט די צוויי קינדער און מיטן זקן, מיט איר פֿעטער; פֿאַרבליבן אין אָט דעם שטיינערנעם קבֿר, וואָס בײַ די גריבער, ווו״ין מ׳פֿירט אויף די שליטנס, איבערן פֿאַרבלוטיקטן שניי, קראַנקע מאַמעס מיט קינדער, און אַ ווײַבל, שוין פֿון זינען געווירט, האַלט איר וויקלקינד אויף די נאַקעטע אויסגעצויגענע הענט צום הימל און לאַכט מיט ווילדן געלעכטער... און פֿון אונטערן שוואַרצן וואַלד, בײַ די גריבער, הערט זיך דאָס כּסדרדיקע, דאָס אָנאָפּשטעלנדיקע שיסערײַ: מ׳הרגעט ייִדן, אומשולדיקע מענטשן, הייליקע קינדער... און דעם ריח פֿון זייער וואַרעם בלוט קאָנען אַפֿילו די פּראַסטיקע וויכער־ווינטן ניט אָפּקילן און טראָגן אים, דעם וואַרעמען בלוט־ריח, אַהער־צו דורכן צעבראָכן פֿענצטערל אַרײַן... האָט זי, טעמערל מאַקאָווער, שוין ניט אויסגעהאַלטן און ניט אַזוי אין חלשות, ווי אין אַ מין פֿאַרטראָגנקייט אַרײַנגעפֿאַלן, און ערגעץ אַהין, פֿון יענער זײַט לעבעדיקער וועלט, אין יענעם חלום אַרײַן, ווו זי האָט זיך שוין ניט איין מאָל געזען גיין, מיט ירמהלען אויף די הענט, צווישן שטיינערנע ווענט, דורך אַ משופּעדיקן קאָרידאָר, וואָס פֿירט און ברענגט זי אין אַ קעלער מיט אַ צעבראָכן פֿענצטערל...

און קיין וועג פֿאַר איר מיטן קינד איז שוין ווײַטער ניטאָ, און דאָרטן, בײַ דער שײַן פֿון אַ רויכיקן פֿײַער, טאַנצן זיי אַלע, האַלב

נאַקעטע, באָרוועסע, פֿאַרבלוטיקטע; דער ברודער אירער, מיכל מיט דער דאָקטערין, מיט טאַטיאַנאַ ברוידע, און אויך ער, שאול, מיט איר פֿעטער יואלס טאָכטער, מיט שולמיתן, טאַנצן דאָרטן אויף אַ באַרג געלע סקעלעטן, און דער עיקר, און דאָס שרעקלעכסטע, אין אַ ווינקל דאָרטן שלאָגט פֿון אַן אײַזערנעם פֿאַס אַרויס אַ פֿײַערדיקער רויך און מ׳וואַרפֿט אַהינצו, אין פֿײַער אַרײַן, אַ טויטע פֿרוי... און אין דער זײַט, צווישן אָנגעוואַלגערט־פֿאַרבלוטיקטע שטיינער, זיצט דאָרטן פֿריידעלע, הויט און ביינער, גאָר ניט צו דערקענען זי, אין אָפּגעטראָגן־קויטיקן, אין צעפֿאַלענעם אָנטאָן, און וויינט אויף אַ קול... און אָט יענער קול, אָט יענער געוויין, פֿריידעלעס, האָט זי, טעמערלען, פֿון איר פֿאַרטראָגנקייט, צוריק אין לעבן, אין דער וואַרהאַפֿטיקייט, אומגעקערט.

— מאַמעניו. — פֿאַלט צו איר צו ירמהלע. — מאַמעניו, מיר האָבן דיך געוועקט, איך, דער זיידע, פֿריידקע, און מיר האָבן דיך ניט געקאָנט דערוועקן.

— און לאַנג האָט איר מיך געוועקט?

— לאַנג, מאַמעלע, לאַנג...

און הגם שוין מיט אָפֿענע אויגן, און ווייסט שוין, אַז פֿון יענעם אימהדיקן אָרט איז זי מיטן קינד, מיט ירמהלען, אויף די הענט אַרויסגעגאַנגען, אַז יענער גיהנום־טאָל איז ערגעץ דאָרטן, ווײַט פֿון איר פֿאַרבליבן... און ס׳פֿרייט זי, וואָס דאָרטן האָט זי אירע צוויי קינדער, עזריאלקען און תּנחומקען, ניט געזען טאַנצן, און נעמט עס אויף און זעט אין דעם אַ גוטן סימן און אָנזאָג... דאָך, הגם שוין פֿון יענע שוואַרץ־פֿײַערדיקע זעאונגען אַרויס און קריק אין דערווירקלעכקייט, אין דער דאָיקייט אַרײַן, פֿאָרט ניט געקאָנט אויפֿכאַפּן און פֿאַרשטיין, ווו זי געפֿינט זיך, און פֿונוואַנען קומט אַהער־צו, צווישן די פֿיר בלינדע אָפּגעשיילטע ווענט, אין אָט דעם פֿײַכטן קבֿר, אַ פֿײַער? ס׳ברענט דאָך דאָ, אויף דער ערד, אַ שײַטערל, און ס׳שמעקט מיט סמאָלע, און מיט געבאַקטע קאַרטאָפֿליעס... ווונדער איבער ווונדער; און דאָס צעבראָכן פֿענצטערל, זעט זי, איז מיט אַ ברעט פֿאַרשטעלט, און דער וויכער־ווינט יאָגט אַהער ניט אַרײַן — ברענגט שוין ניט יענע טויט־גוואַלדן, און יענעם ריח פֿון וואַרעם בלוט.

— און רפֿאל, — זוכט זי מיט די אויגן. — און רפֿאל האָט זיך נאָך ניט אומגעקערט?

— נאָך ניט, — ענטפֿערט איר ירמהלע. — נאָך ניט.

— ער וועט זיך אָבער אומקערן? זאָג מיר, מײַן קינד, זאָג מיר ירמהלע, איך גלייב, פֿעטער, אַז בײַ אַ קינד ליגט די נבֿואה אין מויל.

— יאָ, טעמערל, אַזוי זאָגט די וועלט, און מ׳דאַרף אין דעם גלייבן. אַוודאי וועט ער זיך אומקערן, אַוודאי, — וויל דער אַלטער מאַקאָווער איר, טעמערלען, שטילן דעם צער, ניט לאָזן זי ווידער אין עצבֿות און ייִאוש אַרײַנפֿאַלן. — איך זע אַז ס׳חידושט דיך, וואָס ס׳ברענט דאָ אַ לעבעדיקער פֿײַער, אַז ס׳באַקן זיך דאָ קאַרטאָפֿליעס, און ס׳וועט דאָ באַלד אויפֿן פֿײַער אויפֿזידן אַן עמער לעבעדיקע וואַסער. טעמערל, אַ גרויסער נס האָט דאָ מיט אונדז געטראָפֿן! פֿריידיקע האָט אויך, ווי דו, געשפּאַנט פֿון איין ווינקל צום צווייטן און זיך אָנגעשטויסן אויף אַ טירל... האָב איך דאָס אויפֿגעבראָכן און טרעפֿ האָב מיך אַראָפּגעפּירט אין אַ קעלער, ווו אין דער סטעליע ברענט אַן עלעקטריש לעמפּל... האַ? ויהי אור! און גלײַך דערזען אויף שטרוי ליגן קאַרטאָפֿליעס, קרויט, מייערן, האָלץ און קוילן... און דער עיקרשט אַ קראַן אין וואַנט!.. האָב איך מיט ציטערנדיקע הענט אָפּגעדרייט דעם קראַן, און ס׳גייט וואַסער! וואַסער!.. האָב איך גלײַך אָנגענומען אַן עמער וואַסער און אַרויפֿגעטראָגן אַהער. געדאַרפֿט געוועזן זען, ווי דאָס קינד איז צוגעפֿאַלן מיטן פּנים צו דער וואַסער. און רפֿאל וועט זיך אומקערן, ער וועט געוויס זיך אומקערן, וואָלטן זיי אים געוואָלט אומברענגען, וואָלטן זיי דאָך אים, און אונדז, אַהער־צו ניט געבראַכט צופֿירן. זיי האָבן דאָס געקאָנט אָפּטאָן מיט אונדז דאָרטן, אין וואַלד, אָדער לעם טײַך, אין די קאַמישן.

— יאָ, פֿעטער, יאָ, איך גלייב מיטן גאַנצן האַרצן, איך גלייב, אַז ער וועט זיך אומקערן, רפֿאל. ניט אַלע טויערן פֿון די זיבן הימלען זײַנען שוין פֿאַרמאַכט. און פֿאַראַן נאָך זכות אבֿות. זײַנע זיידעס, און אונדזערע זיידעס, די רבנים און צדיקים... און אויך זיי, די טויזנטער, די צענדליקער און הונדערטער טויזנטער ייִדן, וואָס זײַנען געהרגעט געוואָרן אין קיעוו, אין אָדעס, אין כערסאָן, און אין אַלע שטעט און שטעטלעך, אין די ייִדישע קאָלאָניעס, צעשאָסענע אין די יאַרן, אין די

באַלקעס, אין די וועלדער... און די קדושים, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרן נעכטן, פאַר אונדזערע אויגן. זיי, פּעטער, זיי, אָט די קדושים, האָבן זיך שוין געשטעלט פאַר גאָט. זיי שטייען שוין פאַר אים שוויַיגנדיקע! איר הערט, פּעטער, שוויַיגנדיקע, אָן געשריי... סע שטייען פאַר אים די פאַרבלוטיקטע מאַמעס מיט זייערע קינדער, וואָס זיינען דערטרונקען געוואָרן אין דעם הייסן בלוט פון זייערע עלטערן... אויך זיי, די קינדער, שטייען שוויַיגנדיקע... פּעטער, דעם אייבערשטנס צאָרן מוז אויסגעגאָסן ווערן אויף די רוצחים, וואָס האָבן ניט די רעכט צו טראָגן דעם נאָמען מענטש... ניין, פּעטער, ניין, די טויערן פון די זיבן הימלען זיינען נאָך ניט פאַרשלאָסן!

— ...הלוואַי, טעמערל, הלוואַי... — קוקט אויף איר דער אַלטער מאַקאָווער מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן, ווי ער וואָלט זי דאָס ערשטע מאָל אין לעבן באַגעגנט... — רעד, טעמערל, רעד, שטאַרק מיין האַרץ. אין מיין האַרצן האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער נחש הקדמון, דער שׂטן.

— טרייַבט אים אַרויס, דעם שׂטן, פון אייער האַרצן, טרייַבט אים אַרויס, איר האָט נאָך אויף דעם, פּעטער, גענוג כּוחות... — און שוין שטיל, ווי נאָר פאַר זיך אַליין, אָנבייגנדיק דעם קאָפּ, ווי זיך צוגעהערט צו אירע אייגענע רייד, זאָגט זי: — ער וועט זיך אומקערן, ראַפי, ער וועט זיך אומקערן... — און דערביי פאַרמאַכט זי און עפנט אויף קריק די אויגן, ווי זיך נאָך אַלץ ניט געגלייבט אַז ס׳ברענט דאָ אַ פייַערל און ס׳באַקן זיך דאָ קאַרטאָפליעס... איר דאַכט זיך נאָר, טעמערלען, אַז זי איז נאָך פון יענעם שיפּועדיקן קאָרידאָר, פון יענעם גיהנום־טאָל, נאָך ניט אַרויס, זי הערט דאָך נאָך איר טאָכטערס געוויין.

— פריידעלע, ווו ביסטו? זעץ זיך, טאָכטער, לעם מיר, אָט אַהער, אויפן קעסטל! פונוואַנעט האָט זיך אַהער־צו גענומען אַ קעסטל? האַ, פונעם קעלער... פריידעלע, ס׳ברענט טאַקע דאָ אויפן צעמענטענעם פאָל אַ פייַער? אַ פייַער פון לעבן?

— יאָ, מאַמע, ס׳ברענט דאָ אַ פייַער...

— גיב מיר, טאָכטער, אַ טרונק וואַסער, לעבעדיקע וואַסער... — און זי טרינקט, טעמערל מאַקאָווער, און די ציין קלאַפּן איר אין דעם בלעכענעם פושקע, וואָס דינט פאַר אַ קוואָרט, און די וואַסער גיסט זיך

אויף איר. — פּעטער ס׳ברענט דאָ פֿײַער? דעם פֿײַער דאַרף מען פֿאַרלעשן. די רוצחים טאָרן דאָ קיין פֿײַער ניט טרעפֿן. פֿאַרן פֿײַער װעלן זיי אונדז דאָ אַלע הרגענען. אויך אים, ראַפֿין... פֿאַרלעשט, פּעטער, דעם פֿײַער, פֿאַרלעשט! ער דאַרף זיך אומקערן אַהער, ראַפֿי, אין דער פֿײַערדיקער פֿינצטערניש. אין דער פֿינצטערניש איז אויך פֿאַראַן ליכט, און אפֿשר גאָר די גרעסטע ליכט...

— אין דער פֿינצטערניש, — מורמלט דער זקן. — אין דער פֿינצטערניש די גרעסטע ליכט?

— יאָ, פּעטער, גראָד אין דער פֿינצטערניש קאָן זי זײַן, די גרעסטע ליכט. אין תוהו ובוהו װערט די זון באַשאַפֿן... ניט אַלע זיבן הימלען זײַנען שוין פֿאַרשלאָסן. זיי קאָנען, פּעטער, ניט פֿאַרשלאָסן װערן. זיי טאָרן ניט פֿאַרשלאָסן װערן... ניין!... ניין! פֿאַרן ריבונו של עולם שטייען שוין די קינדער, װאָס זייערע לעבנס זײַנען פֿאַרנאַכט דאָ, בײַם שװאַרצן װאַלד, אין די גריבער פֿאַרשניטן געװאָרן. און ניט נאָר זייערע לעבנס, נאָר אויך די לעבנס פֿון די קומענדיקע דורות, װאָס האָבן געדאַרפֿט פֿון זיי אַרויסקומען... זיי שטייען די פֿאַרשניטענע קינדער פֿאַר גאָט שװײַגנדיקע, איר הערט פּעטער, שװײַגנדיקע, און קוקן נאָר מיט זייערע בלוטיק־טרויעריקע אויגן אויף אים, אויפֿן באַשעפֿער פֿון דער װעלט... פֿאַרלעשט, פּעטער, דעם פֿײַער, רפֿאל װעט באַלד קומען. ער װעט קומען.

ער ענטפֿערט איר ניט, מנחם מאַקאָװער, װיפֿל קינדער, טראַכט ער, װיפֿל קינדער דאַרפֿן דאָס געהרגעט װערן, זיך שטעלן פֿאַרבלוטיקטע פֿאַרן כּבֿיכול, פֿאַרן מלך מלכי המלכים, און שװײַגנדיקערהייט קוקן מיט זייערע טרויערדיקע אויגן, ביז פֿון זײַן האַרצן װעט אַ שלאָג טאָן רחמנות, און דער עיקר: גערעכטיקייט?

— װאָס שװײַגט איר, פּעטער, האָט איר שוין גאָר קיין כּוח ניט קריק אַרײַנגיין אין אײַער פֿריערדיקער גרױסער װעלט?

— איך גלייב, טעמערל, אין דײַנע רייד. איך װייס אַז דײַן האַרץ נאַרט דיך ניט אָפּ. און דעם פֿײַער װעל איך דאָ פֿאַרלעשן. אַז רפֿאל װעט קומען זאָל דאָ קיין פֿײַער ניט זײַן. דו ביסט גערעכט, קיין פֿײַער טאָר דאָ ניט זײַן. מיר דאַרפֿן לעבן אין דער פֿינצטערניש און זען אין איר גרויסע ליכט... מיר דאַרפֿן לעבן אין דער פֿינצטערניש און זײַן אור

לגוים... מיר דאַרפֿן...

— פֿעטער! פֿעטער!

— איך שווײַג, טעמערל, איך שווײַג. מײַן פֿייגע האָט אויך געשוויגן, און אויסגעשוויגן דעם טויט אין וועג, אויפֿן וואָגן.

— פֿעטער, ווען מיר פֿאָרן דעמאָלטן ניט אַוועק, וואָלטן זיך שוין אונדזערע ביינער אַ האַלב יאָר געוואַלגערט אויפֿן סטעפּ, אין דער באַלקע.

— אמת, טעמערל, דאָס איז אמת. דײַן האַרץ נאַרט דיך ניט אָפּ, דו זעסט מיט דער נשמה... איכ׳ל באַלד פֿאַרלעשן דעם פֿײַער, זאָלן די רוצחים, אַז זיי וועלן ברענגען רפֿאלן, קיין ליכט דאָ ניט זען.

נאָר די נאַכט גייט, ירמהלע, פֿריידקע און אויך ער, דער אַלטער מנחם מאַקאָווער, זײַנען בײַם אויסגעלאָשענעם פֿײַער אויף דער ערד אַנטשלאָפֿן געוואָרן. זי איינע, טעמערל, קאָן אַן אויג ניט צומאַכן, וויגט זיך איבער די צוויי קינדער, וואָס שלאָפֿן אָנגעשפּאַרט די קעפּ אויף אירע פֿיס, און וויל נאָך ניט פֿאַרלירן די האָפֿענונג, גלייבט נאָך ווײַטער, אַז ער, ראַפֿי, וועט זיך אין גיכן אומקערן.

און די נאַכט גייט, די זאַווייע פֿאַרווייעט די געפֿאַלענע ייִדן אין פֿעלד, פֿאַרשיט דאָרטן די בלוטיקע גריבער בײַם וואַלד און זי, טעמערל, וויגט זיך דאָ איבער אירע צוויי קינדער, און זוכט מיט אויפֿגעריסענע אויגן אַ צייכן, עפּעס אַ שײַן, כאָטשבי אַ ברעקעלע ליכט... נאָר קיין פֿעדימל שײַן, קיין פֿינטעלע ליכט באַווײַזט זיך איר אין דער קאַלטער פֿינצטערניש פֿון ערגעץ ניט. פֿון דער שפּאַרונע אין דעם ברעטל, וואָס פֿאַרשטעלט דאָס צעבראָכן פֿענצטערל, ווייעט אַרײַן אַ בלאָווער שניי, און די וויכער־ווינטן שטויסן און טרייסלען די ברעט אַזוי, אַז אָט באַלד וועט עס אומגעוואַלגערט ווערן, און די זאַווערוכע וועט זיך אַהער־צו אַרײַנרײַסן.

און אַ פֿאַרלוירענע אין דער פֿינצטערניש, אָן אַ פֿינטל ליכט — אַ בלאָווע שפּאַרונע שניי אין ברעטל ווייעט אויף איר נשמה: דאָ, אין איר אומבאַהאָלפֿנקייט: וואָס זאָל זי טאָן, און וואָס קאָן זי דאָ טאָן, אונטער דער פֿאַרשלאָסענער טיר, צווישן אָט די שטיינערנע ווענט? און אַז איך וועל שוין אַפֿילו די טיר איינינעם מיטן שלאָס אויפֿברעכן און אַרויסגיין אין דרויסן, וווהין וועל איך אין אָט דעם שניי־געוויטער קאָנען גיין אים

זוכן, רפאלן? וווהין אין דער זאַווערוכע גיין, אויף מיזרח, אויף מערבֿ, אויף צפון, אויף דרום, וווהין גיין? און בײַ וועמען וועל איך אויף אים דאָרטן קאָנען פֿרעגן? גיין צו די גריבער און פֿרעגן דאָרטן בײַ די געהרגעטע ייִדן, וואָס דער אָנגעווייטער שניי ווערט פֿון זייער בלוט רויט... וווהין קאָן איך, אין אָט דער זאַווערוכע גיין, צו וועמען זיך ווענדן, בײַ וועמען אויף ראַפֿין זיך פֿרעגן? גאָט, האָבן דײַנע וויכערדיקע ווינטן אויף פֿאַרווייט די טירן פֿון אַלע דײַנע זיבן הימלען?

און דאָ, אין דעם געקלאַפּ פֿונעם ברעטל אויפֿן פֿאַרקראַטעטן פֿענצטערל, דערהערט זי דאָך ווי דער שלאָס פֿון יענער זײַט טיר, און אויך פֿון איר גאַנצער וועלט, ווערט מיט אַ קריץ־ און סקריפּ געעפֿנט, און אַ כוואַליע וויכערדיקער שניי יאָגט אַהער־צו אַרײַן. זי שפּרינגט אויף, טעמערל:

— ראַפֿי, ראַפֿי! — און מיט אַ פֿרייד, וואָס האָט שוין לאַנג אין איר האַרצן ניט געשלאָגן: — ראַפֿי!

נאָר ס׳גייען אַרײַן צוויי מיט שניי פֿאַרווייעטע, צוויי בלאָווע געשפּענסטער, און זאָגן: — אַ נו־פּאַרטיזאַני, כאַדימאַ! — אַ נו, פּאַרטיזאַנער, געגאַנגען! — און די אָקערשטדיקע פֿרייד אין איר האַרצן ווערט גלײַך פֿאַרקילט, פֿון איר אויפֿגעצאַפּלטער פֿרייד בלײַבט אין איר נשמה ליגן אַ פֿאַרפֿרוירענער שטיק נאָיענדיקער צער... זי פֿרעגט ניט בײַ די פּאָליציייען, ווו איז ער, דער פּראָפֿעסאָר וואַלאַך, און פֿרעגט אויך ניט וווהין דאַרפֿן זיי, די פּאַרטיזאַנער, גיין?

וועקט זי אויף, טעמערל, די קינדער, דעם אַלטן פֿעטער אירן, וואָס רעדט פֿון שלאָף, קריגט זיך מיטן באַשעפֿער פֿון דער וועלט... נעמען זיי די קלומקעס, וועלכע מנחם האָט פֿריִער, בײַם פֿײַער, פֿון זייער זאַק די זאַכן אַרויסגענומען, און פֿאַרן זקן מיט פֿריידקען אויף צווייען צעטיילט, און לאָזן זיך גיין נאָך די פּאָליצייען אין דעם שניי־בוראַן, וואָס פֿאַרשלאָגט דעם אָטעם, די אויגן, און מ׳זעט ניט די וועלט אַרום זיך.

טעמערל טראָגט ירמהלען אויף די הענט און פֿריידקע מיטן זיידן טראָגן די קלומקעס אויף די פּלייצעס, און האַלטן זיך אויף פֿאַר איר, פֿאַר טעמערלען, ניט צו פֿאַרלירן זיך אין דער וויוגע. די צוויי פּאָליצייען באַגלייטן זיי ניט ווײַט:

— אַ נו, פּאַרטיזאַנער, — שרײַען זיי ביידע אין די ווינטן אַרײַן. — אַ

נו, נו, גייט אַליין... אָן־אָ, איר זעט דעם ברענענדיקן לאַמטערן, דאָרטן הייבן זיך אָן די הײַזער... איר קאָנט אַרײַן אין װעלכער שטוב איר װילט... — און זיי װערן ביידע, װי מיט די װינטן, פֿאַרטראָגן.

און זיי גייען שוין װײַטער אײַנגעבויגענערהייט אַליין אין דער בלאָװער פֿינצטערניש, אַנטקעגן די װיכער־װינטן, צו דער װײַטער פֿאַרנעפּלט־װײַסער לאַמטערן־שײַן, װאָס װיגט זיך, װי אַ געהאַנגענער אויף אַ תּליה... און פֿאַלן אין די הורבעס שניי, רופֿן זיך איבער, שרײַען אין דער זאַװערוכע אַרײַן מיט אַלע כּוחות, אויף ניט צו פֿאַרלירן איינער דעם אַנדערן אין די שנייען, װוּ מ׳קאָן אומקומען, לעבעדיקערהייט פֿאַרשאָטן־ און פֿאַרװייעט װערן.

דערעיקרשט אָבער רופֿט און שרײַט ער, דער אַלטער מנחם מאַקאָװער, װעלכער װייסט, אַז װען מ׳איז פֿון די כּוחות אַרויסגעשלאָגן, שוין ביזן דנאָ פֿאַרמאַטערט, װילט זיך בײַם פֿאַלן אין די הורבעס שניי, שוין בלײַבן דאָרטן ליגן, װײַל קיין װינטן זײַנען שוין דאָרטן אין די הורבעס שניי, ניטאָ, און ס׳װילט זיך דאָך אַזוי אָפּרוען, אַנטשלאָפֿן װערן... און אַנטשלאָפֿן װערן אין די הורבעס שניי, װייסט ער, דער זקן, טאָר מען ניט, מ׳װעט אין די שנייען פֿאַרפֿרירן װערן... שרײַט ער, מנחם מאַקאָװער:

— טעמערל, פֿריידעלע, קינדער מײַנע, הייבט זיך אויף, שטייט אויף!

און זיי הייבן זיך אויף, נעמען די קלומקעס אויף די פּלייצעס, און זי, טעמערל, נעמט קריק אויף די הענט ירמהלען, װאָס ציטערט פֿון קעלט, נאָר אַפֿילו בײַם פֿאַלן מיטן פּנים אין שניי אַרײַן, קלאָגט ער זיך ניט, כאַפּט זי נאָר אַרום, די מאַמע, נאָך שטאַרקער מיט ביידע הענטלעך, און פֿרעגט בײַ איר, מיט אײַנגעהאַלטענע טרערן, אויפֿן אויער:

— װוּהין, מאַמע, גייען מיר, װוּהין?

— איך װייס ניט, מײַן קינד, איך װייס ניט.

— און דער זיידע װייסט?

— יאָ, ירמהלע, דער זיידע װייסט...

און אַז צום ערשטן הײַזל, דורכן פֿאַרװייעטן הייפֿל, זיך דערקליבן, די ניט פֿאַרשלאָסענע טיר געעפֿנט, און אויך אין אַ װײַסקייט אַרײַנגעפֿאַלן: די שטוב איז מיט פֿעדערן געװען פֿאַרשאָטן... די

רוצחים, וואָס האָבן פֿונדאַנען די ייִדן צו די גריבער אַוועקגעטריבן, זיי האָבן פֿריער די קישנס און איבערבעטן אויפֿגעשניטן און גאָלד און ברילִיאַנטן געזוכט... די הרובע איז נאָך געווען אַ וואַרעמע, און דער זייגער אויפֿן וואַנט האָט אויסגעשלאָגן דרײַ.

— נאָך האַלבער נאַכט, — זאָגט טעמערל, — דרײַ אַזייגער, אָבער ביז טאָג איז נאָך ווײַט... מ׳דאַרף מאַכן דאָ פֿאַר ירמהלען אַ געלעגער און אים לייגן שלאָפֿן. דאָס קינד איז פֿאַרפֿרוירן. — נאָר פלוצלינג דרייט זי זיך אויס: — פֿעטער, וואָס שטייט עס דאָרטן אויפֿן טיש? פֿעטער, אין פֿריידעלעס פֿידל, אינעם פוטליאַר ליגט אַ ליכט, צינדט זי אָן, פֿעטער, צינדט אָן!

— פֿריידעלע, גיב מיר די ליכט, מיט מײַן געשלאָגענער ראיה זע איך גאָרניט, דער פֿענצטער איז פֿאַרשאָטן מיט שוואַרצע שנייען. איך זיץ אויף מײַנע חורבֿות אין אַ שוואַרצער וועלט. גיב מיר, פֿריידעלע, גיב מיר די ליכט.

און אַז פֿריידקע גיט אים מיט ציטערנדיקע הענט די אָנגעצונדענע ליכט אין האַנט אַרײַן, בלײַבט ער מיט איר פֿאַרשטיינערט שטיין: אויפֿן טיש, דערזעט ער, שטייט אַן אָפּגעשניטענער קאָפּ פֿון אַן אַלטן ייִדן... די ווײַסע פֿאַרבלוטיקטע באָרד אויף דער מיט בלוט דורכגעווייקטער אָפֿענער גמרא, די אויגן אונטער דעם הויכן שטערן צוגעמאַכט, ווי דער קאָפּ וואָלט נאָך אַלץ געווען פֿאַרטיפֿט אין אַ האַרבע סוגיא... בײַ דער זײַט ליגט אַ צונויפֿגעקנייטשטער פֿאַרבלוטיקטער טלית.

— פֿעטער, — רעדט טעמערל קוים אַרויס. — פֿעטער... מ׳קאָן זיך דאָך פֿון זינען רירן.

— דאָס איז, טעמערל, חילול העם... פֿאַרשוועכן דעם פֿאָלקס הייליקייטן, דערנידעריקן דעם ייִדן... מײַן טאַטע, זיכרונו לבֿרכה, פֿלעג אויך אַזוי בלײַבן זיצן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן איבער אַ בלאַט גמרא.

— פֿעטער, דעם גוף זײַנעם זעט מען דאָ ניט.

— דעם גוף, טעמערל, האָבן זיי צעהאַקט און אַרויסגעוואָרפֿן פֿאַר די הינט...

— מאַמע, איך האָב מורא, מאַמע.

— ירמהלע, איך האָב אויך מורא... פֿעטער, פֿעטער, וואָס קלײַבט איר זיך טאָן?

— איך וועל אַרײַנלייגן דעם קאָפּ מיט דער גמרא אין אַ ציכל, אָנטאָן אויף זיך דעם ייִדנס פֿאַרבלוטיקטן טלית און גיין מקבר זײַן אויפֿן בית־עלמין... כ׳וועל געפֿינען דעם בית־עלמין!

— זיידע, — נעמט אים אַרום פֿריידקע. — זיידע, זיי וועלן דיך הרגענען, זיידעניו...

— וואָס ס׳וועט שוין דאָרטן זײַן מיט מיר, וויל איך ניט וויסן. ס׳איז אַ חובֿ, אַ הייליקער חובֿ, אַ שליחות אים מקבר צו זײַן דעם קאָפּ און די גמרא.

— און דעם טלית?

— דעם פֿאַרבלוטיקטן טלית, טעמערל, וועל איך לאָזן פֿאַר זיך... אַלע טאָג וועל איך זיך שטעלן פֿאַרן ריבונו של עולם אין אָט־אָ דעם פֿאַרבלוטיקטן טלית! — און ניט פֿריידקעס בעטן זיך, און ניט טעמערלס רייד, און ניט ירמהלעס געוויין, האָבן ניט געהאָלפֿן. דער אַלטער מאַקאָווער, מנחם דער שמיד, האָט דעם ייִדנס קאָפּ, און די גמרא אין אַ ציכל אַרײַנגעלייגט, אָנגעטאָן אויף זיך דעם פֿאַרבלוטיקטן טלית, און אין וויכערדיקן דרויסן אַרויס.

# א.

און דעמאָלטן, מיט די ברייט־אויפֿגעריסענע שרײַענדיקע אויגן, נאָך איר פֿעטער מנחמס אַרײַנלייגן דעם אָפּגעשניטענעם קאָפּ פֿונעם ייִדן, די גמרא, אין דעם אײַנשיט פֿון אַ קישן, דעם פֿאַרבלוטיקטן טלית אויף זיך אָנגעטאָן און מיט פֿאַרמאַכטע אויגן פֿאַר דער אָנגעצונדענער ליכט שטיין געבליבן, ווי עפּעס זייער וויכטיקס, באַטײַטיק־תּמציתדיקע, דאָס עיקר־סודותדיקע אין זײַן פֿאַרגאַנגענעם לעבן, אין די אַריבער אַכט צענדליק אָפּגעלעבטע יאָרן זײַנע, אויף יענעם לאַנגן און שווער־געפּרוּווטן וועג, בײַ אָט דער קנאָפּער ליכט־שײַן געוואָלט דערזען... און אַזוי, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, ווי דאָס דערזעענע דאָרטן, שוין מיין ניט געוואָלט און ניט געטאָרט פֿאַרלירן, ווײַל מורא געהאַט ווידער אַרײַנפֿאַלן אַהין, צווישן די זיך רויכערנדיקע אָנגעגליטע חורבֿות פֿון זײַן אײַנגעוואָלגערטער וועלט... און אויך כּדי ניט צו באַגעגענען זיך מיט זייערע, מיט טעמערלס, מיט פֿריידעלעס און ירמהלעס אויגן — אויגן פֿון גרויסע נשמות, פֿון דורות מאַקאָווערס, און מיט אַ ווייטיקדיקן קרעכץ די ציצית פֿונעם פֿאַרבלוטיקטן טלית אויף זיך צונויפֿגעבונדן, אַז זיי, די ווינטן, זאָלן פֿון אים דעם פֿאַרבלוטיקטן טלית ניט אַראָפּרײַסן, און אין דער וויסטעניש פֿאַרטראָגן... דערנאָך האָט ער, מנחם מאַקאָווער, דער שמיד און למדן, מיט אַן אויסגעלײַטערטן ביטחון און מיט אַ פֿעסטן און זיכערן טראָט אין דער וויגע אַרײַן. ער איז אַוועק דער אַלטער דעמב זײַן הייליקן חובֿ און לעצטע שליחות אויספֿילן: דעם אָפּגעשניטענעם קאָפּ פֿונעם ייִדן צו קבֿר־ישׂראל ברענגען און די מיט בלוט פֿונעם קדוש דורכגעווייקטע גמרא דאָרטן באַהאַלטן, זי זאָל דאָ פֿון די צעווילדעוועטע קריסטן, פֿון די, וואָס פֿריידיקן מיט דער האַק „ליבשאַפֿט צום נאָענטן", ניט פֿאַרשוועכט און ניט פֿאַראומרייניקט ווערן.

האָט זי זיך געלאָזט פֿון שטוב אַרויסלויפֿן, טעמערל, געוואָלט אים אָפּשטעלן, ווי אין יענעם אָוונט מיטן רויטן מולד, ווען ער האָט אין

ברענענדיקן שטעטל אַרײַן געוואָלט גיין זוכן, און פֿונעם טויט ראַטעווען, זײַן ברודערס איניקל, — פֿאַרהיטן אַ לעבעדיקן זוים פֿאַר די קומענדיקע דורות...

אין יענעם אָוונט האָט ער אירע רייד אויפֿגענומען: גיין אַהין־צו, אינעם ברענענדיקן שטעטל ווו ס׳קומט פֿאַר די שחיטה, הייסט פּשוט גיין זיך נעמען דאָס לעבן. און דאָס טאָר ניט געטאָן ווערן. זאָלן זיי, די דײַטשן, אָט דעם שוידערלעכן פֿאַרברעכן מיט זייערע שוואַרצע הענט אַליין באַגיין, זאָל אָט דער בייז, אָט די פֿאַרדאָרבן־פֿאַרברעכערישקייט, אָט דאָס פֿאַרגיסן אומשולדיק בלוט, פֿאַלן ניט בלויז אויף זייערע קעפּ, נאָר אויך אויף די קעפּ פֿון די קומענדיקע דורות דײַטשן.

און אויך איצטער האָט זי אים געוואָלט, טעמערל מאַקאָווער, דעם פֿעטער אירן אָפּשטעלן: זאָל ער דעם ייִדנס אָפּגעשניטענעם קאָפּ מיט דער ווײַס־פֿאַרבלוטיקטער באָרד מקבר זײַן ערגעץ דאָ, הינטער דער שטוב, — די ערד איז דאָך סײַ ווי סײַ געוואָרן איין גרויסער ייִדישער בית־עלמין... האָט זי אָבער נאָר געזען ווי אין ווינקל האָט ער אַ זאַסטופּ גענומען און באַלד אין דעם שניי־געווירבל, אין דער ווּסטער פֿינצטערניש אַרײַן, און פֿון אירע שרײַענדיקע אויגן פֿאַרלאָרן געוואָרן.

און פֿאַרהאַלטן האָט זי אים געוואָלט ניט נאָר פֿון מורא צו בלײַבן דאָ מיט די צוויי קינדער איינע אַליין, און שוין אויך אָן אים, אָן ראַפֿין; פֿאַרבלײַבן אַליין אין אָט דער וויכער־ווײַסער פֿינצטערניש, אין אָט דער פֿאַרוואָרפֿנקייט, אין אָט דער אַכזריות־הפֿקערדיקער וועלט, בײַ די פֿולע גריבער געהרגעטע ייִדן, וואָס ווערן מיט שניי פֿאַרווייעט און פֿאַרשאָטן. ניין, ניט אַזוי פֿון וועגן זיך, און אויך ניט פֿון וועגן אירע קינדער האָט זי אין יענער רגע געטראַכט, נאָר געשראָקן זיך פֿאַר זײַן, פֿאַר איר פֿעטערס לעבן. זיי וועלן דאָך אים כאַפּן און ביז צום טויט פֿאַרפּײַניקן... שרײַט זי, טעמערל, מיט אַלע אירע נאָך פֿאַרבליבענע כּוחות, ער זאָל זיך אומקערן, דער זקן, ניט גיין אַליין אויפֿן טויט, ניט לויפֿן דעם ווּסטן גורל אַנטקעגן! — פֿאַלט אָבער איר קול אַרײַן אין דער וואָיענדיקער זאַווייע און ווערט מיט די ווינטן פֿאַרטראָגן. וווּהין? צו וועמען? און אין וויפֿל יאָרן אַרום?..

און דער ווילדער שניי־בוראַן וועט זי שוין באַלד פֿון די פֿיס אומוואַלגערן, ערגעץ־וווּהין פֿאַרטראָגן, זי וועט צו דער שטוב, ווו די

צוויי קינדער, פֿריידקע מיט ירמהלען, זײַנען פֿאַרבליבן, קריק ניט טרעפֿן. זיי וועלן בלײַבן איינע אַליין... אָן דעם זיידן, און אָן דער מאַמען! און ס׳גייט איר פּלוצעם אַ שרעקלעכער געדאַנק: און אפֿשר האָט ער, דער פֿעטער אירער, געוואָלט פֿון זייער לעבן אַרויסגיין, ניט געוואָלט צוזען ווי מ׳וועט זיי, טעמערלען, און זײַנע צוויי אייניקלעך אומברענגען?.. זיי שטייען דאָך שוין אויפֿן ראַנד פֿון די טויט־גריבער.

און ס׳לויפֿט איר באַלד אָן נאָך אַ שרעקלעכער געדאַנק: גוט וואָס איר פֿעטער מנחם איז אויף אַזאַ אופֿן פֿון לעבן אַרויס. ס׳וואָלט דאָך געווען פֿאַר איר די גרעסטע פּײַן בײַזײַן און צוזען ווי די דײַטשן ברענגען אים אום, דעם לעצטן אַלטן מאַקאָווער, אָט דעם גרויסן און וווּנדערלעכן ייִד. גוט וואָס ער איז אויף אַזאַ מין אופֿן פֿון לעבן אַרויס. ער איז אַוועק דורך דער זאַווערוכע ניט צום טויט, נאָר צום אייביקן לעבן...

— מאַמע, — דערהערט זי ירמהלעס געשריי פֿון דער אָפֿענער טיר.

— מאַמע, ווּ ביסטו?

— אָט בין איך, מײַן קינד, אָט בין איך... איך גיי, ירמהלע, איך גיי!

און אַז בײַם שוועל פֿון זיך דעם שניי אָפּגעטרייסלט, מיטן קינד אין שטוב אַרײַן, די פֿרעמדע טיר אַפֿילו ניט פֿאַרשלאָסן, סײַ ווי סײַ קאָן דאָך יעדער איינער די טיר אויפֿברעכן, די פֿענצטער אויסזעצן, אין שטוב אַרײַן און טאָן מיט איר און מיט אירע קינדער, וואָס מ׳וועט נאָר וועלן. זי קאָן זיך דען קעגנשטעלן? און מיט וואָס? וואַרפֿן זיי, די מערדער, אין פּנים אַרײַן די פֿאַרבלוטיקטע פֿעדערן, וואָס די שטוב איז מיט זיי פֿאַרשאָטן... דער פֿעטער אירער, מנחם, דער אַלטער גבֿר, מיט זײַן קאָלון־האַק, איז דאָך שוין ניטאָ. און אויך רפֿאל וואַלאַך וועט זיך צו איר ניט אומקערן. ער איז אַ באַשערטע ווײַלע אויפֿן שוועל געשטאַנען, נאָר אין איר לעבן ניט אַרײַן... די ליכט צאַנקט שוין. דאָס פֿלעמל רויטלעכע שײַן האַלט בײַם אויסגיין, די טאָכטער זיצט אײַנגעבויגן איבערן טיש, דעם קאָפּ אויפֿן עלנבויגן און די אַקסלען טרייסלען זיך איר. און אויך ער, ירמהלע, צעוויינט זיך דאָ:

— מאַמע, ווּ איז דער זיידע?

— ער וועט זיך מסתּמא באַלד אומקערן... — און נעמט אַלץ וואָס ס׳קומט איר אונטער דער האַנט צו בעטן פֿאַר זיי אַ געלעגער. — גייט

קינדער שלאָפֿן. ביז צו טאָג איז נאָך ווײַט. דער ווינטערדיקער פֿאַרטאָג איז אַ לאַנגער. פֿרעגט מיך, קינדער, גאָרניט. איך קאָן אײַך גאָרניט ניט זאָגן. אַלע מײַנע געדאַנקען און געפֿילן זײַנען צעבראָכן און צעפּיצלט געוואָרן. אין אָט דער פֿאַרטאָגיקער לאַנגער פֿינצטערניש, אין אָט דער וואָיענדיקער זאַווערוכע קאָן אונדז נאָר איין גאָט אין הימל העלפֿן. בעט, קינדער, בײַ גאָט! — און זי דעקט זיי בײדן אײַן, שפּאַרט זיך אַליין אויך צו לעם זיי, גלעט זייערע קעפּ ביז זייער געוויין ווערט אײַנגעשטילט און ווערן אַנטשלאָפֿן.

און די שײַן, וואָס האָט נאָך פֿון מאָל צו מאָל אויפֿגעפֿלאַמט אויף דער בלאָוו־אָנגעווייעטער טאַפּליע, אויך אָט די גוססדיקע ליכט, ווערט מיט אַ מאָל אויסגעלאָשן און ס'פֿאַרבלײַבט פֿאַר איר, פֿאַר טעמערלען, נאָר דער חלבֿדיקער ריח — נאָך אַ טראָפּן זיכּרון פֿון דער שטוב, וואָס די באַלעבאַטים ווערן דאָרטן אין די גריבער, בײַם שוואַרצן וואַלד, פֿאַרווייעט און פֿאַרשאָטן. דער בורא עולם אַליין דעקט צו פֿון רחמנות דאָס אומשולדיק פֿאַרגאָסענע בלוט פֿון די פֿרומע זקנים, ווײַבער און קינדער.

און די זאַווערוכע, דאַכט זיך איר, טראָגט אָט די שטוב, ווו זי ליגט מיט אירע קינדער, איבערן יידיקן שטעטל, און זי שרײַט נאָך אַליין, שוין מיט די לעצטע כּוחות, צו אים, צו איר פֿעטער מנחמען, ער זאָל אַליין פֿון לעבן ניט אַרויסגיין... אָט זאָל ער קומען און זען, ווי דער שניי אויפֿן אָנגעווייעטן פֿענצטער, הייבט אָן צו בליצן מיט גרין און בלאָ־פֿײַערדיקע פֿונקען. אפֿנים אַז אין דער זאַווייע איז אויפֿגעגאַנגען די לבֿנה. ס'אַראַ שיינקייט, ס'פֿאַרכאַפּט בײַם האַרצן! אָט די קאָליריקע פֿונקען שטילן דאָך די יסורים! אָנווערן אַזאַ רגע לעבן, איז אַ גרויסע זינד.

אָבער אין אירע אויגן, וואָס זײַנען תּמיד דאָרשטיק נאָך שיינקייט אין לעבן, נעמען זיך לעשן די בליציקע גרין־בלאָע, די קאָליריקע לבֿנה־פֿונקען, — דער הײַל־געוואָי פֿון דער זאַווייע, נאָך דעם שווערסטן מעת־לעת אין איר לעבן; נאָכן לאָזן זיך אונטערן דעמב מטמא־זײַן, נאָכן אָנפֿאַל פֿון די דײַטשן אויפֿן פּאַרטיזאַנישן לאַגער; נאָכן אָפּשטיין די נאַכט מיט די קינדער און מיטן פֿעטער אירן אויף דער קעלט בײַם טײַך, אין די קאַמישן; נאָכן פֿירן זיי אויף דער לאַסטמאַשין, ווו ס'זײַנען

געלעגן די פֿיר געהרגעטע עסעסאָווצעס; נאָכן אַרײַנגעוואָרפֿן ווערן צווישן די פֿיר צעמענטענע ווענט מיטן אויסגעבראָכן און פֿאַרקראַטעטן פֿענצטערל, ווו מ׳האָט געהערט די ביטער־אומבאַהאָלפֿענע געשרייען, וואָס האָבן באַדאַרפֿט אויפֿטרייסלען די וועלט און אַלע זיבן הימלען; געשרייען פֿון די הונדערטער ייִדן אַלט און יונג, טראָגעדיקע ווײַבער און מאַמעס מיט קינדער, געטריבענע איבער די טיף־אָנגעשנייטע פֿעלדער, ווו מ׳האָט דעם הונדערטיאָריקן גוטן־ייִד, דעם צדיק, וואָס חסידים האָבן אים אויף דער געקווייטלטער קישן געטראָגן און די עסעסאָווצעס האָבן אים אויפֿן שניי אַראָפּגעוואָרפֿן און געשאָסן; מ׳האָט זיי געטריבן, די ייִדן, איבער די ווײַס־פֿאַרבלוטיקטע פֿעלדער צו די גריבער, צום שוואַרצן וואַלד... געזען ווי דאָס פֿון זינען גערירטע ווײַבל האַלט אויף די אויסגעצויגענע נאַקעטע הענט איר וויקלקינד צום הימל, צו דער פֿאַרגייענדיקער זון.

און דערנאָך האָט מען אים, ראַפֿין, פֿון יענע פֿיר צעמענטענע ווענט צוגענומען פֿון איר, און זי איז מיט די צוויי קינדער און מיטן זקן פֿאַרבליבן. און שוין באַלד, פֿאַלנדיק דאָרטן אויף דער ערד, דערזען אויך אים, ראַפֿין, אין יענעם שמאָלן שיפּועדיקן קאָרידאָר, בײַם רויכיקן פֿײַער, וואָס שלאָגט פֿון דער אײַזערנער פֿאָס אַרויס, טאַנצן דאָרטן אַ האַלב נאַקעטן, אַ באָרועסן, מיט אַ צעבלוטיקטן לײַב און פּנים, און קוקט מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן זײַנע, פֿולע מיט ווייטיקדיקן טרויער, אויף איר, אויף טעמערלען, ווי זי גייט צווישן די טויטע ווענט מיטן קינד, מיט ירמהלען אויף די הענט.

און שפּעטער דער אָפּגעשניטענער קאָפּ מיט דער פֿאַרבלוטיקטער ווײַסער באָרד אויף דער אָפֿענער גמרא, און דער פֿעטער אירער, מנחם, לייגט אַרײַן דעם אָפּגעשניטענעם קאָפּ פֿונעם ייִדן, און די גמרא, אין אַן אײַנשיט פֿון אַ קישן, טוט אָן אויף זיך דעם פֿאַרבלוטיקטן טלית... און דאָ, אַ מיד און פֿאַרמאַטערטע, אַן אויפֿגעטרייסלטע און אויפֿגעשוידערטע פֿון אָט דעם מעת־לעת, לעשן זיך די קאָליריקע לבֿנה־פֿונקען פֿון אירע דאָרשטיקע אויגן אויס און זי ווערט פֿון דעם געהײַל און זאַווערוכע־געוואָי פֿאַרשלעפּערט און דערזעט זיך באַלד דאָרטן, אויף דער חתונה מיט איר פֿעטער נחמנס מיזינקע, אין יענער פֿרילינגדיקער נאַכט, אויפֿן שוין צעגרינטן און צעבליטן סטעפּ, ווו די

מאַקאָווער פּראַוועץ לאַהלעס חתונה מיט ברייטקייט, פֿול מיט פֿרייד און חן, מיט אַלע שיינקייטן פֿון ייִדישן שטייגער און מינהג — — — — — —

און קאָלאָניסטן, שוין אין גרויע האָר, שוין נאָך זייערע אייגענע גאָלדענע חתונות, די אַמאָליקע קלעזמער שפּילן מיט ברען און פּלייס וויוואַטן און פֿריילעכסן, וואָלעכשע און חסידישע, ברוגז־ און מיצווה־טענץ, שערן און גוישע פּריסיאַדקעס, פּאָלקע־מאַזורקעס און דעם אונגאַרישן „טשאַרדאַש" געשפּילט, און בדחנות, און סקאַרבאָווע ניגונים האָבן דאָרטן אויך ניט געפֿעלט.

און זי זעט דאָס, טעמערל מאַקאָווער, הגם ניט אין אַ שלאָף, נאָר אין אַ פֿאַרנעפּלטן דרעמל אַרײַנגעפֿאַלן, ליגנדיק לעם אירע צוויי קינדער אויף דער באַנקבעט אין דער פֿרעמדער שטוב, וואָס דער שניי־אוראַגאַן טראָגט איבערן ליידיקן שטעטל צום שוואַרצן וואַלד, צו די גריבער... ווי דער גאַנצער ייִשובֿ, גרויס און קליין, וואָס די שטוב האָט ניט געקאָנט אַרײַננעמען צווישן די פֿיר ווענט, טאַנצן אונטערן אויסגעשטערנטן פֿײַכטן, נאָכן אָפּגערעגנטן וואַרעמען הימל, מיט פֿײַער און היתלהבֿות: באַזונדערס טאַנצן זיי, די מאַקאָווער, אין דעם ברייטן ראָד, די צוויי פֿעטערס אירע, מנחם און נחמן, מיט דבֿקות און אין טיפֿער אמונה אין גאולה, טאַנצן מיט ריין און אויסגעלײַטערטער שׂימחה, ווײַל אין אויסגעבן אַ קינד האָבן ייִדן געזען ניט נאָר תכלית, נאָר אויך קיום האומה...

און דאָ, אין איר פֿאַרטראָגן־נעפּלדיקן דרעמל אין דער שטוב, וואָס די זאַווערוכע טראָגט איבערן ליידיקן שטעטל, דאָ ווערן מיט אַ מאָל יענע סטעפּ־ייִדן פֿון אונטערן אויסגעשטערנטן פֿרילינגדיקן הימל פֿאַרשוווּנדן, און אויך די קלעזמער־פֿריילעכסן און וויוואַטן ווערן אין איר אויער אויסגעלאָשן, און זי דערזעט ווי דער פֿעטער אירער, נחמן, וואָס האָט ניט געוואָלט זיך שטעלן פֿאַרן דײַטש אויף די קני און זיך צלמען, ער, דער פֿעטער אירער, נחמן, ליגט אויף דער ערד אין זײַן בלוט...

און באַלד דערזעט זי שוין אויך אים, דעם שווער־ און פֿעטער אירן, מנחמען, מיטן פֿאַרבלוטיקטן טלית, די ציצית צונויפֿגעבונדן אונטער דער באָרד, די בוראַן־ווינטן זאָלן פֿון אים דעם טלית ניט אַראָפּרײַסן, און ער שפּאַנט, דער זקן, איבער די אָנגעווייעטע בלאָווע הורבעס שניי,

טראָגט דעם ייִדנס אָפּגעשניטענעם קאָפּ מיט די צוגעמאַכטע אויגן אונטערן הויכן שטערן מיט די נאָך טונקל־געדיכטע זאַנגען־וויעס, ווי נאָך אַלץ פֿאַרקלערט און פֿאַרטיפֿט ביים מסביר־זיין, ביים אויפֿקלערן און באַלייכטן עפּעס אַ רמז, אַ סוד פֿון דער תורה... ער שפּאַנט איבער די בערג שניי, דער אויפֿגעצאָרנטער פֿעטער אירער, טראָגט דעם ייִדנס קאָפּ שוין ניט אין דעם איינשיט פֿון דער קישן, נאָר איןביידע הענט, אויף דער גמרא, און אַז ער קומט צו צום שוואַרצן יאָדלע־וואַלד, צו די גריבער, שרייט ער אויס:

— שטייט אויף, ייִדן, שטייט אויף און קומט!

און זיי, די געהרגעטע ייִדן, און אויך זייערע ווייבער און קינדער, און אויך די מאַמע מיטן וויקלקינד אויף די אויסגעצויגענע הענט, זיי אַלע קריכן פֿון די גריבער אַרויס, נאַקעטע און פֿאַרבלוטיקטע, און לאָזן זיך אין דער זאַווייע נאָך אים גיין, נאָכן פֿעטער אירן, נאָכן אויפֿגעצאָרנטן זקן, נאָך מנחם מאַקאָווערן.

און דער שניי־געוויטער, ממש אַן אוראַגאַן, ווערט אַלץ ווילדער און אימהדיקער, רייסט אין וואַלד אַפֿילו אַלטע יאָדלעס מיטן וואָרצל פֿון דער ערד אַרויס, נאָר ער, דער אויפֿגעצאָרנטער זקן, מיטן ייִדנס אָפּגעשניטענעם קאָפּ אויף דער גמרא, ער ווערט פֿון דער שניי־בורע ניט אומגעוואַלגערט, און אויך זיי, פֿון די גריבער אויפֿגעשטאַנענע, און אַפֿילו די קינדער פֿאַלן ניט פֿון די פֿיס און גייען נאָכן מאַקאָווער איבער די בלאָוו־לילאָווע זיך רויכערנדיקע שניי־בערג...

און ער גייט אַזוי, דער פֿעטער אירער, דער אַלטער כהן, דער מאַקאָווער, אין דער קאָכיקער זאַווערוכע, איבער ישובֿים און שטעטלעך, הייבט אויך דאָרטן פֿון די גריבער אויף די געהרגעטע, און אַלע פֿאַראייניקן זיך, זייט צו זייט, אַקסל צו אַקסל, און זיי גייען, די נאַקעט־פֿאַרבלוטיקטע, מיט אויפֿגעהויבענע קעפּ, און מיט ברייט־צעעפֿנטע פֿייערדיקע אויגן.

— וווּהין, — שרייט זי, טעמערל, — וווּהין, פֿעטער, פֿירט איר זיי, וווּהין, צו וועלכער וועלט, צו וועלכן לאַנד? אַלע גרענעצן, פֿעטער, אַלע טירן און פֿענצטער אין דער גאָרער וועלט זיינען דאָך פֿאַר אונדז פֿאַרהאַקט און פֿאַרשלאָסן... פֿעטער, וווּהין פֿירט איר זיי, די וועלט איז דאָך טויב און שטום פֿאַר אונדזערע מענטשלעכע יסורים, פֿאַר אונדזער

אומשולדיק פֿאַרגאָסן בלוט. מיר ווערן דאָך דערהרגעט נאָר דערפֿאַר ווײַל מיר זײַנען ייִדן... פֿעטער, איר אַליין האָט דאָך מיך געלערנט, אַז די גוישע וועלט האָט אונדז פֿײַנט פֿאַר די עשׂרת הדברות, וואָס מיר האָבן זיי געגעבן, פֿאַרן לא תרצח, פֿאַרן לא תנאף... זיי וואַרפֿן אונדזערע קינדער לעבעדיקערהייט אין די גריבער אַרײַן און זיי ווערן דאָרטן דערטרונקען אין דעם בלוט פֿון זייערע מאַמעס... פֿעטער, איר הערט מיך אין אָט דער זאַווערוכע? פֿעטער, קיינער אין דער גאָרער וועלט וויל גאָרניט זען דעם טרויער און דעם ווייגעשריי אין די אויגן פֿון דער מאַמע, ווען מ׳רײַסט פֿון אירע הענט אַרויס איר קינד, מ׳וואַרפֿט דאָס אויף דער ערד, און מ׳צעקלאַפּט איר קינדס קעפּעלע מיטן געקאָוועטן אָפּצאַס... פֿעטער, פֿעטער, ווּהין פֿירט איר זיי, די נאַקעטע און צעבלוטיקטע, ווּהין פֿירט איר זיי אין אָט דער צעהוליעטער ווײַסער פֿינצטערניש, אין אָט דער פֿאַרשאָלטענער וויוגע?... פֿעטער, ברענגט מיר אַ טרונק וואַסער פֿון אַ לעבעדיקן קוואַל... פֿעטער, ברענגט מיר כאָטש איין שלונג פֿרייד, כאָטשבי איין טראָפּן פֿרייד... איך קאָן שוין מיין ניט שלינגען די ביטערע און געדיכטע טרערן, די געזאַלצענע, ווי ליאַק... טרערן אויף שאולן, אויף דעם טאַטן פֿון מײַנע פֿיר קינדער, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן אויפֿן ווײַטן צפֿון, אין די אייביקע שנייען; טרערן אויף מײַן ברודער מיכלען און מײַן שוועסטער מירל־מאַרטען און איר קינד; טרערן אויף די, וואָס דײַטשן האָבן אומגעבראַכט אויפֿן סטעפּ; טרערן אויף מײַנע צוויי זין וואָס כ׳האָב אָפּגעגעבן אויף פֿרעמדע הענט... און צום סוף שוין די טרערן אויף ראַפֿין... פֿעטער, צוליב וואָס, צוליב וואָס האָט איר דאָרטן, אין וואַלד, בײַ דער רויטער לבֿנה, באַדאַרפֿט אים, ראַפֿין, געבן דער שוויגערס פֿינגערל צו מקדש זײַן מיך... צוליב וואָס, פֿעטער, צוליב וואָס? איר שווײַגט, איר פֿירט די טויטע אין דער פֿאַרשיטעניש, ווּהין? איר שווײַגט, פֿעטער, איר שווײַגט...

און דאָ דערהערט זי פּלוצלינג אַ קול פֿון אַ מענטשן, וואָס די כּוחות גייען אים אויס, פֿאַלט שוין מיטן פּנים צו דער ערד, וואַרגט זיך מיטן לעצטן ביסל לעבן. ס׳איז אָבער ניט איר פֿעטער מנחמס קול. בײַ יענעם, בײַ איר פֿעטער, בײַם זקן, איז דער קול נאָך אַ מאַקאָווער, אַ הילכיקער, אַ מאָנענדיקער, אַן עקשנות־צאָרנדיקער, און דעמס קול, וואָס זי

הערט, איז פֿאַר איר אַ פֿרעמדער.

— איז אין שטוב פֿאַראַן אַ לעבעדיקער ייִד? — פֿרעגט יענער פֿרעמדער דערפֿרוירענער קול. — ענטפֿערט, רופֿט זיך אָפּ!

גייט זי שווער פֿון איר געדיכט־נעפּלדיקן דרעמל אַרויס, ווייסט אָבער ניט, קאָן ניט אויפֿנעמען און פֿעסטשטעלן, צי דער קול מיטן ייִדישן לשון קומט פֿון דער וואָר, צי פֿון איר גרויליקן חלום... זי קען ניט פֿאַרשטיין און אויפֿכאַפּן פֿונוואַנען קאָן אַהער־צו, אין אָט דער שטוב, וואָס די וויכער־ווינטן טראָגן איבערן ליידיקן שטעטל, איבערן שוואַרצן יאָדלע־וואַלד, איבער די גריבער, ווו דער אָנגעווייטער שניי ווערט רויט און צעגייט אינעם וואַרעמען בלוט... פֿונוואַנען קאָן זיך אַהער־צו אַ ייִדיש קול נעמען, נאָר יענער דערפֿרוירענער קול פֿרעגט ווידער:

— איז אין דער שטוב פֿאַראַנען אַ לעבעדיקער ייִד?

— יאָ, יאָ, פֿאַראַנען... — ענטפֿערט זי שטיל, און מיט אַ צוגעשטיקטן קול, און מיט עפּעס אַ שרעקלעכן פֿאָרגעפֿיל, ווי אַ נבֿואה, וואָס פֿאַרקלעמט איר דאָס האַרץ ביז צו שרײַען פֿון ווייטיק, ווי יענער דערפֿרוירענער קול וואָלט איר ניט נאָר אַ שלעכטע און אַ בייזע בשׂורה אַהער־צו פֿלוצלינג געבראַכט, נאָר שוין דעם יום־הדין, דעם סוף פֿון אַלע האָפֿענונגען, ווי דעם ענדגילטיקן און דעם פֿאַרחתמעטן גזר־דין, וואָס מ׳קאָן אים שוין אין אַלע זיבן הימלען ניט אָפּשרײַען, ניט אָפּשאַפֿן, אָדער כאָטש אַביסעלע ענדערן און פֿאַרלײַכטערן...

— יאָ, יאָ, פֿאַראַנען! — און זי הייבט זיך אויף, טעמערל מאַקאָווער, פֿון דער באַנקבעט, און מיט אַ שרעקלעכן פֿאָרגעפֿיל, וואָס נאַרט זי קיינמאָל ניט אָפּ, לאָזט איבער די צוויי שלאָפֿנדיקע קינדער אירע, און גייט אַליין אויף גיך פֿונעם אַלקער צו יענעם דערפֿרוירענעם קול אַרויס.

## ב.

און דאָ, אין שטוב, דערזעט זי, בײַ דער פּאַרטאָגיקער בלאָוו־לילאַווער זילבערקייט, וואָס גייט אויף אין דער זאַווערוכע, פּאַרווייעטע

אויסגעמאַטערט־און פֿאַרפּײַניקטע מענטשן, וואָס אָטעמען מיט אַ כריפּ און פּײַף, קלאַפּן אַ פּוס אין אַ פּוס, און קינדער פֿאַרגייען זיך אין געוויין, רעדט זי קוים אַרויס, טעמערל מאַקאָווער:

— זײַנט איר לעבעדיקע, צי פֿון די גריבער אַרויס?

— לעת עתּה לעבעדיקע, פֿון היינט אויף מאָרגן...

— פֿון וואַנעט זשע קומט איר, און וווּהין גייט איר?

— דאָס ווײַבל איז אַפּנים אַראָפּגעפֿאַלן אַהער פֿונעם הימל.

— מ׳זעט דאָך גלײַך אַז זי איז פֿון יענע... זי לעבט דאָך דאָ איינע אַליין אין אַ גרויסער וואַרעמער שטוב...

— קוקט זי נאָר אָן! זעט נאָר זעט, ווי זי זעט אויס... אויסגעכאָליעט און אויסגעפּאַשעט.

— און וואָס איז דער חידוש, זי האָט דאָ אַ קאָכאַניק, אַן עסעסעוועץ... די גאַנצע שטאָט ייִדן האָט מען אויסגעהרגעט און זי... די קאָכאַנקע, האָט דעמאָלטן געשפּילט אויף דער פּיאַנע, וואָס שטייט אָן־אָ אין ווינקל.

— זע, — טרעט דאָ אַרויס אַ צווייטע, די פּיס אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס, און צעעפֿנט דעם שטיקל קיליעם, וואָס דעקט צו איר גוף — זע, קוק, איך האָב דאָך שוין קיין אויסזען ניט פֿון אַ פֿרוי. איך בין דאָך שוין בײַ זעקס און צוואַנציק יאָר קיין פֿרוי ניט... נאַ, זע, מײַן לײַב איז געוואָרן געלע צונויפֿגעקנייטשטע הויט, וואָס הענגט אַראָפּ פֿון ביין... קוק, קוק, פֿאַרמאַך ניט די אויגן, זע, ווי מײַן קינד ליגט בײַ מײַן אײַנגעפֿאַלענער אויסגעטריקנטער ברוסט און וויינט שוין אַפֿילו ניט.

און זי, טעמערל, אַן אויפֿגעציטערטע, שטייט פֿאַר די אויסגעדאַרט און אויסגעבלייכטע פֿרויען מיט די אויסגעלאָשענע אויגן, וואָס קוקן אויף איר מיט קינאה... און שׂינאה! און זי שווײַגט, טעמערל, שטייט פֿאַר זיי מיט אַראָפּגעלאָזטע נאַסע ווי׳עס, ווי זי וואָלט באמת באַגאַנגען קעגן זיי אַ שווערן פֿאַרברעכן מיט דעם וואָס זי זעט נאָך אַזוי אויס... זי פֿאַרשטייט זיי, אָט די פֿרויען, אָט די אומגליקלעכע מאַמעס פֿון די אַנטשוויגן געוואָרענע קינדער, די עופֿעלעך, בײַ זייערע אויסגעטריקנטע בריסטן... זיי דאַרפֿן, זיי מוזן דאָך צו עמעצן אויסגיסן זייערע הערצער, אויסשרײַען זייער ווײ און צאָרן.

— זי פֿרעגט, די אויסגעלאָסענע, די פֿאַרדאָרבענע, די הולטײַקע,

זי פֿרעגט פֿון וואַנען מיר גייען? — און דאָס ווײַבל מיטן טויטן קינד אויף די הענט, פֿאַרהוסט זיך אויף לאַנג. — זי פֿרעגט... פֿון וואַנען... מיר גייען? מיר גייען פֿון דאָרט... ווו דײַן פּאָליובאָווניק...

— וואַרט, — הייבט דאָ אויף זײַן האַנט אַ זקן מיט אַ פֿאַרבלוטיקטן אויג און מיט אַ האַלב אויסגעריסענע באָרד. — ווײַבער, וואָס זײַנט איר אויף איר אָנגעפֿאַלן? זי איז דאָך אפֿשר גאָר ניט פֿון אונדזערע... זי איז דאָך מיסתמא פֿון די פֿאָלקס־דײַטשן.

— גאָט באַהיט! — האַלט זי שוין מיין ניט אויס, טעמערל. — גאָט באַהיט, איך בין אַ ייִדישע טאָכטער, מײַן טאַטע איז געווען דעם טאַלנערס אַן אוראייניקל, און מײַן זיידע איז געווען דער קדוש, עזריאל מאַקאָווער...

— וואַרט נאָר צו, וואַרט נאָר, — זאָגט אַ דערפֿרייטער דער צעשלאָגן און צעבלוטיקטער זקן. — ביסטו, הייסט עס, עזריאל מאַקאָווערס אַן אייניקל, און דײַן טאַטע, זאָגסטו, איז געווען דער טאַלנער עילוי, דער נבֿיא... מיט דײַנע פֿעטערס פֿלעגן מיר זיך אַלע יאָר, אויף ימים נוראים, טרעפֿן בײַם טשערנאָבילער, בײַם רבין ר׳ מאָטעלע, זכרונו לבֿרכה, דײַנע פֿעטערס זײַנען אויך געווען, ווי זייער פֿאָטער, האָרעפּאַשנע ייִדן, יגיע־כּפּימניקעס, אָבער אויך ווי ער, ווי זייער פֿאָטער, ייִדן למדנים, שאַרפֿע און טיפֿע לערנערס... אַזוי, אַזוי... נאָר פֿון וואַנעט, טאָכטער, קומסטו פֿאָרט אַהער־צו?

דערציילט זי, טעמערל מאַקאָווער, ניט פֿאַרשטעלט און ניט פֿאַרהוילט, היפּערט ניט איבער און גייט גאָרניט פֿאַרבײַ, פֿון דעם לאַנג־חדשימדיקן וועג אויף דער פֿור, פֿונעם אָנהייב זומערדיקן ביז צו דעם ערבֿ־ווינטערדיקן וועג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן בײַ דעם אָנהייב פֿון דער מילחמה, אויפֿן סטעפּ, ביז אַהער־צו, ביז צו אָט דער וואַרעמער שטוב... נאָר די מענטשן פֿאַלן פֿון די פֿיס, קאָנען אירע רייד ניט הערן, ליגן שוין אויפֿן פּאָל: אַפֿילו דאָס ווײַבל מיטן טויטן קינד בײַ איר אויסגעטרוקנטער ברוסט, איז שוין אויך אויף דער נאַסער ערד, בײַ דער וואַנט, אַנטשלאָפֿן געוואָרן.

און נאָר ער איינער, דער זקן, מיט דער האַלב־אַרויסגעריסענער באָרד און צעשלאָגן־פֿאַרבלוטיקטן אויג, ער הערט אויס איר אָנגעווייטיקט האַרץ... און דערעיקרשט הערט ער, דער זקן, זייער

אָנגעשטרענגט, וואָס אין יענעם פֿאַרנאַכטיקן וואַלד, אינעם סופֿהאַרבסטיקן און רוישיקן, ווײַט פֿון מענטשן, וואָס זאָלן ניט קאָנען אַ קול דערהערן און צוהילף קומען: ווי אַזוי זי, די מאַמע, האָט איר קינד, די פּופּצניאָריקע טאָכטער, פֿונעם מנוולס הענט אַרויסגעריסן, געהייסן איר אַנטלויפֿן, דעם וועג אים צו איר, צו דער טאָכטער, מיט זיך פֿאַרשטעלט, פֿאַרבליבן מיט אים אונטערן דעמב, און געלאָזט זיך מטמא זײַן... און ווי באַלד, אָבער שוין נאָך אַלעמען, איז דער פֿעטער אירער אָנגעלאָפֿן און דעם אויסוואָרף מיט זײַן סטעפּישער האַק, מיט דעם „קאָלון”, דעם קאָפּ צעשפּאָלטן... און אויך הערט ער, דער זקן, מיט גרויס פֿאָרכט און ציטערניש, ווי איר פֿעטער, מנחם מאַקאָווער, האָט אויף זיך אָנגעטאָן דעם פֿאַרבלוטיקטן טלית, גענומען דעם ייִדנס אָפּגעשניטענעם קאָפּ מיט דער גמרא און איז אַוועק אין דעם ווילדן שניי־געוויטער...

— דו ביסט ריין, טאָכטער, דו ביסט ריין! און אויך דײַן פֿעטער, מנחם מאַקאָווער, איז ריין פֿון זינד, — זאָגט דער זקן נאָך אַ לאַנגן שווײַגן, ווי ער, דער איינציקער לעבן געבליבענער רבֿ דאָ, דאַרף פֿאַרן אומגעבראַכט ווערן, און ער ווייסט, אַז דער סוף איז שוין נאָענט, פּסקענען דאָ, און לויטן שטרענגסטן הלכה־דין, די שאַרפֿסטע און שווערסטע שאלה, וועלכע איז אים אין זײַן לעבן אויסגעקומען צו פּסקענען — דו ביסט ריין, טאָכטער, און דײַן פֿעטער איז ריין פֿון רציחה... איר זײַטביידע קדושים וטהורים!

און דער אַלטער אײַנגעבויגן־ און אײַנגעשטרומפּענער מורה־הוראה מיט דער האַלב אויסגעריסענער באָרד און צעשלאָגן פֿאַרבלוטיקטן אויג, כאַפּט דאָ שווער איבער דעם אָטעם, און טוט אַ פֿיר מיטן צונג איבער די פֿאַרטרוקנטע ליפּן:

— און דו דאַרפֿסט, טאָכטער מײַנע, אויף די ווײַבער, פֿאַר זייערע שטעכיקע רייד, קיין פֿאַרדראָס און כּעס ניט טראָגן. אָן־אָ, בײַ דער וואַנט, ליגט מײַן איידיקל מיט איר טויטן קינד אויף די הענט... אירע עלטערע צוויי קינדער, אַ צווילינג, אַ ייִנגעלע מיט אַ מיידעלע, פֿינעפֿיאָריקע, האָבן די דײַטשן, אָט די חיות בצורת אדם, אַרײַנגעוואָרפֿן, ווי זיי האָבן געוואָרפֿן אין גרוזאָוויק נאָך צענדליקער קינדער, בײַם האַרצרײַסנדיקן געשריי און גוואַלדן פֿון די מאַמעס און

קינדער, געוואָרפֿן זיי, די קינדער, ווי פֿלאַכעס האָלץ, און אַוועקגעפֿירט זיי צו די גריבער... און דאָס קינד האָט זי, מײַן אייניקל, שעווע, געבוירן אַ טויטס, נאָר מ׳קאָן דאָס פֿון איר ניט אָפּנעמען, מ׳קאָן זי פֿונעם קינד ניט אָפּטיילן און ניט אָפּשיידן. און זי ווייסט, שעוועלע, זי ווייסט, אַז איר קינד איז אַ טויטס, זי איז דאָך, ברוך השם, בײַ אַלע געדאַנקען, זיך חלילה ניט גערירט... נאָר דאָס טויטע קינד קאָן מען פֿון איר ניט אָפּנעמען, זי קאָן זיך מיט דעם ניט שיידן, זי קאָן זיך ניט אָפּטיילן פֿון דעם טויטן קינד... פֿאַראַן זאַכן אויף דער וועלט, וואָס מ׳קאָן זיי מיטן שׂכל הישר גאָר ניט משׂיג זײַן, זיי זײַנען העכער פֿונעם שׂכל, ווײַט ווי די האָריזאָנטן, ווער קאָן זיי איבערשפּאַנען?.. אָט האָט מיר אַ צדיק, אַ הייליקער ייִד, וואָס האָט געציטערט איבער יעדער לאו פֿון דער תורה, אָפּגעהיט יעדער פּינטל פֿון די תרי״ג מיצוות, ווי מ׳היט אָפּ דאָס שוואַרצאַפּל פֿון אויג, ער, אָט דער ירא שמים, דער צדיק בן צדיק, פֿון די נסתרים, בײַם פֿירן אים מיט די קינדער צו די גריבער, ער האָט מיט גרויסן געוויין געשריִען צו מיר פֿון דעם גרוזאָוויק אַרויס: ווי קאָן ער צוזען, דער ריבונו של עולם, ווי מ׳הרגעט אויס זײַן פֿאָלק ישׂראל, ווי מ׳הרגעט קליינע קינדער, וואָס זײַנען ריין פֿון זינד און עוולות... אַפֿילו בייזע חיות, לייבן, לעמפּערטן, וועלף, האָבן רחמנות אויף זייערע קינדער.

— אויך מײַן פֿעטער מנחם, אַ צדיק בן צדיק...

נאָר דער זקן הערט שוין ניט טעמערלס רייד, קוקט אין פֿענצטער אַרײַן, אין דרויסן אַרויס, ווו איבער דער אײַנגעשטילטער זאַווייע, איבער מיט שניי פֿאַרשאָטענער וועלט, גייט אויף די זון און שלאָגט אַרויס פֿון די פּראָסטיקע לילאַ־בלאָווע הורבעס פֿײַערדיקע פֿונקען; הייבט ער אויף זײַנע אויגן צו דער סטעליע, און ווי אום יום־כּיפּור צו נעילה, שטייענדיק פֿאַרן עמוד, ווי דער שליח ציבור, זאָגט ער מיט טרערן אין קול:

— רבונו דעלמא כולא, אבינו מלך, גרויסער גאָט אין הימל, אַזוי ווי ס׳גייט אויף די זון, אַזוי ווי ס׳גייט אויף די ליכט פֿון טאָג, אַזוי זאָל אויפֿגיין דײַן חסד, דײַן גוטסקייט און דערבאַרעמדיקייט, דײַן ליבשאַפֿט צו די קינדער פֿון ישׂראל... רבונו של עולם שטעל אָפּ די שרעקלעכע שחיטה, דעם שפּיכת דמים, די אַרבע מיתות בית דין, רײַס אַרויס, רײַס

אַרויס, השם צבאות, בײַ די רוצחים, בײַ די פּאַרטיליקער און פֿאַרלענדער פֿון דײַן פֿאָלק, די בלוטיקע האַק... עשה למען שמך! שוין געגוג פֿאַרגאָסן געוואָרן אומשולדיק און הייליק בלוט. ס׳איז דאָך שוין אַ מבול פֿון בלוט... גאָט פֿון אברהמען, פֿון יצחק און יאַנקעוון, ניט קיין וואַסער, נאָר בלוט איז שוין דערגאַנגען צו אונדזערע מײַלער! בואו דמים עד נפֿש... גאָטעניו, האַרציקער, איך פֿאַל פֿאַר דיר אויף מײַן פֿאַרשוואַרצטן און דערנידעריקטן פּנים, איך פֿאַל פֿאַר דיר, רבונו דעלמא כולא, אויף מײַן פּנים מיט דער האַלב אויסגעריסענער באָרד, און בעט בײַ דיר, באַווײַז אונדז אַ נײַעם רעגנבויגן, אַ נײַעם צייכן!.. נעם אונדז, אל רחמים, אונטער דײַנע פֿליגל, מיר זײַנען עלנט, עלנט, עלנט, און פֿון אַלעמען פֿאַרלאָזן. קיינער, קיינער אין דער גאָרער וועלט נעמט זיך ניט אָן פֿאַר אונדז, שטעלט זיך פֿאַר אונדז ניט אײַן, אַפֿילו ניט אונדזערע ברידער פֿון יענער זײַט ים, אין אַמעריקע, אויך זיי הייבן ניט אויף דאָרטן זייער שטאַרקן קול... וווהין זײַנען זיי דאָרטן אַהינגעקומען, זיך דערווײַטערט, פֿאַרשטעקט אין אַ ווינקל, מאַכן דאָרטן שבת פֿאַר זיך... ריבונו של עולם, עפֿן די הערצער פֿון יענע ייִדן... זאָלן זיי דאָרטן אויפֿהייבן זייער קול!

נו, און ווו זײַנען זיי? — שלאָגט אים דאָ איבער, דעם אַלטן רבֿ, אַ אויפֿגעברויזט און אויפֿגעקאָכט און צעבראָכן קול. — און ווו, פֿרעג איך, דער אַלטער דאָקטאָר פּראָלקיס, ווו זײַנען זיי, די ציונים, וואָס האָבן אין משך פֿון קנאַפּע פֿופֿציק יאָר געשאַלט אין זייער גרויסן קופּערנעם משיח־האָרן, און אין אַלע ווינקלען פֿון דער וועלט, אַז דער ציוניזם איז דער עמוד האש פֿון ייִדישן פֿאָלק... און ווו זײַנען זיי איצטער, אין דער סאַמע פֿינצטערסטער, אין אָט דער בלוטיקסטער נאַכט פֿון אונדזער געשיכטע? ווו, פֿרעג איך מיטן געשריי פֿון מײַנע לעצטע כּוחות, מיטן געשריי פֿון אַלע מײַנע צעשלאָגענע ביינער, ווו זײַנען זיי, די ווייצמאַנס, די בן־גוריונס, די שערטאָקס, די גרינבוימס און קאָ... ווו זײַנען זיי, אָט די לויכטנדיקע פֿײַער־זײַלן פֿון פֿאָלק? זיי האָבן די ערשטע אָנגענומען אַ מויל מיט וואַסער, שטום און טויב געוואָרן, אָנגערוקט אויף די צאַרטע אויערן זייער אידעאָלאָגישע היטל... און אין זייער שווײַגן, רבי, אין זייער טויבשטומקייט, איז ניטאָ קיין שום סוד, מ׳דאַרף דאָ ניט, רבי, וויסן גאָטס פֿאַרהוילענע וועגן, מ׳דאַרף דאָ ניט איבערשפּאַנען

האָריזאָנטן... די דײַטשן, רבי, ברענגען דאָך אום דעם גלות־ייִד... און פֿאַר זיי, פֿאַר די ציונים, איז דער גלות־ייִד שטויב! עקאָנאָמישער און גײַסטיקער שטויב!!! רבי, איך ווייס ניט דעם אייבערשטנס וועגן, און איך וויל זיי גאָר ניט וויסן, זיי זײַנען ניט פֿאַרן מענטשלעכן שׂכל... נאָר די וועגן פֿון דעם ציוניזם ווייס איך גוט. זייער וועג הייבט זיך אָן פֿון שׂינאה צום גלות־ייִד, צום ייִדיש־פֿאָלק, צום גלות־פֿאָלק... פֿאַר זיי, פֿאַר די ציונים, איז דער גלות־ייִד עקאָנאָמישער און גײַסטיקער שטויב! און אָט דערפֿאַר האָבן זיי, די בן־גוריונס, וואָס חלשן נאָך אַ מלוכהלע, נאָך מאַכט, נאָך אַן אַרמיי... אָט פֿאַרוואָס זיי האָבן איצטער, ווען די דײַטשן פֿאַרטיליקן דאָס ייִדיש פֿאָלק, אָט דעם עקאָנאָמישן און גײַסטיקן שטויב, אָנגענומען אַ פֿולן מויל מיט וואַסער און אָנגערוקט טיף איבער די אויערן זייער אידעאָלאָגישע היטל... דער ציוניזם, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פֿון דער צעבלוטיקטער פֿאָלקס נשמה, איז אונדזער שונא און חרפּה... מיר דאַרפֿן אָבער דורכגיין דורך אָט דער שׂינאה און חרפּה אויך, כאָטש דאָס איז אונדזער גרעסטער פּײַן, די גרעסטע יסורים... איבערטראָגן די שׂינאה פֿון אַן אייגענעם ברודער... זיי ווילן, די בן־גוריונס, אויפֿן בלוט פֿונעם גלות־ייִד, אויפֿן בלוט פֿונעם עקאָנאָמישן און גײַסטיקן שטויב...

שפּרינגט דאָ פֿון דער ערד אויף איינער, וואָס האָט אין דער זאַוערוכע, בײַם טרײַבן אים אַהער־צו, פֿאַרלאָרן זײַנע ברילן מיטן איינעם טונקעלן אייגל:

— דאָקטאָר פּראָלקיס, — פֿאַרהיקעט ער זיך פֿון כּעס. — דאָקטאָר פּראָלקיס, ווען איך וואָלט אײַך ניט געווען געזען דאָרטן, אין דער זעמליאַנקע, וואָס די דײַטשן האָבן אײַך געגעבן פֿאַר אַ שפּיטאָל... ווען איך זע אײַך ניט דאָרטן, אין יענער זעמליאַנקע, ווי איר האָט געוואָלט ראַטעווען יעדער קינד, יעדער קימפּעטאָרן... ווען איך זע דאָס ניט אַליין מיט מײַנע אייגענע אויגן, וואָלט איך געמיינט אַז איך האָב דאָ פֿאַר זיך ניט דעם דאָקטאָר פּראָלקיסן, דעם אוהבֿ־ישׂראל, נאָר דעם אַמאָליקן פֿאַרברענטן בונדיסט, וואָס שיט נאָך אַלץ פּעך און שוועבל אויף דער באַפֿרײַערישער באַוועגונג... פֿונוואַנען, זאָגט מיר, דאָקטאָר פּראָלקיס, פֿון וואַנען האָט איר גענומען, און ווער האָט דאָס פֿון די ציוניסטן פֿאַר זײַן מויל געבראַכט וועגן דעם גלות־פֿאָלק, ווי וועגן

עקאָנאָמישן און גײַסטיקן שטויב? פֿון וואַנען האָט איר דאָס געקאָנט נעמען? ס׳איז דאָך שקר וכזב. שוואַרצע רכילות... מ׳דאַרף דאָך האָבן...

— וואָס דאַרף מען האָבן? — שלאָגט אים שוין איבער דער אַלטער דאָקטאָר פּראָקליס און זײַן קול ווערט נאָך מיין אויפֿגערעגט און נאָך שטאַרקער אויפֿגעבראַכט. — שוואַרצע רכילות, זאָגט איר, שקר וכזב... טאָ פֿאַרנייגט אײַער אויער, דאָקטאָר מיזעס, צום אמת, ווי שווער דאָס זאָל פֿאַר אײַך ניט זײַן, פֿאַרנייגט אים אײַער אויער, און הערט... אין נײַנצן הונדערט זיבן און דרײַסיק, פֿאַרגעדענקט דאָס יאָר, פֿאַרגעדענקט עס גוט... דאָס איז געווען אַ יאָר פֿאַר דער קרישטאָל־נאַכט, און צוויי יאָר פֿאַרן אָנפֿאַל פֿון די נאַציסטן אויף פּוילן, צוויי יאָר נאָך פֿאַר דעם, ווי איבער די קנאַפּע פֿיר מיליאָן ייִדן האָט זיך אָנגערוקט די היטלעריסטישע בלוטיקע כמאַרע. פֿאַרגעדענקט עס פֿרײַנד מיזעס! אין יענעם יאָר, אינעם נײַנצן הונדערט זיבן און דרײַסיק, ווען איך, דער בונדיסט פּראָלקיס, איז געלעגן אַ צעממיתטער אין דעם קאַרצער פֿון דער קאָמוניסטישער אָכראַנקע... אין יענעם יאָר, אויפֿן צוואַנציקסטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אָט־אָ דאָרטן, האָט דער לויתן פֿונעם עמוד האש, דער פּרעזידענט פֿונעם אַלוועלטלעכן ציוניזם, חיים ווייצמאַן, עס געזאָגט קאַלטבלוטיק, מיט אַן אומברחמנותדיקער גלײַכגילטיקייט צום גורל פֿון מיליאָנען גלות־ייִדן... מיט אַן אַכזריותדיקער גלײַכגילטיקייט...

— אַזוי פּראָסט און פּשוט, מיט אַן אַכזריותדיקער און הפֿקרותדיקער גלײַכגילטיקייט?... — פֿרעגט שוין דער דאָקטאָר מיזעס מיט בײַסיקן חוזק — און וואָס האָט ער דאָרט, אין יענעם יאָר, אויפֿן צוואַנציקסטן קאָנגרעס, געקאָנט אַזוינס זאָגן, דער גרויסער ייִד און מענטש, דער גרויסער געלערנטער, דאָקטאָר חיים ווייצמאַן?

— שלאָגט ניט איבער, קאָלעגאַ מיזעס, און כּעסט זיך ניט אַזוי, גייט ניט אַרויס אַזוי פֿון די כּלים. כּעס, מײַן פֿרײַנד, איז ניט דער בעסטער בעל־יועץ... איך האָב דאָ ניט, פֿאַרשטייט זיך, דעם גענויעם שטעל פֿון זײַן יענער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אויפֿן קאָנגרעס, נאָר פֿאַרן אינהאַלט, פֿאַרן תּוך, פֿאַרן קערן, קאָן איך קאַווירן, טראָגן די אחריות... און אָט וואָס ער האָט דעמאָלטן געזאָגט, אין דעם נײַנצן הונדערט זיבן און דרײַסיקסטן, צוויי יאָר פֿאַר דער צווייטער וועלט

מילחמה, צוויי יאָר פֿאַרן גרויסן חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק, פֿאַרגעדענקט עס, קאָלעגאַ מיזעס, פֿאַרגעדענקט עס! דער גרויסער ייִד און גרויסער געלערנטער, וואָס וואָלט, דאַכט זיך, פֿריִער פֿאַר אַלץ געדאַרפֿט זײַן אַ גרויסער הומאַניסט, ניט שטעלן די אידעאָלאָגיע העכער פֿונעם מענטש, פֿון זײַן לעבן... קאָלעגאַ מיזעס, שלאָגט ניט איבער, האַלט זיך אין די הענט, האָט אַ קאָפּעלע סבֿלנות... שווײַגט און הערט! דעמאָלטן, אויפֿן צוואַנציקסטן קאָנגרעס, אָפּגעבנדיק דעם דין־וחשבון פֿון זײַן געשפּרעך מיט דער ענגלישער קעניגלעכער קאָמיסיע, האָט ער זיי געזאָגט, די לאָרדן, אַז ס'זײַנען פֿאַראַן פֿיר מיליאָן ייִדן, וואָס קוקן אַרויס אויף עליה קיין ארץ־ישראל... האָט אים איינער פֿון יענער קאָמיסיע געפֿרעגט:

— טראַכט, דער דאָקטאָר ווייצמאַן, זיי אַלעמען, די פֿיר מיליאָן ייִדן, אַריבערפֿירן קיין פּאַלעסטינע?

— ניין, האָט ער, דער קאַרפּן־קאָפּ פֿון דעם ציוניזם, דער ליכטיקער זײַל פֿונעם עמוד האש פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק, געענטפֿערט, ניין, דאָס טראַכט ער ניט. ער איז אַ בקי אין די געזעצן פֿון פֿיזיק און כעמיע און ווייסט, וואָס מאַטעריעלע פֿאַקטאָרן זײַנען... פֿאַר אונדזער דור, האָט דער דאָקטאָר ווייצמאַן זיי, די ענגלישע לאָרדן, דערקלערט, פֿאַר אונדזער דור צעטיילט ער די פֿיר מיליאָן ייִדן... צוויי מיליאָן יונגע מענטשן, וואָס שטייען אויפֿן שוועל פֿון לעבן, אָט די צוויי מיליאָן יונגע, ווילן זיי, די ציוניסטן, ראַטעווען... די אַלטע וועלן אַוועקגיין, זיי וועלן זיך צופּאַסן, צי זיי וועלן זיך ניט צופּאַסן, זיי זײַנען שוין סײַ ווי סײַ פֿאַרוואַנדלט געוואָרן, אין אָט דער אַכזריותדיקער וועלט, אין עקאָנאָמישן און מאָראַלישן שטויב... — און דער אַלטער דאָקטאָר פּראָלקיס שטעלט אָן זײַנע אויגן אויפֿן יונגן דאָקטאָר מיזעס: — ווי געפֿעלט אײַך, קאָלעגאַ, דער צבֿיעותדיקער קרעכץ אויף די מיליאָנען ייִדן, וואָס די אַכזריותדיקע וועלט האָט זיי פֿאַרוואַנדלט אין עקאָנאָמישן און מאָראַלישן שטויב?

— דאָס איז, דאָקטאָר פּראָלקיס, יאַקאָוו איסאַקאָוויטש, שקר וכזבֿ! דאָס איז...

— אַהאַ, איר ווילט אין דעם ניט גלייבן, אַוודאי איז אין דעם, קאָלעגאַ מיזעס, שווער און ביטער צו גלייבן, אין אַזעלכעס... אין אַזאַ

חרפּה! אפשר די גרעסטע און ווייטיקדיקסטע! נאָר מיר דאַרפֿן דורכגיין דורך אָט דער פֿײַערדיקער חרפּה אויך... זי גייט אַרײַן, אָט די שווערוווּנדיקע חרפּה, אין אונדזערע לײַדן, אין אונדזערע גורלדיקע און גרויליקע יסורים... קאָלעגאַ מיזעס, מיט אײַער היסטערישן און „היסטאָרישן" געשריי קאָנט איר דאָ גאָרניט פֿאַרענטפֿערן, און אַלע שפּעטערדיקע דורות ציונים וועלן דאָס ניט קאָנען פֿאַרענטפֿערן... און אָט פֿאַרוואָס, קאָלעגאַ מיזעס, אַז דער מטורף היטלער, וואָס פֿילט זײַן אומקום, און נאָר אַזוינע וואָס פֿילן זייער אומקום גייען אויף אַזעלכע פֿאַרברעכנס, אויף אַלץ איז דערלויבט... אַז היטלער האָט זיך גענומען מיט דער הילף פֿון די רומענער, אוקראַינער, לעטן, ליטווינער און עסטאָנער צו פֿאַרברענען דעם עקאָנאָמישן און גײַסטיקן מיסט, וואָס אויף זייער אַש וועלן די עמוד־האשניקעס זיך נעמען אויפֿשטעלן זייער מלוכה, דעם אַלטן ישׂראל...

— דאָקטאָר פּראָלקיס, פֿונוואַנען נעמט זיך צו אײַך...

— שלאָגט ניט איבער, פֿרײַנד מיזעס... אַז היטלער האָט זיך גענומען פֿאַרברענען דעם עקאָנאָמישן און גײַסטיקן מיסט, האָבן זיי, די ציונים, אָנגענומען אַ פֿולן מויל מיט וואַסער! און דערפֿאַר שווײַגן אויך די אַמעריקאַנער ייִדן, וואָס זיצן איבער די טעפּ פֿעטע פֿליישן. דער ציוניזם איז דאָך זייער עמוד האש... קאָלעגאַ מיזעס, איך האָב דאָך שוין אײַך געזאָגט, אַז מיט אײַער „היסטאָרישן" געשריי וועט איר דאָ גאָרניט ניט פֿאַרענטפֿערן און אָפּלייקענען, און אויך שפּעטער, נאָך דער מלחמה, און זי וועט געדויערן אַ פּאָר יאָר, ווײַל דאָס בייז, די אַכזריות, דאָס „אַלץ איז דערלויבט"... איז שוין פֿון אירע ברעגן אַרויס און פֿאַרפֿלייצט די וועלט; און ניט גרינג וועט אָנקומען אַרײַנצוטרײַבן אָט־אָ די אוממענטשלעכע אַכזריות צוריק אין די ברעגן אַרײַן... אויך שפּעטער, קאָלעגאַ מיזעס, נאָך דער מלחמה, וועלן אַפֿילו דורות און דורות ציונים ניט קאָנען אָפּלייקענען און פֿאַרענטפֿערן זייער שווײַגן, זייער שטיין פֿון דער ווײַטנס, זייער ניט קומען צוהילף... ניין, ניין, קאָלעגאַ מיזעס, ניין, איך האָב זיי, מײַנע טריף־פּסולע געדאַנקען, אויך ביז הײַנט ניט אויסגעבאַהאַלטן און פֿאַרבאָרגן. איך האָב זיי נאָך פֿאַרשריבן אין מײַן טאָגבוך, וואָס איך האָב געפֿירט פֿונעם ערשטן מלחמה־טאָג ביז צו דער לעצטער מינוט אין לאַגער; איך האָב נאָך

באַוויזן צו פֿאַרשרײַבן, ווי די דײַטשן האָבן אַרויפֿגעוואָרפֿן אַלע קראַנקע אויף די וועגענער און זיי אַוועקגעפֿירט אַהין־צו, צום טאָל... נאָך דעם האָב איך אַרײַנגעלייגט דעם גלעזערנעם סלאָי מיטן טאָגבוך אין דער ערד, באַגראָבן אין דער זעמליאַנקע, אפֿשר וועט מען עס אַ מאָל געפֿינען. אפֿשר?.. ניין, קאָלעגאַ מיזעס, ניין, מײַנע טריף־פּסולע געדאַנקען האָב איך ניט אויסגעבאַהאַלטן, איך האָב זיי פֿאַרשריבן אין טאָגבוך. און ביז צו דער לעצטער רגע אין לאַגער, ביז מ׳האָט אונדז גענומען טרײַבן פֿון דאָרטן...

— פֿונוואַנען, דאָקטאָר, — פֿרעגט דאָ דערשראָקן, און שטעלט אויף אים אָן אירע גרויסע טרויער־צאָרנדיקע אויגן, טעמערל, וואָס זיצט שוין אויף דער ערד לעם רבֿס אייניקל, לעם דעם ווײַבל מיטן טויטן קינד אויף די הענט. — פֿונוואַנען, דאָקטאָר, האָט מען אײַך אַהער צו געטריבן? — פֿרעגט זי מיט יענער שרעק און ציטערניש, ווי דער דאָקטאָר וואָלט איר דאָ שוין אָנגעזאָגט דעם סוף... — פֿון וועלכן לאַגער, דאָקטאָר, פֿון וועלכע זעמליאַנקעס, און נאָך וואָס האָט מען אײַך אין אָט דער שניי זאַווערוכע, אַהער־צו געטריבן, נאַכוואָס?

— אויף דער ערשטער שאלה אײַערע, קאָן איך אײַך יאָ ענטפֿערן, אויף דער צווייטער וועט אײַך ענטפֿערן די צײַט... פֿון וועלכן לאַגער און פֿון וועלכע זעמליאַנקעס, פֿרעגט איר, פֿרוי מאַקאָווער...

— פֿונוואַנען, דאָקטאָר, פֿונוואַנען ווייסט איר, אַז איך בין פֿון די מאַקאָווער?

— פֿון אײַער געשפּרעך מיטן רבֿ. מיכל מאַקאָווער איז געווען אײַערער אַ קרובֿ?

— אַ ברודער... איר האָט אים געקענט?

— מיט אַ צאָל יאָרן קריק איז געלעגן בײַ מיר אין קראַנקנהויז אײַער ברודער. ס׳האָט אים צו מיר געבראַכט די פֿאַרשיקטע דאָקטאָרין, די העברעיִשע דיכטערין, טאַטיאַנאַ ברוידע.

— דאָקטאָר, טײַערער, ווייסט איר אויך פֿון זייער ביידנס ווײַטערדיקן גורל?

— איר פֿרעגט מיך, פֿרוי מאַקאָווער, פֿון וועלכן לאַגער און פֿון וועלכע זעמליאַנקעס מיר קומען? דאָרטן, אין יענעם לאַגער, אין יענע זעמליאַנקעס, האָבן זיך פֿריער געפֿונען סאָוועטישע קריגס־געפֿאַנגענע.

אין די צענדליקער טויזנטער זײַנען זיי דאָרטן געווען. פֿון דאָרטן, פֿון יענעם גיהנום, האָט זיך געראַטעוועט בלויז איין ייִד, דורך אַ גרויסן נס, דער באַוווּסטער מאָסקווער פּראָפֿעסאָר וואַלאַך. אַ פֿרוי, דערציילט מען, האָט אים פֿון דאָרטן מיט כּישוף אַרויסגענומען, פֿאַרהיפּנאָטיזירט דעם גרעסטן קאַט פֿון די עסעסאָווצעס. וועגן דער פֿרוי גייען אַרום לעגענדעס. מ׳זאָגט אַפֿילו אַז די פֿרוי איז געווען אַ ייִדישע... האַ, איר האָט עפּעס געזאָגט, פֿרוי מאַקאָווער?

— ניין, דאָקטאָר, גאָרניט... — און זי טראַכט דערבײַ, טעמערל: לעגענדעס?... און אפֿשר איז דאָס טאַקע געווען ניט מיין ווי אַ חלום, אַ גרויסער און וווּנדערלעכער חלום, און אויך דעם פּעטער מנחמס מסדר־קדושין־זײַן דאָרטן, אין וואַלד, בײַם פֿאַרפֿלאַמטן מולד פֿון די אַרומיקע שׂריפֿות, איז אויך געווען ניט מיין ווי אַן אויסדאַכטעניש, ווי אַ טעלערל פֿון הימל... ווּ איז ער איצטער, ראַפֿי, לעבט ער נאָך, צי די געסטאַפּאָ־מערדער מיט די טויטע נשמות, האָבן אים פֿאַרפּײַניקט? און ער האָט דאָך געקאָנט, ראַפֿי, אַז די דײַטשן זײַנען אָנגעפֿאַלן אויפֿן לאַגער, אַנטלויפֿן מיט איר, מיט די צוויי קינדער, און מיטן פּעטער אירן, אַנטלויפֿן טיפֿער אין די וועלדער, און זיך דאָרטן ווידער פֿאַראייניקן מיט די פּאַרטיזאַנער... יאָ, געקאָנט זיך ראַטעווען, אַנטלויפֿן, ווי די איבעריקע פּאַרטיזאַנער, טיפֿער אין די וועלדער... יאָ, געקאָנט, געקאָנט... אָבער ראַפֿי האָט דאָס ניט געקאָנט טאָן. ער האָט דאָך ניט געקאָנט איבערלאָזן אַזויפֿיל שווער פֿאַרוווּנדיקטע, נאָך די אָפּעראַציעס, אָן זײַן הילף.

— איר האָט עפּעס געזאָגט, פֿרוי מאַקאָווער?

— ניין, דאָקטאָר, ניין...

— פֿריער האָבן זיך אין יענעם לאַגער, אין די זעמליאַנקעס, געפֿונען סאָוועטישע קריגס־געפֿאַנגענע, אין די צענדליקער טויזנטער זײַנען זיי דאָרטן געווען. די דײַטשן האָבן זיי ביז איינעם אויסגעהרגעט. זיי, די יונגע, די נעכטיקע קאָמאַנדירן און סאָלדאַטן, אָן די כּלות, אָן די טראָגעדיקע ווײַבער און קינדער, אָן די טאַטעס און מאַמעס, אָן די זקנים און זקנות, זיי האָבן געגראָבן די גריבער פֿאַר זיך, זיי האָבן דאָך געוווּסט צוליב וואָס, און פֿאַר וועמען זיי גראָבן די לאַנגע און ברייטע גריבער... פֿאַראַן אָבער מאָמענטן אין מענטשנס לעבן, וואָס דער טויט

איז פֿאַר אים דער אויסלייזער פֿון דער אומדערטרעגלעכער לאַגע אין וועלכער ער ווערט אַרײַנגעוואָרפֿן. פֿאַראַן אַ גרענעץ און אַ מאָס פֿאַר מענטשלעכע לײַדן. מער קאָן ער ניט דער מענטש! און דער טויט איז פֿאַר אים דער אויסלייזער פֿון הונגער, פֿון יענעם הונגער, ווען די זוכסט, שוין געשוואָלענערהייט, אין די מיסטקאַסטנס, אַ שטיקל רויע שאָלעכץ פֿון אַ פֿוילער קאַרטאָפֿליע. דער טויט לייזט דיך אויס פֿון ווייטיקן, פֿון דערנידעריקונג, פֿון אומבאַהאָלפֿנקייט, פֿון וויסן, אַז קיין הילף וועט צו דיר פֿון קיינעם און פֿון ערגעץ ניט קומען. אַפֿילו ניט פֿון די, וואָס האָבן דיר אין משך פֿון לאַנגע יאָרן געדלובעט אין קאָפּ אַרײַן, אַז זיי זײַנען דער עמוד־האש...

— דאָקטאָר פּראָלקיס, איך פֿאָדער איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל...

— אויך וועגן די קאָמאַנדירן און סאָלדאַטן, קאָלעגאַ מיזעס, וועלכע האָבן געגראָבן פֿאַר זיך די גריבער, אויך וועגן זיי האָב איך אין מײַן טאָגבוך געשריבן, ווײַל איך ווייס, אַז גראָד די, וועלכע האָבן קיין קלאַפּ ניט געטאָן אַ פֿינגער אין אַ פֿינגער אויף קומען אונדז צוהילף, גראָד זיי, גראָד יענע וועלן שפּעטער זאָגן, אַז מיר, די גלות־ייִדן, דער עקאָנאָמישער און גײַסטיקער שטויב, זײַנען צום טויט געגאַנגען, ווי די שאָף צו דער בוינע. זיי וועלן...

— נו, דאָקטאָר פּראָלקיס, רכילות דאַרפֿן דאָך אויך האָבן אַ מאָס! איר זײַט דאָך, דאָקטאָר פּראָלקיס, פּשוט און פּראָסט...

— טײַערע מענטשן, — בעט זיך בײַ זיי טעמערל. — ליבע מענטשן, מ׳דאַרף זיך ניט קריגן, לאָמיר זיך אַליין ניט פֿאַרשטערן די שיינע שעה, וואָס דער פֿרימאָרגן האָט אונדז געשענקט. ס׳אַראַ זון ס׳איז אויפֿגעגאַנגען פֿון דער זאַווערוכע. לאָמיר הנאה האָבן פֿון יעדער רגע לעבן, פֿון יעדער ברעקל שיינקייט... לאָמיר האַלטן די קעפּ איבער די גרויליקע שוואַרצע כוואַליעס מיט ווערדע, מיט כּבֿוד, ווי ס׳האָבן געהאַלטן זייערע קעפּ אונדזערע פֿאַרגאַנגענע דורות אין חורבן־תּקופֿות... איר וועט מיר ניט גלייבן, ס׳וועט אפֿשר קלינגען פֿאַר אײַך פֿאַלש, אָדער איר וועט עס האַלטן פֿאַר אָנשטעל, אָדער גאָר פֿאַר וועלן זיך אַרויסשטעלן, נאָר ס׳איז דאָך פֿאָרט אַזוי: דורך אַלע מײַנע יסורים שלאָגט איצטער פֿון מײַן צעווייטיקטער נשמה אַרויס אַ טראָפּן פֿרייד, אַ פּעדעמל שײַן, ווי אַ גאָלדענער שטראַל... איך בין דאָך שוין

מיט מײַנע צוויי קינדער ניט אַליין, איך בין דאָך שוין דאָ מיט זיי צווישן מײַנע ברידער און שוועסטער מיט וועלכע מיר האָבן איין גורל.

— צרות רבים חצי נחמה, — זאָגט דער רבֿ מיט אַ קרעכץ. — צרות רבים...

— ניין, רבי, ניין, פֿון אײַער האַלב אַרויסגעריסענער באָרד מיטן פֿלייש פֿון פּנים, פֿון דעם וואָס ייִדן וואַלגערן זיך דאָ אויסגעמאַטערטע אויף דער ערד, הונגעריקע און צעמאַזיקטע, מיט אויגן פֿון פֿאַרמישפּטע... פֿון דעם וואָס אײַער אייניקל זיצט מיטן טויטן קינד און וויגט דאָס אויף די הענט און זינגט: „שלאָף מײַן פֿרייד, ווער אַנדרעמלט"... ניין, רבי, אַזעלכע צרות רבים קאָנען פֿאַר מײַנע יסורים ניט ווערן, און זיי טאָרן גאָר ניט ווערן, קיין ברעקעלע טרייסט אַפֿילו. יעדער פֿאָדעם שײַן, רבי, יעדער טראָפּן פֿרייד, קומט צו מיר פֿון אַן אַנדער קוואַל, פֿון מײַן טאַטנס, פֿון מײַן זיידנס קוואַל... פֿון מײַן זיידן, וואָס די גויים האָבן צעממיתט פֿאַרן אונטערצינדן זײַן הויף, די שטוב און די שטאַלן: פֿון מײַן צעבלוטיקטן זיידן האָט אויף די רוצחים געשלאָגן אַ בלענדנדיקע ליכט... פֿון טיפֿע לײַדן, פֿון תּהומדיקע יסורים, שלאָגט אַרויס דער ליכטיקער קוואַל! דאָקטאָר, דערציילט מיר ווײַטער, איך דאַרף אים וויסן, דעם גורלדיקן וועג, דורך דער זאַווערוכע, וואָס האָט אײַך אַהער־צו געבראַכט, צו דער טויטער שטאָט, ווו אַלע ייִדן, גרויס און קליין, זײַנען נעכטן אומגעבראַכט געוואָרן אין די גריבער, בײַם וואַלד.

— איר מוזט עס וויסן?... — קוקט דער אַלטער דאָקטאָר פֿראָקליס אויף דער מאַקאָווערין, און ווי ער וואָלט אַרויסגעלייענט פֿון זײַן פּינקס, וואָס ער האָט דאָרטן, אונטערן שוועל פֿון דער זעמליאַנקע באַגראָבן, דערציילט ער: — אָט אַהין־צו, אין יענעם לאַגער, נאָכן אויסהרגענען די סאָוועטישע קריגס־געפֿאַנגענע, האָט מען אונדז, די לעבנגעבליבענע ייִדן, פֿון די אַרומיקע שטעטלעך, אַהין צונויפֿגעטריבן, און מיר זײַנען געגאַנגען, ווי זיי וועלן שפּעטער זאָגן, ווי די שאָף... אַ מענגע אַלטע לײַט און קינדער, טראָגעדיקע ווײַבער, זײַנען צום לאַגער ניט דערגאַנגען. פֿון אויסגעשעפּטקייט געפֿאַלן אויפֿן וועג, און זײַנען אויפֿן אָרט דערשאָסן געוואָרן... העכער דרײַ חדשים האָבן מיר זיך געמאַטערט אין די זעמליאַנקעס, אויף דערשטיקט צו ווערן. אין יעדער

זעמליאַנקע האָט מען אָנגעשטופּט צו אַכציק אירע. אין די קאַיאָרן האָבן מיר פֿון די זעמליאַנקעס אַרויסגעטראָגן צענדליקער טויטע. מעוברתע פֿרויען זײַנען געגאַנגען צוקינד שטייענדיקערהייט. אויך זי, דעם רבֿס איניקל, האָט אַזוי געבוירן — אַ טויט קינד... אונטער שטעקנס און נאַגײַקעס האָט מען אונדז געצוווּנגען טראָגן שווערע שטיינער, און ווער ס'האָט ניט אויסגעהאַלטן און געפֿאַלן, איז אויפֿן אָרט דערשאָסן געוואָרן. געגעבן האָט מען צו הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג, וואָס דערנאָך האָט פֿון דעם איבערגעקערט די גאַל, און אויך אַ ביסל ראָזעווע וואַסער פֿון פֿוילע בורעקעס...

— איז נאָכוואָס, — פֿרעגט שוין טעמערל שטיל, ווי זי וואָלט שוין פֿון פֿריער, שוין פֿונלאַנג אַליין דעם ענטפֿער געוווּסט... — נאָכוואָס־זשע האָט דער דײַטש, אָט דער אַפּאָטעאָז פֿון אַכזריות, באַדאַרפֿט נאָך טרײַבן אין דער זאַווערוכע אַהער־צו, זיי האָבן דאָך געקאָנט דאָרטן...

נאָר דער אַלטער דאָקטאָר שווײַגט שוין. און זי, טעמערל מאַקאָווער, איז פֿון זײַן אַנטשוויגן ווערן צופֿרידן: זי וויל גאָר ניט אַז ער זאָל איר ענטפֿערן. זי קוקט שוין מיט אירע ברייט־אויפֿגעעפֿנטע אויגן, מיט די פֿאַרוווּנדערט־טרויעריקע, אויף די אָנגעווייטע פּענצטער און הערט זיך אײַן מיט דער נשמה, ווי אויף די ווײַטע באַן־רעלסן פֿײַפֿט אַ לאָקאָמאָטיוו... און דאָ זאָגט פּלוצעם דער זקן דער רבֿ:

— פֿונדאַנעט, האָבן די דײַטשן אונדז פֿאַרזיכערט, וועט מען אונדז שוין פֿירן מיטן פּאָיעזד קיין פּוילן, אויף אַרבעט. אפֿשר, אפֿשר... זאָל דער וואָס לעבט אייביק זײַן מיט אונדז אין וועג, און זיך שוין מרחם זײַן אויף אונדז דאָרטן... משנה מקום משנה מזל. לאָמיר, ייִדן, ניט פֿאַרלירן דעם ביטחון, ניט אַרײַנפֿאַלן, חס וחלילה, אין ייִאוש. דאָס איניקל פֿון ר' עזריאל מאַקאָווער, זיכרונו לבֿרכה, איז גערעכט, פֿון דעם תּהום יסורים וועט אַרויסשלאָגן אַ ליכט...

און זי, טעמערל, הערט זיך אײַן ווי אויף די באַן־רעלסן שטויסן זיך צונויף וואַגאָנען, מ'שטעלט דאָ צונויף אַן עשאַלאָן, וואָס וועט זיי אַלעמען פֿירן און אויך דעם רבֿס איניקל מיטן טויטן קינד בײַ דער אויסגעטרוקנטער ברוסט, אויף אַרבעט קיין פּוילן... און דאָ דערהערט זי ירמהלעס פֿאַרצווייפֿלטער געשריי... נאָך אַזאַ דערשראָקענעם קול פֿון אים ביז אַהער ניט געהערט:

— מאַמע, מאַמע, ווו ביסטו? מאַמע, לאָז מיך ניט איבער אַליין. לאָז מיך ניט איבער!

— איך גיי, מײַן קינד, איך גיי צו דיר. — און זי וויסט שוין, טעמערל מאַקאָווער, און זי זעט זיך שוין מיט אירע קינדער פֿאָרן איבער פֿעלדער און דורך וועלדער, אָנגעשנייטע און פֿאַרווייעטע... וווּהין? איז דאָס שוין דער לעצטער וועג, שוין די לעצטע בלאָוו־לילאָווע זילבערקייט, שוין דער לעצטער פֿרימאָרגן אין שוואַרצע גאָלד־קאָלירן, וואָס זי זעט איצטער בײַ דער אויפֿגעהאַנגענער זון פֿון דער וועלט... איך גיי, מײַן קינד, איך גיי צו דיר, ירמהלע, איך גיי. ניין, מײַן קינד, ניין, כ׳וועל שוין מיין פֿון דיר ניט אָפּגיין!

## ג.

און אַז יענע, די אויפֿגעהאַנגענע זון איבער דער וועלט, האָט זיך דורך די ווילדגעוויקסן אויף פֿראָסטיקע שויבן, הויך אין הימל, ווי אויף אַ תּליה, אין טעמערלס אויגן געוויגט, און זי, די לעצטע פֿולע לבֿנה, אַ ווײַסע, מיט שניי־שטויב פֿאַרווייעט, האָט זיך צום שוואַרצן וואַלד, צו די גרינע יאָדלע־קרוינען, וואָס אין פוכקן פֿרירטוי אײַנגעוויקלט, אין דער פֿאַרגליוועט־אַרומיקער שטילקייט, איבער די גריבער מיט די פֿאַרבלוטיקטע שנייען, אָנגעהויבן אַראָפּצונידערן... און די עסעס־אומלײַט, מיט די וואָלפֿהינט אויף די קייטן, האָבן אָנגעהויבן די ייִדן, וואָס ליגן אויף דער ערד, גרויס און קליין, פֿון די הײַזער אַרויסטרײַבן, דאָ האָט זי, די פּופּצניאָריקע מאַקאָווערין, פֿריידעלע, פּלוצלינג געגומען אויף איר פֿידל שפּילן ראַוועלס „ציגײַנערן״... זײַנען אַפֿילו זיי, די טעמפּע עסעסאָווצעס, געפּלעפּטע אויפֿן שוועל פֿון דער אָפֿענער טיר שטיין געבליבן. און זי, טעמערל, וואָס די אויפֿגעהאַנגענע זון האָט זיך, ווי אויף אַ תּליה, פֿאַר אירע אויגן אין הימל געוויגט, זי, טעמערל, האָט דאָ פֿון התפּעלות דערהערנדיק דער טאָכטערס שפּילן, אָנגעהויבן שרײַען: — שפּיל, טאָכטער, שפּיל! אויף צעזעצעניש זיי, די שוואַרצע שונאים. שפּיל, טאָכטער, שפּיל! אין איין רגע, אין איין אויגנבליק קאָן

מען אָפּלעבן אַ גרויס און דערהויבן לעבן... אין איין אויגנבליק, טאַכטער, קאָן מען דעם טויט דערהייבן צום אייביקן לעבן, צו אייביקער הייליקייט... שפּיל! טאָכטער מײַנע... אונדזערע נשמות גייען אויס פֿון בענקשאַפֿט נאָך אַ קאַפּעלע, נאָך אַ טראָפּנדל פֿרייד... שפּיל, טאָכטער מײַנע, הייסער, ברענעדיקער, בריענדיקער... שפּיל, טאָכטער מײַנע...

און דאָ, אַז פֿון דער טאָכטערס שפּילן האָט די זון אין דעם פֿראָסט־געקווייטלטן פֿענצטער אויפֿגעהערט צו וויגן זיך אין אירע אויגן, ווי אויף אַ תּליה... דאָ האָט איינער, פֿון די צווייפֿיסיקע חיות בצורת אדם, גענומען זי טעמערלען, מיטן שטעקן שלאָגן איבערן קאָפּ, איבער די אַקסלען און פּלייצע: אין דער ערשטער רגע ניט אַזוי דעם ווייטיק געפֿילט, ווי אַ בריענדיקע בושה. אין איר לעבן האָט זיך קיינער און קיינמאָל מיט אַ בייזן פֿינגער צו איר ניט צוגערירט... און הגם דער ווייטיק ווערט וואָס ווײַטער ניט אויסצוהאַלטן און ניט איבערצוטראָגן, דאָך אין זיך שוין גאָר פֿאַרגעסן און ניט אויפֿגעהערט פֿון אונטער די שטעקנס איבערצוחזרן:

— שפּיל, טאָכטער מײַנע, שפּיל, אויף צעזעצעניש זיי, די שׂונאים! אַ קאַפּעלע, אַ טראָפּנדל פֿרייד... אין איין אויגנבליק קאָן מען...

נאָר ווען זי דערזעט, טעמערל, ווי דער עסעסאָוועץ, וואָס שלאָגט זי מיט אַזאַ פֿאַרגעניגן, דער פּנים שײַנט אים דערבײַ פֿון שטאָלצקייט און גרויסקייט, בלײַבט מיט אַ מאָל שטיין, די בלאָע אויגן זײַנע גיסן זיך אים אָן מיט שוואַרצקייט, און ער נעמט פֿון דער קאַבורע אַרויס דעם רעוואָלווער, ווערט זי גלײַך אַנטשוויגן: אָבער ניט ווײַל פֿאַרן טויט זיך דערשראָקן, און ניט מחמת די רוצחים, וואָס האָבן פֿון קליינערהייט געלאָקערט אירע טריט, זיי תּמיד הינטער אירע פּלייצעס געפֿילט, און איצטער זײַנען זיי שוין, די רוצחים, זי באַפֿאַלן... ניין, ניט פֿון שרעק פֿאַרן טויט איז זי, טעמערל, עזריאל מאַקאָווערס איניקל, און די טאָכטער פֿונעם גלות־נבֿיא, וואָס איז אין די פֿרעסט אַ באָרוועסער איבער די שנייען געגאַנגען, און דאָרטן, אין סיביר, פֿאַרן טויט, פֿאַרן געשאָסן ווערן, געבעטן אים לאָזן אָנטאָן דעם טלית... ניין, זי, טעמערל מאַקאָווער, האָט זיך ניט פֿאַרן טויט דאָ דערשראָקן, נאָר פֿאַר איר קינדס, פֿאַר ירמהלעס, בלײַבן אַליין, אָן איר, אָן דער מאַמע.

הייבט זי דאָ אויף אירע אויגן אויפֿן דײַטש, וואָס האָט אויף איר

לעבן, אויף איר צעבלוטיקטן קערפּער, דעם רעוואָלווער שוין אָנגעשטעלט... און דער ס.ס.־מענטש מיט דער טויטער נשמה, ווי בײַ יענעם, בײַם טויער פֿונעם לאַגער, בשעת זי האָט אים רפֿאלן וואַלאַך, פֿון צווישן די פֿאַרמישפּטע, פֿון צווישן די שוין האַלב־טויטע קריגסגעפֿאַנגענע, אַ קוים לעבעדיקן פֿון דאָרטן אַרויסגענומען; אַזוי אויך איצטער דאָ, אין דער שטוב, ווו איר טאָכטער, שפּילט דעם פֿײַערדיקן ציגײַנער־טאַנץ פֿאַר די ייִדן, וואָס ליגן אויף דער ערד... האָט אויך ער, אָט־אָ דער געסטאַפּאָוועץ, אירע אויגן, טעמערלס, ניט אויסגעהאַלטן, פֿון איר בליק, וואָס האָט אים דורכגענומען, אַ ציטער געטאָן. דער עיקר אָבער, און באַזונדערס, האָט אים אַ קאַלטער שווייס באַדעקט פֿון דער ליכט, וואָס האָט אויף אים פֿון איר צעבלוטיקט לײַב געשלאָגן. נאָך אַזאַ ליכט ביז אַהער ביכלל אין ערגעץ ניט געזען, און דערצו נאָך — אַ ליכט זאָל פֿון אַ צעבלוטיקטן לײַב אַרויסשלאָגן... איז ער אַ דערשראָקענער פֿון איר מיט אַ פֿאַרשטיקטן געשריי אָפּגעטראָטן:

— הערויס, הערויס, פֿאַרפֿלוכטע יודען, הערויס!

און גראָד דעמאָלטן, אין יענער רגע פֿון בלײַבן שטיין אויג אויף אויג מיט אים, מיטן רוצח, וואָס איז איר פֿון קליינערהייט נאָכגעגאַנגען, און פֿון יענעם ווינטער־אָוונט אָן, ווען ער, דער טאַטע אירער, ווערלכן זי האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געזען — אַ הויכער, מיט לאַנגע האָר, אין ווײַסנס אָנגעטאָן, אַ באָרוועסער, מיט גרויסע פֿײַערדיקע אויגן, און ער נעמט זי אויף די הענט, טוליעט איר פּנים צו זײַן נאַסער באָרד, און צעוויינט זיך אויף אַ קול... יענער געוויין גייט איר אויך נאָך דאָס גאַנצע לעבן, טרעט פֿון איר ניט אָפּ. און איצטער, גראָד איצטער, שטייענדיק אויג אויף אויג מיטן רוצח אירן, און אַזאַ האָט זי אים דאָך אין די לבֿנה־נעכט אויפֿן סטעפּ, פֿאַר אירע אויגן געזען שטיין, גראָד איצטער הערט זי יענעם געוויין, איר טאַטנס, אַזוי קלאָר, ווי נאָך קיינמאָל ניט... און דערפֿילט דאָ מיט אַ מאָל אין זיך דעם כּוח פֿון לעבן, דער עיקר דעם גײַסטיקן כּוח פֿון קאָנען אַלץ בײַקומען און ניט אַרײַנפֿאַלן אין יענעם פּחד, אין יענעם ייִאוש, וואָס צעברעכט און צעקרישלט דעם מענטש, פֿאַרטונקלט און דערנידעריקט זײַן נשמה... און גראָד איצטער, אַ צעבלוטיקטע, איז בײַ איר אַ געפֿיל, ווי זי וואָלט

אויף אַ הויכן באַרג אַרויף, און נאָך גרויסע שוועריקייטן, נאָך אוממענטשלעכע ווייטיקן, דורך הונגער און שניי־וויכערס, פֿון דאָרטן, פֿון דער הויך, די שיינקייט פֿון דער אַרומיקער און ווײַטער וועלט דערזען. און נאָך, שטייענדיק אויג אויף אויג מיטן טויט, דערפֿילט מיטן האַרץ און נשמה, אַז זי האָט נאָך אויף וואָס צו האָפֿן און צו וואַרטן, אַז אַ גאָר גרויסער נס, אַ גורלדיקע באַשערטקייט דאַרף נאָך אין איר לעבן געשען.

— העראַוס, העראַוס, פֿאַרפֿלוכטע יודען, העראַוס!

און דער טומל און בהלה, און דער געביל פֿון די הינט און געשריי פֿון די רוצחים, אין אָט דעם רעש און לעבן־ציטערניש, דערהערט זי איר קינדס געוויין: — מאַמע, ווו ביסטו, מאַמע? — ווישט זי אויס דאָס בלוט פֿון פּנים און לויפֿט צום קינד, צו ירמהלען, באַרויִקט אים, טוט אים אויפֿגיך אָן, וואַרפֿט אין זעקל אַרײַן דעם האַלבן לעבל ברויט און די פֿלאַש וואַסער, הייסט דער טאָכטער מיטנעמען מיט זיך דעם פֿידל, אויפֿן וועג בשום אופֿן ניט פֿאַרלירן, און אין ערגעץ ניט איבערלאָזן... און זאָגט עס איר אָן, דער טאָכטער, איין מאָל און צוויי מאָל, און אַז זי, פֿריידקע, קוקט מיט טרערן אין די אויגן אויף איר צעבלוטיקטער מאַמע, און פֿרעגט בײַ איר:

— צוליב וואָס, מאַמע, צוליב וואָס? איבער מײַן שפּילן, האָבן דאָך די דײַטשן דיך צעבלוטיקט. מאַמע, מאַמע... זאָג מיר מער ניט, אַז דו ווייסט ניט, אַז מיט ווערטער קאָן מען דאָס ניט דערקלערן, אַז דער אמת פֿון לעבן ליגט אינעם שווײַגן... שווײַג ניט, מאַמע!

— ניין, מײַן טאָכטער, ניין, כ'וועל איצטער, אין אָט דער שעה, ניט שווײַגן, נאָר ווו נעמט מען די ווערטער וואָס זאָלן קאָנען דערציילן וואָס בײַ מיר אין האַרצן טוט זיך, און וואָס איך זע מיט דער נשמה... מײַן טאַטע האָט מיר איבערגעלאָזט זײַן פֿײַערדיקע נשמה, אָבער אָן דעם כּוח פֿון זײַן וואָרט... דאָך מוז איך איצטער דיר זאָגן... מיר דאַרפֿן דורכגיין דורך אַ פֿײַערדיקן בריק... מ'מוז אים דורכגיין, קיין וועג אויף צוריק איז ניטאָ... דו, טאָכטער מײַנע, דו מוזט אים, דעם פֿײַערדיקן בריק דורכגיין... און דו וועסט אים דורכגיין!

— און דו, מאַמע, און דו, און ירמהלע? מאַמע, שווײַג ניט!

— מיר שטייען שוין, טאָכטער, פֿאַרן תּהום, און אָן שום הילף. ניטאָ

ווער ס׳זאָל אונדז אונטערהאַלטן, אויף ווענען זיך אָנשפּאַרן... נאָר מיר מוזן גיין ווײַטער. קיין וועג אויף צוריק איז ניטאָ. קום, טאָכטער, קום, נעם ירמהלען פֿאַרן צווייטן הענטעלע, קומט, קינדער מײַנע, קומט, די רוצחים טרײַבן מיט הינט, ברעכן מיט שטעקנס די ביינער... דו, מײַן קינד, דו, פֿריידעלע, דו דאַרפֿסט בלײַבן לעבן! נאָך דער מילחמה זאָלסטו אָפּזוכן דײַנע ברידער, עזריאלקען און תנחומען, אינעם דאָרף בערעזניאַקי...

— שווידשע, זשידי פּראָקליאַטי, שווידשע! גיכער, זשידעס פֿאַרשאָלטענע, גיכער!

— פֿאַרוואָס, מאַמע, פֿאַרוואָס טרײַבן זיי אונדז, און וווּהין?

— איך ווייס ניט, מײַן קינד. איך ווייס ניט, פֿרעג מיך ניט.

— מאַמע, ס׳איז מיר קאַלט, איך האָב שוין פֿולע שיך מיט שניי. איך קאָן שוין מער ניט. מאַמע...

— ירמהלע, מ׳מוז גיין, מ׳מוז, מײַן קינד, גיין. איך קאָן דיך אויף די הענט ניט נעמען. אויב איך וועל מיט דיר אומפֿאַלן, וועלן זיי אונדזביידן הרגענען. דו הערסט ווי זיי שיסן? דאָס הרגענען זיי די, וואָס קאָנען ניט גיין. זיי וועלן אונדז הרגענען.

— פֿאַרוואָס, מאַמע, פֿאַרוואָס וועלן זיי אונדז הרגענען, פֿאַר וואָס? וואָס האָבן מיר זיי געטאָן?

— ירמהלע, פֿרעג ניט. האַלט זיך שטאַרקער פֿאַר פֿריידקעס האַנט און גיי גיכער. אויב מיר וועלן אָפּשטיין, וועלן זיי אָנרייצן אויף אונדז די הינט... פֿרעג מיך ניט, מײַן קינד, פֿרעג מיך ניט. גיי און שווײַג.

— איך וועל שווײַגן, מאַמע, איך וועל שווײַגן... און ווו איז מײַן זיידע?

זי ענטפֿערט אים ניט, איר קינד, ירמהלען, וואָס פֿרעגט אַזוינס, אַז דורות וועלן אויף דעם ניט קאָנען ענטפֿערן... זי וואָלט אַליין אויך געוואָלט וויסן, ווו איז ער, דער זיידע זײַנער, דער פֿעטער אירער, מנחם מאַקאָווער, וואָס האָט אויפֿגעהויבן פֿון די גריבער, פֿון די טאָלן־יאַרן, פֿון די סטעפּ־באַלקעס, די אומגעבראַכטע ייִדן, גייט אַפֿריער און טראָגט אין דער אויפֿגעהויבענער האַנט דעם ייִדנס אָפּגעשניטענעם קאָפּ... און ווּהין פֿירט ער זיי, די הונדערט טויזנטער, די פֿאַרבלוטיקטע טויטע מאַנצבלען, ווײַבער און קינדער, וווּהין? וווּהין

פֿירט ער זיי, דער פֿעטער אירער, מיט זײַן אײַנגעוואָלגערטער וועלט, אין דער ווילד־צעהוליעטער זאַווערוכע?

און זי איז שטאַרק אומרויִק און ביז גאָר אויפֿגעטרייסלט, טעמערל, אין איר האַרצן, באַזונדערס אין דער נשמה, ברענען פֿײַערן, נאָך ביז אַהער־צו פֿון אַזוינע בריענדיקע ניט געוווּסט, און זי קוקט זיך די גאַנצע צײַט אַרום, און אין אַלע זײַטן, ווי עמעצן געזוכט. אָבער ווי ווײַט און ברייט אירע אויגן זאָלן ניט אויפֿכאַפּן, זעט זי נאָר אײַנגעבויגענע מענטשן, וואָס טראָגן אויף די קײַלעכדיקע רוקנס קלומקעס, קליינע קינדער, און פֿאַר איר פֿירט דער אַלטער רבֿ זײַן אייניקל מיטן טויטן קינד אויף די הענט, און זאָגט אויפֿן פֿראָסט תּהילים... פֿון זײַן קול גייט איר אַ ווייטיק איבערן לײַב.

און מ׳זינקט אין די הורבעס, אונטער דער נידעריקער זון, וואָס שלאָגט אַרויס פֿונקען פֿון די פֿאַרווייעטע בלאָוו־פֿראָסטיקע פֿענצטער אין די ליידיקע הײַזער מיט די אָפֿענע טירן, און זילבערט די יונגע בערעזעס צווישן די טונקעלע פֿיכטע־שטאַמען מיט די גרינע קרוינען, ווו אַ כמאַרע גרויע קראָען קוקן אַראָפּ צו די פֿאַרבלוטיקטע שנייען אויף די גריבער.

און דער לאָקאָמאָטיוו, פֿון דער רעכטער זײַט, נעמט שוין פֿײַפֿן אָפּטער און שאַרפֿער, שנײַדט זיך ממש אין איר האַרצן אַרײַן. זי ווייסט, טעמערל, אַז מ׳יאָגט זיי צו דער באַן... און אויך די שיסערײַען הינטער איר ווערן אָפּטער און מערער: וואָס ווײַטער מיט אַ טראָט שלאָגט מען זיך פֿון די לעצטע כּוחות אַרויס און מ׳פֿאַלט אין די הורבעס אַרײַן. דער אַלטער רבֿ זאָגט שוין ניט קיין תּהילים, מ׳הערט שוין ניט זײַן מאָנענדיק־בעטנדיקן קול. קיינער פֿון די געפֿאַלענע הייבט זיך ניט אויף, זיי ווערן אויפֿן אָרט דערהרגעט. דער אַרומיקער שניי אונטער דער נידעריק־קאַלטער זון שפּריצט שוין מיט בלוטיקע פֿונקען.

און פֿון דער לינקער זײַט, פֿונעם באַרג אַראָפּ, פֿון צווישן די פֿאַרווייעטע טאָפּאָלן, פֿײַערט איר אין די אויגן אַרײַן דער קלויסטער־צלם און ס׳קלינגט פֿון דאָרטן דער הייזעריק־אָנגעשפּאָלטענער גלאָק. אַפֿנים, אַז ס׳איז הײַנט זונטיק. און פֿון די דעכער גייען דאָרטן רויכן, וואָס דערטראָגן אַהער ריחות פֿון געקאָכטער זויערער קרויט.

— מאַמע, — זאָגט צו איר פֿריידקע. — מאַמע, מענטשן לעבן אין

זייערע הײַזער...

— דו וועסט נאָך, טאָכטער מײַנע, לעבן אין דײַן אייגענער שטוב, מיט דײַן מאַן און קינדער.

— מאַמע, מאַמע, און דו? און וואָס וועט זײַן...

— טאָכטער, פֿרעג מיך ניט, פֿרעג מיך ניט... נאַ דיר, — און זי גיט דאָ איבער דעם קלומעק פּריידקען און אַליין נעמט זי אויף די הענט דאָס קינד, ירמהלען, וואָס שלעפֿט שוין קוים אַרויס פֿון שניי די פֿיס, נאָר שווײַגט. פֿרעגט שוין גאָרניט, און קלאָגט זיך ניט.

— ירמהלע, — בעט זיך שוין בײַ אים די מאַמע. — ירמהלע, קינד מײַנס, זאָג מיר עפּעס, שווײַג ניט, שווײַג ניט!

— מאַמע, — רעדט ער קוים אַרויס. מאַ־מע, ס'איז מיר הייס... טו מיך אויס, נעם פֿון מיר אַראָפּ די שיך... גיב מיר אַ טרונק, מאַמע, איך וויל אַ טרונק... מאַ־מע...

לייגט זי צו אירע ליפּן צום קינדס שטערן: — פֿריידקע, ירמהלע ברענט. ער איז פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן. ער האָט גרויסע היץ. מײַן קינד ברענט!... ירמהלע, לײַד צו, טערפּפּע נאָך אַ ביסעלע, די וואַסער אין פֿלעשל איז פֿאַרפֿרוירן געוואָרן. אָט וועלן מיר באַלד אַרײַן אין אַ וואַגאָן...

— וויין ניט מאַמע, ס'איז מיר שוין ניט אַזוי הייס... וויין ניט, מאַמע, כ'וועל צוּוואַרטן ביז די וואַסער אין פֿלעשל וועט צעגיין. מאַמע, לאָז מיך אַראָפּ אויף דער ערד, ס'איז דיר שווער. כ'וועל גיין אַליין...

— ניין, מײַן קינד, דו ביסט מיר ניט שווער. ניין, ירמהלע, אַליין קאָנסטו ניט גיין. דו וועסט אומפֿאַלן.

— וועלן זיי מיך שיסן? יאָ, מאַמע? פֿאַר וואָס?

— יאָ, מײַן קינד, זיי וועלן דיך שיסן. בײַ זיי זײַנען אָפּגעסמטע נשמות. שוין טויטע נשמות אָן אַ גאָט אין האַרצן. פֿרעג מיך ניט, פֿאַר וואָס?.. שווײַג, ירמהלע, רעד ניט.

און זי טראָגט אים, ירמהלען, דעם נאָמען פֿון איר טאַטן, וואָס איז פֿאַר זײַנע אמתע רייד, פֿאַר זײַנע וואָרענישן, פֿאַר זײַנע נבֿיאות, דערשאָסן געוואָרן מיטן טלית איבערן קאָפּ און זײַן זון, וואָס איז געבוירן געוואָרן פֿון מילקען, איז אין דער סיבירער וויוגע פֿאַרפֿרוירן געוואָרן; וועט זי, זײַן טאָכטער, מיט איר קינד, מיט ירמהלען, דאָ אויך פֿאַלן? די

פּיס ברעכן זיך איר שוין אונטער, און די זון וויגט זיך ווידער אין אירע פֿון ווייטיקברייט־צעעפֿנטע פֿאַרטערערנטע אויגן, ווי אויף אַ תּליה... און אויך דער קלויסטער־צלם אויפֿן באַרג הוידעט זיך שוין אויפֿן שפּיץ צווײַג פֿון דעם טאָפּאָל־בוים. און פֿאַר איר גייט שוין איינער, אין אַ סוויטע, וואָס האַלט זיך אין איין צלמען און שרײַען:

— יאַ פּראַוואָסלאַווני! יאַ פּראַוואָסלאַווני! — איך בין אַ פּראַוואָסלאַוונער! — אַפּנים, טראַכט זי, טעמערל, אַ געשמדטער ייִד, און דערצו נאָך מיט אַ רויטער באָרד, און זייער ענלעך אויפֿן אַפּאָסטאָל, אויף שאולן פֿון תּרשיש... אויך פֿון זײַן ביטערן געשריי און פֿון זײַן צלמען זיך פֿאַרקלעמט איר ביַים האַרצן.

און דאָ, גראָד איצטער, ביַי זײַן צלמען זיך אין ביטערן געשריי, ביַי דער אויפֿגעהאַנגענער זון, וואָס וויגט זיך אויף דער תּליה איבער דעם פֿאַרבלוטיקטן שניי, איבער די הרוגים און איבער די אויסגעשטאָרבענע ייִדישע הײַזער, גראָד איצטער, אין אָט דעם מצבֿ אירן, מיטן פֿאַרשלאָפֿטן קינד אויף די הענט, וואָס אָט באַלד וועלן איר די לעצטע כּוחות אויסטליִען, און זי וועט מיט ירמהלען אומפֿאַלן... גראָד איצטער וויל זי, טעמערל, ווי איר זיידע, דער קדוש, עזריאל מאַקאָווער, און איר ברודער מיכל, אויך אַ קדוש, וויל זי אויך ווי זיי, ס׳ליגט שוין אין זייערע בלוטן, אין די מאַקאָווערס, צו וועלן דערגרונטעווען זיך צום גרויסן סוד פֿון לעבן, אַראָפּלאָזן זיך אויפֿן דנאָ, אַהין־צו, אין תּהום אַרײַן, און אַנטפּלעקן דאָרטן דעם סוד פֿון אַזאַ עלנטקייט, פֿון אַזאַ אַליינקייט, פֿון אַזאַ פֿאָלקס־אומגליק, פֿון אַזאַ פֿאָלקס־טרויער, פֿון אַזעלכע אוממענטשלעכע יסורים. זי וויל, טעמערל, זיך דערקלײַבן צום דנאָ פֿון תּהום, און אַנטפּלעקן דאָרטן דעם סוד פֿון אָט דעם פֿאַרבלוטיקטן שניי... ס׳מוז דאָך זײַן אַ מיין, אַ טיפֿער סוד אין דעם, וואָס ס׳קומט דאָ פֿאָר, אונטער די זיבן הימלען.

ווייסט זי אָבער, די מאַקאָווערין, אַז ניט דער זיידע אירער, און אויך ניט דער ברודער, האָבן זיך צום גרויסן סוד פֿון לעבן געקאָנט דערגרונטעווען. דער זיידע איז ביַים ראַנד פֿון תּהום שטיין געבליבן, מורא געהאַט אויפֿן דנאָ זיך אַראָפּלאָזן. און ער, דער ברודער אירער, האָט זיך יאָ אַהין, אין תּהום אַרײַן, און אויפֿן דנאָ אַראָפּגעלאָזט, נאָר אַחוץ פֿינצטערניש און טויט... און זי, אין אָט דעם מצבֿ, אין אָט דעם

טרויער און עלנטקייט, אין אָט דעם גיהנומדיקן משוגעת אויף דער ערד... און זי טוליעט צו זיך שטאַרקער דאָס קינד, ירמהלען, און בעט צו גאָט פֿון אירע אָבֿות, וואָס אין די קאַלטע בלאָע, כּמעט פֿרילינגדיקע הימלען, וואָס זי וועט קיין מאָל מיט זיי, מיט אָט די הימלען, ניט קאָנען זיך געזעגענען, אַפֿילו אין די גרעסטע און ווייטיקסטע יסורים... און זי בעט צו גאָט אין אָט די הימלען, ער זאָל די לעצטע כּוחות אירע פֿאַרהיטן, ניט לאָזן זיי דערטליען, זײַן פֿאַר אירע צוויי קינדער דאָ, און פֿאַר אירע יענע צוויי זין דאָרטן, אַן אָנשפּאַר און אַ באַשיצער.

— שווײַג, תּמר, — זאָגט זי צו זיך אַליין. — שווײַג, טעמערל, שווײַג! צום סוד פֿון די פֿאַרבלוטיקטע שנייען וועסטו זיך ניט דערקלײַבן. צום סוד און זינען פֿון לעבן האָט זיך נאָך קיין איין דענקער אין דער וועלט ניט דערגרונטעוועט. איין דענקער לייקנט אָפּ דעם צווייטן. און איינער, בײַ די דײַטשן, פֿון די לעצטע, האָט זיך שוין דערקליבן צום איבערמענטש, וואָס יאָגט אונדז מיט הינט צום טויט, טויזנטער מענטשן, זקנים, פֿרויען און קינדער, איבער די טיפֿע שנייען, אינעם שטאַרקן פֿראָסט, צו די וואַגאָנען... דער סוד און דער זינען פֿון לעבן, דער סוד פֿון אָט דעם אַזכריותדיקן משוגעת איז בײַ אים, בײַ גאָט אַליין.

## ד.

און אין יענעם טאָג, שוין צו זײַן סוף, האָט זי זיך, טעמערל מאַקאָווער, מיט אירע צוויי קינדער דערקליבן צום לאַנגן עשאַלאָן, ווו אַריבער האַלב פֿון די פֿיך־וואַגאָנען זײַנען שוין איבערגעפֿולט געווען מיט ייִדן, פֿון דער אַנטקעגנאיבערדיקער זײַט, אויף פֿויערשע דרינזשעלע־שליטנס, נאָך פֿון קאַיאָר אָן, אַהער־צו געבראַכט זיי צופֿירן.

און זי איז נאָך דעם גאַנצן טאָג אויפֿן פֿראָסט, מיטן קראַנקן קינד אויף די הענט, געפֿאַלן מיט דעם אין די פֿאַרבלוטיקטע הורבעס, נאַר גלײַך זיך מיט ירמהלען אויפֿגעהויבן און געשפּאַנט ווײַטער... און צום לעצטן וואַגאָן דערגאַנגען, הגם געקאָנט אין די פֿריערדיקע אַרײַן,

אָבער זיי עקשנותדיק אויסגעמיטן. און אויף פֿריידקעס פֿאַרחידושקייט:

— וואָס איז דיר, מאַמע, דער אונטערשייד אין וועלכן וואַגאָן אַרײַן, מ׳דאַרף דאָך וואָס גיכער ירמהלען אַוועקלייגן, און איך, מאַמע, וועל שוין אויך באַלד פֿאַלן... די כּוחות גייען מיר שוין אויס.

ענטפֿערט זי דער טאָכטער ניט, גייט ווײַטער, און מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, און מיט די ברייט־צעעפֿנטע אויגן, און אַזוי, אַז אַפֿילו די וואָס שטייען שוין „פֿון יענער זײַט גוטס און שלעכטס״, אַפֿילו זיי, אין די שוואַרצע שינעלן, האָבן אירע אויגן ניט אויסגעהאַלטן און זי געלאָזט מיט אירע צוויי קינדער גיין ווײַטער, צום לעצטן וואַגאָן פֿונעם לאַנגן עשאַלאָן מיט דעם שאַרף־פֿײַפֿנדיקן לאָקאָמאָטיוו, און ווו ס׳הערן זיך קולות און אַ קלאַפּערײַ פֿון פֿיס און פֿויסטן אין די בלינדע הילצערנע ווענט, פֿון הינטער די פֿאַרמאַכטע און פֿאַרריגלטע און אויף שלעסער פֿאַרשלאָסענע טירן.

און אַז מ׳האָט זי שוין מיט דער פֿאַרביסענער אומדער־באַרעמדיקייט, מיט דער קאַלטער רציחה און שׂינאה אַהין־צו מיטן קינד אויף די הענט און אויך די טאָכטער אירע, פֿריידקען, אין דעם מיט מענטשן איבערגעפֿולטן וואַגאָן אַרײַנגעשפּאַרט, האָט זי נאָך פֿאָרט באַוויזן, טעמערל מאַקאָווער, בײַם פֿאַרמאַכן מיט אַ גרילץ דעם וואַגאָן־טויער, אויפֿצוכאַפּן מיט אירע דאָרשטיקע, נאָך לעבן־לעכצנדיקע און נאָך פֿרייד בענקענדיקע אויגן, די פֿאַרגייענדיקע זון, ווי אין אַ שײַטער, איבערן פּיכטע־וואַלד.

און אַז אין דער פֿינצטערניש פֿאַרבליבן, און אַ קעלט נעמט איר איבערן רוקנביין גיין, אַ קעלט פֿון פֿאַרבלײַבן אָן דעם לעצטן זוניקן בליק, אָן דעם לעצטן פֿאָדעם שײַן, אַ קעלט פֿון דערפֿילן, און ביז צום דנאָ פֿון איר נשמה, אַז ניט נאָר די וואַגאָן־טיר איז דאָ פֿאַרמאַכט געוואָרן, נאָר ס׳איז שוין דאָ נאָרוואָס אָפּגעשניטן געוואָרן איר גאַנץ לעבן, פֿונעם געבוירן אָן, פֿון יענער האַרבסט־ווינטערדיקער נאַכט אויפֿן וואָגן, ווו זי איז געבוירן געוואָרן אויפֿן וואַלדיקן וועג, אונטער די שׂריפֿה־הימלען, בײַם געשריי פֿון איר מאַמע: „פֿאַרלעשט, פֿאַרלעשט דעם פֿײַער, פֿאַרברענט ניט מײַנע קינדער!״

און די קעלט איבערן רוקן שטאַרקט זיך: אַלע דרײַ און דרײַסיק יאָר אירע זײַנען דאָך מיטאַמאָל דאָ אָפּגעשניטן געוואָרן, און ערגעץ־ווו

דאָרטן, אויף די פֿאַרבלוטיקטע שנייען, פֿאַרבליבן. באַזונדערס טוט איר ווייטיקדיק באַנג די יוגנט אירע מיט דער שוועסטער, מיט מירלען, אין דער שיינער באַרגיקער שטאָט בײַם דניעפּער־טײַך... יענע יאָרן דאָרטן אין דער מוזיקאַלער שול, אין די גרויסע וועלטן פֿון מאָצאַרטן, בעטהאָווענען, שאָפּענען, סקריאַבין און טשײַקאָווסקין... אין יענער וועלט פֿון ראָמעאָ און דזשוליעטאַ, פֿון נאַטאַשאַ ראָסטאָוואַ... אָפּגעשניטן געוואָרן, ווי מיט אַ מעסער איבערן לײַב, די גאַנצע וועלט מיט אירע וועסנעס און זומערס, מיט אירע אָסיענס און ווינטערס, און שוין אויך די פֿאַרגייענדיקע זון, וואָס איז אין איר אייביקן פֿלאַם פֿאַרבליבן דאָרטן, הינטער דער פֿאַרהאַקטער טיר... אויך זי, די שקיעה־זון, איז שוין פֿאַר איר, פֿאַר טעמערלען, אויף אייביק איבערן פּיכטע־וואַלד פֿאַרגאַנגען. די לעצטע שקיעה!

און אין אָט דער־אָ מיט אַ מאָל געשטעלטער וואַגאָן־פֿינצטערניש, דער געדיכטער, מיטן ריח פֿון הני, האַלטנדיק ירמהלען אויף די הענט, ניטאָ אים דאָ וווּהין אַוועקלייגן, און אויך ניטאָ וווּהין מיט אים זיך אַוועקזעצן און כאָטשבי דעם קאָפּ צושפּאַרן: שטייענדיק מיט אים אַזוי צווישן די פֿאַרן טאָג פֿאַרפֿרוירענע, הונגעריקע, און דערשראָקן־שווײַגנדיקע מענטשן — פֿון אָט דעם אין דער פֿינצטערניש, ווערט זיך איר באַלד, דער מאַקאָווערין, דאָס האַרץ אָפּשטעלן, אָט דעם־אָ שווײַגן איז שוין ניט אויסצוהאַלטן און איבערצוטראָגן... און ס׳ווילט זיך איר דאָ נעמען שרײַען:

— שווײַגט ניט! שווײַגט ניט!

נאָר אויך זי אַליין, ווי דער גאַנצער פֿינצטערער וואַגאָן, נעמט זי זיך צוהערן, און מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם, און מיט אַלע אירע שפּירעוודיק־אויפֿגערעגטע חושים, צום לאַנגן און שאַרפֿן לאָקאָמאָטיוו־פֿײַף, און דער עיקר צום רירן זיך פֿונעם עשאַלאָן, ווי געוואָלט פֿון דעם זיך דערוויסן וווּהין, נאָך וואָס, און ווי ווײַט איז דער וועג אַהין...

און אין אָט דער פֿינצטער־שווײַגנדיקער עלנטקייט, שוין פֿאַרלוירן יענע זיכערקייט אירע אויף צו באַגעגענען אים אין דעם לעצטן וואַגאָן, דאָ דערהערט זי מיט אַ מאָל ווי מ׳רופֿט זי, פֿון דעם ווײַטן ווינקל:

— תּמר, טאַמאַראַ, טעמערל!...

פֿון דערהערן פּלוצעם זײַן קול, פֿאַרלירט זי דעם לשון. און

פֿריידקע ענטפֿערט פֿאַר איר, פֿאַר דער מאַמע:

— מיר זײַנען דאָ! מיר זײַנען דאָ!

און זי, טעמערל, שטאַמלט פֿון פֿרייד: ער לעבט, ראַפֿי, ער לעבט... איך האָב געוווּסט, געוווּסט, אַז אין דעם לעצטן וואַגאָן וועל איך אים טרעפֿן.

— פֿונוואַנען, מאַמע, האָסטו דאָס געוווּסט?

— פֿריידעלע, טאָכטער מײַנע, פֿרעג מיך ניט, פֿרעג מיך ניט, דערקלערן קאָן מען דאָס ניט... ער לעבט, ראַפֿי ער לעבט!

און דאָך נעמט איר פֿון זײַן פּלוצלינג דערהערטן קול אַ שטאַרקע קעלט איבערן רוקנביין אַרומגיין. אַ כוואַליע טרויער פֿאַרשלאָגט מיט אַ מאָל איר פֿרייד: ס'דערמאָנט זיך איר דאָ דעם פֿעטער מנחמס זאָג דאָרטן, אין וואַלד, בײַ דעם פֿאַרפֿלאַמטן מולד, נאָכן מסדר־קדושין זײַן:

— אַפֿנים, אַז ס'איז אַ באַשערטע זאַך, אײַערע גורלות זײַנען נאָך פֿון פֿריִער, נאָך פֿאַר אײַער געבוירן ווערן, געקניפּט און געבונדן געוואָרן. בײַ אײַך איז איין גורל! פֿאַראַן גילגול גורלות...

און אָט יענער זאָג זײַנער, דעם פֿעטער מנחמס, דאָרטן, בײַ דעם רויטן מולד, דערשרעקט זי איצטער ביז גאָר... זיי ביידע, זי און ראַפֿי, האָבן איין גורל, און דערפֿאַר האָבן זיי זיך דאָ געטראָפֿן, אינעם לעצטן וואַגאָן פֿונעם עשאַלאָן, וואָס יאָגט איבער די רעלסן און די רעדער קלאַפּן אויס, און זי הערט עס קלאָר און דײַטלעך:

— ט־ר־י־ט! טויט! טויט!

און ער, רפֿאל וואַלאַך, וואָס האַלט זיך שוין אַליין אויך קוים אויף די פֿיס, וואָס דאָרטן, אין געסטאַפּאָ, האָט מען פֿון די פֿינגער די נעגל אַרויסגעריסן... ער שלאָגט זיך דאָך אַדורך אין דער ענגשאַפֿט צו איר:

— תּמר, טעמערל...

זײַן פּנים אין דער פֿינצטערניש זעט זי ניט. זי הערט נאָר זײַן קול, וואָס ציטערט פֿון פֿרייד און פֿון אויסגעבענקטקייט. אָבער אויך עפּעס אַ שווערן, אַ ניט־ערדישן טרויער כאַפּט זי דאָ אויף אין זײַן ציטערנדיקן קול. זי ווייסט אָבער ניט פֿון וואָס און פֿון וואַנען קומט צון אים אָט דער טרויער... זי ווייסט ניט, און וועט שוין קיין מאָל ניט וויסן, אַז יענער טרויער זײַנער גייט פֿון דאָרטן, פֿון דער געסטאַפּאָ, ווו מ'האָט אים, רפֿאל וואַלאַך, געפּײַניקט, געוואָלט פֿון אים זיך דערוויסן: ווּהין, אין אַ

וועלכער ריכטונג איז די פּאַרטיזאַנער מחנה אָפּגעטראָטן, און ווו געפינט זי זיך יענע באַזע, די פֿון פֿריער צוגעגרייטע?.. — דעמאָלטן, בשעתן פּײַניקן אים, האָבן צוויי פּאָליצײַען אַרײַנגעפֿירט אַהין־צו דעם פֿעטער אירן, מנחמען מאַקאָווער, וואָס האָט אין די הענט געטראָגן דעם אָפּגעשניטענעם קאָפּ מיט דער ווײַס־פּאַרבלוטיקטער באָרד... און זייערע אויגן, רפֿאלס און מנחמס, האָבן זיך דאָרטן אויף אַ ברעקל פֿון אַ רגע־צײַט באַגעגנט... און גלײַך זיך צעשיידט, ווי פֿרעמדע, ווי אַזוינע, וואָס האָבן זיך קיין מאָל ניט געזען. אָבער פֿונעם זקנס, פֿון דעם מאַקאָווערס, פֿון יענעם בליק זײַנעם, האָט ער זיך דערוווסט, רפֿאל וואַלאַך, אַז טעמערל מיט די קינדער לעבן... דער עיקר אָבער האָט אים, וואַלאַכן, געשטאַרקט דעם אַלטן מאַקאָווערס האַלטן זיך דאָרטן, אין דער געסטאַפּאָ, זײַן רויִקייט און ווערדע, און ווי איינער וואָס באַשולדיקט!.. האַלטנדיק אין ביידע הענט דעם ייִדנס אָפּגעשניטענעם קאָפּ מיט די אַראָפּגעלאָזטע וויעס, ווי נאָך אַלץ געווען פֿאַרטראַכט... דערציילט ער, דער זקן, מנחם מאַקאָווער, פֿאַר די וואָס שטייען אַרום אים אין די שוואַרצע שינעלן, און אויפֿן דײַטשישן לשון וואָס ער האָט געלערנט פֿון יענע דײַטשן־פּויערים אויף די כערסאָנער סטעפּעס, וועלכע לעבן דאָרטן נאָך פֿון יעקאַטיערינע דער צווייטערס צײַטן... אַז זײַן זיידע, דער פּאָסעסאָר, איז אַמאָל געגאַנגען אויף יאַגד מיטן אַלטן פּוילישן פּריץ, און זיי האָבן אין וואַלד זיך אָנגעשטויסן אויף אַ בערלאָגע מיט צוויי קליינע וועלפּעלעך. האָט איין וועלפּעלע גענומען דער פּריץ פֿאַר זײַן איניקל, און דאָס צווייטע דערלויבט דעם זיידן נעמען פֿאַר זײַנע איניקלעך. איז דאָס וועלפּעלע בײַם זיידן אין הויף געוואַקסן אַ חדשים זיבן, געשפּילט זיך מיט די קינדער, ביז אין איינעם אַ טאָג האָט דער אַכטחדשימדיק וועלפּל אַ ביס געטאָן אים, מנחמען, וואָס איז דעמאָלטן אַלט געווען אַ יאָר צען. און אַ ביס געטאָן ביז בלוט... און דאָס אינטערעסאַנטסטע, פּשוט צום שטוינען, — האָט דער אַלטער מאַקאָווער פֿאַרענדיקט. — פּשוט צום שטוינען, וואָס דער וואָלף, דערזעענדיק בלוט, האָט אָנגעהויבן צו וואָיען און אָפּלעקן דעם בלוט פֿון מײַן האַנט. אַ גאַנצן טאָג איז דער וואָלף פֿון מיר ניט אָפּגעטראָטן, געוואָיעט און געלעקט מײַן האַנט... דער וואָלף האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן בלוט... דער וואָלף, די חיה...

און דאָ, נאָכן איבערנעמען פֿון אירע הענט דאָס קינד, וואָס ליגט מיטן קאָפּ אויף איר אַקסל און אָטעמט איר שווער אין אויער אַרײַן! און נאָכן באַרויִקן זי, די מאַמע אַז בײַ ירמהלען איז ניט אַזאַ גרויסע היץ און קיין סכּנה פֿאַר זײַן לעבן איז ניטאָ, דאָ נעמט זי אָן זײַן, רפֿאלס, האַנט, און צוהערנדיק זיך מיט איר נשמה צו זײַנע בלוטן, צו זײַן אינערלעכן קול, פֿרעגט זי אים:

— ראַפֿי, און וואָס איז דאָרטן געשען מיט מײַן פֿעטער מנחמען?

— ווּ דאָרטן, טעמערל... ווּ, דאָרטן?

לאָזט זי אָפּ זײַן האַנט און זאָגט: — גוט, ראַפֿי, דערציייל מיר ניט, שווײַג... זאָל דער פֿעטער מײַנער, דער למדן, דער לערער, וואָס האָט, ווי דער טאַטע זײַנער, געקאָנט בײַ ייִדן זײַן אַ רבֿ, נאָר דעם ברויט, דעם אויסקומעניש, אויסגעהאָרעוועט מיטן אַקער אין פֿעלד און מיטן האַמער אין קוזניע, מיטן שווייס פֿונעם פּנים... זאָל ער, דער פֿעטער מײַנער, דער הערלעכער און ערלעכער וווּנדערלעכער ייִד, וואָס פֿלעג אויפֿנעמען אַן אָרעמאַן מיט ליבשאַפֿט, אַליין פֿאַר יענעם גרייטן און צום געדעקטן טיש דערלאַנגען... זאָל ער, מײַן פֿעטער מנחם, דער לעצטער מאָהיקאַנער פֿונעם אַלטן און גרויסן דור מאַקאָווער, פֿאַרבלײַבן אין מײַן זכּרון אַ לעבעדיקער, ביזן סוף פֿון מײַנע לעצטע טעג.

— טעמערל, דו מיינסט דאָך געוויס, ביזן סוף פֿון דײַנע יאָרן.

ענטפֿערט זי אים ניט, וויל אים ניט פֿאַרריכטן, לאָזט אים טראַכטן, אַז זי מיינט טאַקע ניט קיין טעג, נאָר יאָרן... און פֿרעגט בײַ אים ווײַטער:

— און ווי אַזוי, דורך אַ וועלכן נס, האָסטו זיך, ראַפֿי, פֿון זייערע בלוטיקע הענט אַרויסגעראַטעוועט? ווי אַזוי?

— יענער, דער אָבערלייטענאַנט, דער שאַרפֿירער, בײַ וועמען איך האָב דאָרטן, אין פּאַרטיזאַנישן לאַגער, אונטערן סווישטש פֿון די קוילן, אין דעם אַרומיקן פֿײַער, פֿון זײַן אַקסל אַרויסגענומען די קויל... יענער האָט געהייסן מיך, דעם שוין צעשלאָגענעם און צעמזיקטן, אָפּשיקן מיטן עשעלאָן וואָס גייט קיין אוישוויץ.

— ראַפֿי, ליבער, — פֿאַרלירט זי דאָ מיט אַ מאָל, טעמערל, ווידער דעם קול אירן. — ראַפֿי, טײַערער, און ווּ געפֿינט ער זיך, אָט דער

אוישוויץ?

— איך ווייס ניט, טעמערל, ניין, איך ווייס ניט, טײַערע, איך האָב קיינמאָל אין מײַן לעבן פֿון אַזאַ אָרט ניט געהערט.

— מאַמע, און פֿאַרוואָס האָט דיך אַזוי דערשראָקן דאָס אָרט וווּהין מ׳פֿירט אונדז?

— פֿרעג מיך ניט, טאָכטער, פֿרעג מיך ניט, פֿריידעלע.

און ירמהלע ציט דאָ אויס די הענט צו איר: — ווּ ביסטו, מאַמע, ס׳איז דאָ אַזוי פֿינצטער, ווּ ביסטו?

— אָט בין איך ירמהלע, איך בין לעם דיר.

— מאַמעלע, מאַמעניו, — נעמט ער זיך בײַ איר בעטן. — מאַמעלע, נעם מיך צו זיך אויף די הענט. איך וויל זײַן מיט דיר...

— קום, מײַן קינד, קום צו מיר.

און אַז שוין אויף אירע הענט, און דעם קאָפּ ווידער אויף איר אַקסל אַוועקגלייגט, פֿרעגט ער:

— מאַמעלע, זאָג מיר, זאָג מיר דעם אמת, אַז מ׳הרגעט טוט שטאַרק וויי?

— ניין, מײַן קינד, ניין, ירמהלע, ניט שטאַרק...

— מאַמע, איך וויל ניט אַז מ׳זאָל מיך הרגענען... פֿאַר וואָס ווילן זיי מיך הרגענען? פֿאַר וואָס?... איך וויל ניט... מאַמע, איך האָב מורא פֿאַר דער פֿינצטערניש, פֿאַר וואָס איז דאָ אַזוי פֿינצטער, מאַמע?

— גאָטעניו, גרויסער גאָט אין דער וועלט. — דריקט זי צו איר קינד, ירמהלען, צו זיך, — דו הערסט גרויסער גאָט אין הימל — וואָס מײַן קינד פֿרעגט? דו הערסט? צעברעך, ריבונו של עולם, צערײַס די פֿינצטערניש און טו אַ קוק...

און דאָ צעוויינט זיך אַ ייִד: הבט נא, רחם נא, על עמך מהרה למען שמך ברחמים הרבים... אין כמוך, חנון ורחום... אין כמוך אל ארך אַפּיִם ורב חסד ואמת, הושיענו ברחמיך.. אב הרחמן...

און אַז דער ייִד פֿאַרכליפּעט זיך שוין אין זײַנע טרערן, נעמט דאָ אַ צווייטער, אַפּנים אַן אַלטער בעל־תּפֿילה, מיט אַלע זײַנע כּוחות, און מיט אַ מונטערן קול:

— והוא רחום יכפּר עון ולא ישחית...

שלאָגט אים איבער איינער, שוין אַ דריטער: — הערט אויף, ייִדן,

הערט אויף, איַיערע תּפילות האָבן אַזאַ ווערט, ווי די תּפילות פֿון די פֿאַלשע נבֿיאים צו זייער גאָט, דעם בעל... מיט אַזעלכע תּפילות האָבן געשפּאָלטן די הימלען די בני־ישׂראל ביַים ערשטן חורבן, ביַים צווייטן חורבן... אין דער ציַיט פֿון די קריַיץ־פֿאָרער, די נוסעי הצלבֿ, אין דער ציַיט פֿון דער אינקוויזיציע, אין דער ציַיט פֿון כמעלניצקי און גאָנטאַ, אין דער ציַיט פֿון פעטליורא און דעניקין... און ערשט ניט לאַנג, אין קיעוו, אום יום־כּיפּור, ווען די דיַיטשן האָבן געהרגעט צענדליקער טויזנטער ייִדן, גרויס און קליין, קינד און קייט... און אין די שטעטלעך? אויך זיי אַלע האָבן פֿאַרן טויט געשריען צו גאָט: אין כמוך חנון ורחום... אב הרחמן...

— ער איז אַ מומר להכעיס...

— ס'איז כּפֿירה, שׂינאת הדת...

— ער איז פֿונעם אַפּיקורסים־פֿאַרבאַנד, איז וואָס זאָלן מיר טאָן? אדרבא, זאָגט איר, צו וועמען זאָלן מיר זיך קערן און צו וועמען זאָלן מיר זיך שוין ווענדן?

— ניטאָ, ייִדן — ענטפֿערט יענער, ניטאָ אויף וועמען צו פֿאַרלאָזן זיך, ניטאָ! מיר קאָנען זיך פֿאַרלאָזן נאָר אויף זיך אַליין.

— ווי אַזוי, און מיט וואָס? מיט ליידיקע הענט... אויסגעמאַטערטע, אויסגעהונגערטע, אָן כּוחות געבליבענע... וואָס קאָנען מיר דאָ טאָן אין די פֿאַרמאַכטע פֿינצטערע וואַגאָנעס, וואָס?

— אונטערצינדן דעם וואַגאָן... אונטערצינדן! זאָל אַרומגעכאַפּט ווערן מיט פֿיַיער דער גאַנצער עשאַלאָן...

— אונטערצינדן? — מישט זיך שוין דאָ אַריַין דער פּראָפֿעסאָר רפֿאל וואַלאַך. — אונטערצינדן, און מיר זאָלן זיך דאָ אַליין פֿאַרברענען לעבעדיקערהייט?

— ניט אַלע וועלן פֿאַרברענט ווערן. אַ סך וועלן אַרויסשפּרינגען און אַנטלויפֿן.

— ניט אַלע... און ווער האָט עס איַיך געגעבן די רעכט פֿאַרמישפּטן אומשולדיקע מענטשן, קינדער, צום טויט, און דורך בראַנד־פֿיַיער? און ווּהין וועלן די געראַטעוועטע לויפֿן? זיך באַהאַלטן אין די הורבעס שנייִ... און וועלכער גוי וועט אונדז אַריַינלאָזן צו זיך אין שטוב אַריַין, איינער צווישן טויזנטער... און די דיַיטשן, ווי נאָר ס'וועט אויסברעכן

דער פֿײַער, ווען דאָך עפּענען אויף אונדז אַ שיסערײַ, וואַרפֿן גראַנאַטעס... ווען מ׳זאָל קאָנען אונטערצינדן אַן עשאַלאָן דײַטשן, אויף דעם וואָלט איך געגאַנגען דער ערשטער, פֿאַר דעם וואָלט איך געגאַנגען אָפּגעבן מײַן לעבן, דאָס וואָלט געווען אַ צאָן פֿאַר אַ צאָן... נאָר גיין שפּילן אין העלדישקייט מיט פֿײַער, מיט פֿאַרברענען זיך אַליין?

— דאָס טאָר מען ניט, — זאָגט טעמערל מיט אַ פֿאַרשטיקטן קול. — דאָס טאָר מען ניט טאָן. מ׳טאָר ניט מיטהעלפֿן די דײַטשן... יעדער רגע לעבן איז הייליק... אין דער פֿינצטערניש איז פֿאַראַן ליכט!

— מאַמע, — פֿרעגט זי דאָ ירמהלע, — מאַמע, ווו זעסטו דאָ ליכט?

— ירמהלע, זאָגט צו אים פֿריידקע. — ירמהלע, לאָז די מאַמע צו רו.

— מאַמע, — פֿרעגט שוין ירמהלע. — מאַמע, וווהין פֿאָרן מיר? דאָרטן איז דאָ ליכט?

— מיר פֿאָרן, קינד מײַנס, מיר פֿאָרן צום אייביקן לעבן.

— אין דער פֿינצטערניש, מאַמע?

— יאָ, מײַן קינד, דורך דער פֿינצטערניש... — און די מאַקאַווערין דריקט צו צו זיך שטאַרקער דאָס קינד, און נעמט זיך ווידער אײַנהערן צום יאָג פֿון די וואַגאָנען איבער די רעלסן, און ווי די רעדער קלאַפּן אויס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —